יהודה עלבערג

# אין לײמענע הײַזער

## ראָמאַן

״...שכני בתי־חמר
אשר־בעפר יסודם,
ידכאום לפני־עש.
מבוקר לערב יכתו
מבלי משים...״ **איוב ד׳ י״ט—כ׳**

״...די וואָס וווינען אין הײַזער פון לײם
וואָס די פונדאַמענטן זענען אין זאַמד,
מע צעדריקט זײ װי אַ מאָיל.
צווישן מאָרגן און אָוונט ווערן זײ צעשטויסן
און קײנער נעמט זיך עס נישט צום האַרצן...״

פאַרלאַג „ישׂראל־בוך״
הילפספאָנד פאַר ייִדיש־שאַפונג
תל־אביב, תשמ״ה — 1985



יהודה אֶלברג
שוכני בתי חומר
רומן
כרך א׳

יהודה עלבערג
אין ליימענע היַיזער
ראָמאַן
באַנד 1

YEHUDA ELBERG
IN LAIMENE HAIZER
(IN CLAY HOUSES)
A NOVEL
Volume I



Israel Publishing House
4, Itamar Ben Avi st., Tel-Aviv, P.O.B. 1777

פאַרלאַג „ישראל־בוך״
הילפסקאַנד פאַר יידיש־שאַפונג אין ישראל

**Printed in Israel, 1985**
**נדפס בישראל, תשמ״ה**

דפוס „אורלי״ — פרידמן, תל־אביב, טל. 372062



רבי אברהם נתן, זון פון הרב רבי יחיאל איכל עלבערג, רב אין סאַניק און אין בלאַשקי, מחבר פון די ספרים: **בית נאמן**; **אבני זכרון**; **ברית אברהם**; **קוי אור** א.א. אין וואַרשעווער געטאָ — פאָרזיצער פון ראַט פון אַלע רבנים אַנטלאָפענע און פאַרשיקטע קיין וואַרשע. אַוועקגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע ערב ראש־השנה תש״ב.

**(דאָס בילד איז גענומען געוואָרן אין 1935)**



חוה ליבע עלבערג, טאָכטער פון הרב רבי צבי יחזקאל מיכעלזאָן, הי"ד, וואַרשעווער רב. האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר טיפוס־קראַנקע, אָנגעשטעקט זיך און אויסגעגאַנגען פון דער מחלה כ"ח באב תש"א.

(דאָס בילד איז גענומען געוואָרן אין 1920)

## קאַפּיטל איינס

# דער עושר

### א.

„וואָס פאַר אַ שטאָט איז דאָס?" האָט זיך געקלאָגט יעדער וואָס איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין גורוויטש. די פאַבריק־סירענעס וועקן פון שלאָף זעקס פאַר טאָג, פאַרטויבן מיט זייער פייפן די מיטאָג־שעה און באַגלייטן מיט יללה דעם סוף פון טאָג. אַ פרעמדער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן וואָס שטיקער ריס האָבן זיך אָפּגעזעצט אויף זיינע מלבושים, צעשמירט זיך איבער זיין פּנים. „וואָס פאַר אַ שטאָט איז דאָס, פול מיט קוימענס, רויך און סאַדזע?"

„דער וואַלד מיט קוימענס איבער דער שטאָט שרייבט מיט שוואַרצן רויך אויפן בלויען הימל אַן אָדע צו דער שטאָט פון אַרבעט", האָט פּינטשע אַריינגעשריבן אין זיין נייעם העפט. פּינטשע האָט אָנגעהויבן זיין ערשטן העפט באַלד נאָך זיין בר מיצווה. אין יענע יאָרן האָט ער פאַרשריבן נאָר חידושי תורה אָדער מוסר־געדאַנקען וואָס האָבן געמאַכט אויף אים אַ רושם, שפּעטער שוין אַריינגעשריבן אויך אַ ציטליד, געשריבן אין נוסח פון פּיוט אָדער קינות, אין אַ מליצהדיקן לשון־קודש. זינט היטלעריזם האָט אָנגעהויבן בושעווען איז עס געוואָרן אַ כראָניק פון דער צייט, געשריבן אין אַ פּשוטן יידיש. די לידער וואָס ער האָט איצט געשריבן, אויך אין יידיש, האָט ער געזאַמלט אין אַ לעדערנעם בינדער, אַ מתנה פון זיין עלטערן ברודער גדליה.

פּינטשעס שרייבטיש פון רויטן מאַהאָגאַניהאָלץ איז געשטאַנען נעבן פענצטער פון זיין רחבותדיקער שטוב. דער הימל האָט אַריינגעשמייכלט מיט בלוי. אַ לייכט פרילינגווינטל האָט זיך געריסן צום פענצטער און אָנגעטראָגן ריחות — פולע פאָלעס. נעכטן האָט מען געשניטן דאָס גראָז אין דעם גאָרטן פון יענער זייט פענצטער, און עס האָט שוין געשמעקט

מיט היי, די פריש צעבליטע בלומען — בעכערס מיט פּאַרפום. גאַרדינען פון אײדעלן באַטיסט האָבן זיך געראַנגלט מיט דעם ווינט: אין הויז פון ר׳ שלמה מילקעס קומט מען נישט אומגעבעטן. אַ לוסטיקער געטשוויטשער האָט געטאַנצט איבער די כוואַליעדיקע גאַרדינען — שוואַלבן האָבן מסתמא געהאַט אַ נעסט איבערן פענצטער.

די ערשטע טעג פון בלוי און גאָלד האָבן נישט אויפגעהייטערט פינטשעס געמיט. גורוויטש איז אַ פאַבריקשטאָט. ווען דאָס געזאַנג פון די פייגל ווערט פאַרטויבט דורך די פאַבריק־סירענעס, און דער הימל איז פאַרשפּיגן און פאַרלאַטעט מיט קנוילן ברוינעם און שוואַרצן רויך, איז פאַראַן ברויט אויף די טישן פון גורוויטש; איצט איז דער הימל ריין און די טישן ליידיק. „וואָס רעגן איז פאַר דעם פויער, איז רויך פאַר די מענטשן פון מיין שטאָט״, האָט פינטשע ווייטער געשריבן און אַ זופּ געטאָן פון דער שמעקעדיקער טיי וואָס די דינסט האָט אַריינגעבראַכט. דער גרויסער שטייזייגער אין דער סאַליע האָט אויסגעקלונגען פיר, און אַ קלונג פון דעם גלאָק ביי דער דרויסנדיקער טיר האָט אָנגעזאָגט אַז זיין לערער, בערעק, קומט, פּינקטלעך ווי אַלע מאָל.

ביי די מילקעסעס זענען נאָר די מיידלעך געגאַנגען אין שולן, די זין האָבן געלערנט ביי פּריוואַטע לערערס און מלמדים וואָס זענען געקומען צו זיי אַהיים. פינטשעס לערער, בערעק עפשטיין, איז געווען אַ סטודענט, נישט קיין סך עלטער פון אים זיין תּלמיד.

בערעק איז געווען אַ פּלייסיקער. ער איז צו זיין תּלמיד געווען אַ גוטער חבר, אָבער ער האָט נישט באַלאַמוטשעט די לעקציעצייט. ער האָט גענומען אַ גוטן שׂכר־לימוד אָבער געזען פינטשע זאָל האָבן אַ פּעולה אין די לימודים. דאָס מאָל אָבער איז בערעק געווען צעטראָגן. עטלעכע מאָל אָנגעהויבן די לעקציע אין אַלגעבראַ און פּלוצלינג פאַרמאַכט דאָס בוך.

„וואָס איז געשען? ביסט עפּעס... דו פילסט זיך נישט גוט?״ האָט פינטשע געפרעגט.

„ווערסט מיר באָרגן זיבן זלאָטעס? ניין, באָרג מיר זיבעצן״.

„אַוודאי, פאַר וואָס נישט?״

„נישט אויפן חשבון פון שׂכר־לימוד, כ׳קאָן מער נישט לערנען מיט דיר״.

„עפּעס איז געשען?"

„כ'פאָר אַוועק, כ'וויל צוריק אַריין אין אוניווערסיטעט".

„אין וועלכן אוניווערסיטעט?" האָט פּינטשע געפרעגט מיט אַ ביסל קנאה.

„איך פלעג חלומען וועגן בערלין, אָבער איצט... זאָל זיין וואַרשע".

„צוליב דעם ביסטו אַזוי צעטראָגן? דו לערנסט דאָך יידישע געשיכטע, פאַר דעם איז היינט וואַרשע בעסער ווי בערלין".

„איך האָב געחלומט וועגן בערלין נישט צוליב דער געשיכטע פון גאַנצן יידישן פאָלק, נאָר צוליב דער געשיכטע פון איין ייד, בערעק עפּשטיין".

„דו רעדסט מיט רעטענישן".

„פּינטשע, דו ביסט גינציק צו מיין טאַטן און..."

„ער איז אַ טייערער מענטש".

„יאָ, אָבער אַזוי אַנדערש ווי איך. ער איז נאָך אַלץ אַ טרוימער מיט אַ גוטער נאַיווער קינדערישער גוטסקייט. איך בין, אַוודאי, מער ווי מיין מאַמע. ס'איז לעצטנס אַריין אין מיר אַ משוגענע בענקשאַפט, אפשר נאָר אַ נייגעריקייט, אָבער עס איז אַ משוגענע נייגעריקייט צו מיין מאַמען; איך געדענק גאָרנישט וועגן איר, אַפילו נישט איר אויסזען. קענן וואָס איז דאָס צו רייד געקומען? יאָ, האָסט געפרעגט פאַרוואָס בערלין, מיין מאַמעס אַ ברודער געפינט זיך ערגעץ אין בערלין. אָבער עס וועט שוין מוזן זיין וואַרשע".

„ס'איז דאָך שוין נאָך פּסח, וועסט קאָנען אָנקומען אין אוניווערסיטעט פאַרן סוף פון שוליאָר?"

„צי כ'וועל אָנקומען אין אוניווערסיטעט צי נישט. מוז איך אַוועק פון דאַנען צוליב בינען, דאָס מיידל וואָס האָסט נעכטן געטראָפן ביי אונדז".

„די שכנה וואָס איז אַריינגעקומען באָרגן אַ ביסל זאַלץ?"

„איבער איר מוז איך אַוועקפאָרן".

„וואָס איז געשען?" האָט פּינטשע זיך דערשראָקן.

„זי האָט מיך ליב".

פּינטשעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן: „דו האָסט זי דען פיינט?"

„דאָס איז די צרה".

„מיר זענען נאָענטע חברים, הער אויף רעדן מיט רעטעניש ן".

„דער אמת איז, אַז כ'האָב באַדאַרפט אַנטלויפן מיט אַ יאָר צוריק, ווען כ'האָב געזען ווי זי הייבט אָן קוקן אויף מיר מיט פײַכטע אויגן".

„נאָך אַ מאָל דאָס זעלביקע: מיר דאַכט זיך אַז דו האָסט זי אויך נישט פײַנט..."

בערעק האָט אָנגענומען פינטשען בײַ די לאַצן פון זײַן יופּעצע:

„כ'האָב דיך געבעטן באָרגן מיר זיבן זלאָטעס, דאָס רעשטל סחורה וואָס דו האָסט מיר געגעבן אויף יום־טוב, כ'האָב עס ענדלעך געגעבן צו אַ בעל־מלאכה אויפצונייען מיט אַ פּאָר הויזן. דער שנײַדער וויל איך זאָל באַצאָלן פאָרויס. פון דיר האָט אַ שנײַדער שוין אַ מאָל געפאָדערט געלט פאָרויס? ניין, ווײַל דו וווינסט אין דעם שענסטן הויז אויפן פרײַ־קייטפּלאַץ. איך וווין אין אַ קעלערשטוב אויף די פּיאַסקעס. דער שימל פון קעלער שטינקט פון מיר און מסרט".

„אַ נאַרישער שנײַדער, אַ נאַרישע פּאָר הויזן, און דו מאַכסט דערפון אַ גאַנצע טראַגעדיע".

„אַ נאַרישע פּאָר הויזן קאָן צוריקברענגען אַ מענטש צום שׂכל. כ'בין געבוירן געוואָרן אין אַ קעלערשטוב. מע האָט מיך נישט געפרעגט צי איך וויל אַזוי געבוירן ווערן. חתונה האָבן אין קעלער וויל איך נישט. כ'וויל אַ ליכטיקע דירה און ברויט צו דער זעט. נישט נאָר ברויט — כ'וויל לעקעך. כ'וויל מײַן ווײַב, ניין, די דינסט זאָל יעדן אינדערפרי מיר דערלאַנגען אין בעט אַרײַן אַ גלאָז מילך מיט אַ שטיק לעקעך; און זאָל אויך אָוועקלייגן נעבן בעט אַ זײַדענעם שלאָפראָק. בינע איז אָרעם. בינע וועט זײַן אַ פאַרבלאָנדזשעטער שוואַן ווי מײַן מאַמע איז געווען, און וועט אויסקײַכן אירע לונגען, ווי מיין מאַמע האָט אויסגעקײַכט, נאָך איידער איר קינד האָט אין זיך אײַנגעקריצט איר אויסזען. איך וועל אַנטלויפן פון אָרעמקייט ביז עק וועלט. איך פּאָר קײַן וואַרשע!"

„וואָס האָט וואַרשע צו טאָן מיט דעם?"

„אָן אַ דאָקטאָר־טיטל וועל איך נישט קריגן קיין רײַכע כּלה".

„דו רעדסט אַזוי ציניש! אויב כ'וואָלט דיך נישט געקענט בעסער..."

„אויב וואָלסט געקענט אָרעמקייט, וואָלסטו אויך מיך געקענט בעסער. נעכטן בין איך געזעסן מיט בינען אויף דעם אײַזערנעם בעטל, זי איז אַרויפגעפאַלן אויף מײַן אַקסל און זיך צעוויינט אַז זי האָט מיך ליב.

אויף דעם זעלביקן אײַזערנעם בעטל איז מײַן מאַמע אויסגעגאַנגען. איך האָב פּלוצלינג דערזען מײַן מאַמע מיט בינעס פּנים און בינען אין מײַן מאַמעס מערכה. מײַן מאַמע איז אוודאי געוועז אויפן וועג צו איר ברודער אין אויסלאַנד ווען עס האָט זיך אין איר פאַרליבט דער אָרעמער טרוימער שלום עפּשטיין. הלוואי וואָלט זי זיך נישט צוגעהערט צו זײַנע באַיווע גראַמען״.

פּינטשע האָט אויסגעציילט פּאַר בערעקן זיבעצן זלאָטעס, אָבער בערעק האָט נישט גענומען דאָס געלט: „ס׳האָט נישט קיין זין איצט צו לויפן קיין וואַרשע, און די הויזן וועלן שוין וואַרטן ביז פרײַטיק ווען כ׳וועל באַקומען מײַן שכירות. צו דער אַרבעט, פּינטשע! אַז מיר וועלן נישט לערנען, וועל איך פרײַטיק נישט טאָרן נעמען דאָס שכירות.

פּינטשע איז אַוועק מיט בערעקן אַהיים. אויף אַ לאַנגן טיש פון רויען האָלץ זענען געלעגן הויכע שטויסן פּאַרטיקע טיטן, און שטויסן צוגעשניטן פּאַפּיר פון פאַרשידענע גרייסן. אויף דער קיך האָט אין אַן אײַזערנעם טאָפּ, זיך געקאָכט פּאַפּ צו קלעפּן נײַע טיטן. שלום עפּשטיין האָט געמישט דעם פּאַפּ מיט אַ שטיק האָלץ, ער זאָל נישט צוברענען צום באָדעם. שלומס פּנים האָט זיך צעשמייכלט ווען פּינטשע איז אַרײַנגעקומען: „אײַ, פּינטשע, האָב איך עפּעס פאַר דיר! דאָס בעסטע וואָס כ׳האָב ווען ס׳איז אָנגעשריבן״.

פּינטשע איז נישט בתפעל געוואָרן. ווען נאָר שלום האָט אָנגעשריבן אַ נײַ ליד האָט זיך אים געדאַכט אַז דאָס איז דאָס בעסטע. שלום האָט אָפּגערוקט דעם טאָפּ פון דער פײַערקע, ער האָט אַ וויש געטאָן די הענט אין די פּאַפּ־פאַרשמירטע הויזן און גענומען זוכן די ברילן: „וועסט באַלד עפּעס הערן״, האָט ער אַליין זיך באַגײַסטערט ווען ער האָט אָנגעזאָטלט די ברילן אויף זײַן נאָז און אויפגעהויבן אַ באַשריבן שטיק טיטנפּאַפּיר.

## דער עושר

אויפגעכאַפּט זיך, נאָך אַ מידער,
אויסגעראַנגלט פון די גלידער,
איין אויג עפנט דינעם שפּאַלט
און אַ וווּנדער זעט עס באַלד.

איז עס חלום? בין איך וואך?
ס'טאַנצט די זון, זי זינגט און לאַכט,
און שיקט שטראַלן אַ בוקעט
צו די שיך צוויי ביי מיין בעט.

„ווער דער יחסן? די שיך צי איך?"
פרעג איך און איך שפּעט:
„דאָס בין איך דער זינגער־פּאָעט
אין מדינת פּוילן.
די שיך — לאַפּטשעס אַלטע,
לעכער אין די זוילן".

קומען גאַנצע סנאָפּעס שטראַלן,
בוקן זיך און כורעים פאַלן
און איך הער זייער עגטפּער שאַלן:
„מיר געהערן, זאָלסטו וויסן,
דעם וואָס זעט, און קען געניסן..."

לויף איך מיט די טרעפּ אַרויף;
אַ שפּרונג, און כ'בין שוין אין דעם הויף.
ווי ליגט עס מענטש אין קעלער נאָס
ווען גאָלד זיך וואַלגערט אין הויף, אין גאַס.
מיט גאָלד באַזוימט איז הימלס בלוי,
גאָלד די בלעטער, גאָלד דער טוי,
גאָלד דאָס גראָז, דאָס נאַסע, גרינע,
אַ קרוין פון גאָלד — מיין טשופּרינע.

לייכט צו זען שוין קליפּ און קלאָר,
ס'איז קיין טרוים נישט, ס'איז די וואָר,
קורחס אוצרות און נאָך מער —
אַל דאָס גאָלד צו וועם געהער?
צו דעם עושר מיליאָנער,
וויזיאָנער און בעל־חלום,
צום גראַמען־פלעכטער, שלום.

פינטשע האָט געוואָלט לויבן דאָס ליד: „אַ גוט ליד, אַ...״ בערעק האָט אים איבערגעריסן: „טאַטע, נישט וואָס דו זעסט ווי גאָלד איז גאָלד, נאָר וואָס יענער בעמט פאַר גאָלד, פאַר אַ מטבע. אויב בערל שנײַדער וועט דײַן גאָלדענע וועלט צוזאַמען מיט דײַן ליד געמען אָנשטאָט זיבן זלאָטעס מלאָכה־געלט און מיר אַרויסגעבן מײַנע נײַע הויזן, וועל איך זיך אויך פילן רײַך״.

„קראַ קראַ, קראַ!״ האָט שלום זיך אָפּגעבײזערט. „געלערנט אין אוניווערסיטעטן און האָט נישט קיין חוש פאַר אַ ביסל שײנקײט, פאַר אַ שטיקל פּאָעזיע. האָסט דאָך בלויע אויגן, בערעק, פאַר וואָס זעסטו אַלץ שוואַרץ? האָסט עפּעס נײַעס?״ האָט ער זיך געוואָנדן צו פינטשען, „האָסט זיך דערשראָקן פאַר בערעקן? כ׳זע שוין אַז דו האָסט עפּעס, שעם זיך נישט לײענען איבער״.

„לאָז זיך נישט בעטן״, האָט בערעק אויך דערמוטיקט פינטשען. פינטשע האָט שעמעוודיק אַרויסגענומען פון קעשענע אַ ווײַס שטיקל רעגאַל־פּאַפּיר און געלײענט אַ ליד וועגן קריזיס.

„נישט שלעכט, גאָר נישט שלעכט. האָסט אָריגינעלע גראַמען״, האָט שלום געלויבט פינטשען. פינטשע האָט געוואַרט בערעק זאָל עפּעס זאָגן אָבער בערעק האָט געשוויגן. „דיר געפעלט עס נישט?״ האָט ער געפרעגט.

„פון וואַנען ווײסטו?״

„דו שווײַגסט״.

„ווילסט כ׳זאָל זאָגן?״

„דעם אמת, אַלע מאָל״.

„דער אמת איז, אַז דו דאַרפסט נישט שרײַבן וועגן אָרעמקײט און הונגער. פון וואַנען ווײסטו וואָס עס איז הונגער?״

„אַ פּאָעט פילט״, האָט שלום זיך אַרײַנגעמישט.

„אַ פּאָעט איז נאָר אַ מענטש, ער קאָן נישט פילן קאָליר אויב ער איז געבוירן געוואָרן בלינד, ער קאָן נישט פילן מוזיק אויב ער איז געבוירן געוואָרן טויב. צו ערשט דאַרף מען וויסן, ערשט דערנאָך קאָן מען עס פילן״.

„וואָס ביסטו אַזוי זיכער אַז כ׳ווײס נישט וואָס עס איז הונגער?״

„פון וואַנען ווײסטו, האָסט געפאַסט יום־כיפור?״

„אַז מע וויל וויסן ווײסט מען. כ׳האָב שוין דעם צווײטן טאָג גאָרנישט

געהאַט אין מויל. אַז דו ווילסט וויסן", האָט פּינטשע געקוקט מיט נצחון צו בערעקן, „בורטשעט דער הונגער אין מײַנע קישקעס נאָך איצטער, כ'האָב נאָך אַלץ נישט אָנגעביסן".

בערעק האָט זיך צעלאַכט. „אויב וואָלסט געפאַסט אַפילו אַ וואָך, אַ חודש; אויב ברויט איז גרייט פאַר דיר און עס איז גענוג דו זאָלסט אויסשטרעקן די האַנט און עס האָבן, ווייסטו נישט וואָס עס מיינט הונגער".

„וואָס איז דער חילוק פאַרן בויך צי עס איז פאַראַן ברויט אין דער שאַנק? מער ווי אַ ביסל טיי האָב איך נישט גענומען אין מויל אַרײַן".

„ווען וועסט גרייט זײַן צו גנבֿענען אַ ברויט, אַרויסרײַסן דעם ביסן פון עמעצענס מויל, אָדער עסן אַ געפּגרטע קאַץ, וועל איך זאָגן אַז דו ווייסט וואָס עס איז הונגער".

„איך וועל קיין מאָל נישט גנבֿענען צוליב דער אכילה אָדער פרעסן נבֿלה".

„איך האָף אַזוי, איך ווינטש עס דיר, דו זאָלסט קיין מאָל נישט פאַרזוכן דעם אמתן טעם פון הונגער. און, פּינטשע, כ'האָב געזען אַ שורה, אַן אָנהייב פון אַ ליד אויף דײַן שרײַבטיש. טו מיר אַ טובֿה, שרײַב נישט וועגן ליבע איידער דו ווייסט וואָס עס איז".

פּינטשע האָט נישט געוואָלט גלייבן אַז נויט וואָלט אים געמאַכט אַנדערש ווי ער איז; ער האָט אָבער געפילט אַז בערעק ווייסט סודות פון לעבן וואָס זענען נאָך צו אים נישט אַנטפּלעקט געוואָרן.

## ב.

שבת נאָך מיטאָג, פּינטשע און בערעק זענען אַרויס אויף אַ שפּאַציר. עס האָבן זיך געשטעלט היצן, דער וואַלד איז געווען נאָר אַ דרײַ קילאָמעטער פון שטאָט, ייִדן האָבן געלייגט אַן עירובֿ, מע זאָל מעגן גיין מער ווי אַ תּחום־שבת. דער ראַנד פון וואַלד איז געווען באַזעצט מיט ייִדישע לעטניקעס. מע האָט געכאַפּט אַ שבת־נאָך־מיטאָג־דרימל אין שאָטן פון די ביימער, מע האָט אַרײַנגעקוקט אין אַ ספר, אָדער, להבדיל אין אַ צײַטונג. די קינדער האָבן עס געבראַכט אין וואַלד ווײַל שבת טאָר מען נישט טראָגן. אַנדערע זענען געזעסן אין רעדלעך און געשמועסט פּאָליטיק. ווײַטער פון ראַנד האָט מען זעלטן געזען אַ ייִד, באַנדעס שקצים זענען

אָנגעפּאַלן אויף ייִדישע זומערגעסט און עס איז געװען אַ סכּנה אַװעק־צוגײן טיפער אין װאַלד. נאָר פאַרליבטע פּאָרלעך האָבן אַ מאָל ריזיקירט צו גײן װוּ די שטילקייט און די טונקלקייט אין דער בײמער־געדיכטעניש האָט געגעבן קוראַזש צו גנבענען אַ קוש.

בערעק האָט געפירט פּינטשען צום השומר. די חלוצים זענען אַװעק דווקא טיף אין װאַלד. מע האָט רעװאָלטירט קעגן דער געזעלשאַפט און אויך קעגן דער שרעק פאַר די לאָבוזעס. טייל מאָל איז מען געבליבן אין װאַלד ביז שפּעט אין דער נאַכט. מע האָט געצונדן אַ מדורה, אַ סקויטישן פלאַקער, געטאַנצט אַרום דעם און געזונגען: „פלאַם, שטייַג אויף, פלאַם, מיר װי דו זענען רויט, רויט, רויט!"

פּינטשע און בערעק זענען אָנגעקומען װען אַ בחור האָט געהאַלטן אין מיטן אַ שׂיחה. אין דעם ,שמועס' האָט ער גערעדט װעגן „ברעכן צוימען", „רייַסן זיך צו ליכט", „רעװאָלט קעגן טאַטע־מאַמע, די היטערס פון פינצטערניש". פּינטשע האָט זיך אַ קרום געטאָן. מקריב זייַן זיך פאַר ארץ ישראל — מהיכי תּיתא, פאַר װאָס נישט. סאָציאַליזם — פאַר װאָס טאַקע זאָלן עשירים לעבן אין װוילטאָג װען אָרעמעלייַט האָבן נישט קיין שטיקל ברויט? אָבער נאָך װאָס דאַרף מען העצן קעגן טאַטע־מאַמע? אַבי בערעק האָט אים געזאָגט אַז דאָס איז אַן אָרגאַניזאַציע פון לויטער אידעאַליזם. ער האָט אַ שלעפּ געטאָן בערעקן בייַם אָרבל, געװוּנג געהערט פון זייערע תורות.

דער בחור האָט פאַרענדיקט מיט אַ פּאַטעטישער פראַזע, און מען איז איבערגעגאַנגען צו געזאַנג. אַ סאָפּראַנאָ־קול האָט זיך געטראָגן איבער די קינדערישע קולות, דאָס קול איז געקומען פון אַ שײן מויל אויף אַ זיס רונדיק פּנימל מיט חן־גריבעלעך. פּינטשע האָט נישט געקאָנט אָפּרייַסן די אויגן פון אירע ליפּן װאָס האָבן אַזױ חנעװדיק זיך געראונדיקט צו מאָדולירן אַ טאָן. װי איז עס מעגלעך אַז ער האָט זי פריִער נישט באַמערקט? מע האָט פאַרענדיקט אַ ליד. „זאָשקע זינג כּנרת", האָט עמעץ געבעטן.

„איר טאַטע אַרבעט בייַ ענק אין פאַבריק", האָט בערעק אייַנגעראָמט פּינטשען.

„װי הייסט ער?"

„שטיגל איז איר בייַנאָמען".

„ששש". פינטשע האָט מורא געהאַט אַז בערעקס שעפּטש שטערט זאַשקעס זינגען.

זאַשקע האָט געזונגען וועגן בלויען כּנרת און אירע גרויסע בלויע אויגן האָבן זיך פאַרטוייִקט מיט חלום, די פליגל פון איר געשניצט בעזל האָבן געציטערט, אַן אָדערל האָט אָנגעדראָלן אויף איר הויכן האַלדז, אַ סוד האָט אַראָפּגעגלידערט מיט איר לאַנגן האַלדז ביז טיף אין איר ווייַסער בלוזע אַרייַן, און אין פינטשעס האַלדז האָט אויסגעפּעלט אָטעם.

ווען פינטשע האָט אויסגעטאָן די לאַנגע יופּעצע און דאָס היטל, האָט ער שוין באַלד אויסגעזען ווי איינער פון זיי. מע האָט גענומען טאַנצן אַ האָרא, טאַקע די זאַשקע האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט און אים אַרייַנגעצויגן אין דעם ראָד. צו ערשט האָבן זייַנע פיס זיך געפּלאָנ־טערט אָבער ער האָט גיך געכאַפּט דעם ריטעם, פאַרוואָרפן אַ האַנט אויף זאַשקעס אַקסל, און זיך געטראָגן ווי אויף אַ וואָלקן.



בערעק איז, ווי אַלע מאָל, געקומען צו זייַן תּלמיד מיט פולע אָרעמס ביכער. אָבער פינטשע איז מער נישט געווען אַזוי פלייַסיק אין לערנען, ער האָט רק געוואָלט שמועסן. בעיקר האָט ער געוואָלט וויסן מער וועגן דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר".

פינטשעס עלטערער ברודער גדליה איז געווען דער פּרעזעס פון גורוויטשער מזרחי, פינטשע אַליין האָט אויך געגעבן געלט פאַר קרן קימת און ליב געהאַט ארץ ישראל. אָבער אין דעם ‚השומר' איז עפּעס געווען אַ געמיש פון עטלעכע אידעאָלאָגיעס: סקויטן, חלוצים, ציוניסטן, סאָציאַליסטן. וואָס איז מכריע? פון זייַן לערנען תּורה איז ער געוווינט אַרייַנצוטראַכטן אין אַן ענין און דערגייין צו אַ טאָלק.

בערעק האָט געענטפערט מיט געציילטע ווערטער און צוריק אַריבער צו די לימודים, ער האָט זיך אונטערגענומען צו דערפירן פינטשען צו אַ מאַטורע־עקזאַמען. איצטער איז ער אַ לערער. שפּעטער, אויב פינטשע וועט קומען אויף די פיאַסקעס, אָדער אַרויסגיין צוזאַמען שפּאַצירן, וועט מען קאָנען רעדן וועגן אַלעם.

פינטשע איז טאַקע אין אָוונט געקומען צו בערעקן. „אפשר אַרייַנ־

כאַפּן זיך אין ,השומר׳?" האָט בערעק געפרעגט און פּינטשע האָט זיך אָנגעכאַפּט דעריין.

אין דעם לאָקאַל פון השומר איז געווען נאָר אַ גרופּע קינדער. זיי זענען געווען אויסגעזעצט אין אַ ראָד אויף דער פּאָדלאָגע און געזונגען העברעיִשע לידער. „דו זעסט די קליינע דאָרטן", האָט בערעק געטייַטלט צו אַ מיידל אין דער גרופּע, „דאָס איז יפה שטיגעל, זאָשקעס שוועסטער, זי האָט אויך אַ שיין קול".

פּינטשעס פּנים האָט זיך באַגאָסן מיט רויטקייט, ווי בערעק וואָלט אים געכאַפּט ביי אַ גנבה. נאָך וואָס ער איז געקומען אַהער ווייסט ער נישט. אין אָוונט ווען די פאַבריק־קוימענס הערן אויף שפּייַען מיט רויך איז אַ מחיה צו שפּאַצירן. די גאַסן זענען באַזוימט מיט אַקאַציע־און קאַשטאַן־ביימער. דער נייַער מאַרק איז מער נישט קיין מאַרק נאָר אַ פּאַרק. אַפילו די רוישיקע בלאָטנע גאַס איז איצט שטיל ווען די פאַבריקן זענען פאַרמאַכט און די וועבשטולן האָבן אויפגעהערט צו טאַראַראַמעווען.

זיי זענען שוין געווען ביי דער טיר אָוועקצוגיין, ווען עס איז זיי אַקעגן געקומען אַ חברה בוגרים. פּינטשעס אויגן האָבן נאָך געזוכט צווישן די אַרייַנגעקומענע ווען זאָשקע איז געבליבן שטיין נעבן אים און בערעקן. „חזק", האָט זי אַ זאָג געטאָן דעם שומרישן באַגריס. „חזק ואמץ", האָט בערעק געענטפערט און פּינטשע האָט נאָכגעזאָגט: „חזק ואמץ".

זאָשקעס פּנים איז געווען פול שמייכל. פּינטשע האָט געקוקט אויף איר און זי געהערט זינגען, כאָטש געזאָגט האָט זי גאָר אַז זי מוז אַרייַנגיין צו אַן אסיפה.

„זי קענען העברעיִש?" האָט פּינטשע פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן.

„אַ ביסל".

„דער אוהל־טעאַטער שפּילט אין לאָדזש".

„יאָ, כ׳ווייס".

„כ׳קלער, כ׳מיין... אויב די פאַנגע וואָלט געוואָלט פאָרן..." ער האָט זיך אַ דריי געטאָן צו בערעקן: „איך האָף אַז דו וועסט אויך קאָנען פאָרן".

„אַ צו טייַערער ביסן פאַר מיר. הוצאות הין און צוריק, אַ טעאַטער־בילעט".

„איך פאַרבעט דיך".

ער, אויף פינטשעס אַרט וואָלט בעסער געוואָלט פאָרן נאָר מיט זאַשקען, אָבער ווי זאָגט מען זיך אָפּ פון אַזאַ גלעגנהייט. צוריקגעטראַכט: פינטשע איז שעמעוודיק, אַ שטיק ישיבה־בחור, עס וועט אים אפשר שווער זײַן אַליין... „אַז דו פונדעוועסט, פאַר וואָס נישט?" האָט בערעק געענט־פערט נאָך אַ ווײַלע איבערטראַכטן. „וואָס דו וועסט נישט פאַרשטיין, זאַשקע, וועלן מיר פאַרטײַטשן".

„איך האָב נאָך נישט געזאָגט אַז איך פאָר".

„אַן אַרבעטער־טעאַטער פון ארץ־ישראל", האָט בערעק זי צוגערעדט.

„פאַנגע שטיגעל..." האָט פינטשע זי געבעטן.

„אַכיבע איר וועט מיך אויפהערן פאַנגעוון און מיך רופן פשוט, זאַשקע. איך דאַרף אַרײַנגיין צו אַן אסיפה. תזק".



אין טעאַטער האָט מען געשפּילט „יעקב ורחל". פינטשע איז געווען שאָקירט. פון קינדווײַז אָן איז ער געוווינט זיך פאַרצושטעלן יעקב אבינו אין זיידענע מלבושים, מיט אַ לאַנגער פּאַטריאַרכאַלער באָרד און געקרײַזל־טע פאות, אַ שטייגער ווי דאָס בילד פון משה רבינו אויף די שימחת־תורה־פענער. רחלען האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אַ צניעותדיק מיידל אין קליידער מיט געהאָפטענע שפּיצן פון וועלכע מע זעט אַרויס נאָר די שפּיץ פינגער. אויף דער בינע אָבער האָט מען געוויזן האַלב־נאַקעטע ברואים. יעקב מיט אַ פעל אַרום די לענדן, רחל האָט געהאַט אויף זיך מער אָרעמבענדער און פאַטשערקעס ווי קליידער. ער האָט געוווּסט אַז אַזוי האָבן אויסגעזען די מענטשן מיט דרײַ טויזנט יאָר צוריק, אָבער די אָבות?

דער ערשטער אַקט האָט זיך געענדיקט. עס איז ליכטיק געוואָרן אין טעאַטער. פינטשע האָט געוואָלט רעדן וועגן דער פאָרשטעלונג. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אַרויסצוגיין, זאַשקע האָט זיך אָנגעהאַלטן אין אים, נישט צו פאַרלירן זיך אין געדראַנג. אירע געטאָקטע ברוינע אָרעמס האָבן זיך אַרויסגעשניטן פון די קורצע ווײַסע אַרבל. איר הויכער האַלדז האָט שטאָלץ געטורעמט פון איר בלוזע, אַרומגעזוימט מיט אַ חנעוודיק קעלנערל. ציטערט דאָס קעלנערל פון אָנרירן איר געטאָקטן האַלדז?

צו די פיאַסקעס, ווו בערעק האָט געוווינט, איז מען אַראָפּגעגאַנגען אויף אַ פריערדיקער סטאַציע. אַ שווײַגן האָט אײַנגעטרעטן נאָך דעם

ווי בערעק איז אָוועק. איידער פּינטשע האָט באַוויזן צוטראַכטן וואָס צו זאָגן האָבן די ברעמזעס זיך צעקרעכצט און דער טראַמוויי האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער לעצטער סטאַציע. פּינטשעס גאַלאַנטע פירן זי צו די טרעפּ איז זאָשקען געווען דערווידער, זי האָט אַרויסגעריסן איר אָרעם פון זיין האַנט און האָט געטאָן אַ שפרונג אַראָפּ עטלעכע טרעפּ מיט אַ מאָל.

אין דעם ווייַסן בנין אויף ראָג פּרייַקייטפּלאַץ און פּילסודסקי־גאַס איז שוין געווען פינצטער אין אַלע פענצטער. „ביי אייַך שלאָפט מען שוין", האָט זאָשקע אַ זאָג געטאָן, „אַ גוטע נאַכט".

„לאָמיר נאָך אַ ביסל שפּאַצירן, ס'איז אַזאַ שיינע נאַכט", האָט פּינטשע פאַרגעלייגט.

„איר קאָנט אַהיימקומען ווען איר ווילט, און אַן אייגן צימער ווערט איר קיינעם נישט איבערוועקן. איך וועל דאַרפן אַריבערקריכן איבער דעם אויפשטעלבעטל פון מיין עלטסטער שוועסטער, און וועל אויך איבערוועקן די יינגערע שוועסטער וואָס שלאָפט מיט מיר אין איין בעט".

„נאָך אַ פּאָר מינוט", האָט פּינטשע געבעטן, „זיי שלאָפן שוין סיי ווי, עס איז שוין באַלד צוועלף".

„ס'איז נישט גוט פאַר אייַך אויך. אַז איך וועל שטערן מייַן טאַטעשיס שלאָף וועט ער מאָרגן נישט אַרויסגעבן קיין גוטע אַרבעט ביי אייַך אין פאַבריק".

„לאָמיך אייַך כאָטש צופירן אַהיים", האָט פּינטשע נאָכגעגעבן און זיך נישט געכאַפּט אויף דעם ,שטאָך'.

זאָשקע האָט אַליין נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ דיבוק עס איז אַרייַן אין איר, און צוגעוואָרפן נאָך אַ שטאָך: „איך האָף איר האָט עפּעס געלערנט פון דער פאַרשטעלונג. פון די אוראַלטע צייַטן ביז הייַנט ווילן די לבנס, די בורזשואַזע אַרבעטגעבער עקספּלואַטירן און אָפּנאַרן די אַר־בעטער", האָט זי אַ זאָג געטאָן בייַם געזעגנען און אַרייַנגעלאָפן אין איר טויער.



דער בחור אין דער לאַנגער יופּעצע און רונדיקן יידישן היטל האָט אָנגעהויבן קומען אין קן צו אַלע פּייַערונגען. ווען מע האָט געטאַנצט אַ

האָרא איז ער אַלע מאָל געווען נעבן זאַשקען, מיט זײַן האַנט אויף איר אַקסל. ער האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון איר, ווען זי האָט געזונגען איז ער געזעסן מיט אַן אָפן מויל. חברה האָט זיך איבערגעווונקען און באַוואָרפן זאַשקען מיט אַנצוהערענישן.

„ס'איז אמת", האָט פּינטשע זיך מודה געווען ווען זאַשקע האָט עס אים דערציילט, „איך קום טאַקע צוליב אײַך. אפשר קאָן מען זיך טרעפן ערגעץ אַנדערש ווו?"

„איך פיר אָן מיט צוויי חוגים, צוויי גרופּעס נעמען צו אַ סך צײַט, כ'האָב נישט קיין צײַט אויף ראַנדקעס".

„ווער רעדט וועגן ראַנדקעס? אַ יידיש טעאַטער קומט קיין לאָדזש, אַ וואַרשעווער טעאַטער, זיי וועלן שפּילן אַ סאָוועטישע פּיעסע דער איין און פערציקסטער".

זען טעאַטער און דערצו נאָך אַ סאָוועטישע פּיעסע, אַזאַ געלעגנהייט האָט זי נישט געקאָנט אָדורכלאָזן.

פּינטשע האָט געמוזט וואַרטן ביז זאַשקע וועט פאַרענדיקן איר אַרבעט. ביז זיי זענען צוגעפאָרן קיין לאָדזש און ביז זיי זענען אָנגעקומען צום טעאַטער זענען די ליכט שוין געווען פאַרלאָשן. פּינטשע האָט געקענט דעם זאַל, ער איז געגאַנגען פאָרויס און געפירט זאַשקען בײַ דער האַנט. ער האָט שוין נישט אָפּגעלאָזט איר האַנט אויך נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט געגלעט אירע לאַנגע פינגער און פלוצלינג אַ כאַפּ געטאָן איר האַנט צום מויל. ערשט בײַ דער הפסקה האָט זאַשקע אים געמוסרט: „אויב מע וואָלט געשפּילט וועגן תרחן וואָלט איר יאָ געווען פאַראינטערעסירט, אָבער אַז מען שפּילט וועגן הײַנטצײַטיקן כאַציאַליסטישן לעבן ליגן אײַך נאַרישקייטן אין זינען".

נאָך דער הפסקה האָט פּינטשע זיך שוין צוגעקוקט. אויף דער סצענע האָט אַן אַריסטאָקראַט, אַ געוועזענער אָפיציר, זיך פאַרליבט אין אַ קאָמוניסטקע. ער האָט געשטאַמלט וועגן זײַן ליבע צו איר, ער איז געווען צוריקגעהאַלטן און גאַלאַנט, אָבער זי האָט אַן צערעמאָניעס זיך געגעבן אַ טו אויס פאַר אים. דער פאָרהאַנג איז געפאַלן איידער זי האָט באַוויזן צו פיל אויסצוטאָן.

„נישט אין דעם באַשטייט די גרויסקייט פון דער רעוואָלוציע", האָט פּינטשע געחוזקט אויפן וועג אַהיים.

„אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט זענען די מענטשן ערלעך, דירעקט און אָן שום אָנשטעל", האָט זאָשקע זיך אָפּגעבייזערט.

פּינטשע האָט בײַם געזעגענען זיך געוואָלט קושן איר האַנט. זי האָט אַרויסגעריסן איר האַנט פון זײַנער: „בײַ אונדז קושט מען נישט די האַנט, מע זאָגט חזק, און שוין".

פּינטשע איז געבליבן שטיין צעטומלט.

„אויב דו ווילסט מיך קושן, פאַר וואָס שטייסטו ווי אַ גולם?" ווי נאָכצומאַכן די אַקטריסע אין דער פּיעסע האָט זי צוגעשטעלט איר מויל צו זײַנעם.

אַ רגע זענען די קני שוואַך געוואָרן אונטער פּינטשען, ער איז גיך געקומען צו זיך, אַרײַנגעכאַפּט איר פּנימל אין זײַנע הענט און זיך אײַנגעזויגן אין אירע ליפּן.

דאָס איז געשען שוין לעבן זאָשקעס הײם. זי האָט זיך אָפּגעריסן פון אים, אַ זאָג געטאָן „חזק" ווי קיין מאָל גאָרנישט, און אַ קלונג געטאָן אין טויער. פּינטשע האָט זי אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט: „איך קאָן דיך איצט נישט אַוועקלאָזן". דער סטרוזש האָט געעפנט דעם טויער, פּינטשע האָט אים אַרײַנגעשטופּט אַ מטבע אין האַנט און אַ שלעפּ געטאָן זאָשקען נאָך זיך: זאָשקע, פון איין מאָל זען דיך ביזן צווייטן גייט מיר אויס דאָס חיות".

„פּאַניע פּינטשע", איז זי צוריק געוואָרן פאָרמעל, „פּאַניע פּינטשע, מיר זענען פון צוויי פאַרשידענע וועלטן, איר זענט געווינט צו ווילטאָג; מײַן גורל איז פאַרבונדן מיט אַ קיבוץ און אַ האַרט האָרעפּאַשנע לעבן".

„זאָשקע, איך האָב דיך ליב".

„און... איך האָב עס אײַך געדאַרפט זאָגן פריִער, איך האָב אַ פראַבלעם, אַזוי רופן מיר אַ סימפּאַטיע, כ'מיין, איך האָב אַ בחור. ער פירט איצט אָן מיט אַ הכשרה־קיבוץ און איך גרייט זיך אויך צו פאָרן אַהין".

פּינטשע איז געבליבן אָן לשון.

„איר זענט אַ פײַנער יונגערמאַן, כאָטש פון אַ משפּחה וואָס איז מיר נישט צום האַרצן".

זיי זענען צוריקגעגאַנגען צו איר הויז אין שטילשווײַגן. „חזק", האָט זי אַ זאָג געטאָן און איז פאַרשוווּנדן אין דער טונקלקייט פון דעם אויסגעלאָשענעם הויז.

## קאַפּיטל צוויי

# דער רב

### א.

גורוויטש האָט נאָך אַזעלכעס נישט געזען און אַזאַ פּאַראַד נישט געהאַט. לייבקע, דער פערד־הענדלער, לייזער־עליע, דער בעל־עגלה, און ברוך, דער תבואה־סוחר, האָבן אַרויסגעפירט זייערע פערד אין מאַרק אַריַין. זיבן פערד באַהאָנגען מיט פאַרביקע פּאַפּירענע קראַנצן, און די ריַיטערס — בית־המדרש־בחורים מיט לאַנגע פּיאות אין לאַנגע יופּעצעס. די פּוסגייערס זענען שוין לאַנג אַוועק; ס'איז אַ מהלך פון די יידישע גאַסן צו דער באַנסטאַציע. משא־וואָגנס, אָנגעשטאָפּט מיט יידן, האָבן זיך פאַרנומען אין וועג אַריַין. די קהילה־דאַזוערעס האָבן צונויפגעוויקלט אַ לייַוונט מיט אַן אויפשריפט „ברוך הבא בשם השם״, אין גאָטס נאָמען זאָל געבענטשט זיַין דער וואָס קומט. די דאָזוערעס האָבן זיך אויסגעזעצט אין די דראָזשקעס וואָס קהל האָט געדונגען. די חברה־לייַט פון דעם השומר־אָרקעסטער זענען שוין געזעסן אויף אַ בריטשקע און אויס־פּראָבירט זייערע כלים ווען יידל שמש איז געקומען צו לויפן מיט דער צונויפגעלייגטער חופה. נישט געווען שוין קיין פּלאַץ אויף די דראָזשקעס, האָבן די קלעזמער־יונגען אים אַרויפגענומען אויף זייער בריטשקע און זיך געלאָזט אין וועג אַריַין.

גאַנץ גורוויטש, יונג און אַלט, קינד־און־קייט, איז געקומען צו דער באַן. די דאָזוערעס און דער דיין האָבן זיך אָוועקגעשטעלט פון פאַרנט, קהל הינטער זיי. דער נייַ־אויסגעוויילטער רב האָט געדאַרפט קומען מיט דער באַן, און מען איז געקומען אים מקבל פנים זיין.

אַ מנין חשובע ווייַבער איז געשטאַנען אין אַ זייַט און געוואַרט מיט אַ באַזונדערער דראָזשקע פאַר דער רביצין און קינדער.

עס איז געווען מיטוואָך, די שבתדיקע שטריַימלעך און די זייַדענע־

יופּעצעס זענען געבליבן אין דער הײם, אָבער אויף די פּנימער איז געװען אויסגעגאָסן אַ יום־טובדיקע שלווה. מע האָט גערעדט שטיל, מע איז געגאַנגען מיט געמאָסטענע קלײנע טריטעלעך. מע האָט געגלעט די בערד, געקרײַזלט די פּיאות און גערעדט מיט אַ ניגון, װי בײַם לערנען, װי בײַם נאָכדערצײלן אַ רבישן מופת.

גדליה מילקעס, דער פּרעזעס פון מזרחי, האָט געשפּרײַזט אומרויִק אַהין און צוריק; ער האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט תּופס זײַן װאָס דאָ איז געשען. די מזרחיסטן און ציוניסטן האָבן געװוּנען די װאַלן און זײער רב איז אויסגעקליבן געװאָרן, טאָ װאָס האָבן די אגודהניקעס זיך אַזוי צעהאָצקעט? נו, גוט, דער גערער רבי האָט געזאָגט אַז דער רב איז אַ למדן און אַ ירא־שמים, דער פּריִערדיקער רב, זכרונו לברכה, איז דען נישט געװען אַ למדן און ירא־שמים? אָבער אַז ער האָט אונטערגעשריבן אַן אויפרוף פאַרן „קרן היסוד" האָבן זײ אים אָנגעטאָן צרות. האָפן זײ אַריבערצוציִען דעם רב אויף זײער זײַט?

די נאַכט האָט גענומען אָנרוקן פון יענער זײַט באַנרעלסן. אין דעם הוזהא האָבן אַ סך פאַרגעסן צו דאַװענען מינחה. עס האָט זיך צנויפגעקליבן אַ מנין, אַ יונגער־מאַן האָט אויסגעדבקהט אויפן קול די הויכע שמונה־עשׂרה, דער גאַנצער עולם האָט הויך אויסגעזונגען קדושה.

די שקצים זענען געװאָרן אַזוי פּריטשמיעלעט אַז זײ האָבן אַפילו נישט געװאָרפן קײן שטײנער װי זײ טוען עס שטענדיק װען ייִדן קומען צום װאָקזאַל. די באַנאַרבעטער זענען געקומען צו לויפן אויף בײזװוּנדער און געקוקט מיט חשד אויף דער זשידאָװסקער פּראָצעסיע. זײ זענען אַרײַן אין װאַרטזאַל, בגנבה אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער. „דער ייִדישער קעניג קומט צו פאָרן", האָט עמעצער אַ זאָג געטאָן, און עס האָט זיך צעשפּרײט איבערן װאָקזאַל.

„װוּ האָבן ייִדן אַ קעניג?"

„פון פּאַלעסטינע קומט ער, האָט אַן אַלצװײסער דערקלערט. דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַציע האָט טעלעפאָנירט צום קאָמענדאַנט פון דער פּאָליצײ, יענער איז געקומען צו לויפן מיט דרײַ פּאָליציאַנטן און פון גרויס איבערראַשונג פאַרגעסן צו הײסן זיך געבן אין דער יד אַרײַן.

אַ פײַף איז אָנגעלאָפן פון װײַט. די צװײ אויגן פון אַ לאָקאָמאָטיװ האָבן אויפגעלויכטן אין דער פינצטערניש. מע האָט אָנגעצונדן די שטור־

קאַצן, די קלעזמער האָבן אויפגעהויבן די כּלים צו די ליפּן, דער צוג האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער סטאַציע.

קנוילן פּאַרע פון לאָקאָמאָטיוו האָבן אַרומגעהילט די עדה מיט אַ ווײַסן וואָלקן, עולם האָט אַ שפּאַר געטאָן צו די וואַגאָנעס און געהאַלפן עפענען די טירן.

„שאַ, דרך־ארץ!" האָט געשריגן ר' משה דיין. ער איז געשלעפּט געוואָרן מיטן עולם און פאַרלוירן זײַן שטעקן מיטן זילבערנעם הענטל אויף וועלכן ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט גרויס חשיבות. עטלעכע גויים זענען אויך אַרײַנגעקלעמט געוואָרן צווישן עולם און נישט געקאָנט אַרויס. „דאָרטן, אין דעם לעצטן וואַגאָן!" האָט עמעצער אויסגערופן און די מאַסע האָט זיך אַ וויג געטאָן אויף צוריק. „גזלנים, געוואַלד!" האָט געשריגן עמעצער וואָס איז אומגעוואָרפן געוואָרן אין געדראַנג. „אויף יענער זײַט, בײַם לאָקאָמאָטיוו", האָט גערופן יידל שמש אָבער זײַן קול איז פאַרטויבט געוואָרן אין דעם טומל. טאַקע פון דעם ערשטן וואַגאָן בײַם לאָקאָמאָטיוו האָט זיך באַוויזן די הויכע געשטאַלט פון ר' נטע פרידע וואָס איז אַקעגנגעפאָרן דעם רב האַלבוועג. נאָך ר' נטען איז אַרויס דער רב. אַ נידעריקער מיט אַ קליין אײדל פּנימל, צווישן זײַן הויכן שטערן און דער לאַנגער געדיכטער ברוינער באָרד האָבן זיך קוים אָנגעזען די אויגן און נאָז, דאָס מויל איז פאַרלוירן געוואָרן ערגעץ צווישן וואָנצעס און באָרד.

די קאַפּעליע האָט אויפגעשפּילט וטהר לבנו, יידל שמש איז צוגעלאָפן מיט דער חופּה. ר' משה דיין האָט אָפּגעבייזערט אַ שלום עליכם און שנעל אַוועק. אַנישט האָט מען געדאַרפט ברענגען אַ רב פון דער פרעמד, ער פּסקנט דאָ שאלות שוין מער ווי דרײַסיק יאָר. גדליה מילקעס האָט סוף־כּל־סוף באַוויזן זיך אַדורכשטופּן, ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם רבס האַנט: „שלום עליכם, רבי, שלום עליכם אונדזער רב". ער האָט שטאַרק אונטערגעשטראָכן דעם אונדזער צו דערמאָנען דעם רב ווער עס האָט אים אויסגעוויילט.

די ווײַבער האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט דער רביצין. מינדל, דעם רבס מיידל, האָט זיך פאַרלוירן אין דעם געדראַנג, זי האָט קוים געפונען איר ברודער יואל וואָס האָט זיך געפּאָרעט מיטן אַראָפּשלעפּן די וואַליזיעס.

„מינדל, מינדעלע!" האָט די רביצין געררופן און געוואָלט צוריקלויפן צום צוג. „זי איז מיט מיר, מאַמעשי", האָט יואל געענטפערט.

כאָטש דער נאַטשאַלניק האָט עס נישט דערלויבט, האָבן די רייַטער זיך אַרייַנגעריסן אין באַנהויף. יונגע־לייַט האָבן געכאַפּט אַ טענצל, „שאַ, שאַ, די ערלים!" האָט אַ ייִד זיך דערמאָנט אַז מ'איז אין גלות.

יונגוואַרג פון חלוצישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געזאָגט אַז דאָס איז נישט זייער יום־טוב, זיי זענען געקומען נאָר קוקן. פּלוצלינג האָבן זיי זיך דערמאָנט אַז דאָס איז דער רב פון די ציוניסטן און אויפגעזונגען התקוה. די חסידישע בחורים האָבן זיי געוואָלט אַריבערזינגען מיט ויעשׂו כולם אגודה אחת. דער דיריגענט פון השומר־אָרעקסטער האָט פריִער זיך געהאַט באַרימט אַז זיי האָבן זיך געהייסן באַצאָלן ווי פאַר אַ גויִישער חתונה, איצט האָט ער זיך דערפילט אַ צד אין דער געזאַנג־מחלוקה און דיריגירט דעם אָרקעסטער אונטערצוהאַלטן די התקוה. מיט דער הילף פון אָרעקסטער האָט די התקוה גובר געווען.

„הפקר געוואָרן די וועלט", האָט אַ חסיד געקרעכצט, „השם יתברך זאָל זיך מרחם זייַן וואָס פאַר אַ מערכה ייִדישקייט האָט הייַנט".

„מיר האָבן זיי דערלאַנגט אַ התקוה, האַ? האָט אַראָן, דער ציוניס־טישער סעקרעטאַר, איַינגערוימט גדליה מילקעסן. כאָטש די חשדים זענען נאָך נישט אין גאַנצן אַוועק האָט גדליה זיך געפילט געטרייסט: „מיר האָבן איין זיג נאָכן אַנדערן".

אָנגעקומען צו דער ייִדישער גאַס זענען אַלע אַראָפּ פון די וואָגנס. דער דיין און דער ראש הקהל זענען אַקעגנגעקומען דעם רב מיט צוויי ספרי־תורה, דער אָרקעסטער האָט געשפּילט שיל־ניגונים. די הויזן ביַי אַ רייַטער האָבן זיך אָנגעצונדן פון אַ שטורקאַץ, מע האָט עס פאַרלאָשן און ווייַטער געטאַנצט אַרום דער חופּה, ביז מען איז צוגעקומען צו דער שיל.

צוריקגעשטעלט די ספרי־תורה אין ארון הקודש, האָט דער רב געזאָגט אַ דרשה אַדורכגעפלאָכטן מיט פּילפּול. גדליה מילקעסס אויגן האָבן אויפגעלויכטן ווען דער רב האָט ציטירט אַ גמרא וועגן ארץ־ישראל.

## ב.

אין אַלע פינעף שטובן פון רבס דירה האָבן ווײַבער זיך געפּאַרעט בײַם צוגרייטן די גרויסע סעודה. די חסידישע ווײַבער האָבן געקוקט די מזרחיסטישע ווײַבער אויף די הענט: „זייער כּשרות זאָל אַרײַן אין אַ משוגענעם הונט". די רביצין איז מיט אַ פּאָר חשובע ווײַבער געגאַנגען אין דער ווײַבערשיל הערן דעם רבס דרשה. מינדעלע איז מיטגעגאַנגען. מיד פון וועג, האָט זי אַנגעלענט איר קעפּל אין דער מוטערס אָרעם און אײַנגעדרימלט.

מירעלע מילקעס, ר' שלמהס ווײַב, איז געזעסן לעבן דער רביצין און איר געוויזן ווער איז ווער אין דער שיל אונטן. דער רביצין האָט געאַרט וואָס מירעלע הערט נישט, און לאָזט זי נישט הערן, די דרשה. „דער בחור לעבן באַלעמער, די רביצין זעט? דאָס איז מײַן ייִנגערער זון, פּינטשע". די רביצין האָט דיסקרעט אַ שטויס געטאָן מינדעלען, מירעלע זאָל נישט זען אַז זי שלאָפט. „ווי אַלט איז אײַער זון?"

„אין אַכצענטן יאָר, קיין עין הרע".

„אַ יאָר ייִנגער פון מײַן יואל, אַ יאָר עלטער פון מײַן מינדעלע. מײַן יואל דאַרף טאַקע אַ חבר, זיי וועלן קאָנען לערנען צוזאַמען בײַם רבי".



אַ בלאָסער און פּײַכטער זומער־פרימאָרגן איז אויפגעגאַנגען איבער גורוויטש. די געזאַנגען האָבן זיך שוין געהאַט אײַנגעשטילט, די ריקוד־דימלעך אויסגעגאַנגען. די גויִים זענען נאָך נישט אויפגעשטאַנען, די ייִדן האָבן זיך ערשט צוגעלייגט אין אָנטועכץ, נאָך אַרײַנצוכאַפּן אַ ביסל שלאָף ביז מע וועט דאַרפן צוריקגיין אין שיל דאַווענען שחרית. אַ בגילופינדיקער חסיד האָט נאָך ערגעץ געזונגען אין אַ פּראָסטן מיטוואָך שבתדיקע זמירות. אויך דאָס לעצטע געזאַנג איז אויסגעגאַנגען, אַ צווישן־אַשמורתדיקע שטילקייט האָט אײַנגעהילט די שטאָט. די פּלומפּ אויפן אַלטן מאַרק האָט זיך צעקרעכצט אונטער די הענט פון ערשטן וואַסער־שעפּער, פון דער פאַרבלאָסטער טונקלקייט האָט זיך געצומען אַרויסשיילן אַ סקעלעט פון אַ נאַקעטן קוימען, אַן איבערבלײַב פון אַ הויז פאַר־ברענט בעת אַן אַמאָליקער רבנות־מחלוקה. דער פאַרשוואַרצטער קוימען

האָט טרויעריק איבערגעקוקט צו די פּאַפּירענע קרענץ אַראָפּגעפּאַלענע פון די פּאַראַדוואָגנס. האָט עס דעמאָלט זיך אויך אָנגעהויבן מיט אַ פּאַראַד?

פישל כיבעשמוי האָט אַ פאַרחלומטער זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די קרומע טרעפּ צו זײַן דירה. כאָטש ער איז געווען אַ ביסל בגילופין האָט ער געדענקט צו עפענען די טיר שטיל, נישט איבערצוּוועקן די קינדער. דאָס בעט האָט זיך צעקרעכצט ווען ער האָט זיך אַוועקגעלייגט, רחל־לאה האָט זיך איבערגעוועקט: „ווער איז עס?"

„איך, רחל־לאה. איך האָבן מיר אַ רבֿ, רחל־לאה, איך, אַ רבֿ! און אַ בחור האָט ער, קיין עין הרע, אַן אײדלקייט, אין אונדזער שפּרינג־צעלעס יאָרן".

ג.

דעם פאַרטאָג איז מען אין גורוויטש געגאַנגען שלאָפן מיט געזאַנג, נאָר אין אַ שטעטל אויף דער פּויליש־דײַטשער גרענעץ האָט מען זיך איבערגעוועקט פון אַ געוויין. אַ קליין מיידעלע האָט געוויינט, זי האָט געוואָלט גיין אַהיים. אין דער היים איז געווען וואַרעם און ליכטיק, און דאָ — אַ קאַלטע פינצטערע נאַכט. הינט האָבן געבילט, סאָלדאַטן האָבן געשריגן: „ראַוס! ראַוס! שנעל!" אַלע זענען געלאָפן; די יאָגערס זענען געלאָפן און געשריגן, די געיאָגטע זענען געלאָפן און געשוויגן. מע האָט זיי אין מיטן נאַכט אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען, אָנגעלאָדן זיי אויף משׂא־וואָגנס און געפירט די „פּאָלנישע יודען צו דער פּאָלנישער גרענעץ". דאָרט, אין די היימען, איז געבליבן אַלץ וואָס זיי האָבן דורך די יאָרן דערוואָרבן אין דײַטשלאַנד, פאַרמעגן, שכנים, פרײַנד.

פרײַנד? זיי האָבן געקוקט דורך די פירהאַנגען און געזען. נאָר דאָס הינטל פּיפּי האָט געוואָיעט און נאָכגעלאָפן דעם משׂא־וואָגן, נאָר אַ קינד האָט געשריגן אין דער נאַכט, געשריגן און געשריגן ביז עס איז אײַנגעשלאָפן אויף דער מאַמעס שויס נעבן דער פלומפּ אויפן מאַרק אין דעם פּוילישן גרענעץ־שטעטל זבאָנשין.

אַ ייִד איז אויפגעשטאַנען פאַר טאָג לויבן גאָט מיטן ערשטן מנין, דערזען די פּליטים, האָט ער זיי געבראַכט אין שיל אַרײַן. מע האָט אויפ־

געוועקט די ווײַבער אָפּצוקאָכן אַ ביסל וואָרעמע זופּ. דער בעל תּפילה האָט אָנגעהויבן דאָס דאַווענען: „מה טובו, ווי גוט זענען דײַנע געצעלטן, יעקב, דײַנע רו־ערטער, ישראל"...



אין די צײַטונגען ווו בערעק און פּינטשע האָבן געלייענט וועגן זבאָנשין זענען אויך געווען ידיעות פון שפּאַניע. עס זענען אָנגעקומען נײַע וואָלונטירן העלפן די רעפּובליקאַנער צוריקנעמען מאַדריד. מען איז געקומען פון דער גאַנצער וועלט. אַרבעטערס האָבן איבערגעלאָזט זייערע וואַרשטאַטן, סטודענטן זייערע אוניווערסיטעטן, חתנים האָבן איבערגעלאָזט זייערע כלות. „אַלץ וואָס די פאַשיסטן קאָנען טאָן, קאָן די פרײַע וועלט טאָן נאָך בעסער, די וועלט איז נישט הפקר!" האָט פּינטשע אויסגעפירט.

בערעק האָט איבערגעשלאָגן פּינטשעס ענטוזיאַזם און געטײַטלט צו אַ שטיקל נײַעס אין דער זעלביקער צײַטונג. אַראַבישע טעראָריסטן האָבן געוואָרפן אַ באָמבע אויף אַ ייִדישן אויטאָבוס אין חיפה. אַכט הרוגים, זעכצן פאַרווונדיקטע. די מאַנדאַט־רעגירונג שווײַגט נישט, זי האָט באַלד צו מאָרגנס דערקלערט אַז די ייִדישע אימיגראַציע מוז אָפּגעשטעלט ווערן. אין זבאָנשין וואַרפט מען ייִדן אַהין און צוריק איבער דער גרענעץ, אין פאַלעסטינע פאַרשליסט מען פאַר זיי די טויערן. „דו ביסט דאָך אַן אָפּטימיסט, טאַטעשי", האָט בערעק זיך געוואָנדן צום פאָטער, „זאָג מיר, ווו וועט ענגלאַנד נעמען סאָלדאַטן קעגן די פאַשיסטן אַז זי דאַרף אירע סאָלדאַטן צום געיעג אויף ייִדישע פּליטים?"

„דו ביסט דאָך נישט קיין נאַר, בערעק, אָבער שוואַרצע מרה שחורה פאַרטונקלט דעם שכל. וואַרט וועסטו זען וואָס עס וועט זיך טאָן וועגן זבאָנשין. דאָס וואָס איז באַשריבן אין הײַנט ווערט אויך באַשריבן אין די צײַטונגען אין ניו יאָרק, לאָנדאָן, פּאַריז. וואַרט אַ פּאָר טעג און דו וועסט זען וואָס פאַר אַ געשריי עס וועט זיך אויפהייבן אין דער וועלט. די וועלט איז נישט הפקר!"

„טאַטעשי, דו לייענסט נישט די זעלביקע צײַטונגען וואָס איך? קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן, זעלבסמאָרדן, מיתות משונות, און דײַן וועלט טוט נישט קיין פּיפּס. אַ באַזווער סטודענט, דוד פראַנקפורטער, האָט פאַרלוירן דאָס געדולד, ער האָט דערשאָסן אַ דײַטשישן דיפּלאָמאַט אין דאַוואָס,

געוואָלט מיט דעם שאָס אויפרודערן די וועלט. נו, וואָס איז געשען? זבאָנשין איז געשען! די וועלט שלאָפט זיך רויִק, וואָך זעגען נאָר די ריכטער וואָס וועלן משפטן און פאַרמשפטן פראַנקפורטערן ווי אַ פאַר־ברעכער״.

ד.

פריץ ווייַנער האָט איבערגעלאָזט צו אַנדערע די דאגות וועגן דער גרויסער וועלט, ער האָט זיך באַהאַלטן אין זייַן אייגן קליין וועלטל. זכרונות פון זייַנע יוגנט־יאָרן זענען אים אַמאָל באַפאַלן ווי אַ נאַכט־קאָשמאַר, פון אַ קאָשמאַר וועקט מען זיך אויף און מע גייט צוריק צום רעאַלן טאָג־טעגלעכן לעבן. פון זייַנע קרובים ערגעץ ווייַט איז געבליבן אַ שוואַכע געדעכעניש ערגעץ ווייַט אין אים. עס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם וואָס ער האָט אַ מאָל, לאַנג צוריק, געלאָזט הינטער זיך. נישט פאַראַן פאַר דעם קיין פלאַץ דאָ אין זייַן קליינעם, באַקוועמען, וואַרע־מען וועלטל.

פריץ ווייַנער האָט אַ מאָל זיך גערופן „פרץ״, אַ מאָל ווען ער איז געווען דער זון פון בעריש ווייַנער, אַ חזן אין האָמעל, ווייַסרוסלאַנד. דער אַמאָל האָט זיך געענדיקט אין דער לעצטער נאַכט פון אויגוסט אין יאָר 1903. ס׳איז געווען די ערשטע מילדע נאַכט נאָך די היצן פון שניטצייַט, אַ ווינטל האָט געבלאָזן און אָנגעטראָגן אַ ריח פון היי און פון פריש געשניטענע תבואות. פרץ איז נישט געשלאָפן, ווען ער האָט אוועקגעלייגט זייַן פידל האָט ער זיך אַוועקגעזעצט שרייַבן אַ ליד צו מאַשען, דעם שכנס טאָכטער. מאָרגן וועט זייַן זייַן געבוירן טאָג; אַז ער וועט שוין זייַן זעכצן וועט דער טאַטע אים מוזן לאָזן ווערן אַ מיטגליד אין דער זעלבשוץ. אַבראַשע איז שוין אַריבער די צוואַנציק, אָבער מירע איז נאָר מיט צוויי יאָר עלטער פון אים און ביידע גייען צו די „סכאָדקעס״ מיטן טאַטנס וויסן.

אַ בראַווע חברה — זיין ברודער אַבראַשע, זיין שוועסטער מירע, און זייערע חברים. די באַן־אַרבעטער האָבן אייערבעכטן פראָבירט אָנגרייַפן די ייִדישע גאַסן, די זעלבשוץ האָט זיי צוריקגעשטויסן און געראַטעוועט האָמעל פון אַ פּאָגראָם.

פון דעם טאָג נאָך דעם האָט פרץ ווייניק געדענקט. געבראַזג פון צעבראָכן גלאָז, געשרייען, שאָסן, און אַ ביקסן־קאָלבע וואָס הייבט זיך

איבער זײַן קאָפּ. וואָס עס איז ווײַטער געשען האָט ער נישט געוואָלט געדענקען אָבער עס איז טייל מאָל אָנגעקומען אויף אים ווי אַן אָנפאַל פון אַ רויב־חיה. ער האָט זיך אויפגעוועקט פון זײַנע אייגענע קרעכצן, נאָר זײַנע קרעכצן, מער גאָרנישט. איז נאָר ער געבליבן? ער האָט געעפנט די אויגן, אונטערגעהויבן דעם שווערן קאָפּ, און האָט דערזען נעבן דער טיר... יאָ, ס'איז געווען דער טאַטע אין אַ קאַלוזשע בלוט, דאָס פּנים איין שטיק פאַרגליווערט בלוט. ער האָט פּראָבירט זיך אויפהייבן, ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אַ פוס פון טיש און באַוויזן זיך אויפצושטעלן. ער האָט געוואָלט לויפן צום טאַטן, אָבער זײַן בליק איז געפאַלן אויפן שפּיגל. אין שפּיגל האָט ער דערזען דאָס בעט, אין בעט די מאַמע, זײַן מאַמע!

„פאַרשאָלטן! פאַרפלוכט!" פאַר וואָס זענען זײַנע אויגן נישט געבליבן פאַרמאַכט אויף אייביק ווי בײַם טאַטן? פאַר וואָס האָט די מאַמע זיך נישט איבערגעוועקט פריִער פאַר אים און זיך צוגעדעקט? פאַר וואָס האָבן זיי אים נאָר געלעכערט דעם קאָפּ און נישט אויסגעשטאָכן די אויגן?

ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון האָמעל, ער האָט מער נישט געקאָנט זײַן אין איין הויז מיט דער מאַמען און מיט דעם שפּיגל. אַבראַשע איז געפאַלן אין קאַמף, מירע איז צוריקגעקומען, אויך מאַשע איז ניצול געוואָרן, אָבער ער האָט זיי מער נישט געקאָנט קוקן אין די אויגן, ער האָט נאָר געזען דעם שפּיגל.

ער איז געלאָפן איבער רוסלאַנד, אוקראַיִנע, פּוילן. אומעטום זענען געווען שפּיגלען, אומעטום זענען געווען שענדערס. ער איז דערלאָפן קיין בערלין ווו ער האָט געפונען אַרבעט, ער האָט געשפּילט פידל אין אַ ווײַנקעלער. פון פּרץ איז געוואָרן פּריץ ווען ער האָט זיך פאַרשריבן אין דער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע.

אין בערלין זענען אויך געווען שפּיגלען, אָבער בערלין איז אַ קול־טורשטאָט, די הויפּשטאָט פון אַ קולטורפאָלק. די שפּיגלען דאָ האָבן געשמייכלט צו אים, ווי עס שמייכלט צו אים דער גלאַנץ אויף זײַן פידל. אין דעם גלאַנץ פון זײַן פידל האָט זיך געשפּיגלט נאָך אַ פידל און דאָס פּנים פון דער פידלערין, הילדאַ שאָענפעלד. הילדאַ איז געזעסן נעבן אים אין דער בערלינער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע און געשמייכלט צו אים.

דאָס טאָקע איז בערלין. נאָר אין בערלין איז עס מעגלעך, אַ פּלימעניצע פון אַ פּרײַסישן אָפיציר זאָל ווערן דאָס ווײַב פון אַן אָסטיודע וואָס לערנט זיך ערשט שפּרעכן דויטש מיט דעם ריכטיקן אַקצענט.

פריץ האָט געפּילט דויטש מיט דעם ריכטיקן אַקצענט. ער האָט וואָלונטירט און געקעמפט אין דער אַרמיי פון זײַן ניי פאָטערלאַנד קעגן דעם לאַנד פון פאָגראָמען. ער איז צוריקגעקומען פון דער מלחמה מיט אַ סך מעדאַלן און מיט איין פוס. ער האָט אָבער געהאַט ביידע הענט; איינע צו האַלטן דעם פידל, די אַנדערע דעם סמיטשיק. ער האָט אײַנ־געקלאַמערט זײַן הילדאַ אין ביידע הענט, און ווען אָטאָ איז געבוירן געוואָרן איז געבוג געווען די איינע קני צו וויגן אויף איר זײַן זון.



אַ זוניקער סעפּטעמבער־טאָג אין בערלין, דאָס יאָר איז געווען ניינצן הונדערט איין און דרײַסיק. פריץ איז אַרויסגעגאַנגען פון זײַן היים אויף קורפירסטענדאַם מיט זיין פידל אונטערן אָרעם. ער האָט געשפּילט אין בערלינער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער און איז איצט געגאַנגען צו אַ רעפּעטיציע. אָטאָ האָט אים באַגלייט צום טראַמוויי. עס איז זיי אַקעגנ־געקומען אַ גרופּע מענטשן אין יום־טובדיקע מלבושים מיט צילינדערס אויף די קעפּ. „הײַנט מוז זײַן דער יידישער־ניי־יאָר", האָט פריץ געזאָגט זײַן זון, „דאָס גייען די יידן פון זייער סינאַגאָגע".

פריץ איז שוין געווען בײַ דער טראַמוויי־סטאַציע ווען אַ ברוין־העמ־דליקע באַנדע איז אָנגעלאָפן און באַפאַלן די יידן. גראַף העלדאָרף, אין זײַן אויטאָ, האָט אויסגעשטרעקט זײַן אָרעם מיטן האַקנקרײַץ־באַנד און קאָמאַנדירט: „צו די יודען קאָפּעען!"

בערלין איז אַ שטאָט פון אָרדענונג. ווען הער פריץ ווײַנער איז צוריקגעקומען פון זײַן אַרבעט, איז קורפירסטענדאַם שוין געווען אָפּגעוואָשן פון בלוט. אָבער פריץ האָט הײַנט שלעכט געשפּילט.

הילדאַ האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס מע דאַרף פאַרלאָזן בערלין. אַ פּאָר אויסוואָרפן האָבן זיך צעהוליעט, דאָס דײַטשישע פאָלק וועט זיי נישט דולדן. גראָד איז אָנגעקומען אַ בריוו פון מינכען פון דעם מוזיק־קריטיקער דאָקטאָר ווילי שמידט. גראָד האָט מען געדאַרפט אַן ערשטן

פידלער אין מינכענער אָרקעסטער און פריצס קאָנדיטאָטור איז אָנגע־נומען געוואָרן. עס איז הילדאַן נישט לײַכט געווען צו געפינען אַ נײַעם קרײַז פרײַנד אין מינכען. זי האָט געבענקט נאָך איר בערלין, נאָך איר קורפירסטענדאַם, און געהאָפט צו פאָרן צוריק.

טעג און חדשים זענען דערווײַל פאַרבײַגעלאָפן. עס האָבן זיך געמערט די שטורעמיסטן אויף די גאַסן פון מינכען. אַדאָלף היטלער איז געוואָרן רײַכסקאַנצלער, די שטורעם־באַנדעס זענען געוואָרן אַן אָפיציעלע פּאָליצײַ. מע האָט איבערגעגעבן פון מויל צו אויער וועגן באַרטאָלאָמיינעכט אין בערלין און הילדאַ האָט מער נישט גערעדט וועגן צוריקפאָרן. אויך אין מינכען איז געוואָרן ערגער. מע האָט אַרויסגעוואָרפן די נישט־אַריער פון די טעאַטערס, ווי לאַנג נאָך וועט מען דולדן דעם יודע פריץ ווײַנער אין דעם פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער ?

דער קליינער אָטאָ איז מער נישט פאַרבעטן געוואָרן אין די היימען פון זײַנע שול־חברים ; מע האָט אים נאָך אַרײַנגעלאָזט אין דער היים פון ווילי שמידט, דאָס עלטסטע שמידט יינגל איז געווען נאָר פיר יאָר יינגער פון אָטאָן, ער האָט זיך אָבער געוואָלט שפּילן נאָר אין שטורעם־טרופּערס.

דעם דרײַסיקסטן יוני 1934 איז אָטאָ געווען מיט דעם נײַן יאָריקן ווילי שמידט אין דעם יינגלס צימער, ווילי דער פאָטער, האָט געשפּילט טשעלאָ אין דעם סאַלאָן. אַ הילכיק קלאַפּן אין דער דרויסנדיקער טיר, דאָס טשעלאָ־שפּילן האָט זיך איבערגעריסן, די קינדער זענען אַרויס־געלאָפן אין קאָרידאָר. פיר עסעסלײַט האָבן אוועקגעפירט דעם דאָקטאָר שמידט, די טשעלאָ איז געלעגן אויף דער ערד אַ צעטראָטענע.

דער קליינער ווילי האָט באַגאָסן די צעבראָכענע טשעלאָ מיט טרערן. אָטאָ האָט מיטגענומען דעם אינסטרומענט, זײַן פאָטער זאָל עס לאָזן צו רעכט מאַכן, ווען דער הער דאָקטאָר וועט צוריקקומען וועט אים פרייען צו געפינען די טשעלאָ אַ פאַרריכטע.

מע האָט צוריקגעבראַכט די טשעלאָ און דעם דאָקטאָר אין דעם זעלביקן טאָג. די טשעלאָ האָט מען צוריקגעבראַכט גאַנץ, דעם דאָקטאָר שמידט — אין אַ פאַרחתמעטן קאַסטן, מיט אַ שטרענגן פאַרבאָט דעם קאַסטן צו עפענען. ביין, מע האָט גאָרנישט געהאַט קעגן הער דאָקטאָר, ס׳איז געווען אַ טעות, די עסעס האָט געזוכט אַן אַנדערן ווילי שמידט.

„טעותים געשעען ביי אונדז זעלטענער ווי ערגעץ אַנדערש, מיר דײַטשן זענען אַן אָרגאַניזירט און דיסציפּלינירט פֿאָלק״, האָט פּריץ געטרייסט זײַן זון.

איידער פּריץ איז אַרויס פֿון הויז האָט הילדע אָנגעהאָנגען אויף זײַן ברוסט אַלע זײַנע מעדאַלן, מע וועט מוזן רעספּעקטירן זײַן העלדישקייט אין דער ווערמאַכט. איצטער איז פּריץ געגאַנגען אַהיים פֿון זײַן אַרבעט. ער איז שוין געוועזן לעבן זײַן הויז ווען אַ יונג פֿון סך־הכּל אַ יאָר פֿופֿצן איז צוגעלאָפֿן צו אים און אַראָפּגעריסן אַלע זײַנע מעדאַלן. ער האָט אים נאָך צוגעגעבן אַ קאָפּע אין בויך, פּריץ האָט פֿאַרלוירן דאָס גלײַכגעוויכט און געפֿאַלן.

אַ גרופּע שטורעם־טרופּערס האָט זיך צוגעקוקט און געלאַכט ווי דער יודע קריכט אויף אַלע פֿיר. אייגנטלעך אויף אַלע דרײַ, אויב מע זאָל נישט רעכענען דעם הילצערנעם פֿוס וואָס פּריץ האָט באַקומען פֿון דער ווערמאַכט צוזאַמען מיט זײַנע מעדאַלן. אַטאַ האָט דאָס אַלץ געזען פֿון הינטער דעם פֿירהאַנג פֿון זײַן פֿענצטער. ער איז נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנצע פֿערצן יאָר, אָבער ער האָט שוין געוווּסט אַז ווען מע טשעפּעט זיך צו אַ ייִד, אַפֿילו ווען דער ייִד איז זײַן אייגענער טאַטע, זאָל ער זיך האַלטן פֿון ווײַטן, אַזוי האָט אַנקל וואָלפֿגאַנג אים אָנגעזאָגט, און טאַטע־מאַמע האָבן צוגעשטימט.

ווען פּריץ ווײַנער איז געקראָכן אויף אַלע פֿיר איבער דעם נאַסן טראָטואַר האָט ער אין דעם אָפּגלאַנץ געזען יענעם שפּיגל וואָס ער האָט אַזוי געוואָלט פֿאַרגעסן. צו מאָרגנס איז ער מיט זײַן ווײַב און זון אַריבער די בריק איבער דעם טײַך ריַין, ער איז אַוועק קיין אַאַכן לעבן דער פֿראַנצייזישער גרענעץ, דאָרט האָבן די שטורעמיסטן נאָך נישט געשאַלטעוועט.

עס איז געווען דער זיבעטער מאַרץ 1936, דער פּופּצניאַריקער אַטאַ האָט געלייענט אין דער מאָרגן־צײַטונג אַז מע וועט אויסראָטן די ייִדן פֿון דעם דײַטשישן פֿאָטערלאַנד, ווי מע ראָט אויס די ווערעם פֿון אַ קרויטפֿעלד, אויסברענען זיי ווי די וואַנצן. אין שול האָט מען דעם טאָג געזונגען דעם שטורעם־טרופּערס הימנע:

„סאָ שטייען די שטורמקאָלאָנען צום ראַסן־קאַמף בערייט,
ערסט ווען די יודען בלוטען, ערסט דאַן זינד וויר באַפרייט.
ווען דער שטורמסאָלדאַט צו פעלדע ציט, דאַן האָט ער פראָהען מוט
און ווען ס׳יודענבלוט פאָם מעסער שפריצט, סאָ גייטס נאָכמאַל סאָ גוט״.

צו מאָרגנס איז די דײַטשישע אַרמיי אַריבער די בריקן איבער דעם ריַין. הילדאַ שאָענפעלד, די אַריערין, האָט געטוליעט צו זיך איר זון און אים געטרייסט: „ניין, זי וועט נישט באַשטראָפט ווערן פאַר ראַסן־שאַנדע, זי האָט דאָך געהיַיראַט דעם יודע נאָך אידער... „האָב קיין אַנגסט, אָטאָ, דאָס קאָן לאַנג נישט דויערן״. פריץ איז געזעסן אַנגעבויגן איבער אַ מאַפּע, ער האָט געזוכט אַן אָרט וווּהין צו אַנטלויפן.

די ווערמאַכט איז אַריַין קיין אַאַכן קאָמאַנדירט דורך דעם אָפיציר וואָלפאַנג שאָענפעלד. אָנקל וואָלפגאַנג האָט אָפּגעלאָזט די וויַינערס אַ סוד. ער האָט באַפעלן זיך צוריקצוציִען אַזוי שנעל ווי די פראַנצויזן וועלן רעאַגירן. אָנקל וואָלפגאַנג האָט אָפּגעלאָזט נאָך אַ גרעסערן סוד. ווען די ווערמאַכט וועט אָנהייבן זיך צוריקציִען פון דעם ריַינגעביט וועט אין בערלין עפּעס געשען, עפּעס וואָס וועט ברענגען אַ סוף צו דעם האָרסט־וועסעל־ליד, דער הימנע פון די שטורעם־טרופּערס, און אַ סוף אויך צו די שטורעם־טרופּערס. אַלץ איז גרייט, עס קאָן קומען יעדע מינוט.

אָטאָ איז קיין מאָל נישט געווען נישט אין קיין שיל און נישט אין קיין קירך. „יעדער מענטש איז זיַין ברודערס היטער, דאָס איז די רעליגיע פון דער מענטשהייט״, האָט זיַין טאַטע אים געלערנט.

באַרטאָלאָמיי־נעכט, ווילי שמידט, זיַין טאַטנס קריכן אויף אַלע פיר — זענען נישט אַלע מענטשן ברידער? זענען נישט די מענטשן אויף יענער זיַיט גרענעץ זייערע ברידערס היטערס? אָנקל וואָלפגאַנג זאָגט, עס וועט געננוג זיַין אַ וואָרענונג צום דיַיטשישן אַמבאַסאַדאָר, אָנקל וואָלפגאַנג זאָגט, עס וועט גענוג זיַין פראַנקריַיך זאָל שיקן איין ראָטע סאָלדאַטן צו דער גרענעץ, עס וועט גענוג זיַין איין בריטישע קריגשיף זאָל אַרויפציִען דעם אַנקער און פּאָטערלאַנד וועט אויסגעלייזט ווערן פון דעם קאָשמאַר.

אָטאָ וויַינער, זיַין פּאַפּי, זיַין מוטי זענען אַלע געווען געטריַי דעם

פאַטערלאַנד אָבער האָבן איצט אויסגעקוקט אַ פראַנצייזישע ראָטע זעלנער זאָל מאַרשירן צו דער גרענעץ. אָנקל וואָלפגאַנג איז געווען אַ פּראָפעסיאָ־נעלער אָפיציר, אַ זון פון אַן אָפיציר, אַ שטייפער פּרייסישער יונקער. ביי משפחה־שימחות האָט ער נישט פאַרפעלט צו זינגען „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס" אָבער איצט האָט ער געהאָפט אויף אַ ריקצוג פון דעם מיליטער אונטער זיין קאָמאַנדע.

פראַנקרייך האָט נישט געשיקט קיין מיליטער צו דער גרענעץ, די הילף וועט קומען פון גרויסבריטאַניע, דער לייב וועט אַ ברום טאָן, און...

„די דייטשן זענען נאָר אריין אין זייער אייגענעם הויף", האָט אָטאָ געהערט אַ קאָמענטאַר פון דער בריטישער ראַדיאָ.

די דייטשן ראָטן אויס די ווערעם פון זייער אייגענעם הויף, ברענען אויס די וואַנצן אין זייער אייגן הויז. ווען מען אַרט עס אַז איין אַזאַ וואָרעם הייסט פריץ, שפּילט פידל, און האָט ליב זיין אַריש ווייב און זיין ביי פאַטערלאַנד? ווען מען גייט עס אָן אַז אַזאַ וואַנץ וואָס הייסט אָטאָ, שטייט גאַנצע נעכט ביי זיין פענצטער און קוקט אויס זיינע ברידער די היטער?

אָטאָ איז געלאָפן פון שול מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג און אַ געלער לאַטע אויף דער פּלייצע, געלאָפן דערציילן דעם אָנקל וואָלפגאַנג. דער אָנקל איז נישט געווען אויף זיין קוואַרטיר. אָטאָ האָט מיט דעם אונטער־געשלאָגענעם אויג אַרויסגעקוקט צו אַ צערעמאָניע אויפן ביסמאַרק־פּלאַץ וואָס מע האָט איצט דעדיקירט צו הייסן „אַדאָלף היטלער־פּלאַץ". אָנקל וואָלפגאַנג האָט דאָרט מאַרשירט מיט זיינע סאָלדאַטן און מיט זיין באַסאָוון יונקערישן קול געענטפערט זיינע סאָלדאַטן: „הייל היטלער!" „הייל היטלער!"

אויפן פּלאַץ האָט מען לכבוד די בראַווע סאָלדאַטן אויסגעהאָנגען אַ טראַנספּאַראַנט: „דויטשלאַנד ערוואַכע, יודע פערעקע!"

געלעכטער פון סאָלדאַטן און פריילינס, געזאַנג אין די גאַסן, מוזיק פון די ביר־און וויינקעלערס; נאָר אין איין הויז מיט דריי פידלען האָט מען געוויינט. פריץ וועט דאַרפן זוכן אַרבעט אין דעם מוזיקאַלישן ווין. הילדאַ וועט דערווייל צוריקפאָרן קיין בערלין. פאַר אָטאָן וועט אָנקל וואָלפגאַנג שאַפן אַ דאָקומענט אויפן נאָמען אָטאָ שאָענפעלד און אים אַריינעמען אין אַ קאַדעטן־שולע. דאָס משוגעת וועט זיך דאָך פריער

אָדער שפּעטער ענדיקן. דערווײַל וועט ער ווערן אַן אָפּיציר און דינען זײַן „פֿאָטערלאַנד״ ווי אַלע שאָענפֿעלדס, מיט זײַן לעבן און מיט זײַן ערע.

פֿריץ ווײַנער איז געווען אַ גוטער מוזיקער, ער האָט שנעל געפֿונען אַרבעט אין ווין און פֿאַרדינט גענוג צו שיקן פּעקלעך אַהיים. אין בערלין איז געווען אַ דוחק אין אימפּאָרטירטע שפּײַזן; „האַרמאַטן אַנשטאָט פּוטער״ איז געווען גערינגס לאָזונג. פֿריץ האָט געשיקט צו זײַן ווײַב קאַווע־קערנער, טיי, קאָנדענסירטע מילעך. פֿריץ האָט נישט געטאָרט שרײַבן דירעקט צו זײַן זון וואָס איז איצט געווען אַ שאָענפֿעלד, אָבער אין די פּעקלעך צו זײַן ווײַב האָט ער אויך אַרײַנגעלייגט שאָקאָלאַד פֿאַר אָטאָן. די מאַמע האָט עס איבערגעשיקט איר זון דעם קאַדעט, וואָס האָט דעם שאָקאָלאַד אויסגעביטן אויף ביר, עכט פּרײַסישער ברוי...

עס איז שוין געווען נאָכן אָטענטאַט אויף דעם עסטרײַכישן קאַנצלער דאָלפֿוס ווען פֿריץ איז, ווי יעדן טאָג, אַוועק צו דעם ווינער אָפּערע־הויז. ער איז אַוועק מיט דער פֿידל, אָבער געאַרבעט האָט ער בײַם רייניקן די אָפּטריטן אין אָפּעראַ־בנין. ער איז אַהיימגעקומען אָן דעם פֿידל, מיט אַ צעבראָכענער ריפּ, צעבראָכענעם נאָזביין, און אַ געלע לאַטע אויף זײַן רוקן. די לאַטע האָט וויי געטאָן נאָך מער ווי די צעבראָכענע ריפּ. ער האָט מער נישט געוואָרט אויף קיין וויזע, ער איז אַוועק צו דער טשעכישער גרענעץ.

ווען הילדאַ האָט, פֿאַר זײַן פֿאַרלאָזן אַאַכן, פֿאַרפּאַקט זײַן רוקזאַק, האָט זי אויך אַרײַנגעלייגט עטלעכע בריוו — פֿאַרגעלטע פֿון אַלטקייט. דאָס זענען געווען בריוו פֿון זײַן שוועסטער מירע. ווער האָט אויפֿגע־הערט שרײַבן, ער צי מירע? אין דעם ערשטן בריוו האָט זי אים געשריבן אַז זי לאָזט זיך אין וועג אַרײַן קיין בערלין. פּלוצלינג אַ בריוו פֿון עפּעס אַ שטאָט גורוויטש, אַז זי האָט חתונה געהאַט. אַז דער מאַן אירער שרײַבט לידער ווי זי, ווי ער, פֿריץ... נאָך אַ בריוו אַז זי האָט געבוירן אַ קינד, אַ ייִנגל, און אים אַ נאָמען געגעבן בעריש, נאָכן טאַטן, זיי רופֿן דאָס קינד בערעק.

ווען הילדאַ האָט אין אַאַכן אים געוויזן די בריוו, האָט ער נאָר פֿאַר אַ ווײַלע געטראַכט וועגן זײַן שוועסטער. ער האָט געמוזט באַוווּנדערן זײַן הילדאַ. „פּערפֿעקטע דײַטשישע אָרדענונג״. צוויי מאָל האָבן זיי שוין

געהאַט איבערגעלאָזט זייער היים און אַנטלאָפן, פון בערלין קיין מינכען, פון מינכען קיין אַכן, און זי דאַרף נאָר אויסשטרעקן די האַנט צו געפינען בריוו וואָס ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן אַז זיי עקזיסטירן.

ער האָט געטראָגן די בריוו איבער צוויי גרענעצן. איין מאָל יאָ אַרויס־גענומען און אַ קוק געטאָן, אָבער די בריוו זענען געווען געשריבן אין יידיש. מאָדנע ווי זאַכן ווערן אויסגעמעקט פון אַ מענטשנס זכרון... דאָ, אין פּראָג, האָט ער שוין יאָ פּראָבירט לייענען די בריוו. עס איז אים נישט אַנגעקומען לייכט, אָבער ער האָט כמעט אַלץ פאַרשטאַנען. מאָדנע, זייער מאָדנע... ער, פּריץ, דער ערשטער פידלער אין דייטשישע פילהאַרמאָנישע אָרקעסטערס, האָט איין שוואָגער אַ יונקער וואָלפגאַנג שאָענפעלד, און אַ צווייטן, אַ יידליק שלום עפּשטיין. אַ האָמלער חזן מיט אַ באָרד, מיטן נאָמען בעריש, האָט איין אייניקל בערעק עפּשטיין וואָס שרייבט אַוודאי לידער אין יידיש אָדער פויליש, און אַ צווייטס וואָס רופט זיך איצט אָטאָ שאָענפעלד, און איז אַ קאָדעט אין אַ פּרייסישער אָפיצירן־שולע. נאָך גוט וואָס פוילן חברט זיך איצט מיט דייטשלאַנד. עס האָט נאָך געקאָנט געשען צוויי אייניקלעך פון בעריש ווייַנער זאָלן קעמפן איינס קעגן ס'אַנדערע. אַבי ער האָט געמיינט אַז עס איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון בעריש ווייַנערס שאָטן און פון זיין גורל...

## קאַפּיטל דריי

# אַלע זשידקעס אין איין קול

### א.

איידער פּינטשע איז געוואָרן זײַן תּלמיד פלעגט בערעק קויפן אַ צײַטונג מיט נאָך דרײַ שותּפים. יעדן טאָג איז אַן אַנדערער פון די שותּפים געווען דער ערשטער צו באַקומען די צײַטונג. פּינטשע, דאָס רײַכע זונדל, האָט געקויפט אַזש צוויי פאַרשידענע צײַטונגען און זיי אָוועקגעגעבן בערעקן נאָכן איבערלייענען. ער האָט ליב געהאַט ברענגען די צײַטונגען צו בערעקן אַהיים. ער האָט שוין איינוועגס געבראַכט זײַנע נײַע לידער צו הערן בערעקס און זיין טאַטנס מבינות. אָבער לעצטנס, ווי נאָר בערעק גיט זיך אַ כאַפּ צו די צײַטונגען, הייבט ער אָן קראַקען שוואַרצע נביאות. ווען דער בחור איז אין אַזאַ שטימונג מאַכט ער אַלץ מיט דער בלאָטע צו גלײַך. פּינטשען איז ליבער צו לייענען זײַנע לידער פאַר שלומען ווען בערעק איז נישטאָ. עס איז אים ליבער צו לייענען פאַר זיין גוטן חבר יאַנקל קאַליסקי, כאָטש יענער איז נאָך צו פיל פאַרטאָן אין לערנען גמרא. די וועלט איז נישט אַזוי פאַרדאָרבן ווי בערעק זעט זי, זײַנע לידער זענען אפשר אויך נישט אַזוי שלעכט ווי בערעק זעט זיי...

זינט ער האָט אָנגעהויבן קומען אויף די פּיאַסקעס צו בערעקן זעט ער כמעט נישט יאַנקלען. יאַנקל פלעגט זײַן זײַן בעסטער חבר. אפשר אַרײַנכאַפּן זיך אין בית־המדרש זען צי יאַנקל איז דאָרט פאַראַן? ס'איז די צײַט פון מינחה־מעריב, יאַנקלס טאַטע, פישל כיבעשמוי, וועט סײַ ווי נישט לאָזן רעדן בײַם דאַווענען. דער צונאָמען „כיבעשמוי" נעמט זיך טאַקע פון דעם וואָס ווי נאָר עמעץ הייבט אָן רעדן בײַם דאַווענען, וואַקסט נעבן אים אויס פישל און זאָגט אונטער: „ברוך הוא וברוך שמו, אמן".

אַ האַרציקער ייִד, דער פישל. ער האָט אַ טענה: „דער הייליקער

זוהר זאָגט אַז די ברכה איז נאָר דער גוף פון דער מיצווה, דער אמן איז די נשמה. ווי קאָן מען לאָזן אַ גוף אָן אַ נשמה ?"

יאַנקל שעמט זיך, ווײַזט אויס, מיט דעם טאַטנס צונאָמען און מיט זײַן אונטערזאָגן אַלעמען „ברוך הוא וברוך שמו". „וואָס האָסטו מורא, טאַטעשי, אַז דער אייבערשטער וועט נישט האָבן געַנוג אָן זײַן אָמן ?"

„ביטע, יאַנקל. מע טאָר אַזוי נישט רעדן. דער טאַטע אין הימל האָט הנאה ווען זײַנע קינדער טוען גוטס, און האָט צער ווען זיי זינדיקן, פונקט ווי אַ טאַטע אַ בשר־ודם האָט צער ווען זײַנע קינדער גייען אויף שלעכטע וועגן. דער רבי, זאָל לעבן, טײַטשט ,וישוב אל השם' — דו זאָלסט צוריקקערן צום אייבערשטן, ,וירחמהו' און דו זאָלסט אויף אים, אויפן אייבערשטן, רחמנות האָבן".

פון גרויס רחמנות אויפן רבונו־של־עולם זענען פישלס אויגן פול געוואָרן מיט טרערן און יאַנקל האָט מער נישט מתרעם געווען.

פּינטשע האָט זיך אָוועקגעזעצט מיט זײַן העפט. ער האָט געוואָלט מאַכן נאָר אַ קורצע באַטיץ אין זײַן כראָניק פון דער צײַט, אָבער ער איז אַזוי אַרײַנגעצויגן געוואָרן אַז עס איז געווען צו שפּעט צו גיין צו יאַנקלען. ווען ער איז געגאַנגען אַהין צו מאָרגנס איז יאַנקל גראָד געקומען פון בית־המדרש, אַ כאַפּטע קליינע שקצימלעך איז אים נאָכגעלאָפן און געשריגן אין אַ כאָר: „אַלע זשידקעס אין איין קול אײַ־ווײַ!" יאַנקל איז זיך געגאַנגען זײַן וועג. עס האָט געגומען האָגלען מיט שטיינער. פּינטשע איז צוגעלאָפן; ער האָט קוים באַוויזן זיך אָוועקצובייגן און אויסמײַדן אַ שטיין. יאַנקל איז געטראָפן געוואָרן פון צוויי שטיינער, איינער אין קאָפּ. פּינטשע האָט אים געכאַפּט אונטערן אָרעם און אַרײַנגעפירט אין זייער געוועלב. די דערוואַקסענע גויים אין גאַס האָבן געלאַכט.

„וויי צו מײַנע יאָר", האָט רחל־לאה געקלאָגט. „זע נאָר דעם בײַל, געטס מיר אַ האַנטעך מיט קאַלט וואַסער".

„געקאָנט, חלילה, עפענען דעם קאָפּ", האָט פישל געקרעכצט. „ס'טוט וויי ?"

„ס'איז נישט דער ווייטיק, טאַטעשי. די גויים לאַכן, און איך קאָן נאָר לויפן, אַנטלויפן. די חרפה, טאַטעשי, קאָן איך נישט סובל זײַן".

פישל האָט געהויבן מיט די פּלייצעס: „יאַנקעלע, דײַנע רייד לייגן

זיך נישט אויפן שׂכל. אוודאי איז אַ חרפּה צו זײַן אַ שלעגער, אָבער אַז יענער איז דער שלעגער וואָס האָסט דו זיך צו שעמען?"

„מע שלאָגט און מע זידלט און מע באַלײדיקט אונדז דאָ, מע דאַרף אַנטלויפן אין עק וועלט".

„און אַז מע קריגט אַ מאָל אַ קלאַפּ?" האָט פישל געטענהט, „ס'איז דאָך אין גלות. ווען האָט מען אונדז נישט געשלאָגן? עשׂיו איז געבליבן אַ שלעגער, און מיר זענען, ברוך השם, געבליבן בײַ דער בכורה און בײַ דער תורה. דער הייליקער זוהר זאָגט..."

„ס'וואָלט אפשר בעסער געווען פאַרקערט".

„חס וחלילה! מיר זאָלן זײַן די שלעגערס? אויב די ברירה איז צווישן זײַן געשלאָגענע אָדער שלעגערס, זאָל דער אייבערשטער אונדז אָפּהיטן פון ווערן די שלעגערס".

„און אייביק זײַן די געשלאָגענע?"

„און אַז מע קריגט אַ מאָל אַ קלאַפּ גייט די וועלט אונטער? מע שלאָגט דאָך אונדז ווײַל מיר זענען ייִדן, איז עס דאָך אַ כּבוד, נישט אַ בזיון. יעדן טאָג קומט דער שׂטן און איז מקטרג אַז מיר האָבן, חלילה, פאַרלאָזן ייִדישקייט; ווערן די שלעגערס אונדזערע עדות אַז ס'איז אַ שקר־בילבול, און מעז יצא מתוק, פון דעם שטיקעלע שלעכטס קומט אַרויס גרויס גוטס".

יאַנקל האָט אַ בליק געטאָן מיט די אויגן, אַ שאַרף וואָרט האָט זיך געריסן פון זײַן מויל. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און גאָרנישט געענטפערט. ער וועט דאָך דעם טאַטן נישט איבערצײַגן, צו וואָס אים מצער זײַן.

יאַנקל שווײַגט ווען ער איז נישט מסכּים מיט זײַן פאָטער, האָט פינטשע געטראַכט, בערעך מעג קומען צו יאַנקלען לערנען בײַ אים גוטע מידות.

## ב.

דער טאַטע האָט געוואָלט פינטשע זאָל נאָך זיצן און לערנען, ער איז נאָך צו יונג צו נעמען אויף זיך דעם עול פון דער פאַבריק. ער פלעגט אַרײַנקומען נאָר אויף אַ שעה, צוויי, ס'איז געווען נאָר אַ מין נײַגיריקייט צו דערגיין דעם שׂכל פון פאַבריצירן וואָלענע מענער־סחורות. פינטשע

האָט געהאַט אַ שנעלע תּפיסה און דער אַלטער וועבער־מײַסטער האָט געקענט מסביר זײַן און קלאָר מאַכן יעדן נײַעם מוסטער וואָס ער האָט געצייכנט. ווען דער מײַסטער איז פּלוצלינג אַוועקגעפאַלן פון אַ האַרצאַטאַק, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז פּינטשע קען דאָס פאַך. ער איז אַרײַנגעקומען אין פאַבריק נאָר ביז מע וועט געפינען אַ גוטן מײַסטער און שוין געבליבן. „אַז מע האָט חשק געפינט מען צײַט פאַר אַלעם", האָט ער געטרייסט דעם פאָטער. ער האָט געפונען צײַט צו פאָרן קיין לאָדזש צוויי מאָל אַ וואָך אויף קורסן אין דער טעקסטיל־שול און צו לייענען אַ סך ביכער אין דברי חול. דער טאַטע האָט געמיינט אַז דאָס לייענט ער אַזוי פיל צוליב זײַן פּראָפעסיע, נאָר די מאַמע האָט געוווּסט אַז ער ווערט איצט מער פאַרשלונגען פון וועלטלעכע ביכער ווי פון תּורה.

פּינטשע האָט געוואָלט פאַרשאַפן דעם טאַטן אַ ביסל נחת האָט ער אַלע מאָל אַרײַנגעוואָרפן אַ דבר תּורה בײַם טיש. די סדרה פון דער וואָך איז געווען פּרשת בלק, האָט ער פרײַטיק צו נאַכט נאָכגעזאָגט אַ שיינעם מגידישן משל וועגן בלקן, און ווען ער איז נאָך דער סעודה אַרײַן אין זײַן צימער האָט ער מיטגענומען אַ גאַנצן שטויס ספרים.

אַ פולע לבנה איז געשטאַנען אין זײַן פענצטער. מיט־תּמוז איז שוין אַריבער, נאָך עטלעכע טעג, דעם איין און צוואַנציקסטן אין חודש, וועט זײַן ביאַליקס יאָרצײַט. ער איז געווען נישט מער ווי אַ פופצן יאָר אַלט ווען ער האָט בײַ גדליהן צום ערשטן מאָל זיך צוגעכאַפּט צו ביאַליקס שירים. אין זײַנע שופלאָדן ליגן אַ סך פּרוּוון איבערצוזעצן ביאַליקן; ער האָט געהאָפט צו שיקן ביאַליקן עטלעכע פון זײַנע פּרוּוון, איז פּלוצלינג געקומען די נײַעס: ביאַליק איז טויט.

די ספרים זענען געבליבן ליגן אויפן טיש נישט געעפנט, פּינטשע האָט זיך צוגעכאַפּט צו די שירי־ביאַליק. ער האָט געהאַלטן אין מיטן דער פּאָעמע „מתי מדבר" ווען דער סטרוזש איז געקומען אויסלעשן דאָס ליכט. ער האָט אַ מאָל פּראָבירט איבערזעצן „מתי מדבר" און אין דער פינצטער פּראָבירט זיך דערמאָנען די שורות. ווען ער איז אײַנגעשלאָפן איז ער אין חלום ווידער געווען מיט זײַן באַליבטן פּאָעט. ער האָט געלייענט פאַר ביאַליקן זײַנע איבערזעצונגען און ביאַליק האָט געזאָגט: נישקשה, גאַנץ נישקשה.

אין גערער שטיבל שטעלט מען זיך דאַווענען האַלב אַכט. ווען דער

טאַטע האָט אים געוועקט האָט ער קוים געקאָנט עפענען די אויגן. בעת דער הפסקה צווישן שחרית און מוסף האָט ער, ווי אַלע מאָל, געלערנט מיטן טאַטן אַ בלאַט גמרא, דעם דף יומי; נאָר ער האָט געלערנט אָן חשק. ער האָט ווידער געטראַכט וועגן ביאַליקן ווען דער בעל קורא האָט געמאַכט אַ מלא פאַר אַ בעל־יאָרצײַט. מע וואָלט אים אַרויסגעוואָרפן מיט חרפּות אויב ער וואָלט געבעטן מע זאָל מאַכן אַ מלא נאָך ביאַליקן. ניין, דאָס איז נישט זײַן חסידים־שטיבל.

אין השומר וועט מען הײַנט זיכער רעדן וועגן ביאַליקן; איז דער השומר זײַן חסידים־שטיבל?

די זאָשקע, די סאָציאַליסטישע צדיקת, זי האָט זיך אַרומגעפּירט מיט אים, געקושט זיך מיט אים, און סך הכל האָט זי אַ „פּראָבלעם", אָדער אַ „סימפּאַטיע", אָדער ווי נאָר זיי רופן עס. וואָס פאַר אַ שייכות קאָן האָבן ביאַליק צו עפּעס אַ שומרקע זאָשקע שטיגל? וואָכן זענען פאַרבײַ זינט יענעם אָוונט ווען ער איז געווען מיט איר אין טעאַטער, ווען זי האָט צו ערשט געהייסן זיך קושן און דערנאָך אים געזאָגט אַז זי געהערט צו אַן אַנדערן. זײַן פּוס האָט מער נישט איבערגעטראָטן די שוועל פון יענעם מקום. וואָס פאַר אַ משוגעת איז עס צו וועלן לויפן אין השומר הײַנט? דער יצר־הרע רוקט אים אונטער אַן אויסרייד? דער יצר־הרע האָט אַ סך אויסריידן...

בערעק האָט אים אַ מאָל געזאָגט, ער זאָל נישט שרײַבן וועגן ליבע איידער ער ווייסט וואָס עס איז. ווייסט ער שוין וואָס עס איז? עט, אַ מאָמענטאַנע פאַרבלענדעניש. נאָר אַזאַ נישט דערפאַרענעם בחור ווי ער, האָט זיך געקאָנט דאַכטן אַז דאָס איז אַן אמת, טיף, און דויערנדיק געפיל. אפשר ווייסט ער נאָך נישט וואָס ליבע איז, אָבער ער ווייסט שוין וואָס עס איז נישט...

## ג.

דינסטיק, כ' תּמוז איז אין מכּבי־זאַל פאָרגעקומען אַ הערצל־ביאַליק אַקאַדעמיע. אַ רעדנער פון לאָדזש האָט געהאַלטן אַ רעדע קעגן ענגלישע גזרות אין ארץ־ישראל און נאָך דרך אגב, ווי ראַיות צו זײַנע ווערטער, ציטירט עטלעכע שורות פון ביאַליקן. אַ כאָר האָט געזונגען עטלעכע ביאַליק־לידער, זאָשקע איז געווען צווישן די זינגערס.

איז עס געווען אַ צופאַל וואָס זיי האָבן זיך געטראָפן בײַם אַרויס־גיין? אָדער האָט זאָשקע אים געזען ווען זי האָט אַראָפּגעקוקט פון דער בינע און בכיוון צוגעקומען? „פאַר וואָס זעט מען אײַך נישט?" האָט זי געפרעגט, ווי זי וואָלט טאַקע נישט געוווּסט פאַר וואָס.

„כ'בין פאַרנומען, כ'דאַרף פאַרענדיקן אַ שטודיע גמרא", האָט ער געפונען אַ תירוץ וואָס זאָל איר נישט געפעלן, און זי האָט זיך טאַקע אַ קרום געטאָן: „גמרא?"

בײַ איר איז גמרא אַזוי טריף, ווי ביאַליק אין גערער שטיבל. „איך גיי אָפּט מיטן טאַטעשי צום רב און דער טאַטעשי האָט הנאה ווען איך שמועס מיטן רב אין לערנען".

האָט ער עס געזאָגט להכעיס זאָשקען, אָדער להכעיס זיך? ער האָט זיך געריכט, זי זאָל זיך ווידער אַ קרום טאָן און זאָגן: דעם טאַטעשיס זונדל. אָבער זי האָט גאָר אַ זאָג געטאָן אַ ביסל פאַרשעמט: „כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף אײַך. בערעק האָט אײַך געזאָגט?"

„איר האָט זיך נאָכגעפרעגט? ווען? בערעק האָט גאָרנישט געזאָגט".

„איך מוז איצט אַהיימפירן די קינדער פון „בני מדבר", דאָס איז דער יינגסטער חוג. כאַפּט זיך אַרײַן אין קן, מאָרגן האָבן מיר אַ שיחה וועגן ביאַליקן".

אײדער ער האָט באַוויזן זאָגן אַז ער קאָן נישט קומען, האָט זי אַ זאָג געטאָן „חזק" און איז פאַרשוווּנדן אין געדראַנג.

פּינטשע האָט געהאַט באַשלאָסן נישט צו גיין, אָבער אַז זי ריכט זיך אויף אים, וועט עס זײַן אַ פּאַטש אין פּנים אויב ער וועט נישט קומען. אפשר בעטן בערעקן, ער זאָל זאָגן זאָשקען אַז ער וועט נישט קומען? מיטוואָך אָוונט איז בערעק אַלע מאָל פאַרנומען. אַהאַ, ער ווייסט שוין וואָס צו טאָן. ער וועט צוגיין צום השומר מיט בערעקן און צוזאַמען מיט אים אַוועקגיין ווען בערעק וועט דאַרפן גיין צו זײַן תלמיד.

זאָשקע האָט זיך דערפרייט מיט בײדן. זי האָט געבעטן בערעקן זאָגן עפּעס וועגן ביאַליקן.

„וועגן פּאָעזיע קאָן פּינטשע זאָגן מער ווי איך, ספּעציעל וועגן ביאַ־ליקן, ער קען כמעט גאַנץ ביאַליק פון אויסנווייניק".

זאָשקע האָט געזונגען „בין נהר פרת" און „אין מײַן גאָרטן האָט אַ ברונעם", האָט פּינטשע גערעדט וועגן ביאַליקס „שירי העם". דאָ האָט

מען געקענט ביאַליקס צאַרנלידער, קיינער האָט דאָ פריִער נישט גערעדט וועגן זייַנע פאַלקסלידער. קיינער דאָ האָט נישט גערעדט אַזוי שיין וועגן ביאַליקן ווי פינטשע. זאָשקע האָט געקוקט אויף אים מיט פייַכטע אויגן.

בערעק איז אַוועק ווען פינטשע האָט געהאַלטן אין מיטן רעדן. פינטשע איז שוין געבליבן דעם גאַנצן אָוונט און שפּעטער אַהיימגעפירט זאָשקען. ביידע האָבן געשוויגן. שוין בייַ איר טויער, האָט זי אַ פרעג געטאָן: „וואָס זעט מען אייַך נישט?"

„דו האָסט דאָך אַן אַנדערן בחור", האָט עס זיך געריסן פון פינטשעס צונג, אָבער ער האָט גאָר געפרעגט: „איר ווילט מיך דען זען? כ'האָב געמיינט איר זענט פאַרנומען. אַז מע גרייט זיך פאָרן אויף הכשרה..."

זאָשקע האָט געשוויגן.

„איר פאָרט טאַקע אויף הכשרה?"

„יאָ" האָט זי אַ געשריי געטאָן, ווי זי וואָלט זיך מיט עמעצן געקריגט, און אַ שלעפּ געטאָן דאָס הענטל פון טויערגלאָק. אויף יענער זייַט טויער האָט דער גלאָק זיך צעקלונגען ווי צו אַ שריפה. אַ טיר האָט אַ קרעכץ געטאָן און עס האָבן זיך דערהערט די טריט פון סטרוזש.

„חזק" האָט זאָשקע אַ זאָג געטאָן שטיל. פינטשע האָט איר דערלאַנגט די האַנט צום געזעגענען. איר הענטל איז געווען אייַז קאַלט אין מיטן תמוז. דער שליסל האָט אַ קרעכץ געטאָן אין שלאָס פון טויער. איר האַנט האָט אַ ציטער געטאָן אין זייַנער. דער טויער האָט זיך געעפנט, דער סטרוזש האָט געוואַרט, אָבער איר האַנט איז געווען ווי צוגעוואַקסן צו זייַנער. דער סטרוזש האָט אַ הוסט געטאָן, זיי צו דערמאָנען אַז ער וואַרט. פינטשע האָט אָפּגעלאָזט איר האַנט צו געבן דעם סטרוזש אַ מטבע. זאָשקע איז אַרייַן אין טויער, פינטשע נאָך איר. דער סטרוזש האָט פאַרשלאָסן דעם טויער, איבערגעלאָזט דעם שליסל אין שלאָס, און אַוועק שלאָפן. זאָשקע האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אין פינטשעס ברוסט.

„דו ווייסט גאָר נישט ווי איך האָב געבענקט", האָט פינטשע געשעפּטעשעט איר אין אויער אַרייַן.

„איך אויך", האָט זי געענטפערט.

ניין, ער האָט איר נישט געזאָגט קיין ליגן. ער האָט פּראָבירט זיך פאַרטומלען מיט אַרבעט אין דער פאַבריק, מיט אַרבעט איבער זייַנע לימודים. ער האָט פּראָבירט צייכענען אַ נייַ מוסטער פאַר אַ פאַלטן-

סחורה, און געשאַפן אַן אייגענעם תּירוץ צו אַ האַרבן רמב״ם. אָבער אַ פראָסט איז געלעגן אין זיין ברוסט. נישט זיין פליסיקייט און נישט זיינע אויפטוען האָבן אים דערוואַרעמט. עס האָט זיך אַזוי פיל געטאָן אַרום אים אין די וואָכן וואָס ער האָט זי אויסגעמיטן. אָבער אַלץ איז געבליבן אויסער אים. אַ פליסטער פון זאָשקעס ליפּן, אַ גלעט פון אירס אַ פינגער, און דאָס שמייכעלע פול מיט צער וואָס הויערט אויף איר פּנים — דאָס אַלץ וויברירט איבער זיין רוקנביין, פליסט דורך אַלע זיינע אָדערן, לעבט אין אַלע פון זיינע רמ״ח איברים. וואָכן לאַנג האָט ער זיך איינגערעדט אַז ער וועט קאָנען זי פאַרגעסן, אַז ער האָט זי שוין פאַר־געסן. ווי קאָן אַ מענטש אַזוי אָפּנאַרן זיך אַליין?

„האָסט מיך ליב, זאָשקע?״

„כ׳ווייס נישט״.

„האָסט געזאָגט אַז האָסט געבענקט נאָך מיר״.

„כ׳האָב געבענקט נאָך דיר״.

„האָסט געליטן?״

„כ׳ווייס נישט״.

„אַז עס טוט וויי, ווייסט מען״.

„אַז אַ סך זאַכן טוען וויי, ווייסט מען נישט וואָס מער״.

האָסט אים מער ליב? האָט אַ פראַגע אים געבראָטן ווי אַ גליִעדיק שטיק קויל. ער האָט עס נישט געפרעגט, ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם ענטפער. ער האָט דען כּוח צוריקצוציִען צו אַזעלכע פּוסטע טעג און נעכט אָן שלאָף ווי די וואָכן אָן איר?

„וואָס וועט זיין? וואָס וועט ווערן פון אונדז?״ האָט ער געפרעגט ווען זי האָט אים צוגעפירט צום טויער.

„כ׳ווייס נישט״, איז ווידער געווען איר ענטפער.

נישט דאָס האָט ער געוואָלט הערן פון איר, אָבער ער האָט איצט געוווסט אַז זי ליידט צוזאַמען מיט אים און דאָס פאַראייניקט זיי.

**ד.**

די טעג זענען געוואָרן קירצער, די לופט שווערער. די ביימער וואָס ערשט נישט לאַנג האָבן זיך געוויגט קאָקעטיש און געצירט זיך מיט

שמעקעדיקע בליטן, זענען איצט געשטאַנען ערנסט און אַחריותדיק, די אָראָפּגעהאָנגענע צווייַגן האָבן געטראָגן און געצייַטיקט אַ משׂא מיט פּירות. די ביימער האָבן איצט חרטה געהאַט און געשעמט זיך וואָס זיי האָבן אַזוי פיל בלומען און בליטן געוואָרפן צום הפקרדיקן ווינט. דער ווינט, דער שאַרלאַטאַן, האָט צוגענומען די מתּנות און אויפגעהויבן זיי אויף זייַנע פליגל, אָבער זיי זענען אים באַלד נימאס געוואָרן, עס איז געווען ביי אים נאָר אַזאַ מין שפּיל. די אַוועקגעוואָרפענע און צעטרעטענע בליטן האָבן איצט געקאָנט זייַן רייַפע פּירות מיט מחיהדיקע זאַפטן און לעבעדיקע קערעלעך זריעות...

פּינטשע האָט דאָס אַרייַנגעשריבן אין זייַן העפט פאַר פּאָעזיע מיט דער דעה צו מאַכן דערפון אַ ליד. אויפגעשריבן, האָט ער דערפילט אַז דאָס איז אייגנטלעך אַ שמועס מיט זיך אַליין. מיט דער זאָשקע קומט ער נישט צו קיין תּכלית. ער פּטרט און צעטרעגנצלט שעהען און טעג. נישט ער עפּנט אַ ספר, נישט ער איז עפּעס מחדש אין דער פאַבריק, אַפילו צו די לעקציעס מיט בערעקן לייגט ער נישט צו קיין קאָפּ. דער טאַטע זעט עס, און די טרער־זעקלעך אונטער זייַנע אויגן ווערן גרעסער און שווערער.

פּינטשע האָט אַוועקגעלייגט זייַנע העפטן; ס׳איז געווען ערב־שבת און עס האָט זיך דערבענטערט די צייַט פון ליכט־בענטשן. אפשר גאָר מעביר־סדרה זייַן, ווי ער פלעגט עס טאָן יעדן פרייַטיק אין די ייִנגערע יאָרן? לייענען צוויי מאָל יעדן פּסוק פון דער סידרא און איין מאָל פון תּרגום? ניין, ער וועט בעסער אַרייַנקוקן אין די מפרשים אָדער אין מדרש, ער זאָל קאָנען שפּעטער בייַם טיש פאַרפלעכטן אַ שמועס מיטן טאַטעשי און אים פאַרשאַפן אַ ביסל נחת.

אין שטיבל נאָכן דאַווענען האָט דער טאַטעשי פאַרבעטן צוויי פרעמדע אָרעמעלייט, אורחים צו דער שבתדיקער סעודה. דער טאַטעשי האָט געשמועסט מיט זיי און זיך באַמיט זיי זאָלן זיך פילן היימיש בייַם טיש; די זעלביקע אורחים זענען אויך געקומען צו דער סעודה צו מאַרגנס נאָך מוסף.

יעדן שבת נאָכן עסן און נאָך אַ דרימל זענען צו ר׳ שלמהן געקומען אַלע קינדער און אייניקלעך. ס׳איז געווען אַ שיינער זומערדיקער טאָג,

איז מען אַרויס אין גאָרטן הינטערן הויז עסן שבת־אויפס. דאָס עלטסטע אייניקל האָט זיך פאַרהערט בײַם זיידן און באַוויזן ווי גוט ער קען די פרשה פון דער וואָך. די קינדער האָבן זיך מער נישט געפרעגט אויף דעם פעטער פינטשע, ער איז לעצטנס געלם געוואָרן יעדן שבת באַלד נאָכן עסן. ר׳ שלמה איז אַרײַן אין פינטשעס שטוב זוכן אַ ספר און געטראָפן פינטשען זיצן איבער אַ גמרא.

„אויב דער טאַטעשי גייט צום רב צו שלש־סעודות וועל איך אויך גיין״.

„אוודאי וועל איך גיין״, האָט ר׳ שלמה געענטפערט און זײַן פּנים האָט אויפגעלויכטן.

אין די דרשות אין שיל האָט דער רב געמוזט רעדן אַזוי אַז אַלע זאָלן פאַרשטיין. דער שלש־סעודות בײַם רב אין הויז איז נישט געווען קיין אָפיציעלע פונקציע, עס זענען געקומען נאָר לומדים, און דער רב האָט געזאָגט אַ חריפותדיק פשטל. אַלע הלכות זענען פאַרבונדן מיט דעם פרינציפּ פון רוב, האָט פינטשע קונציק אַרויסגעפירט דעם שמועס אויף דער סוגיא רוב; ער איז געווען בקי אין דער סוגיא און האָט זיך געהאַט צוגעגרייט אַ שאַרפע קשיא. יואל דעם רבס האָט פּראָבירט אָפּצוּמאַכן די קשיא, אָבער דער רב האָט געהאַלטן מיט פינטשען. אין מיטן דעם וויכוח איז אים אויך אײַנגעפאַלן אַ תירוץ, אַז דער רב האָט אים צוגעהאָלפן, איז עס געוואָרן אַ גאָר גוטער תירוץ. ווידער האָט יואל פּראָבירט אָפּפרעגן דעם תירוץ, אָבער מיט דעם רבס הילף איז פינטשע אַרויס דער זיגער.

דער הימל איז שוין געווען פול מיט שטערן, צײַט צו דאַווענען מעריב און מאַכן הבדלה. „פאַר וואָס ווײַזסטו זיך אַזוי זעלטן?״ האָט דער רב געפרעגט פינטשען, „קום אַרײַן אין מיטן וואָך, מע קאָן נאָך אַ סך מחדש זײַן אין דעם ענין״.

אויפן וועג אַהיים האָט ר׳ שלמה געזאָגט: „אַז מע האָט, קיין עין הרע, אַ גוטן קאָפּ און מע לערנט נישט, איז מען חוץ אויף ביטול־תורה אויך עובר אויף בל־תשחית. מע טאָר נישט קאַליע מאַכן אַ ווערטפולע זאַך, און וואָס איז נאָך אַזוי ווערט ווי תורה? כ׳האָב דיך צו פרי אַרײַנגעשלעפּט אין דער פאַבריק״, האָט דער טאַטע גענומען די גאַנצע שולד אויף זיך.

## ה.

מינדעלע האָט געעפנט די טיר. דורך דער פאַרמאַכטער טיר פון בית דין־שטוב האָט זיך געהערט אַ קריגערײַ. מינדעלע האָט געוויזן אויף דער פאַרמאַכטער טיר און געזאָגט: „אַ שווערע דין תורה".

„דער רב איז פאַרנומען?" האָט פינטשע געפרעגט, „דער רב האָט מיך געהייסן אַרײַנקומען".

„קום אַרײַן, פינטשע", האָט די רביצין גערופן פון דער אַנדערער שטוב און געווונקען צו יואלן ער זאָל אַקעגנגיין פינטשען.

יואל און מינדעלע האָבן גראַד געהאַלטן אין מיטן אַ שאַכפּאַרטיע. מינדעלע האָט געוואָלט צעוואַרפן די פיגורן, אָבער פינטשע האָט זי צוריקגעהאַלטן: „כ'על צוקוקן, כ'האָב ליב שאַך".

„דו ווילסט פטור ווערן פון אַ פאַרשפּילטער פּאַרטיע?" האָט יואל געלאַכט.

„כ'האָב נאָך נישט פאַרשפּילט", האָט מינדעלע געענטפערט טראָציק.

„מיט אַ לויפער און צוויי פענדלעך שטאַרקער", האָט פינטשע אָפּגעשאַצט יואלס פּאָזיציע.

„אָבער איך האָב נאָך נישט פאַרשפּילט", האָט מינדעלע זיך אײַנגעעקשנט.

„וועל איך דיר ווײַזן אַז דו האָסט יאָ פאַרשפּילט", האָט יואל זיך געריצט מיט איר און אָנגעהויבן אַן אָנגריף קעגן איר קעניג.

מינדעלע האָט איבערגערוקט אַ פיגור און געקוקט צו פינטשען צי ער איז מסכים. פינטשע האָט נישט אַלע מאָל געוווסט וואָס זי איז אויסן אָבער ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. יואל האָט צו שנעל געכאַפּט אַ פענדל, געמיינט מינדעלע האָט עס פאַרזען, און געמוזט מקריב זײַן אַ טורעם זיך צו ראַטעווען פון אַ מאַט. מינדעלע האָט שוין געהאַט די איבערהאַנט ביזן סוף, און געוווּנען.

„צוויי קעגן איינעם", האָט יואל זיך פאַרענטפערט.

„דו ביסט אַ גוטער שפּילער אָבער אַ שלעכטער פאַרשפּילער", האָט מינדעלע געלאַכט.

„אַזוי? אַ פאַרשפּילער?" איז יואל געוואָרן אין כעס, „רוף איך אײַך ביידן אַרויס אויף אַ רעוואַנזש. איך איינער קעגן אײַך ביידן!"

דער טאָן מיט וועלכן יואל האָט עס געזאָגט איז דער רביצן נישט געוועזן ניחא, אָבער זי איז געווען צופרידן וואָס פּינטשע און מינדעלע האָבן זיך איצט געסודעט וועגן זייער סטראַטעגיע.

דאָס מאָל האָט יואל געוווּנען. „ס׳איז מײַן שולד, איך האָב געמאַכט אַ שלעכטן צוג“, האָט פּינטשע געוואָלט נעמען די גאַנצע שולד אויף זיך.

נישט דאָס האָט יואל זיך געריכט צו הערן. ער האָט געוווּנען נישט ווײַל פּינטשע האָט געשפּילט שלעכט, נאָר ווײַל ער האָט געשפּילט גוט. ער האָט געקריצלט מיט אַ בלײַער אויף אַ שטיק פּאַפּיר און זיך מער נישט אָנגערופן מיט אַ וואָרט ביז פּינטשע איז אַוועק.

„כ׳ווייס אסור וואָס דו בלאָזסט אַזוי פון זיך ווען פּינטשע קומט אַרײַן“, האָט די רביצין שפּעטער געהאַט טענות צו יואלן.

„אַ פאַרפּיעשטשעט נגידיש זינדל, דאָס גיאות שטינקט פון אים“.

„אַ פאַרפּיעשטשעט רבניש זינדל, דאָס גיאות פּילט זיך פון אים, קאָן ער זאָגן וועגן דיר מיט מער רעכט“.

„וואָס ווילסטו, מאַמעשי, כ׳זאָל זיך צעקושן מיט אים? ער געפעלט מיר נישט“.

„כ׳וויל דו זאָלסט זיך אויפפירן ווי אַ מענטש. ער געפעלט מיר, דעם טאַטעשי, אפשר אויך מינדעלען. כ׳וויל נישט דײַן גיאות זאָל אים פאַר־טרײַבן פון אונדזער הויז“.

אַ וואָך שפּעטער האָט יואל געבראַכט פּינטשען אַהיים. בײַם טיש, ווען מע האָט געטרונקען טיי, האָט דער רב געזאָגט אַ פּשט אויף „כי מעניים תצא תורה“ און האָט צוגעגעבן אַז אין אָרעמקייט ווען מע עסט נאָר ברויט און זאַלץ לערנט זיך בעסער ווי אויף אַן איבערגעגעסענעם מאָגן. מינדעלע האָט זיך אָנגערופן מיט אַ ציטאַט: „התורה הרחבה, התורה המאירה, מחשכים ומצרים מעולם בקשה...

...די תורה די ברייטע, די ליכטיקע תורה —
פון אייביק האָט ווינקלען און שאָטנס געזוכט...
אַראָפּ צו אונדז זענען פון בוידעמער גאונים
און ליכטער אַרויס פון פינצטערע שפּאַלטן...

זײַן ביאַליק, האָבן פּינטשעס אויגן אויפגעלויכטן און ער האָט איר אַרויסגעהאָלפן:

„אין צער און אין אָרעמקייט האָט זיך די ייִדישע
אומה ביז הײַנט אויף דער וועלט אויפגעהיט..."

„נישט געוווסט אַז זי קענען ביאַליק פון אויסנווייניק", האָט פּינטשע געזאָגט מינדעלען.

„נישט געוווסט אַז איר קענט", האָט מינדעלע געענטפערט און רויט געוואָרן.

נישט בחינם הייסן די חכמים טאָן אַלץ אין דער וועלט צו קאָנען נעמען אַ טאָכטער פון אַ תלמיד־חכם, האָט פּינטשע געטראַכט אויפן וועג אַהיים.



די רביצין האָט גראָד געטראַכט צי עס פּאַסט צו פאַרבעטן פּינטשען צו אַ ראש־השנהדיקן מאָלצייט ווען יואל איז אַרײַנגעלאָפן פון גאַס אַ צעקאָכטער: „ברעך נאָך נישט קיין טעלער, מאַמעשי, דײַן זײַדענער יונגער־מאַנטשיק, פּינטשע, פירט גאָר אַ ליבע מיט אַ טאָכטער פון זייערס אַן אַרבעטער".

„פע, יואל! אַזאַ מין רכילות גאָר? ס'פּאַסט נישט פאַר אַ רבס אַ זון".

„די גאַנצע שטאָט ווייסט עס, און ער האָט זיך נישט געשעמט קומען צו מינדעלען מיט אַן אָנשטעל פון אַ נעבעכל".

„הער אויף געוואַלדעווען", האָט מינדעלע זיך געבעטן, „ער האָט נישט געמאַכט קיין שום אָנשטעל, און ער איז נישט געקומען צו מיר, ער איז געקומען צום טאַטעשי און צו דיר".

„וועמעס שותּף איז ער געווען בײַם שפּילן שאָך?"

„און ווער האָט צוגעפירט צו דעם?"

„כ'ווייס נישט וואָס עץ זעט אין אים, וואָס האָט ער חוץ זײַן טאַטנס געלט?"

„כ'ווייס נישט וואָס דו האָסט צו אים, ער איז מיר גאָרנישט שולדיק, און דיר אַוודאי נישט". מינדעלע איז אַרײַנגעלאָפן אין איר שטוב און געהאַט רויטע אויגן ווען זי איז צוריק אַרויסגעקומען.

ו.

אין מיטן חודש אָב לערנט מען שוין די מסכתא ראש־השנה. פּינטשע האָט נאָך אַ מאָל איבערגעלערנט די סוגיא שופר של עולה; דאָ איז נישט שווער צו פאַרקייטלען אַ פּשטל. ער וועט ווידער קומען צום רב מיט אַן אייגענעם חידוש און דער טאַטעשי וועט אָנקוועלן. ער איז געשפּרונגען פון גמרא צו רשי פון רשי צו תוספות. אין מיטן אַ שטיקל תוספות, באַכן פאַרענדיקן די קשיא און פאַרן אָנהייבן דעם תירוץ, פּלוצלינג, ווי פון דף אַרויס, איז אויפגעשווומען פאַר אים זאַשקעס געשטאַלט און עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם; עס איז אים באַפאַלן אַ בענקשאַפט צו איר מיט אַזאַ קראַפט אַז עס האָט אים אַרויסגעריסן פון שטוב.

אויף יענער זײַט פרײַהײַט־פּלאַץ הייבט זיך אָן די ערשטער־מײַ־גאַס; עס איז אַזוי הייס און דומפּיק אין דעם שמאָלן געסל. איז ער געלאָפן? ער איז שוין בײַם הויז נומער 7. עס איז שוין שפּעטער אָוונט, אָבער ער קאָן אַרײַנגיין — לאָמיר זאָגן — צו איר טאַטן מיט אַן אויסרייד, קיווע זאָל מאָרגן קומען אַ שעה פריִער, מע דאַרף רײַגן אַ נײַע קעטע. ער וועט דאָס זאָגן קיווען און דערווײַל וועט ער זען זאַשקען, כאָטש איין קוק טאָן אויף איר.

ער וועט בחינם אָנדרייען אַ מעשה מיט אַ נײַער קעטע און זאַשקע איז נאָך אַוודאי אין השומר.

ער איז געלאָפן צום השומר, קיינער איז דאָרט נישט געווען. עס איז צו הייס צו זיצן אין אַ שטוב, זיי שפּאַצירן אַוודאי אין גאַס. ער איז אַוועק צוריק צו דער ערשטער־מײַ־גאַס. עס איז געווען טונקל און שטיל אויף דער גאַס. דאָ וווינען אַרבעטער; אַז מע דאַרף זײַן בײַ דער אַרבעט זעקס אין דער פרי מוז מען גיין פרי שלאָפן.

אַ זייגער האָט אויסגעקלונגען עלעף, די לעצטע שפּאַצירערס האָבן צוגעאײַלט די טריט. שווערע שליסלען האָבן געקרעכצט אין די פאַר־זשאַווערטע שלעסער פון די טויערן.

אַ שיכור איז אָנגעקומען מיט וואַקלדיקע טריט און געזונגען אַן אויסגעלאַסן לידל. אַ קליין ייִדעלע באַלאָדן מיט אַ סך גרויסע פּעק איז

געקומען פון אַ שפּעטער באַן און באַלד פאַרשוווּנדן אין אַ טונקעלן טויער, און די גאַס איז ווידער געבליבן ליידיק.

פּלוצלינג האָט די גאַס אויפגעהילכט מיט אַ סך טריט, ס׳איז געווען אַ חברה יונגוואַרג; די שומרניקעס פירן אַוודאי זאַשקען אַהיים. טאַקע, פון פאַרנט גייט אַ שלאַנק מיידליש געשטאַלט.

זייערע טריט האָבן זיך דערוויַיטערט און פאַרשוווּנדן, די גאַס איז ווידער געלעגן שטיל און פאַרחלשט. פּינטשע האָט גענומען שפּאַנען אַהיים.

ערגעץ האָט אַ קינד זיך איבערגעוועקט מיט אַ געוויין. די מאַמע האָט פאַרשטאָפּט דעם קינדס מיַילכל מיט אַן אויסגענאַגטער פאַרשוויצטער ברוסט. די נאַכט האָט זיך געשטיקט פון היץ.

די וויַיזערס אין דעם גרויסן שטייזייגער אין דער סאַליע ביַי די מילקעסעס האָבן אויך, דאַכט זיך, געשלעפּט זיך פאַמעלעכער פון דער גרויסער היץ. דאָס דינסטמיידל האָט געזאָגט דער מאַדאַם „אַ גוטע נאַכט" און געגאַנגען שלאָפן. אויך מירעלע האָט זיך געגרייט מאַכן נאַכט; געזוגן עס לייַכט זיך נאָך אין פּינטשעס שטוב האָט זי אַליין פאַרבריט אַ פרישׂ גלאָז טיי פאַר איר זון. ביי פּינטשען אין שטוב האָבן געברענט אַלע לאָמפּן, אויפן טיש זענען געלעגן אָפענע ספרים, אָבער פּינטשע איז דאָרט נישט געווען. זי האָט אָוועקגעשטעלט די טיי און געוואַרט. אַז פּינטשע האָט זיך נישט באַוויזן האָט זי אַ קוש געטאָן יעדעס אָפענע ספר און עס פאַרמאַכט, זי האָט אויסגעלאָשן די ליכט און אַוועק שלאָפן.

אין די געראַימע הויכע שטובן פון דעם מילקעס־בנין מיט דיקע שטיינערנע ווענט, איז פון דעסט וועגן געווען קילער ווי אין גאַס. דאָס וויַיסע בעטגעוואַנט אין דעם געגרייטן בעט האָט אַרויסגעשיַינט צו פּינטשען פון דעם פינצטערן צימער. עס האָט אים אַרומגענומען אַן אומווילן צו זיַין ציכטיקן וויַיסן בעט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביַים פענצטער און געקוקט אין דער ריכטונג צו דער ערשטער־מיַי־גאַס. דאָרט, אויף אַ שמאָל איַיזערן בעטל, אויף אַ שעניק מיט אַלט צעריבן שטרוי און אַ קישן אין אַ ביליק קאָלירט ציכל ליגן צוויי קעפּלעך מיט בלאָנדע האָר. צוויי פּאָר פיס קאָפּען פון זיך די צודעק — צוויי קינדערשע, יפהס; און צוויי געטאָקטע, רייצנדיקע, זאַשקעס. אין שלאָף גיט זאַשקע אַ

שלעפּ דאָס קישן צו זיך, אַ געטאָקטער, פאַרברווינטער אָרעם, אַ שלאַנקער הויכער האַלדז, אַ... ער האָט דערזען נאַקעטקייט טיפער פון האַלדז און זיך פאַרשעמט, ווי ער וואָלט באמת אַרײַנגעקוקט אין זאָשקעס פענצטער.

ער מוז איר אָנשרײַבן וואָס ער פילט! פינטשע איז אַוועק פון פענצטער, ער האָט געוואָלט אָנצינדן דעם טישלאָמפּ און עפּעס איבער־געקערט. ער האָט אַ דריי געטאָן דעם ליכטשאַלטער, אַ גלאָז טיי איז געלעגן איבערגעקערט. קאַלטע טיי האָט זיך צעגאָסן איבערן טיש און נאָס געמאַכט די ספרים. די גמרא ראש־השנה פון דעם טאַטעשיס לעדער־געבונדענעם ווילנער ש״ס איז געווען אונטערגעשווענקט, אויף דעם גלאַנציקן גאָלד־געלײַשטן לעדער האָט אויפגעשוואָלן אַ מאַטער פלעק.

## קאַפּיטל פיר

# פישל כּיבעשמוי

### א.

פישל קאַליסקי האָט געהאַט אַ שפּײַזגעוועלבל. עס זאָגט זיך אַזוי: פישל. באמת האָט זײַן ווײַב רחל־לאה געפירט דעם מיסחר. רחל־לאה האָט זיך אויסגעטויגט צום מיסחר, זי האָט געוווּיגן און געמאָסטן מיט געשיקטקייט, זי האָט געקענט אויסשמועסן זיך מיט די גױיִעס אויף זייער לשון, זי האָט גאַרנישט געוואָלט פישל זאָל זײַן אין געוועלב. אין אַ מאַרקטאָג ווען ס׳לײזונג איז געווען גרעסער און מע האָט געמוזט האָבן פישלען צו האַלטן אַן אויג, האָט ער אָנשטאָט צו היטן די קונים גאָר געהיטן זײַן ווײַב, עס האָט זיך אים נאָר געדאַכט אַז זי האָט נישט דערוויגן.

די שונאי־ישראל האָבן אַװעקגעשטעלט פּיקעטן בײַ די יידישע קראָמען און לאָזן נישט די פּויערים אַרײַנגיין. ווען אַ פּויער איז שוין יאָ געגאַנגען צו די יידישע קרעמער, האָט מען זיך געריסן איבער אים, מישטיינס געזאָגט וואָס עס איז שוין געבליבן ריווח. אָבער דער פּויער איז כיטרע, אַז ער טוט שוין די טובה און קומט צום ייד, וויל ער סײַ די סחורה סײַ דאָס געלט. איז רחל־לאה געשיקט בײַם וועגן. זי גיט אַ וואָרף דעם בײַטל אויף דער וואָג גיט עס אַ שלעפּ אַראָפּ די וואָגשאָל, כאַפּט זי עס אַראָפּ אײדער עס שפּרינגט צוריק אַרויף. מיינט זי אָפּצונאַרן? חלילה! זי וויל נאָר דער פּויערטע זאָל זיך דאַכטן אַז זי האָט געקראָגן אַ גרויסע איבערוואָג. פישל קאָן דאָס נישט פאַרלײַדן, ער ציטערט צי מע האָט נישט געגעבן צו ווייניק.

די גױיִעס האָבן גערן געהאַט פישלען און נאָר געוואָלט ער זאָל פאַר זיי וועגן, אָבער די קראָם האָבן זיי גערופן אויף דעם ווײַבס נאָמען. „כ׳על גיין צו דער פישלאָווע״, „בײַ דער פישלאָווע איז וועלוועלער״. זי,

די פישלאָווע, האָט געמאַכט די פּרייַזן, זי האָט דעצידירט וועמען מע קאָן געבן אויף באָרג, זי האָט געטאָן די גאַנצע אַרבעט, אָבער עס איז געוואָרן שווערער און שווערער אַרויסצושלאָגן דאָס שטיקל פּרנסה. די לאָבוזעס מיט פּיקעטן און אויסהאַקן די שויבן, און ס׳מלכות מיט הויכע שטייַערן, האָבן זיך פאַרנומען אין גאַנצן צו פאַרטרייַבן די ייִדן פון מיסחר. האָט רחל־לאה געהאַט אַ טענה: אַז זי טוט אַליין די גאַנצע אַרבעט, מילא. פישל טויג דען דערצו? אָבער די דאגות זאָל ער טראָגן צוזאַמען מיט איר. פישל האָט נישט געטראָגן קייַן דאגות, ער האָט זיי איר אויס־גערעדט: „די וועלט גייט באָך נישט אונטער. אין דעם לאַנגן ביטערן גלות זענען שוין געווען ערגערע צייַטן, און דער אייבערשטער האָט נישט פאַרלאָזט״.

„אָבער פישל קרוין, פּרנסה! דער זומער איז שוין באַלד אַוועק, עס רוקן אָן די ימים־טובים, וווּ וועט מען נעמען אַרייַנצוברענגען דעם יום־טוב אין שטוב? ווען מע דאַרף צושטעלן דעם טאָג עסן נעם איך אין געוועלב, אָבער ווי לאַנג קאָן איך אַזוי נעמען און עס זאָל נאָך בלייַבן עפּעס פאַר די קונים? מע הונגערט נישט, זאָגסטו? אָבער וואָס וועט מען עסן נאָך דעם ווי מ׳עט האָבן אויפגעגעסן דאָס גאַנצע געוועלב? שפּרינצעלע וויינט, זי האָט נישט וואָס אָנצוטאָן; אין יאָסלס שטיוול איז שוין נישט געבליבן אויף וואָס צו לייגן אַ לאַטע; יאַנקל איז, קיין עין־הרע, אויסגעוואַקסן זייַן כאַלאַטל, און דאָ — כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד...״

„מאַן דיהב חיי, יהב מזוני, ווער עס גיט לעבן גיט אויך צו לעבן״, האָט פישל זי געטרייסט.

„מיט אַ פּסוק קאָן מען זיך נישט זאַט עסן״.

„ס׳איז נישט קיין פּסוק, ייִדן זאָגן אַזוי לויט אַ גמרא. און זאָג מיר נאָר רחל־לאה, מאַרינטשאַק האָט דיר באַצאָלט פאַר דעם אייַנקויף?״

„מערצישעם מאַנטיק ׳עט ער אַרייַנברענגען ס׳געלט״.

„און טאָמער ׳עט ער נישט באַצאָלן?״

„וואָס רעדסטו, מאַרינטשאַק איז אַן אָרנטלעכער ערל״.

„זע נאָר, זע וואָס דו רעדסט. מאַרינטשאַק איז בייַ דיר אַ בטוח, און אַז, להבדיל, די חכמים האָבן געזאָגט אַז ווער ס׳גיט לעבן גיט

אויך עסן, גלייבסטו זיי נישט? ניטע, רחל־לאה, דער אייבערשטער איז מער בטוח ווי מיליאָנען־מיליאַסן מאַרינטשאַקס".



עס איז געווען אַ פּאָר טעג פאַר יום־טוב, מע האָט געדאַרפט וואַשן, קאָכן, און שייַערן די פּאָדלאָגעס, איז די פּלומפּ גאָר קאַליע געוואָרן. שכנים האָבן אַליין צעגלידערט אַלע טיילן, עס האָט נישט געהאָלפן, מע האָט געדאַרפט אַ פאַכמאַן. די צענומענע טיילן פון דער פּלומפּ זענען געלעגן נעבן דעם אָפענעם גרוב און געוואַרט אויף אַ געניטן בעל־מלאָכה. יאָסל, פישלס עלטערער זון, האָט גענומען די צוויי ליידיקע עמערס און אַוועק צו דער פּלומפּ אויפן מאַרק.

די וואַסער־טרעגערס טוען עס יעדן טאָג און באַקלאָגן זיך גישט, ביי יאָסלען זענען די הענט געוואָרן שלאַבעריק, ער האָט קוים דער־שלעפּט דאָס וואַסער ביז צום הויף און אַראָפּגעשטעלט די עמערס, זיך אָפּצורוען איידער ער וועט זיי אַרויפטראָגן אויף די טרעפּ.

צוויי קינדער האָבן זיך געשפּילט אין אַנדערן עק הויף, איין קינד האָט גענומען אַנטלויפן מיט אַ געשריי. יאָסל האָט דערזען אַז דאָס קינד לויפט אין אַ גלייַכער ליניע צום טויער; נאָך אַ רגע, און עס וועט אַרייַנלויפן אין דעם פּלומפּ־גרוב. יאָסל האָט אַ שפּרינג געטאָן און געכאַפּט דאָס קינד אין די אָרעמס. דאָס קינד האָט זיך געריסן פון אים, ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און קוים דערכאַפּט דאָס גלייַכגעוויכט, ער איז שיער נישט אַרייַנגעפאַלן אין דעם גרוב צוזאַמען מיטן קינד.

אַ פענצטער האָט זיך אויפגעפּראַלט און אַ געשריי האָט פאַרהילכט דעם הויף: „ראַטעוועט!" די קאָוואַלסקאַ איז אַרויסגעשפּרונגען פון פענצ־טער אויפן צווייטן שטאָק, געפאַלן און נישט אויפגעהערט שרייַען: „יעזוס מאַריאַ, ראַטעוועט מייַן קינד פון דעם זשיד!" זי האָט פּראָבירט זיך אויפשטעלן און נישט געקאָנט, האָט זי אויף אַלע פיר זיך צוגעשלעפּט צו יאָסלען און געדראַפּעט זייַנע פיס: „גיב מיר אָפּ מייַן קינד, דו זשיד פאַרשיווער, גאָט־מערדער!"

שכנים זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן. „ער האָט געדישעט מייַן יוזעק. אַ כאַפּ געטאָן מייַן שוועלבעלע און עס געשטיקט", האָט די קאָוואַלסקאַ געשריגן. „דאָס קינד האָט זיך געריסן פון זייַנע הענט. דער זשיד האָט

נישט אָפּגעלאָזט. יעזו מײַנער! וואָס וואָלט געשען אויב כ׳וואָלט נישט גראָד צוגעקומען צום פענצטער?״

קלעפּ האָבן געהאָגלט איבער יאָסלס קאָפּ. רחל־לאה איז געקומען אַרויסצולויפן. „געוואַלד, ייִדן, וואָס שווײַגט עץ? ז׳עלן אים, חלילה, דערהרגענען״. די ייִדישע שכנים האָבן נישט געוווסט וואָס ס׳איז געשען. איין שכן איז געלאָפן רופן פּאָליציי, אַן אַנדערער איז געלאָפן ברענגען דעם ייִדישן „לאַווניק״. זאָל דאָ זײַן דער וואָס פאַרטרעט די ייִדן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

דער אַלטער לערער גראַנאָווסקי, דער בכבודיקסטער שכן פון הויז, האָט געפּאָכעט מיט די הענט, גערופן צו די שכנים. אין דעם טומל האָט מען נישט געהערט וואָס ער זאָגט. עס איז געוואָרן אַן אָנגעלויף. דער סטרוזש האָט פאַרשלאָסן דעם טויער. פישל איז אָנגעקומען פון בית־המדרש און נישט געקאָנט אַרײַן. ער האָט פון דרויסן געהערט רחל־לאהס געוואַלדן.

פּאָליציי איז געקומען און אַרויסגעטריבן אַלע פרעמדע פון הויף. פישלען האָט מען אַרײַנגעלאָזט צוזאַמען מיטן „פּאַן לאַווניק״. רחל־לאה האָט געזוכט איר שייטל וואָס די שלעגערס האָבן אַראָפּגעריסן פון איר קאָפּ. די קאָוואַלסקאַ, צעקלאַפּט די פיס בײַם שפּרינגען פון פענצטער, איז געלעגן אויף דער ערד נעבן דעם צעשלאָגענעם יאָסל און נאָך אַלץ געבײַלט די פויסטן און געשאָלטן: „אַז אַ וויסטע פינצטערע כאָלערע זאָל אים נעמען, דעם זשיד מערדער״.

„פאַר וואָס האָסטו עס געטאָן?״ האָט אַ פּאָליציאַנט געפרעגט יאָסלען.

נאָך איידער יאָסל האָט באַוויזן צו ענטפערן, האָט די קאָוואַלסקאַ געענטפערט: „דער פּאַן וולאַדזאָ ווייסט נישט פאַר וואָס? זיי דאַרפן קריסטלעך בלוט. דער פּאַן וולאַדזאָ דאַרף וויסן״.

דער לערער גראַנאָווסקי האָט קוים באַוויזן זיך צוצושטופּן צו די פּאָליציאַנטן: „איך האָב אַלץ געזען״.

„איך אויך״, „איך אויך, ר׳האָט געדישעט ס׳קינד אָט אַזוי״, האָבן זיך געיאָגט עדות.

„זאָל דער פּאַן לערער זאָגן״, האָט דער פּאָליציאַנט זיך געוואָנדן צו גראַנאָווסקין און אײַנגעשטילט אַלע אַנדערע שכנים.

גראַנאָווסקי האָט אַלץ געזען דורכן פענצטער. ער האָט דערציילט אַז יאָסל האָט גאָר געראַטעוועט דאָס קינד.

„ס'אַ ליגן! אַ ייִדישער פּאַכאַלעק", האָבן די שכנים געזידלט דעם פּאַן לערער פאַר וועמען זיי האָבן אַלע מאָל געצויגן דאָס היטל מיט דרך־ארץ.

„ווי גאָט איז מיר ליב. כ'שווער בײַ דער הייליקער מאַמע, ר'האָט געשטיקט, מיט בײדע הענט געשטיקט. אַנישט וואָלט איך געשפּרונגען פון פענצטער?"

„אָלאַ באַגאַ! געוואָלט דערשטיקן אַ קינד פון אַן אייגענעם שכן, און דער לערער, אַליין אַ פּאָליאַק, נעמט זיך נאָך אָן פאַר אים".

„אַ פּאָליאַק איז ער? אַ יודאַש איז ער! האָבן די שכנים געשריגן".

ר' יששכר ווײַס, דער לאַווניק, האָט נישט דערלאָזט די פּאָליציאַנטן זאָלן מיטנעמען יאָסלען. „אַז איר וועט אים פירן איבער די גאַסן, וועט דער בילבול זיך צעשפּרייטן. עס קאָן נאָך פירן צו אַ פּאָגראָם". ר' יששכר איז אַוועק צום בירגער־מײַסטער און גוט־געזאָגט אַז ער וועט צושטעלן יאָסלען אויב מע וועט אים דאַרפן. ער האָט געבראַכט אַ צעטעלע צו די פּאָליציאַנטן נישט צו אַרעסטירן יאָסלען.



גורוויטש איז אָפּגעקומען נאָר מיט שרעק. מע האָט באַוואַרפן עטלעכע חדר־ייִנגלעך מיט שטיינער, צעשלאָגן עטלעכע ייִדן בײַ דער באַן. צו קיין פּאָגראָם, ווי אין טשענסטעכעוו, איז נישט געקומען. די קאָוואַלסקאַ אַליין האָט אָפּגעלייקנט אַ נײַעם בילבול אַז אַ ייִד האָט זי אַרויסגעשטופּט דורכן פענצטער. ווײַזט אויס געווען אַן אָרנטלעכע גויע. אײַ זי האָט געשווירן אַז זי האָט אַליין געזען ווי יאָסל האָט געשטיקט איר קינד? זי האָט דאָך געזען אַז יאָסל האַלט דאָס קינד, אַז דאָס קינד רײַסט זיך פון אים און שרײַט. פאַר אַזאַ ווי די קאָוואַלסקאַ איז דאָס געגוג. ייִדן זענען דאָך גאָט מערדערס און טוען אַרײַן בלוט פון קריסטלעכע קינדער אין זייערע מצות, איז זי אַרײַנגעפאַלן אין פּאַניק.

אפשר איז דער מלוכה־פּראָקוראָר אין טשענסטעכעוו אויך אין פּאַניק? האָט יאַנקל געוואָלט פאַרשטיין וואָס דאָרט קומט פאָר. אַ באַנדע פּאָליאַקן איז אין טשענסטעכעוו אָנגעפאַלן אויף אַ ייִד. דער ייִד, יאָסל פענדראַק

האָט זיך פאַרטיידיקט מיט געווער, איז איינער פון די אָנפאַלער דערשאָסן געוואָרן. דער מלוכה-פּראָקוראָר האָט געזען אין דעם אַן אינטערנאַציאָ־נאַלע קאָנספּיראַציע. פּוילן איז פאַשיסטיש און האָט אַ פּאַקט מיט היטלער־דייטשלאַנד, ביי פּענדראַקן האָט מען געפונען אַ מיטגליד־קאַרטל פון בונד, די בונדיסטן זענען יידן און סאָציאַליסטן. דאַרף מען מער באַווייזן אַז דאָס איז אַ קאָנספּיראַציע פון סאָציאַליסטישן בונד קעגן פּוילישן פאָלק?

דאָס געריכט האָט פאַרמישפּט נאָר פּענדראַקן, נישט דעם בונד. אין וואַרשע האָבן פּאַטריאָטישע יונגע-לייט אַריינגעוואָרפן אַ פּעטאַרדע אין דעם בונדישן לאָקאַל.

יאַנקל האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער אויף זיין געלעגער און נישט געגעבן קיין מנוחה זיין ברודער וואָס האָט געטיילט מיט אים דאָס שמאָלע אייזערנע בעטל. „צא ולמד", מע קאָן עס דאָך אַראָפּלערנען פון דעם פּראָצעס פון וואַסיל קיטשוק אין קאָלאָמיי. וואַסיל האָט דערהרגעט אַ מענטש; ווען מע האָט אים געכאַפּט האָט ער זיך פאַרענטפערט אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות, ער האָט געמיינט ס'איז אַ ייד. וואַסיל איז נישט קיין יחיד. עס וועלן נישט העלפן די יידישע פּראָטעסטן אין סיים, עס וועלן אויך נישט העלפן די פּראָטעסטן אין אויסלאַנד. עס וועט לייכטער זיין און גיכער צייט אויפצובויען אַ יידישע מדינה ווי אויסצוואָרצלען די שינאה, אויסהיילן די בלינדקייט פון די וואַסילס.

די ענגלישע קעניגלעכע קאָמיסיע רעקאָמענדירט צו שאַפן אַ יידישע מדינה אין דעם טייל ארץ־ישראל וואָס יידן האָבן שוין קאָלאָניזירט, איז עס דאָך די גרעסטע מיצווה פון דער צייט צו קאָלאָניזירן דאָס יידישע לאַנד. זאָל דער טאַטעשי פאַרזאָרגן דעם רבונו של עולם מיט נאָך אַ פּאָר אמנס, ער וועט פאַרן קיין ארץ־ישראל. יואל זאָגט אַז פּינטשע כאַפּט זיך אָפּט אַריין אין עפּעס אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ער וועט אַ רעד טאָן מיט פּינטשען.

יאָסל האָט אין שלאָף זיך אַ דריי געטאָן און אים אַרויסגעשטופּט פון בעט. ער איז געפאַלן, טאַטע־מאַמע האָבן זיך נישט איבערגעוועקט פון דעם קלאַפּ, נאָר שפּרינצע איז אַרויסגעקומען פון איר אַלקערל, אויך

זי קאָן נישט שלאָפֿן. אָבי ער האָט געמיינט אַז זי וואַקסט אויף מיט אזא תמימות ווי יאָסל און ווי דער טאַטע.



בערעק איז גראָד געווען בײַ פינטשען ווען יאַנקל איז אַרײַנגעלאָפן. ער האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ זיך צו באַגריסן, אַראָפּגעלאָזט זיך אויף אַ בענקל און געשוויגן.

„עפּעס געשען בײַ ענק אין דער היים?" האָט פינטשע געפרעגט.

„בײַ אונדז? פֿאַר וואָס פרעגסטו? בײַ אונדז איז ברוך השם. צו אונדז איז געוועלב האָט מען דערווײַל קיין באָמבע נישט אַרײַנגעוואָרפן ווי אין די יידישע געוועלבן אין אָטוואָצק".

„כ'זע אַז האָסט שוין געלייענט די הײַנטיקע צײַטונגען, ווייסטו דאָך אַז דאָס וועט זיך מער נישט איבערחזרן", האָט פינטשע געוואָלט באַרויִקן יאַנקלען.

„איך ווייס? איך ווייס אויך פון דער צײַטונג אַז אין לאָשינעק האָט מען אויסגעקוילעט די איינציקע יידישע משפחה אין דאָרף — זעקס נפשות".

„דער קראָקעווער קאַרדינאַל האָט אַרויסגעשיקט אַ פּאַסטאַר־בריוו ווו ער וואָרנט קעגן שיכּרות וואָס פירט צו אָנפאַלן אויף מינדערהייטן. מינדערהייטן — דאָס מיינט מען אונדז, אַן אָנצוהערעניש מע זאָל צו רו לאָזן די יידן".

בערעק האָט נאָר אַ לאַך געטאָן מיט ביטערניש, יאַנקל האָט זיך אָפּגעבייזערט: „ס'וועט העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס! די שינאה ליגט זיי אין בלוט. כ'הייב אָן טראַכטן אַז פֿאַר יידן איז געבליבן אויף דער גאַנצער וועלט נאָר איין ווינקעלע — ארץ־ישראל".

„איך בין פֿאַר בנין ארץ־ישראל נישט פון הײַנט, דו ווייסט עס, יאַנקל. אָבער עס איז נישט שׂכלדיק אַרונטערצושטופן די גאַנצע וועלט אונטער דער מאַטשעיעוויקע, אונטער דעם היטל פון אַ פּוילישן גאָסן־יונג. ווער וועט אונדז געבן ארץ־ישראל אויב נישט די גויִים?"

„פינטשע, דו לייענסט נישט די זעלביקע צײַטונגען וואָס איך?" האָט בערעק זיך אַרײַנגעמישט. „איך האָב אויך געלייענט גוטע נײַעס, די פּיל־קאָמיסיע האָט פֿאָרגעלייגט שאַפן אַ יידישע מדינה, אַ קאַריקאַטור־

מדינה, אָן מעגלעכקייטן זיך צו אַנטוויקלען. און ווי געפעלט דיר דער באַדינג אַז דאָס פּיצעלע יידישע ארץ־ישׂראל זאָל מוזן פינאַנסירן און אויסהאַלטן דעם אויפבוי פון די רעשט פון לאַנד פאַר די אַראַבער? אין פּוילן — באָמבעס אין יידישע געשעפטן; אין רומעניע האַנדל און אַרבעט נאָר פאַר די גוייִשקע רומענער; אין דייטשלאַנד קאָנפיסקירן זיי יידישע פאַרמעגנס, אָבער ווער זאָל אויפבויען און אויסהאַלטן אַראַביש פּאַלעס־טינע? נישט די אַראַבישע נאַפט־אוצרות, נישט די וועלט, נאָר די יידן".

„אָבער פאַר וואָס לייענט עץ נאָר די שלעכטע נייעס?" פינטשע האָט אויפגעהויבן אַ צייטונג, נאַ, לייען: „אין פראַנקרייך איז אַ ייד געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער, אין קליוולאַנד פייערט מען הונדערט יאָר יידישע קהילה, די גאַנצע שטאָט פייערט די דאַטע, די פּרעסע איז פול מיט לויב פאַר די יידנס חלק אין דעם וווּקס פון דער שטאָט.

„אַזוי? דאַרפן זיי דאָך וועלן מער יידן. וויפל פּליטים זענען זיי גרייט אַריינצונעמען? אין זבאָנשין, אויף דער דייטש־פּוילישער גרענעץ, וואַלגערן זיך מענטשן וואָס קאָנען ביישטראָגן צו דעם וווּקס פון יעדער שטאָט. מע וואַרפט זיי אַהין און צוריק איבער דער גרענעץ און קיינער וויל זיי נישט, קיינער!"

„איך גלייב אין דער מעגלעכקייט פון אַ יידישער מדינה, ווייל איך גלייב אין די פעלקער פון דער וועלט", האָט פינטשע זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.

„פינטשע, אויב איך וועל קריגן אַ מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל, וועט עמעץ מיר דאַרפן העלפן מיט הוצאות", האָט יאַנקל ערשט איצט געזאָגט צוליב וואָס ער איז געקומען.

„מיר זענען חברים, יאַנקל, דו קאָנסט אַלע מאָל רעכענען אויף מיר, אָבער דאָס האַרץ טוט מיר שוין ווי פאַר ר' פישלען. דיין טאַטע האָט אַזאַ... דיין לערנען איז זיין גאַנץ חיות".

„פינטשע איז אַ פאַרפאַלענער אָפּטימיסט", האָט בערעק געזאָגט יאַנקלען ווען זיי זענען צוזאַמען אַרויס אין גאַס.

יאַנקל האָט נישט געענטפערט, ער האָט נישט געוואָלט רעדן קיין שלעכטס וועגן זיין חבר. ער האָט זיך אומגעדרייט און באַטראַכט דאָס מילקעס־הויז. אויף פינטשען קאָן קיין שכנה נישט אויסטראַכטן אַ בלוט־

בילבול. דער איינציקער גוי וואָס ווינט אין זייער הויז איז דער סטרוזש וואָס האָט פון זײַנע באַלעבאָטים מער פרנסה ווי זיין מאַמע פון איר קראָם. פינטשע קאָן זיין אַן אָפּטימיסט, אָבער ער? נאָך איידער ער אַנטלויפט קיין ארץ־ישראל, וואָלט ער באַדאַרפט גיין אַרבעטן און אַרויסהעלפן אין דער פרנסה. ער קאָן זיך אויסלערנען ווערן אַ וועבער אָדער אַ שערער טאָקע ביי פינטשען אין דער פאַבריק.

## ב.

יאַנקל האָט געבראַכט יואלן צו פינטשען אין ביורא. פינטשע איז אַרויס מיט זײַנע חברים און זיי געוואָלט פירן צום גאָרטן וואָס הינטער דער פאַבריק. יואל איז גאָר צוגעגאַנגען צו אַ פענצטער פון דער פאַבריק און פאַרבירט אַרײַנקוקן דורך די פאַראײַלטע און פאַרשטויבטע שײַבלעך. אַ געדעמפּטער רעש האָט זיך געטראָגן פון אינעווייניק ווי פון אַ פרעמדער וועלט.

„דו ווילסט זען די פאַבריק?" האָט פינטשע געפרעגט.

„קיין מאָל נישט געזען קיין וועבערײַ".

פינטשע האָט געעפנט אַן אײַזן־באַשלאָגענע טיר. אַ רעש האָט אַרויסגעבראָכן דורך דער עפענונג. פינטשע האָט עפּעס געזאָגט, אָבער יואל האָט עס נישט געהערט, דער רעש איז געווען פאַרטויבנדיק. די טיר האָט זיך פאַרקלאַפּט הינטער זיי, יואל האָט געהאַט אַ געפיל ווי ער וואָלט אַרײַן אין אַ סמבטיון, ער איז אַרײַנגעפאַלן אין דער מיט פון אַ גרויסער ריטמישער אָרגיע. הילצערנע שפּולן האָבן געטאַנצט און געשלונגען קאָלירטן פאָדעם, ווי זיי וואָלטן געטרייבערט די אָדערן פון די שפּולפליגל. די פליגל זענען נאָכגעלאָפן די פעדעם ווי אונטער אַ כישוף און געקאָלערט זיך קאָפּ־אַראָפּ, נאָך פאַרבירט נאָכלויפן ווען שוין פאַרלוירן דאָס לעצטע פיצל פאָדעם און געבליבן הענגען אויסגעליידיקט און פאַרחלשט. דער שערער, אַ ייִדעלע מיט אַ פיצעלע בערדעלע, איז געשטאַנען נעבן אַ הויכן געשטעל מיט פולע שפּולן, געצויגן אַ פאָדעם פון יעדער שפּול און אײַנגעפעדעמט אין אַ לאַנגן, שמאָלן שערברעטל פול מיט קליינע רונדיקע לעכלעך, פאַרבונדן זיי אין אַ קנופּ און צוגעטשעפּעט דעם קנופּ

צו אַ גרויסער רונדיקער שעראַמע. אַ שטופּ מיט זײַן קליין הענטל, די שעראַמע האָט זיך גענומען דרייען, די שפּולן אויפן געשטעל האָבן גענומען טאַנצן, אַ מחיה פעדעם האָט זיך געגליטשט דורכן שערברעטל און זיך אויסגעלייגט אין פּאַסן קעטע.

„פיר און זעכציק שמיץ", האָט פינטשע אַ זאָג געטאָן צום קליינעם ייִדעלע.

„פיר און זעכציק", האָט דער שערער געענטפערט.

„שמיץ?" האָט יאַנקל זיך דערשראָקן.

„כ'האָב אים געזאָגט ווי לאַנג די קעטע זאָל זײַן", האָט פינטשע אים באַרויִקט.

וועבשטולן האָבן געקלאַפּט מיט אַ ריטמישן פּויקן און מיט יעדן קלאַפּ איז אַ שיף אַדורכגעלאָפן די קעטע. שיצקאַסטנס זענען געשפּרונגען אַרויף און אַראָפּ און אַדורכגעשאָסן די קעטע מיט אַלערליי שיצפּײַלן, און פון יענער זײַט וועבשטול האָבן זיך אַרויסגעשיילט מעטערס סחורה.

פינטשע האָט פּראָבירט דערקלערן יואלן ווי אַזוי די קעטע מיטן שוס פאַרוועבן זיך. פּאַפּירענע קאַרטעס מיט קליינע לעכלעך מאַכן טייל פעדעם אין דער קעטע זאָלן גיין אַרויף און אַנדערע אַראָפּ ווען די שיף לויפט דורך; אַנדערע קאַרטעס מאַכן די שיצקאַסטנס שפּרינגען אַרויף און אַראָפּ און אַרויסוואַרפן דעם ריכטיקן שוס צו דער ריכטיקער צײַט. יואל האָט נישט געכאַפּט דעם שׂכל פון די קאַרטעס, אָבער עס האָט זיך אים געדאַכט אַז ער הערט אַ קול וואָס מושטירט די פעדעם: ליבקס! רעכטס! אַרויף! אַראָפּ!

דער ריח פון דומפּיקן אייל און דער שטויב פון וואָל האָבן געביסן אין דער נאָז. „לאָמיר אַרויסגיין אין גאָרטן", האָט יאַנקל פאָרגעלייגט, „דו דאַרפסט זען אַ שיינקייט פון אַ גאָרטן".

„מענטש, ס'איז דאָ פאַראַן נישט ווייניקער שיינקייט ווי אין גאָרטן", האָט יואל געענטפערט און אַ בלאָז געטאָן, ווי ער וואָלט ערשט איצט אַרויסגעלאָזט פאַרהאַלטענעם אָטעם.

פינטשע האָט געזען אַז אַנדערן יואל ווי ער האָט געקענט, אַ יואל וואָס ער האָט געוואָלט דערקענען און פאַרשטיין. אַ קינסטלער דאַרף קוקן טיפער ווי די אייבערפלאַך, דאָס אויג פון אַ קינסטלער מוז קאָנען

דערבליקן שיינקייט אַפילו ווו אַנדערע קאָנען עס נישט זען. יואל איז אפשר מער פּאָעט ווי ער.

פינטשע האָט זיך באַפרײַט פון דער פאַבריק און אָפּגעפירט יואלן אהיים. „כ׳האָב געהערט אַז דו צייכנסט, דו ביסט קרעאַטיוו אויך אין לערנען", האָט פינטשע געוואָלט אָנהייבן אַ שמועס אין אַן אינטימען טאָן.

„איך צייכן מענטשעלעך, אַ פאָטאָגראַפיסט מאַכט עס בעסער. אויב איך וואָלט געקאָנט אַרויסברענגען די דינאַמיק פון דײַנע שפּולן און פעדעם... איך האָב אַפילו נישט די העזה צו פּראָבירן".

„ווײַז מיר עפּעס פון דײַנע זאַכן. איך שרײַב אַ ביסל".

פינטשע האָט געוואָלט זען יואלס שאַפונגען און געהאַפּט אים צו ווײַזן זײַנע אייגענע, אָבער יואל האָט זיך גאָר אָפּגעבייזערט: „נישטאָ וואָס צו ווײַזן, מײַן צייכענען, דײַן שרײַבן — אַלץ קינדערשפּיל".

„איך האָב, לכל־הפּחות, נישט געזאָגט קיין מבינות וועגן דײַנע שאַפונגען איידער איך האָב זיי געזען", האָט פינטשע געענטפערט מיט גערייצטקייט און זיך געזעגנט נאָך איידער זיי זענען צוגעקומען צום רבס הויז.



„ער איז מסתּמא שוין געווען פאַרכאַפּט פון דעם בילד אין אײַער פאַבריק", האָט יאַנקל פּראָבירט פאַרענטפערן יואלן. „כ׳האָב געזען עפּעס וואָס ער האָט געצייכנט נאָך דעם וויזיט בײַ דיר. כ׳זאָג נישט אַז איך בין אַ מבין, אָבער איך פיל אַז עס איז עפּעס".

„ער האָט עס דיר געוויזן?"

„ער האָט עס גראָד געהאַט אויפן טיש ווען כ׳בין אַרײַן צו אים. פון אַן איבערגעטריבן גרויסן שפּולגעשטעל ציִען זיך פעדעם צו אַן איבערגעטריבן גרויסער שעראַמע, די פעדעם האָבן די ליניעס פון די פּאַראַלעלן אויפן ערדקײַלעך, דאָס גאַנצע בילד רונדיקט זיך ווי דער ערדקײַלעך. צווישן דעם גרויסן שפּולגעשטעל און גרויסער שעראַמע שטייט אַ פיצעלע, איבערגעטריבן, קליין מענטשעלע און אַלע פעדעם לויפן דורך זײַנע קליינע הענטעלעך.

„פאַר וואָס איינס איבערגעטריבן גרויס, און דאָס אַנדערע איבער־געטריבן קליין?" האָט פינטשע געפרעגט מיט אַ טאָן פון איראָניע.

„כ׳ווייס נישט, אָבער עס רעדט צו מיר. אפשר איז ער אויסן צו

ווייַזן די השפעה פון דעם קליינעם בשׂר־ודם אויף דער גרויסער וועלט? אָבער עס איז אינטערעסאַנט אויך אָן אַ פּירוש. און זײַ נישט אין כּעס אויף אים, פּינטשע, יואל איז אַן אינטערעסאַנטער בחור, כאָטש אַזאַ מאָדנער. כ׳מיין אַז ווען ער וועט געפינען זיך אַליין וועט ער זײַן ווייניקער אין כּעס אויף אַנדערע..."

„ער גייט שטענדיק אַרום מיט אַ מינע ווי מע וואָלט אים צוגענומען דעם טאַטנס ירושה".

„ער האָט זיך נעכטן צעקריגט מיט אַ בחור ווײַל ער האָט מיך גערופן ,פישל כיבעשמויס זון׳."

„צו קריגן זיך האָט ער, דאַכט זיך מיר, מער טאַלאַנט ווי צו מאָלן".

אין בית־המדרש האָט יואל פּראָבירט אָפּרעדן יאַנקלען פון פאָרן אין אַ ישיבה. „וואָס איז שלעכט צו לערנען דאָ?" ערשט נאָכן אַהיימ־קומען האָט ער פאַרשטאַנען: עס איז בײַ זיי שווער מיט פּרנסה, אַ מויל ווייניקער צו שפּייַזן איז אויך אַ שטיקל ישועה. אין וואַרשע זענען פאַראַן גוטע ישיבות, דער זיידעשי קאָן אים העלפן.

ד׳ער רב האָט אָנגעשריבן אַ רעקאָמענדיר־בריוו צו זײַן שוועער, דעם רב אין וואַרשע, און יואל האָט עס גלײַך אַוועקגעטראָגן צו יאַנקלען. שפּרינצע, יאַנקלס יינגסטע שוועסטער, האָט אים געעפנט די טיר, און ער איז געבליבן שטיין מיט אויפגעריסענע אויגן. זי איז אויך פאַר אַ רגע געשטאַנען פאַרגאַפט, זי האָט זיך באַלד אַ ריס געטאָן פון אָרט, „יאַנקל, צו דיר!" האָט זי אַ רוף געטאָן און אַוועקגעאײַלט צו איר אַלקער.

יואל איז געזעסן און געזעסן און געהאָפט אַז שפּרינצע וועט זיך נאָך אַ מאָל באַווייַזן, אָבער זי איז געבליבן אין איר אַלקערל, ווי זי וואָלט דאָרט אָפּגעשטאָרבן, אפילו קיין שאָרך האָט זיך נישט געהערט.

יואל האָט געקענט שפּרינצען זינט יאַנקל איז געוואָרן זײַן חבר, אָבער הײַנט האָט זי זיך באַוויזן פאַר אים ווי אַן אַנטפּלעקונג. זי איז געהאַט געווען אַן אויסגעצויגן, דאַר, פאַרגרינט מיידל — אַ קינד. אין די עטלעכע וואָכן וואָס ער האָט זי נישט געזען איז פון דעם קינד געוואָרן אַ פרוי, און נאָך וואָס פאַר אַ פרוי. הויך איז זי אַלע מאָל געווען, אָבער זי האָט אַרויפגעשאָסן נאָך העכער, עס איז פאַרשוואונדן די קנאָכיקייט,

די גלידער האָבן זיך פאַררונדיקט און געוואָרן רייצנדיק. עס איז געווען גראַציעזקייט אַפילו אין איר אַנטלויפן. האָט זי אַלע מאָל זיך באַוועגט מיט אַזאַ געשיקטקייט? אַזאַ שלאַנקקייט, אַזאַ טאַליע, אַזאַ בייגעוודיקייט — ווי אַ יונגער בוים. טאַקע ווי דאָס ביימל הינטער זייַן פענצטער דעם פאַרגאַנגענעם פרילינג. עס איז געשטאַנען קליין, נאַקעט, דאַר פאַרחושכט — אויך מיר אַ בוים... פּלוצלינג, ווי איבער נאַכט, האָבן די צווייַגן זיך צעשפּרייט און צעפּלאַכטן, בלעטער האָבן אַרויסגעשפּראָצט געדיכט און פלאַטערדיק און פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אויב די שפּרינצע זאָל זיך נאָך אויספּוצן אין שיינע מלבושים... פון פאָרנט האָט איר קליידל זיך פאַרריסן אַרויף, ענג געוואָרן בייַם בוזעם איבער נאַכט.

אירע אויגן זענען אַלע מאָל געווען שיין. אַלע קאַליסקיס, אַפילו דער אַלטער פישל, האָבן גרויסע, טונקל־בלויע, ליכטיקע אויגן. הייַנט זענען שפּרינצעס אויגן געווען באַדעקט מיט אַ גלאַנציקער פייַכטקייט און איר הויט מיט אַ סאַמעטענער פרישקייט, אַזאַ מאַטקייט ווי דער טוי אויף אַ פלוים וואָס איז נאָך אויפן בוים. אויב ער וועט קאָנען אויפ־מאָלן אַזאַ שפּרינצע, וועט ער זייַן אַ מייַסטער.

יאַנקל האָט אָפּגעלייגט זייַן נסיעה אויף עטלעכע וואָכן. יואל האָט איצט נישט געוואַרט יאַנקל זאָל קומען צו אים, ער איז כמעט יעדן טאָג געקומען אין פישלס הויז נעמען יאַנקלען אין בית־המדרש אַרייַן, נעמען אים אויף אַ שפּאַציר איבער פעלדער. אַז יואל איז אַרייַנגעקומען האָט אַפילו די פאַרהאַרעוועטע רחל־לאה זיך אָפּגעריסן פון געוועלב און אַרויפגעלאָפן אין שטוב דערלאַנגען אַ גלאָז וואַסער. „איי, האָבן מיר אַ טאָכטער", האָט זי שפּעטער געזאָגט צו פישלען, אַ מלכות! עס זאָל איר נאָר קיין בייז־אויג נישט שאַדן, רבונו־של־עולם. מיט, קיין עין־הרע, אַזאַ קינד קאָן מען אַרייַנקומען אין די גרעסטע הייַזער. אָבער זי האָט דאָך אַפילו נישט מיט וואָס דאָס לייַב צו באַדעקן".

ווי פאַרהאָרעוועט רחל־לאה איז געווען, האָט זי נישט פאַרפעלט צו זען אַז עפּעס איז דער מער מיט שפּרינצען. געווען אַזאַ שטיפערקע, אַזאַ לאַכערקע. פישל האָט זי נאָר געוואָלט אייַנשטילן: „ס'איז נישט גלייַך פאַר אַ ייִדישער טאָכטער אַזוי פיל צו לאַכן". אָבער שפּרינצע האָט נאָך מער געלאַכט. ווי אַזוי איז די לאַכערקע פּלוצלינג געוואָרן

אַ שוויַיגערין? איז זי נישט קיין מבינה אויף איר פּנים? זי גייט זעלטן אַרויס און אַז יואל קומט צו יאַנקלען, באַהאַלט זי זיך און באַוויַיזט זיך נישט ביז ער גייט אַוועק. „וואָס איז דער שׂכל דערפון?" האָט רחל־לאה געפרעגט.

„צניעות", האָט פישל געענטפערט אַ צופרידענער, „שעמעוודיקייט איז צניעות און יפה הצניעות, צניעות איז שיין פאַר אַ יידישער טאָכטער".

„אָבער אַלץ דאַרף דאָך האָבן אַ שיעור. פריַיטיק געהאַט אַ שאלה, אַלץ מוז טרעפן גראָד ווען ס'איז אַ טאָרג־טאָג און ערב־שבת דערצו. זאָג איך: ,שפרינצע לעבן, לויף אַריבער צום רב'. אַ נעכטיקער טאָג, זי גייט נישט. בעט איך זיך: ,זעסט דאָך, אַז כ'קאָן נישט איבערלאָזן ס'געוועלב'. — ווי איך וואָלט גערעדט צו דער וואַנט! עפּעס אַן אומחן געוואָרפן אויפן רבס זון, צי כ'ווייס גאָר וואָס. כ'האָב זיך געבעטן, געשריגן, זי איז נישט געגאַנגען".

„דאָס איז טאַקע שוין צו פיל", האָט פישל מסכּים געווען, „דער מדרש זאָגט, אונדזער מוטער שׂרה איז געווען צו פיל צניעותדיק, האָט אַברהם־אָבינו איר געזאָגט: ,דאָס איז נישט די ציַיט פאַר צו פיל צניעות' ".

„אַברהם־אָבינו האָט געזאָגט שׂרהן, אפשר וועסטו זאָגן שפרינצען? כ'מיין, טאַקע, ווו איז אַ ביסעלע שׂכל?"

„לאָז מיך אָפּ, כ'בעט דיך, לאָז מיך אָפּ", איז געווען שפרינצעס ענטפער אויף אַלע טענות, און באַלד האָבן זיך איר טרערן געשטעלט אין די אויגן. וואָס טוט מען מיט אַזאַ מויד?

## קאַפּיטל פינף

# פון „בראשית ברא" ביז דאַרווין

### א.

ווען יאַנקל איז געפאָרן קיין וואַרשע האָט ער געטראַכט וועגן צוויי ישיבות. איינע, די אָרטאָדאָקסישע מתיבתא, איז געווען איבערפול, נישט מעגלעך אַרייַנצוקומען; און אין דער מיזרחיסטישער תחכמוני האַלטן זיי נישט פון קיין „עסן טעג". אַפילו אויב ער וואָלט אויסגעהאַלטן אַלע עקזאַמענס און אַריינגעקומען אין דעם מאָדערנעם ראַבינער־סעמינאַר, האָט ער נישט פון וואַנען צו בעמען זיך אויסצוהאַלטן. עס וועט אים זייַן שווער אַפילו מיט די פּאָר זלאָטעס וואָס ער וועט דאַרפן צו באַצאָלן פאַר אַן אָרט צום שלאָפן.

חסידים האָבן נישט געהאַלטן אַפילו פון דער מתיבתא, אַ „רבנים־פאַבריק", האָבן זיי געזאָגט מיט ביטול, און געשאַפן קליינע ישיבות. בחורים זענען געזעסן און געלערנט אין די חסידים־שטיבלעך. יאַנקל האָט דערוויַיל אָנגעהויבן לערנען אין דעם גערער שטיבל אויף פּאַוויע־גאַס און איז נישט געווען צופרידן. מע האָט דאָרט געלערנט אָן אַ סדר און פאַרבראַכט צו פיל צייַט אין חסידישע שמועסן. יאַנקל האָט געהאָפט אַז די רעקאָמענדיר־בריוו וואָס ער האָט געבראַכט, וועלן עפענען פאַר אים טירן. ער האָט געהאַט אַ בריוו פון גורוויטשער רב, אַז ער איז אַ חריף און יעדע ישיבה וועט מיט אים שטאָלץ זייַן; ער האָט אויך געהאַט אַ בריוו פון ר' שלמה מילקעס צו זייַן שוואָגער ר' ישראלטשע קאַמינער, אַז דער בחור איז בייַ אים אַ בן־בית און ער קען אים פאַר אַ מתמיד אין לערנען.

באַלד דעם ערשטן שבת איז יאַנקל אַוועק דאַווענען אין ר' ישראלטשעס שטיבל אויף נאַלעווקעס 19. נאָכן דאַווענען איז ער צוגעגאַנגען זאָגן ר' ישראלטשען אַ גוט־שבת און פאַר איין וועג געזאָגט אַז ער האָט אַ בריוו צו אים פון זייַן שוואָגער אין גורוויטש. „קום אַרייַן צו מיר אין

מיטן וואָד", האָט ר׳ ישׂראלטשע געענטפערט, און נאָך איידער יאַנקל האָט באַוויזן פרעגן ווו און ווען, האָט ר׳ ישׂראלטשע שוין גערעדט צו עמעצן אַנדערש.

מאָנטיק איז יאַנקל אַוועק אין דעם גרויסן טוכגעשעפט מיט דער שילד קאַמינער און קאַמינער. אַ משרת האָט אים געזאָגט אַז דער „אַלטער" איז פאַרנומען, און ער האָט ווידער נישט געהאַט צו וועמען צו רעדן. ער איז דעם זעלביקן אָוונט צוגעגאַנגען צו ר׳ ישׂראלטשען אַהיים, האָט די דינסט אים אָפּגעפאַרטיקט ביַי דער טיר: „דער הער איז נישטאָ". דאָס האָט זיך איבערגעחזרט טאָג נאָך טאָג.

פאַרפאַלן, עס וועט מוזן אויסגיין צו פאַסטגעלט. יאַנקל האָט אויס־געציקלט אַ בריוו צו ר׳ ישׂראלטשען און אים אַוועקגעשיקט מיט פּאָסט. נאָך דריַי טעג האָט אַ מענטש פון ר׳ ישׂראלטשעס געשעפט אים אויפ־געזוכט און אים אַוועקגעפירט גליַיך צו ר׳ ישׂראלטשען אַהיים.

יאַנקל איז ניבהל־ונשתומם געוואָרן פון דער ריַיכקייט. שווער, גלאַנ־צנדיק מעבל, דינע געהאַפטענע פירהאַנגען. אין גלאָזשענק — אַלערליי גראַווירטע זילבערנע און קרישטאָלענע כלים. ער האָט קיין מאָל פריִער נישט געטרעטן אויף אַזעלכע ווייכע טעפּעכער. ער איז געגאַנגען און נישט געהערט זיַינע אייגענע טריט, ווי ער וואָלט געווען נאָר אַ שאָטן.

„זעץ דעך, בחור", האָט ר׳ ישׂראלטשע אים געזאָגט. „ווי רופט מען דיך יעקב? יאַנקל אַוודאי".

„יאָ, יאַנקל".

יאַנקל איז אַריַינגעפאַלן אין אַ טיפן פאָטעל.

„געץ אַריַין טיי פאַרן בחור", האָט ר׳ ישׂראלטשע גערופן, אויפגע־הויבן יאַנקלס בריוו פון זיַין שריַיבטיש און אַריַינגעקוקט.

די דינסט האָט אַריַינגעבראַכט טיי מיט קיכלעך.

„טרינק, יאַנקל".

יאַנקל האָט געמאַכט אַ ברכה און אַ זופּ געטאָן די טיי. זי איז געווען אַזוי הייס, אַז ער האָט זיך אָפּגעבריט די ליפּן.

„עס אַ קיכל, שעם זיך נישט, בחור".

ר׳ ישׂראלטשע האָט אַוועקגעלייגט דעם בריוו און אַריַינגעקוקט אין אַ ספר. יאַנקל האָט אומגעדולדיק געזופּט די צו הייסע טיי. ער האָט שוין געוואָלט הערן פון ר׳ ישׂראלטשען וועגן זיַין שייַנעם מליצהדיקן

לשון־קודש, וועגן זײַן קונציקן צונויפפלעכטן שטיקלעך פסוקים און מאמרי חז״ל אין זײַן בריוו.

„נאָך אַ גלאָז טיי? געץ אַרײַן נאָך אַ גלאָז טײ״.

„ניין, אַ יישר־כוח, ניין...״ האָט יאַנקל זיך געבעטן.

„שעם דעך נישט, יאַנקל, טרינק״.

די דינסט האָט אַרײַנגעבראַכט נאָך אַ גלאָז טיי. ר׳ ישראלטשע האָט ווײַטער אַרײַנגעקוקט אין זײַן ספר. יאַנקל האָט באַין־ברירה געטרונקען. פאַרענדיקט דאָס צווייטע גלאָז טיי מיט אַ פּאָר קיכלעך, האָט יאַנקל גלײַך גענומען הויך אויפן קול זאָגן „על המחיה״, די ברכה נאָך אַ לײַכטן איבערבײַס. ר׳ ישראלטשע האָט אַוועקגעלייגט אַ פּאַטשיילע אויפן ספר און ווידער גענומען יאַנקלס בריוו אין האַנט אַרײַן. „האָסט אַ שיינעם כּתב״, האָט ער געזאָגט און אַוועקגעלייגט דעם בריוו.

יאַנקל האָט שוין געגרייט נײַע מליצות צו ענטפערן אויף ר׳ ישראל־טשעס לויבווערטער וועגן זײַן בריוו, און דאָ — „אַ שיין כּתב״, און אַנטשוויגן געוואָרן.

„כ׳וויל דיר געבן עפּעס צו טאָן און דיר צאָלן שׂכירות״.

„כ׳ווייס גאָרנישט וועגן מיסחר״.

„כ׳מיין נישט אין מיסחר. כ׳על דיך נישט, חלילה, אַוועקנעמען פון ישיבה. וואָס דו וועסט טאָן וועט, אם־ירצה־השם, נישט זײַן קיין ביטול־תּורה״.

ר׳ ישראלטשע האָט געשוויגן אַ מינוט, זיך אויפגעשטעלט און צוגע־גאַנגען צו אַ שרײַבטיש. יאַנקל האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געוואַרט. ר׳ ישראלטשע האָט געברענגט צום טיש אַ פּעקל העפטן.

„זעסט, בחור, ווי רופט מען דיך, יאַנקל, האַ? זעסט, יאַנקל, איך שרײַב, ברוך־השם, אַ חיבור. חידושי־תּורה. מײַן כּתב איז אַ שווערער, אַנו, זע צי דו קענסט עס לייענען?״

יאַנקל האָט אויפן קול איבערגעלייענט אַ זײַטל. ס׳איז געווען אַ חידוש אין דער סוגיא פון „רוב״. ער האָט ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק געלערנט די סוגיא בײַם רב צוזאַמען מיט פּינטשען און געווען בקי אין אַלע מפרשים. יאַנקל האָט געוואָלט ווײַזן לומדות.

„ר׳ הערשעלע האַלבערשטאַמס קשיא אויפן רבינו־תּם קען מען פאַרענטפערן...״ האָט יאַנקל אָנגעהויבן.

„דו לײענסט גוט מײַן כתב, האָט ר׳ ישׂראלטשע אים איבערגעריסן, „דײַן כּתב איז קלאָר, װילסטו עס איבערשרײַבן?״

„יאָ, אַדרבא, כ׳מײן...״

„טאָ נעם דאָס. װעסט, אם־ירצה־השם, פֿאַרטיק װערן, ׳על עך דיר געבן װײַטער. שׂכירות ׳עט זײַן פֿינעף זלאָטעס פֿאַר אַ העפֿט. מסכּים?״

„ס׳אַ סך״.

„און אַז ׳עסט, אם־ירצה־השם, פֿאַרטיק װערן, ׳על עך דעך מיטנעמען אויף אַ שבת קײן גער, אויף מײַנע הוצאָות, מיטן אײבערשטנס הילף״.

„געקומען ביז איך װעגן אַרײַנגענומען װערן אין דער מתיבתּא״, האָט יאַנקל זיך אונטערגעזאָגט צו בעטן הילף בײַ ר׳ ישׂראלטשען, אָבער ער האָט עס אָפּגעלײגט, „כ׳על פֿריִער ברענגען עפּעס איבערגעשריבן״.

יאַנקל האָט זיך אויפֿגעשטעלט, געזאָגט אַ גוטע נאַכט, און אַװעק צו דער טיר.

„כ׳האָב דיר געזאָגט? דו װעסט, אם־ירצה־השם, האָבן בײַ מיר שבת״, האָט ר׳ ישׂראלטשע אים נאָכגערופֿן.

יאַנקל איז געבליבן שטײן. די גוטע מאכלים בײַ דעם נגידישן טיש זענען נישט דער עיקר. עסן שבת בײַ ר׳ ישׂראלטשע קאָמינער איז אַ כּבֿוד.

„קום שבת דאַװענען אויף נאַלעװקעס נײַנצן, איך דאַװן דאָרטן״. אין שטיבל אויף נאַלעװקעס נײַנצן האָבן געדאַװנט דער ראָש־ישיבֿה און אויך דער ראָש־הװעד פֿון דער מתיבתּא. די צװײטע װאָך איז יאַנקל אָנגעקומען אין דער פֿערטער כּיתּה, כּמעט אָן אַ פֿאַרהערן.

## ב.

יאַנקל האָט זיך אָנגעדונגען מיט שלאָפֿן בײַ אַ משפּחה אויף פּאַװיע־גאַס. אין דער שטוב איז געשלאָפֿן דער באַלעבאָס מיט זײַן װײַב. אויף צװײ אײַזערנע בעטלעך אין דער קיך, זענען געשלאָפֿן רײזל, די באַלע־באַטימס טאָכטער, און זלמן, זײער זון. יאַנקל איז געשלאָפֿן אין אַ שמאָל, פֿינצטער אַלקערל. מער װי דאָס בעטל האָט מען אין דעם אַלקערל נישט געקאָנט אַרײַנשטעלן. די באַלעבאַטים זענען געגאַנגען שלאָפֿן פֿרי. יאַנקל האָט איבערגעשריבן ר׳ ישׂראלטשע קאָמינערס כּתבֿים אויפֿן טיש אין

דער קיך. ער האָט באַצאָלט נאָך פופציק גראָשן אַ וואָך פאַרן ברענען גאַזליכט אין דער קיך ביז רייזל און זלמן זענען אַהיימגעקומען פון זייערע אָרגאַניזאַציעס.

רייזל און זלמן האָבן זיך שטענדיק געקריגט. אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, אין אײַלעניש געכאַפּט אַ שטיקל ברויט, און צווישן איין ביס און דעם אַנדערן זיך געקריגט. אַוועק צו זייערע אָרגאַניזאַציעס און אַהיימגעקומען ערשט עלעף אַ זייגער איידער מע שליסט די טויערן, און זיך ווידער געקריגט. אַפילו אין דער פרי ווען זיי זענען אויפגעשטאַנען צו גיין צו דער אַרבעט האָבן זיי געפונען צײַט זיך אַרײַנצוזאָגן.

„קראָץ נישט אויס די בלאָטע פון אונטער דײַנע נעגל, רייזל, דײַן גאַנץ פּאַלעסטינע האָט נישט אַזוי פיל פעטע ערד".

„ביז דײַן סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט אויסלייזן די וועלט, וועט די גאַנצע ארץ־ישראל־ערד שוין זײַן פעט".

„ביז דער אויפגעוואַכטער פּראָלעטאַריאַט וועט צעברעכן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, וועט די ערד זײַן פעט פון בלוט".

„אַהאַ, זלמנדל, אַ גדולה אויף דײַן קאָפּ, די אַראַבער האָבן ווידער געמאַכט אַ פּאָגראָם".

„די אַראַבער ? די ענגלישע אימפּעריאַליסטן העצן צו פּאָגראָמען — צעטייל און הערש..."

„דײַנע אַראַבישע פּראָלעטאַריער זענען אויך פּאָגראָמטשיקעס, און דײַנע ברידער, די פּוילישע פּראָלעטאַריער, האָבן באַוואָרפן מיט שטיינער אונדזער ל״ג־בעומר־אַרויספאָר און מיר געמאַכט אַ לאָך אין קאָפּ".

„די פּוילישע בורזשואַזיע העצט די מאַסן קעגן די ייִדן, כּדי אָפּצוּ־ווענדן דעם כּעס פון דעם עקספּלואַטירטן פּראָלעטאַריאַט. מע דאַרף זיי אויפקלערן, אָבער איר שלעפּט די מאַסן אין ציוניסטישן, נאַציאָנאַליסטישן געמויזעכץ וואָס איז געשפּאַנט אין דעם וואָגן פון די עקספּלואַטאַטאָרס. מע דאַרף אויפקלערן די מאַסן, רייזל".

„דאָס איז אַ גוטע עצה, זלמן. אויב עס וועט ווידער טרעפן, אַ שגץ זאָל מיר לעכערן דעם קאָפּ, וועל איך אים פאַלן אויפן האַלדז און אויפקלערן: מיר זענען ביידע ברידער פּראָלעטאַריער, לאָמיר זיך צעקושן".

אַזוי גייען אָן די קריגערײַען טאָג און נאַכט, יאַנקל קען שוין אַלע

טענות פון אויסנווייניק. ווען זלמן זאָגט עפּעס, ווייסט ער שוין וואָס רייזל וועט ענטפערן און ווייסט אויך וואָס זלמן וועט צוריקענט־פערן. ווען ער וועט פאַרטיק ווערן מיט ר׳ ישׂראלטשעס חיבור, וועט ער דאַרפן כאַפּן אַ בליק אין זייערע ביכער. זלמן און רייזל טראָגן זיך בײדע אַרום מיט פּעק ביכער, כאָטש וואָס פאַר אַ חכמות, מישייטנס געזאָגט, קאָנען דאָרט זײַן?

רייזל איז אַוועקגעפאָרן אויף הכשרה און זלמן אין אויך ערגעץ נעלם געוואָרן. דער באַלעבאָס האָט געזאָגט אַז פאַר נאָך צוויי זלאָטעס אַ וואָך וועט יאַנקל קאָנען שלאָפן אין דער קיך אין רייזלס בעטל, און ביז זלמן וועט צוריקקומען וועט ער האָבן אַ צימער פאַר זיך. יאַנקל האָט גלײַך מסכים געווען און גענומען מער העפטן בײַ ר׳ ישׂראלטשען. ער וועט איצט קאָנען אַרבעטן ביז שפּעט.

באַלד דעם ערשטן אָוונט איז אים נישט געגאַנגען מיט דער אַרבעט און יאַנקל האָט פרי זיך געלייגט שלאָפן. עס זאָגט זיך אַזוי „שלאָפן", אָבער עס האָט אים נישט גענומען קיין שלאָף. ער קען שוין רייזלען זינט וואָכן, אָבער ערשט איצט ווען ער ליגט אין איר בעט קאָן ער נישט אויפהערן טראַכטן וועגן איר. ער פלעגט אַ מאָל טראַכטן וועגן מינדעלע דעם רבס, ווי אַ דערוואַקסענער בחור טראַכט אַ מאָל וועגן תּכלית, אָבער מיט דער רייזל...

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, אָנגעצונדן די ליכט כּדי צו פאַרטרײַבן די רעיונות וואָס קאָנען אים פאַרשלעפּן ווהין אַ בחור, אַ לערנער, טאָר זיך נישט לאָזן פאַרשלעפּן. ער האָט געפונען אַ בוך וועלט־געשיכטע פון עפּעס אַ גוי, וועלס. ער האָט געעפנט דאָס בוך נאָר כּדי זיך אַרויסצורײַסן פון יצר־הרעס נעגל. צו מאָרגנס האָט די באַלעבאָסטע אים געזאָגט אַז אויב ער וועט ברענען דעם גאַז גאַנצע נעכט וועט ער דאַרפן צאָלן נאָך אַ זלאָטע אַ חודש.

## ג.

פון „בראשית ברא אלוהים" ביז דאַרווין אין עטלעכע וואָכן, און בײַ יאַנקלען האָט דער קאָפּ זיך אַפילו נישט פאַרדרייט. זלמן איז צוריקגע־קומען און צוגעשטעלט יאַנקלען וואָס צו לייענען. אַן ענטפער אויף די

ווונדערס פון באַשאַף האָט ער געפונען אין די ביכער, אָבער דאָס איז נישט געווען אַלץ וואָס יאַנקל האָט געהאַט אין זײַן גאָט. יאַנקל האָט ליב געהאַט זײַן באַשאַפער מיטן גאַנצן האַרץ, מיט דער גאַנצער נשמה, און מיט זײַן גאַנצן זײַן. די ביכער האָבן טאַקע פאַרענטפערט אַ סך קשיות, אָבער דאַרווינס מאַלפּע האָט נישט געקאָנט פאַרנעמען די ערטער פון אָדם־הראשון, אַברהם־אָבינו, משה. ווי קאָן מען לעבן אָן התרוממות, אָן התלהבות, אָן עפּעס וואָס איז גרעסער ווי הימל און ערד, נענטער ווי טאַטע־מאַמע?

„דער בחור איז שוין אַזוי גוט ווי אָן אונדזעריקער", האָט זלמן געזאָגט דעם סעקרעטאַר פון זײַן קעמערל, און געבעטן דערלויבעניש מיטצוברענגען יאַנקלען צו די צוזאַמענקומען.

איין אָוונט האָט זלמן געזאָגט יאַנקלען: „שוין צײַט איבערצורײַסן מיט דײַן ישיבה".

„שוין איבערגעריסן, מע האָט מיך אַרויסגעוואָרפן", האָט יאַנקל געענטפערט.

„שוין צײַט אויפהערן איבערשרײַבן דעם בורזשויס תורה".

„שוין אויפגעהערט".

„שוין צײַט צו גיין אַרבעטן בײַ עפּעס".

„אַדרבא, וואָס פאַר אָן אַרבעט עס זאָל נישט זײַן".

„שוין צײַט זיך אָנצושליסן אין דער סאָציאַליסטישער מחנה".

„זיך שוין אָנגעשלאָסן".

„דו מיינסט עס ערנסט?"

„אַפילו געפּועלט מע זאָל מיך גלײַך שיקן אויף הכשרה".

„דו האָסט זיך אָנגעשלאָסן אין די נאַציאָנאַליסטן? אויף דעם האָב איך זיך נישט גערעכנט. פון די אַלע ביכער וואָס האָסט געלייענט האָסטו זיך נישט אויסגעלערנט צו דענקען מאַרקסיסטיש?"

„איך טראַכט מאַרקסיסטיש. אויב אין דײַן סאָציאַליסטישער מדינה וועלן אַ מאָל קומען שלעכטע צײַטן, לאָמיר זאָגן אַ שלעכט געראַטעניש, און מע וועט געפינען דאָס שטענדיקע כפרה־הענדל, דעם ייִד, ווי דעם שולדיקן אין אַלע צרות, וועסטו, זלמן, נישט דאַרפן אַנטלויפן אין אַ בורזשואַז קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, דו וועסט קאָנען קומען אין אַ סאָציאַ־ליסטיש לאַנד וווּ ייִדן זענען באמת שולדיק אויב עס איז שלעכט, ווײַל

אַלע װאָס טוען עפּעס אין דעם לאַנד זענען ייִדן... װאָס זעסטו הינטער מײַן אַקסל, זלמן?"

„כ'זוך צי רײזל שטײט נישט הינטער דײַן פּלײצע און זאָגט דיר אונטער װאָס צו זאָגן. דאָס זענען אירע װערטער — װאָרט פאַר װאָרט".

יאַנקל האָט זיך אַזש פאַררײטלט פון הנאה. ער האָט טאַקע געװאָלט ענטפערן װאָרט פאַר װאָרט װי רײזל װאָלט געענטפערט.

רײזל, װי זלמן, האָט געהאַלטן פון דער תורה פון מאַרקס, ענגעלס און לענין. רײזל האָט אויך געהאַלטן אַ װעלט פון זלמנס חבר סטאַלין. בײדע, רײזל און זלמן, האָבן געװאָלט אַרבעטן פאַר דעם אחרית־הימים, אַ סאָציאַליסטישע װעלט. דער אײנציקער אונטערשייד איז געװען װאָס רײזל האָט געװאָלט דערװײַל בויען אַ סאָציאַליסטישע פּאַלעסטינע און עס שפּעטער צו שטײַער געבן דער סאָציאַליסטישער װעלט. אַט קאָן מען האָבן דאַרװינען, מאַרקסן, און אַפילו זיך נישט אָפּזאָגן פון אַברהם־אָבינו. און אַז מע דאַרף ציטאַטעס פאַר אַ שׂיחה, קאָן מען זײ זוכן נישט נאָר בײַם חבר סטאַלין, מע קאָן זײ געפינען בײַ ישעיהן, בײַ עמוסן, און מע קאָן זײ ציטירן אין אָריגינאַל.

יאַנקל איז אַרויסגעקומען דער בעסטער אין אַ קורס פאַר מדריכים; ער האָט אָבער נישט געהאַט געננוג שומרישע טראַדיציע שוין צו װערן אַ דערציִער און פירער. אַ הכשרה־קיבוץ װעט אויספּילן דעם בלויז, האָט מען באַשלאָסן.



אין דער היים האָט מען חדשים לאַנג נישט געהערט פון יאַנקלען, מע האָט שוין נישט געװוּסט װאָס איבערצוקלערן. ברענגט גאָר עמעצער אַ מאָדנע ידיעה אַז מע האָט, חלילה, יאַנקלען אַרויסגעװאָרפן פון דער מתיבתא. פישל האָט צוזאַמענגעקראַצט די לעצטע פאַר גראָשן און זיך אַװעקגעלאָזט קײַן װאַרשע.

„נישט גענוג װאָס ער אַלײן איז אַראָפּ פון דרך־הישר, האָט ער נאָך אונטערגעטראָגן זײַנע חברים אַפּיקורסישע ביכער, האָט דער ראָש־ישיבה געזאָגט פישלען, „אַ חוטא־ומחטיא את הרבים, ער האָט נאָך געװאָלט דערפירן אַנדערע צו אַפּיקורסות. מע זאָגט אַז ער איז טאַקע אַװעק צו עפּעס אַן אַפּיקורסישער ,כּאַשאַראַ', אָדער װי זײ רופן עס".

יאַנקעלע אַ פּאַרפירער? חלילה! האָט פישל עס נישט געקאָנט גלייבן. יאַנקל וועט, חס־ושלום, נישט גיין אין די דרכים פון אַ ירבעם־בן־נבט. אויב ער גרייזט, וועט ער מיטן אייבערשטנס הילף צוריקקערן צו דער תורה. מע דאַרף זיך דערוויסן ווי די „כאַשאַראַ׳ איז.

ג.

יואל דעם רבס איז אַרײַנגעקומען זיך פרעגן וועגן יאַנקלען. אַלע מענער זענען געווען אַוועק פון שטוב; ער איז פון דעסט וועגן געקומען און זיך אַוועקגעזעצט אומגעבעטן. אויב דאָס וואָלט געשען בײַ עמעצן אַנדערש וואָלט רחל־לאה אַוודאי געטראַכט: הײַנטיקע רבנישע קינדער. דאָ האָט זי געזוכט עפּעס אַ גוט וואָרט צו זאָגן דעם גאַסט און אַ רוף געטאָן: „שפּרינצע־לעבן, ברענג אַרײַן אַ טרונק פריש וואַסער פאַר דעם רבס זון".

„וואָס שרײַבט יאַנקל?" האָט יואל געפרעגט.

רחל־לאה האָט נישט געוווּסט צי זי זאָל דערציילן וועגן יאַנקלס שווײַגן, האָט זי נאָר געזאָגט „ברוך־השם", און אַנטשוויגן געוואָרן.

רחל־לאה האָט מער נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, און יואל האָט מער נישט געוווּסט וואָס צו פרעגן. ביידע האָבן געקוקט צו דער טיר פון אַלקער. שפּרינצע האָט זיך נישט באַוויזן.

„שפּרינצע, שפּרינצע", האָט רחל־לאה ווײַטער גערופן. זי איז אַרײַן אין אַלקער — שפּרינצע איז געלעגן אויף איר בעטל מיט דעם קאָפּ פאַר־גראָבן אין קישן. „שפּרינצע, דעם רבס זון איז דאָ, טראָג אַרײַן אַ גלאָז וואַסער".

„געב דו אים וואַסער".

„כ׳האָב דיך גערופן, ער האָט געהערט".

„געב דו, מאַמעשי".

„ס׳אַ חרפּה. וואָס טוט זיך מיט דיר, שפּרינצע?"

„לאָז מיך אָפּ".

„שפּרינצע!"

„כ׳בעט דיך, מאַמעשי, כ׳בעט דיך לאָז מיך אָפּ".

רחל־לאה וואָלט נישט אָפּגעלאָזט, אָבער זי האָט נישט געוואָלט יואל זאָל הערן אַ קריגערײַ, האָט זי אַליין אַרײַנגעטראָגן דאָס גלאָז

וואַסער און נאָך געמוזט זאָגן אַ ליגן, אַז שפּרינצע שלאָפט. אפילו אויב ס׳וואָלט געווען אמת, איז אָך־און־וויי צו אַ מויד פון זעכצן יאָר וואָס שלאָפט אין מיטן העלן טאָג.

„אויפן חורבן־בית־המיקדש וויינסטו נישט, אַז יאַנקל איז נעלם געוואָרן אַרט דיך נישט, טאָ וואָס ליגסטו אין טונקעלן אַלקער ווי אַ פוילע קאַץ?" האָט רחל־לאה געפרעגט נאָך דעם ווי יואל איז אַוועק. זי האָט געפרעגט מיט גוטן, צום סוף זיך צעשריגן, אָבער דאָס אייציקע וואָס זי האָט אַרויסגעקריגן פון שפּרינצען איז געווען דער זעלביקער „לאָז מיך אָפּ".

„ביסט, חלילה, נישט געזונט?" איז דער מאַמעס קול ווידער געוואָרן ווייך, „גיי צו אַ דאָקטאָר". שפּרינצע האָט ווידער נישט געענטפערט; ערשט שעהען שפּעטער איז זי אַריינגעקומען אין געוועלב: „מאַמעשי, כ׳וויל פאָרן צו אַ דאָקטאָר אין לאָדזש".

„וואָס איז, שפּרינצע־לעבן, זאָג מיר, אַ מאַמע דאַרף אַלץ וויסן".

„כ׳האָב יסורים אין די פיס, אַז ס׳דערהרגעט מיך".

„ס׳איז פון וואַקסן, טאָכטער־לעב. ביסט, קיין עין־הרע, געגעבן אַזאַ וואַקס אַרויף".

„כ׳וויל פאָרן צו אַ גוטן דאָקטאָר".

„הוצאות, און דער דאָקטאָר, ס׳איז אַ מעשה פון אַ צען זלאָטעס. גיי צו אַ דאָקטאָר דאָ הי".

„ווילסט כ׳זאָל ווערן לאָם?" שפּרינצע איז אַ גיי געטאָן און אַ ביסל אונטערגעהונקען. רחל־לאה האָט אויסגעשפּיגן דריי מאָל: „טפו, טפו, אויף אַלע שונאים. אַוודאי אויסגעלענקט. פאָר, פאָר. כאָטש ווו איך וועל נעמען דאָס געלט פאַר דיר ווייס איך נישט".

ד.

פישל איז אַריינגעקומען אין קיבוץ. אַ מיידל — אַ קינד נאָך — איז געשטאַנען איבער אַ גרויסער באַליע, געוואַשן וועש. פישל האָט געפרעגט אויף יאַנקלען. דאָס מיידל האָט נישט געקענט קיין יאַנקל, לסוף האָט זי זיך געכאַפּט: „אַ, יאַקאָוו, איר זוכט דעם מנהל־עבודה? ער האָט איצט אַ שיחה מיט אַ פּלוגה".

פישל האָט נישט פאַרשטאַנען אַ וואָרט. ערשט שפּעטער האָט יאַנקל אים געזאָגט אַז די ווערטער זענען פון לשון־קודש, לשון־קודש ווי מע רעדט עס אין ארץ־ישראל.

לשון־קודש, ארץ־ישראל, נישטאָ אין דעם קיין חטא. ער האָט געזען אַז מען אַרבעט דאָ שווער ביי האַקן האָלץ, וואַשן וועש, טראָגן שווערע פּעק אויף די פּלייצעס, מען עסט דאָס שטיקל ברויט טאַקע בזיעת־אפּיים, מע טאָר נישט אויף זיי רעדן קיין שלעכטס. דערווייל האָט פישל געזען אַז דער אָוונט פאַלט צו, האָט ער אַ פרעג געטאָן: „בחורים, מינחה האָט עך שוין געדאַווענט?"

חברה האָט פאַרשטיקט אַ געלעכטער. פישל האָט געקוקט אויף זיי מיט גוטע אויגן: „לשון־קודש רעדט עך, אין הייליקן לאַנד ווילט עך פאָרן — זענט עך דאָך, ברוך־השם, טייערע יידן. אַ ייד מוז דאַווענען מינחה".

„די חסידאַקעס אין שטאָט זאָגן אַז מיר זענען ערגער ווי די גויים", האָט עמעצער זיך באַקלאָגט. „כ'האָב געבעטן ביי אַ ייד אַרבעט", האָט אַן אַנדערער דערציילט, „האָט ער געשריגן אויף מיר ,עוכר־ישראל'".

פישל האָט זיך דערשראָקן פון די בייזע רייד: „חלילה! מע זעמער אַלע דעם אייבערשטנס קינדער און דעם טאַטן טוט ווי אַז מע רעדט אויס אויף זיינע קינדער, אָבער מינחה דאַרפט עך דאַווענען. ארץ־ישראל, לשון־קודש, און תפילות אויך — ווער וועט זיך קאָנען צו אייך גלייכן?"

האָבן זיינע ווייכע רייד אָדער זיינע גוטע אויגן משפּיע געווען, צי מע האָט עס געטאָן צוליב יאַקאָוון? אַ בחור האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט היינט יאָרצייט, יאַנקל האָט זיך געשטעלט דאַווענען מינחה און באַלד דערנאָך מעריב. פישל האָט אונטערגעזאָגט „ברוך הוא וברוך שמו, אמן".

מע האָט געגרייט דעם טיש צו נאַכטעסן. יאַנקל האָט געזאָגט פישלען: „טאַטעשי, קיין טרפות איז נישטאָ, מיר האָבן נישט קיין פּוטער און מיר האָבן נישט קיין פלייש. אַז מע שמעלצט אַ מאָל דאָס געקעכץ, טוט מען עס מיט ביליקן אייל".

מע האָט דערלאַנגט צום טיש אַ קרויטזופּ מיט ברויט. „דאָס קרויט איז איבערגעקליבן פון ווערעם?" האָט פישל געפרעגט.

„כ׳בין נישט געווען אין קיך״, האָט יאַנקל געזאָגט דעם אמת, „נאָר מן־הסתם האָט מען עס אָפּגעקליבן, אַפילו אַ גוי מיגלט זיך פון ווערעם״.

פישל האָט געגעסן אויך דאָס קרויט, ער האָט שפּעטער געזאָגט יאַנקלען פאַר וואָס. „דער רבי ר׳ אלימלך, זכרונו־לברכה, האָט אין אַזאַ פאַל געגומען אַ ראיה פון דעם פּסוק ,ואנכי תולעת ולא אדם׳. ער האָט עס געטײַטשט: ,איך וועל בעסער עסן אַ ווערעמל איידער עסן אַ מענטש׳, דאָס מיינט מבייש זײַן, שופך־דמים זײַן״.

ווי נאַיִוו דער טאַטעשי איז, האָט יאַנקל געטראַכט מיט ליבשאַפט; ער מיינט אַז חברה וואָלט זיך שרעקלעך פאַרשעמט אויב מע וואָלט זיי חושד געווען אין נישט זײַן אָפּגעהיט מיט כשרות.



ווען פישל איז אַהיימגעקומען פון זײַן נסיעה האָט ער געפונען דאָס געוועלב פאַרמאַכט. רחל־לאה האָט אים באַגעגנט מיט אַ געוויין. די קניִען האָבן זיך אַ ברעך געטאָן אונטער פישלען. ער האָט אָפּגעאָטעמט ווען ער האָט דערזען אַז רחל־לאה האָט די לעדערנע שיך אויף די פיס; אָן אָבל, מע זאָל באַהיט ווערן, טאָר נישט טראָגן קיין לעדער. „עמעצער שלאָף?״ האָט ער געפרעגט מיט אַ ציטער אין קול.

רחל־לאה האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקל פּאַפּיר מיט שפּרינצעס כתב: „די בויט פאַרפינצטערט מיר די יאָרן, כ׳גיי אין דער וועלט אַרײַן״.

„אין דער וועלט אַרײַן? וואָס הייסט אין דער וועלט אַרײַן?״

„אַז דער טאַטע וויל נאָר פאַרזאָרגן אַלע מיט עולם־הבא, מוזן די קינדער אַליין זיך פאַרזאָרגן מיט עולם־הזה״, האָט רחל־לאה אים פאַר־געוואָרפן.

„אַזאַ קינד, אַזאַ איידלס, ווי וועט זי זיך אַן עצה געבן? זי ׳עט מוזן האָרעווען פאַר יעדן ביסן ברויט״.

„זײַנע דאגות! זאָל זי האָרעווען מיטן לײַב־און־לעבן, אָבער אַ מיידל אין דער פרעמד — ס׳איז אַ וועלט פון רשעים!״

פישלס בלאַס פנים, פול מיט אַנגסט, האָט צוריק באַקומען רויטקייט. „חלילה, מע שעלט נישט אַ קינד. און מענטשן זענען באַשאַפן בצלם־אלוקים, קיינער ׳עט, חלילה, נישט שלעכט טאָן אַ קינד״.

פישל האָט געזוכט שפּרינצען אין לאָדזש און אין אַלע אַרומיקע

שטעטלעך. קיין געלט אויף הוצאות האָט ער נישט געהאַט, איז ער געגאַנגען צו פוס פון אָרט צו אָרט. ער איז געשלאָפן אויף אַ באַנק אין אַ בית־המדרש, אָדער חסידים־שטיבל, געגעסן נאָר ברויט מיט וואַסער און געהאָפט. צו ערשט נאָר געגאַנגען אין די גאַסן און געקוקט, מע מוז האַלטן פּאַסאַן, עס זאָל שפּעטער נישט שאַדן צו אַ שידוך. ער האָט די אויגן זיך אויסגעקוקט און שוין אָנגעהויבן פרעגן. וואָכן האָט ער געזוכט און צוריקגעקומען אַהיים אַליין.

אַזאַ שטראָף, אַזאַ שטראָף! דער אייבערשטער ווייסט וואָס ער טוט און וועט זי זיכער אָפּהיטן פון בייז, אָבער דאָס האַרץ גייט אויס נאָך איר. ווען וועט ער שוין ווידער קאָנען זען ווי זי לויפט אויף די טרעפּ, הערן איר קלינגענדיק געלעכטער. ער איז נישט זיכער געווען צי עס איז גלייַך, בפרט פאַר אַן אישה אַזוי פיל צו לאַכן. ווען ער האָט עס געזאָגט שפּריגצען האָט זי נאָך מער געלאַכט: „כ׳בין נישט קיין אישה, כ׳בין אַ מיידל״. איר געלעכטער האָט אים געאַרט און ער האָט פון דעסט וועגן הנאה געהאַט דערפון. נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן? זי איז אַוועק ווי מיטן ווינט. עס זאָל איר נאָר קיין עין־הרע און קיין בייז נישט געשען. אויב זי וואָלט כאָטש געשריבן אַ פּאָר ווערטער.

## קאַפּיטל זעקס

# גענ יע

### א.

„יונגער־מאַן, איר האָט טאַלאַנט”, האָט מאַניעק וואַרשאַווסקי געקלאַפּט יואלן אין דער פּלייצע. יואל האָט זיך אַוועקגערוקט פון זײַן האַנט מיט אַ ווידערווילן, ווי אַ שרץ וואָלט אים אַנגערירט. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם מאַניעקס אייגעלעך מיט דעם קליגערישן גלענצל, מיט דער זיכערקייט אַז ער קאָן אַלעמען איבערכיטרעווען.

צוויי מאָל אַ וואָך פלעגט יואל אַרײַנקומען צו נטע פרידע אין הויז. ער האָט געלערנט תנ״ך מיט נטעס יינגסטן זון, קלמן, און פאַרדינט זײַן טאַשן־געלט. רוכטשע, די גימנאַזיסטקע, האָט אין אָנהייב אויסגעמיטן דעם בחור אין דער לאַנגער יופּעצע; זי האָט גיך אײַנגעזען אַז יואל קען ליטעראַטור בעסער פון איר, ער האָט מער ווי איין מאָל איר געהאָלפן בײַם צוגרייטן אירע לעקציעס. ווו לערנען זיי זיך אויס דאָס אַלץ, די בחורים מיט די רונדיקע יידישע היטעלעך?

יואל האָט אַליין נישט געוווּסט ווער עס איז שענער, רוכטשע אָדער איר עלטערע שוועסטער, געניע. רוכטשע — אַ קליינע, מיט אַ חנעוודיק, ווײַס פּנימל און גרויסע, גוטע, ברוינע אויגן. געניע — הויך, קערנדיק, איר הויט מאַט און ברוינלעך, אירע אויגן פול מיט סוד. רוכטשע איז אַ חנעוודיק מיידל; געניע איז ווײַב — די ווײַבלעכקייט שפּאַרט פון איר יעדן גוט־פאַרמירטן גליד. טאַקע אַ חידוש וואָס זי טוט נישט קיין שידוך, זי מוז שוין זײַן אַריבער די צוואַנציק.

יואל האָט עטלעכע מאָל פּראָבירט, און שוין געקענט אויפצייכענען אין עטלעכע שטריכן רוכטשעס פּנים. מיט געניען איז געווען שווערער, אפשר האָט ער זיך נישט גענוג אײַנגעקוקט אין איר? זי איז די קאַסירערין

אין דער ציוניסטישער פּאָלקסבאַנק, בלײַבט זי אַלע מאָל שפּעט נאָכצו־רעכענען די קאַסע. דער אמת איז, אַז עפּעס שעמט ער זיך צו קוקן אויף איר אַפילו ווען זי איז אין דער היים, טאַקע ווײַל עס ציט אים אַזוי צו קוקן אויף איר. צו קוקן אויף געניען איז עפּעס ווי צו קוקן אויף ווײַבערישער נאַקעטקייט. ער וויל דאָך זײַן אַ מאָלער און וועט דאַרפֿן קוקן אויף נאַקעטע מאָדעלקעס מיט אָביעקטיווקייט און נישט מיט אַזאַ געשפּאַנטקייט ווי ער קוקט אויף דער פֿול אָנגעטוענער געניע ווען ער כאַפּט בגניבה אַ בליק אויף איר. ער האָט שוין אַ סך מאָל פּראָבירט זי צייכענען, אָבער עס איז אים קיין מאָל נישט געלונגען אַרויסצוברענגען איר ווײַבלעכקייט און די מיסטעריע אין אירע אויגן.

דאָס איז געווען אין אַן אָוונט ווען אַלע זענען געווען אין דער היים. געניע איז געקומען פֿון באַנק פֿרי און געבראַכט מיט זיך דעם באַנק־פּאַרוואַלטער וואַרשאַווסקי. דער פּאַרשוין איז פּלוצלינג אויסגע־וואַקסן הינטער יואלס רוקן, אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּאַפּיר פֿון אונטער יואלס בלײַער און זיך צעגאַנגען אין התפּעלות וועגן דער צייכענונג.

יואל האָט זיך באַגאָסן מיט רויטקייט. „קלמנס פּנים איז אַ ביסל ענלעך, ווײַטער גאָר נישט", האָט ער אַרויסגעשטאַמלט, מע זאָל וויסן אַז ער האָט געצייכנט אויך קלמנען, אָבער דאָס פּאַפּיר איז געווען פֿול מיט סקיצעס פֿון געניען.

„די באַנק פּלאַנט צו געבן ר' נטען אַ לויבשריפֿט; אַז איר וועט עס צייכענען, וועט זײַן וואָס צו זען", האָט וואַרשאַווסקי נישט אויפֿגעהערט לויבן יואלן, „איר זענט אַ מאָלער".

„כ'בין נישט קיין מאָלער, ס'איז בלויז אַזאַ שפּילן זיך מיטן בלײַער — מענטשעלעך, ס'קומט סײַ ווי גאָרנישט אַרויס".

„ס'קומען אַרויס אמתע מענטשעלעך", האָט רוכטשע זיך אָנגערופֿן און רויט געוואָרן, „פּראָבירט צייכענען מיך".

געניע האָט סערווירט טיי און אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום טיש. יואל האָט געפֿירט זײַן בלײַער איבער דעם העפֿט פֿון קלמנס תּנ"ך־לעקציעס. „ס'איז דער טאַטעשי!" האָט קלמן אויסגעשריגן, ער האָט דערקענט דעם פֿאָטערס פּנים אין דער צייכענונג.

„איר דאַרפֿט שטודירן מאָלערײַ, טאַלאַנט דאַרף מען אַנטוויקלען", האָט וואַרשאַווסקי געגעבן יואלן אַ נישט־געבעטענע עצה.

וואַרשאַוווסקי האָט געהאַלטן אין איין לויבן יואלן, און יואל האָט אים פּייַנט געהאַט, אפשר ווייַל יענער האָט וועגן אַלץ גערעדט מיט אויטאָ־ריטעט, און אפשר ווייַל... געניע איז עטלעכע מאָל פאַרשוווּנדן נאָך וואַרשאַוווסקיס אַוועקגיין. ער, יואל, קאָן שווערן אַז דער וואַרשאַוווסקי קוקט צו געניען מיט אַ בליק וואָס נאָר זיי בײדע ווייסן וואָס עס מיינט, און דער וואַרשאַוווסקי האָט אין וואַרשע אַ ווייַב מיט קינדער.

וואַרשאַוווסקי האָט נישט אויפגעהערט געבן יואלן עצות, און גערעדט האָט ער מיט אַ זשעסטיקולאַציע און ניגון ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ רעדע אויף דער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער באַנק. יואל דאַרף פאַרן קיין וואַרשע שטודירן מאָלערייַ. דערווייַל לערנען זיך פון פּראַקטיק, אייַנקוקן זיך אין פּנימער און זיי צייכענען.

„צייכנט דעם פּאַן וואַרשאַוווסקי", האָט קלמן פאָרגעלייגט, און אַלע האָבן אים אונטערגעהאַלטן. אין דער מינוט האָט יואל געזען אין מאַניעקס אויגן עפּעס פאַלשס, קרעטינישס. ער האָט באַלד אויך געזען סימנים אַז אונטערן טיש איז מאַניעקס האַנט אויסגעבויגן צו געניען וואָס איז געזעסן לעבן אים. די האָרוואַרצלען האָבן זיך ווי אָנגעצונדן אויף יואלס קאָפּ. איר טאַטע־מאַמע זיצן בייַם טיש, און ער האָט די געמיינע זיכערקייט אַז ער קאָן אַלעמען און שטענדיק די אויגן פאַרבלענדן. אַזאַ מנוול!

„נו, יואל, וואָס זאָגט איר?"

„כ'קען נישט און כ'האָב נישט אויף וואָס".

רוכטשע איז אַרייַנגעלאָפן אין דער אַנדערער שטוב און געבראַכט פּאַפּיר. אין יואלס אויגן האָט אַ בליץ געטאָן אַ שקציש פּייַעדל: „גוט, איך וועל פּראָבירן".

יואל האָט אַוועקגערוקט זייַן בענקל צו האָבן דיסטאַנץ. קלמן האָט זיך געוואָלט שטעלן הינטער זייַן פּלייצע און קוקן ווי ער צייכנט, אָבער יואל האָט אים אַוועקגעטריבן. עס האָט אים גענומען אפשר אַ פופצן מינוט און ס'איז געווען פאַרטיק. ס'איז יאָ געווען ענלעך צו מאַניעקן, אָבער עס איז אַרויסגעקומען אַ מיאוסקייט. די ליפּן — ווי ער וואָלט זיך באַלעקט נאָך אַ געגנבֿעטן נאַש, דער בליק כיטרע, דער שמייכל קריכעריש. די ערשטע האָט געניע פּראָטעסטירט: „דאָס איז אַ קאַריקאַטור".

„אַזוי?" האָט יואל כּלומרשט זיך געוווּנדערט.

„ס'ווייַזט אַ פאַלשן מענטש", האָט געניע ווייַטער פּראָטעסטירט.

„דאָס בין איך זיכער נישט", האָט מאַניעק געזאָגט מיט אַ געצווונ־גענעם שמייכל.

„נו, מילא. איז אים דאָס מאָל נישט געלונגען", האָט נטע געוואָלט טרייסטן יואלן אַז נאָר דאָס מאָל.

יואל האָט גענומען דאָס שטיקל פּאַפּיר און עס נאָך אַ מאָל באַטראַכט: „ס׳איז גאָרנישט, לגמרי נישט שלעכט".

„אַזוי שלעכט איז נאָך נישט מיט מאַניעקן", האָט געניע נישט אָפּגעלאָזט.

„איך צייכן אַ מענטש אַזוי ווי איך זע אים", האָט יואל זיך געהאַלטן ביַי דאָס זיַיניקע.

„געניע ווייסט בעסער. פּרויען, זאָגט מען, זענען די בעסטע מבינים אויף מענער", האָט מאַניעק געזאָגט קליגעריש, מיט אַ ביסל באַרימעריַי אין זיַין טאָן.

„איך צייכן אַ מענטש אַזוי ווי איך זע אים", האָט יואל געזאָגט מיט עקשנות, „און וועגן דעם מבינות פון פרויען — מילא וואָס מע זאָגט. און אַז מע זאָגט אַז מאָלערס האָבן אַ דורכדרינגענדיק אויג?"

מע האָט געזען אַז יואל וועט נישט אָפּטרעטן פון דאָס זיַיניקע און קיינער האָט מער נישט געוואָלט ציִען דעם וויכוח וויַיטער. עס האָט איַינגעטראָטן אַ שווערע שטילקייט. יואלס פּנים האָט געפלאַמט ווי עס וואָלט אים עפּעס וויכטיקס געשטאַנען אין קאָן. ער האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין און נישט געפונען די דרייסטקייט זיך אויפצוהייבן פון בענקל.

„קלמן האָט געקראָגן אַ העברעיִשן בריוו פון זיַין פעטער", האָט רוכטשע געוואָלט איבעררייַסן די שטילקייַט, „ווי מיינט איר, יואל, ער וועט שוין קענען ענטפערן אין העברעיִש?"

יואל האָט אַ קוק געטאָן צו איר מיט דאַנק און געענטפערט: „איך וועל אים העלפן. קום, קלמן, אין דער אַנדערער שטוב וועלן מיר עס שוין איצטער טאָן".

יואל האָט זיך אויפגעשטעלט. קלמן האָט נישט געהאַט קיין חשק איצט זיך צו מוטשען איבער אַ העברעיִשן בריוו, ער וועט עס טאָן אויפן חשבון פון אַ העברעיִשער לעקציע. יואל האָט זיך שוין נישט צוריקגעזעצט. ער האָט געזאָגט, „אַ גוטע נאַכט", און שנעל אַוועק צו דער טיר. אין טונקעלן פירהויז האָט עמעצער אָנגעכאַפּט יואלס האַנט.

ס׳איז געװען רוכטשע. „איך האָב אים אויך ניט ליב, איך קאָן אים ניט אָנקוקן״, האָט רוכטשע אַרויסגעזיפּט פון צװישן די צײן, און צוריקגעלאָפן אין שטוב.

ב.

נטע פרידעס לעדערקראָם איז געװען פול מיט קונים. דער יונגער קלמן און די גימנאַזיסטקע רוכטשע האָבן בײדע געהאָלפן אין געשעפט. ס׳איז געװען אַ מאַרקטאָג. געניע פלעגט אויך אַרויסהעלפן, אָבער לעצטנס איז זי ניט די זעלביקע געניע. אין דער פרי שטײט זי אויף מיט געשװאָלענע אויגן פון ניט שלאָפן, און זי נעמט צו אָפט פּראָשקעס קעגן קאָפּװײטיק. זי איז יאָ אַרײַנגעקומען אין געװעלב, אָבער נאָך אײדער זי האָט זיך צו עפּעס צוגערירט האָט זי באַשלאָסן צו גײן אין באַנק אַרײַן. אין באַנק איז זי געזעסן ביז שפּעט, װען זי איז שוין געקומען אַהײם, איז זי אַרויף אין דעם צימער װאָס די מײדלעך האָבן געהאַט אויף אַ העכערן שטאָק און זיך געװאָרפן אויף איר בעט. זי האָט ניט קײן חשק געהאַט אַראָפּצוגײן אַפילו צום נאַכטעסן. די מאַמע האָט איר אַרויפגעטראָגן אַ גלאָז הײסע מילעך. „כ׳על שיקן נאָכן דאָקטאָר״.

„נײן, מאַמעשי, כ׳דאַרף ניט קײן דאָקטאָר, כ׳פיל זיך שוין בעסער״.

געניע איז אַראָפּגעגאַנגען צום טיש, זי האָט פויל געקײַט אַ שטיקל ברויט און האָט פּראָבירט שמײכלען. רוכטשע האָט געזען אַז געניעס טונקל ברוינע מאַנדלאויגן זענען רויט װי אין פיבער.

רוכטשע האָט זיך איבערגעװעקט בײַ נאַכט און געהערט װי איר שװעסטער װײנט. זי איז אַרײַן אין געניעס בעט: „װאָס איז עס?״

„גאָרנישט״.

„װאָס בעטשעסטו?״

„אַ בײזער חלום״.

„מער קאָנסטו ניט זאָגן?״

די גרויסע געניע האָט זיך צוגעטוליעט צו דער דראָבנער רוכטשען און זיך צעכליפּעט: „נאָך װאָס האָב איך געדאַרפט געבוירן װערן? כ׳על שלעכט ענדיקן, רוכטשעלע, כ׳על שלעכט ענדיקן״.

רוכטשע איז אַראָפּ פון בעט ברענגען געניען אַ טרונק וואַסער. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט און געפרעגט: „ביסט פאַרליבט?"

„ביסט אַ יונג נאַריש קעלבל".

„כ'בין נישט אַזוי נאַריש ווי דו מיינסט", האָט רוכטשע געענטפערט און אָוועק אָנצינדן די ליכט. זי איז צוריקגעקומען, געקוקט געניען גלייך אין די אויגן אַריין און איר געזאָגט: „ס'איז מאַניעק!"

„וואָס מאַניעק?" איז געניע אויפגעשפּרונגען.

„דו ביסט פאַרליבט אין מאַניעקן, און ער האָט שוין אַ ווייב".

„און אַז מ'איז פאַרליבט, גייט די וועלט אונטער?"

„דיין וועלט גייט דען אונטער?"

„כ'על שלעכט ענדיקן, רוכטשעלע".

„שלעכט ענדיקן, שלעכט ענדיקן", האָט רוכטשע איר נאָכגעקרימט, „אַלע מענטשן ענדיקן שלעכט, זיי שטאַרבן".

„הלוואַי וואָלט איך שוין געשטאָרבן!"

„הער אויף אַזוי צו רעדן, דו נאַריש, גרויס קאַלב, דער גאַנצער מאַניעק איז נישט ווערט דיינס אַ טרער".

„וואָס האָט ער דיר געטאָן?"

„ער האָט מיר גאָרנישט געטאָן, כ'האָב אים פיינט ווייל ער איז אַ קרעטין, און יואל דעם רבס האָט אים אויך פיינט".

„וואָס איז מיר שוין פאַר אַן אונטערשיד? איך וועל שלעכט ענדיקן. דו הערסט? וועסט זען, עס מוז זיך שלעכט ענדיקן".

רוכטשע איז רויט געוואָרן ביז אירע האָרוואָרצלען און אַזש גענומען שטאַמלען: „ער האָט דיר... דו... ביסט טראַגעדיק!"

„פע! ווי קאָן דיר גאָר אַזעלכעס איינפאַלן?" האָט געניע זיך געפילט באַליידיקט. רוכטשע האָט זיך פאַרשעמט און שוין מער גאָרנישט געפרעגט.

געניע איז אַלע מאָל געווען שלאַנק אַרום די היפּטן, אָבער איבער די שמאָלע, געטאָקטע היפּטן און דיבער טאַליע איז זי געווען פול און קערנדיק, די ווייבלעכקייט האָט געשפּאַרט פון אירע בלוזעס. איצט זענען אַלע קליידער לויז געוואָרן אויף איר, קיין זכר פון דעם פולכנעם, רייצנדיקן גוידערל, אַפילו די חן־גריבלעך זענען מער נישט געווען צו זען אויף אירע באַקן. דער טאַטע האָט זי געשלעפּט צו אַ דאָקטאָר אין

לאָדזש. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט: „נערוועיש נאָר נערוועיש. אַ סך רוען, אַ סך שלאָפֿן, נישט צולאָזן זיך קײן עגמת־נפֿש".



„יואל, איר לערנט דאָך אַ סך, לײענט אַ סך, אפֿשר קאָנט איר מיר זאָגן פֿאַר וואָס דאָס לעבן איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַזוי פֿאַרפּלאָנטערט? מע וויל גײן דעם גלײַכן וועג און מע פֿאַרקריכט אין אַ בלינד געסל אָן אַן אויסוועג..."

„פֿאַננע פֿרידע, עס איז פֿאַראַן אַן אויסוועג פֿון יעדער סיטואַציע, מע דאַרף נאָר וועלן און האָבן מוט".

„ס'איז מיר שלעכט, יואל, זײער שלעכט".

„איך זע אַז עפּעס דריקט אײַך, אָבער איך ווײס נישט וואָס, פֿרײַלין פֿרידע".

„רופֿט מיך גענינע. אוודאי ווײסט איר נישט, קײנער ווײסט נישט".

„אפֿשר קאָן איך זיך אָנשטויסן".

„כ'ווײס וואָס איר מײנט, נײן, כ'בין נישט פֿאַרליבט אין מאָניעקן. אין אָנהײב האָט ער געמאַכט אויף מיר אַן אײַנדרוק מיט זײַן גרויס־שטאָטישקײט, מיט זײַן דרײַסטקײט, אָבער ס'איז נישט דאָס. כ'וואָלט אײַך געזאָגט... נײן, כ'קאָן נישט זאָגן".

„צײַט הײלט אויס אַלע וווּנדן, פֿרײַלין פֿרי... גענינע".

„אָ, איר ווײסט נישט, יואל, איר קאָנט נישט וויסן".



דאָס איז געווען עטלעכע טעג שפּעטער. יואל איז געקומען צו קלמנען, אָבער עס איז קײנער נישט געווען אין שטוב; נאָר גענינע איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע. יואל האָט געזאָגט אַז ער וועט צוריקקומען שפּעטער און געוואָלט אַוועקגײן.

„בלײַבט דאָ, יואל, האָט גענינע זיך געבעטן. „ס'איז שלעכט, ס'איז דער סוף".

אירע אויגן האָבן געהאַט אַ פֿאַרנעפּלטקײט ווי זי וואָלט געהאַט היץ. יואל האָט זיך דערשראָקן פֿאַר איר אויסזען.

זי האָט זיך אויפֿגעהויבן: „קומט אַרויף אין מײַן שטוב, כ'בעט אײַך".

זי איז געגאַנגען צו דער טיר, יואל איז איר נאָכגעגאַנגען, ער האָט געשטעלט די פיס ווי ער וואָלט אַריַינגעטרעטן אין אַ חלום. ער איז קיין מאָל נישט געווען אין דעם צימער פון די מיידלעך, אָבער אין זיַין פאַנטאַזיע איז ער שוין געווען דאָרט אַן אָפטער גאַסט. ער, יואל, איז אין אַ מצב ווו ער לעבט זיך אויס אין זיַין פאַנטאַזיע מער ווי אויף דער וואָר. אַן אַנדערער בחור דאַרף זיַין גאַנץ נאָר מיט זיַין געוויסן, אַ רבס אַ זון מוז אויך היטן דעם טאַטנס כבוד. געוואַלד, אויב עמעצער זאָל אים זען אַרויפגיין מיט געניען... רוכטשע איז אַ גאַנץ שיין מיידל. אָבער ווען ער גליט אין די נעכט טראַכט ער קיין מאָל נישט וועגן רוכטשען. ער ליגט אויף זיַין שמאָל בעטל און זעט זיך גיין אַרויף צו דעם שטיבל מיט געניען, טאַקע ווי ער טוט עס איצט. וואָס וועט געשען אויף יענער זיַיט טיר? אין זיַינע חלומות האָט ער נישט געהאַט קיין ספקות. ס׳איז דאָך איר שלאָפשטוב און קיינער גייט נישט שלאָפן אין אַנטוועכץ. זי מאַכט לויז אַ בענדל אין איר אונטערוועש און איר ליכטיק, בלענדנדיק ליַיב שפּרינגט אַרויס פון אַלע צוימען...

געניע האָט איבערגעדרייט דעם שליסל אין שלאָס און שטיל אָפּגע־לענט די טיר. יואל איז אַריַין, געניע נאָך אים און פאַרשלאָסן די טיר הינטער זיך: „כ׳וויל נישט מע זאָל וויסן אַז איך בין דאָ״.

געוואַלד, וואָס טוט ער דאָ? האָט עס געשריגן אין יואלן. זיַינע תאוות לעבט ער אויס אין פאַנטאַזיעס וועגן געניען, אָבער ער לויפט אין הויז פון פישל קאַליסקי צו קאָנען כאַפּן אַ בליק אויף שפּרינצען, און דאָ... ער מוז זיך האַלטן אין דער מדרגה, ר׳ נטע איז דעם טאַטעשיס אַ ידיד.

געניע האָט נישט אַנגעצונדן קיַין ליכט, זי האָט אים צוגעפירט צו אַ בענקל און אַליין האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר בעט. יואלס האַרץ האָט געקלאַפּט העכער ווי דער וועקזייגער אויפן נאַכטטישל. „כ׳על פאַרפוילט ווערן אין קרימינאַל״, האָט זי אַ וואָרף געטאָן ווערטער אַזוי משוגע ווי זיַין אַרויפקומען דאָ.

„וואָס עפּעס אין קרימינאַל?״

„ס׳איז געקומען אַ קאָנטראָלער פון וואַרשע, ער וועט אַלץ אויפ־דעקן״.

„אויפדעקן? וואָס?״

„עס פעלט געלט אין דער באַנק, אַ סך געלט".

„וואָס רעדט איר?"

„יעדן טאָג האָט געפעלט צו דער קאַסע, פאַרשווונדן געוואָרן, כ'ווייס נישט ווי אַזוי. איך האָב אַלץ אַריינגעלייגט און פאַרשריבן, כ'האָב צוזאַמענגערעכנט בײַם שליסן דעם טאָג. ס'האָט געדאַרפט זײַן 5,300, איז געווען נאָר 4,800. ווו זענען אַהינגעקומען 500 זלאָטעס? גערעכנט אַהער, גערעכנט אַהין — נישטאָ!"

„האָט איר עמעצן געזאָגט?"

„געזאָגט? וועמען האָב איך געקאָנט זאָגן? אַנשטאָט אונטערצײַען וואָס עס האָט אויסגעמאַכט, האָב איך אויפגעשריבן די סומע וואָס איך האָב געפונען אין דער קאַסע. כּסדר אַזוי, יעדן טאָג".

„איר ווייסט ווער?"

„קיינער קומט נישט אַרײַן ווען איך בין נישט דאָ".

„ס'איז מאָניעק?"

„כ'האָב אים געוואָלט פרעגן, נאָר ווי קאָן מען זאָגן עמעצן אַזאַ זאַך?"

„האָט איר עס געלאָזט אַזוי, אַלץ זאָל פאַלן אויף אײַך?"

„יענע וואָך האָב איך אים שוין געפרעגט, האָט ער זיך באַליידיקט".

„זיך באַליידיקט, האַ? דער איידעלער מענטש... איר האָט געדאַרפט זאָגן דעם טאַטן, געדאַרפט גיין צו דער פּאָליציי".

„דער קאָנטראָלער וועט שוין זאָגן, ער וועט שוין גיין צו דער פּאָליציי. איך בין די קאַסירערין, איך האָב געפעלשט די ביכער — דאָס איז די אונטערשטע שורה. כ'על נאָך אַ מאָל ליגן אויף דעם בעט? כ'על פוילן אין קרימינאַל. כ'וואָלט זיך געדאַרפט אויפהענגען".

זי איז אַ נאַיווע. ווי קאָן אַ מיידל וואָס איז אויפגעוואַקסן אין דעם הויז פון דעם תּמימותמדיקן, גוטן ר' נטע חושד זײַן עמעצן אין אַזעלכע מיאוסע זאַכן? אָבער קיין בהמה איז זי דאָך נישט, פאַר וואָס האָט זי נישט געפונען עמעצן זיך צו פאַרטרויען? „רוכטשע ווייסט?" האָט ער אַ פרעג געטאָן.

„קיינער, קיינער ווייסט נישט".

„ליבא לפומא לא גליה", דאָס האַרץ אַנטפּלעקט עס נישט צום מויל, זי האָט עס נישט געקאָנט אַרויסברענגען אויף אירע ליפּן. „געניע,

איר ווייסט אַז איך קאָן דעם מאָניעק נישט אָנקוקן, דערפאַר האָט איר זיך פאַרטרויט פאַר מיר? איר ווילט איך זאָל עמעצן זאָגן?"

„ס'איז צו שפּעט. דער קאָנטראָלער וועט שוין זאָגן וועמען מע דאַרף, און וועמען מע דאַרף נישט. נאָך וואָס טאַקע האָב איך אײַך דאָ אַרויפגעשלעפּט? העלפן קאָן מיר שוין קיינער נישט, דערנענטערן זיך צו אײַך האָב איך געדאַרפט פריִער. כ'בין נישט משוגע געוואָרן, יואל, נאָר אַ מענטש אין מײַן מצב האָט שוין גאָרנישט וואָס אָנצוווערן און גאָרנישט וואָס צו באַהאַלטן. איך האָב געפילט עפּעס... כ'ווייס נישט ווי עס צו זאָגן, און אפשר האָב איך זיך עס אײַנגערעדט, — עפּעס האָט זיך אָנגעהויבן וועבן צווישן אונדז. זאָגט גאָרנישט, יואל, פּרויען דערפילן אַזעלכע זאַכן. אויב איך וואָלט נישט געווען אַזוי פאַרצוקט וועגן די קאַסעביכער... איך ווייס שוין גאָר נישט וואָס איך רעד..."

זי האָט זיך צעכליפּעט און זיך באַמיט דערשטיקן די שלוכצן מע זאָל נישט הערן אונטן. יואל האָט צוגערוקט זײַן בענקל נענטער און מיט אַ ציטערדיקער האַנט אַ גלעט געטאָן אירע האָר. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן זײַן האַנט און זי באַדעקט מיט קושן. „קום צו נענטער, יואל, קוש מיך, יואל. כ'האָב דיך פאַרשפּילט, כ'האָב מײַן גאַנץ לעבן פאַרשפּילט".

ער האָט נאָכגיביק גענענט צו איר. איר פּנים האָט אָנגערירט זײַנעם, אירע ליפּן זענען געווען נאַס און געזאַלצן פון טרערן. אירע פינגער האָבן באַרירט זײַנע באַקן, די שפּיץ פינגער קאַלט ווי אײַז, נאָר דער ריח פון איר גוף האָט אַ שלאָג געטאָן מיט היץ. דער דרוק פון איר פולן בוזעם האָט פאַרכאַפּט זײַן אָטעם.

„קוש מיך, יואל, דריק מיך שטאַרקער, כ'וויל אויסגיין אין דײַנע אָרעמס".

„כ'טו דיר ווי?" האָט ער געפרעגט און לויזער געמאַכט דעם קלאַמער פון זײַנע אָרעמס".

זי האָט געדריקט זיך צו אים שטאַרקער.

זײַנע ליפּן זענען געשפּרונגען פון איר מויל צו די אויגן, פון די אויגן צו די באַקן, פון די באַקן צום האַלדז. האָט אַ קנעפּל זיך אָפּגעריסן בײַ איר דעקאָלט? זײַנע ליפּן האָבן דערפילט רונדיקייטן פון איר לײַב, זײַנע הענט האָבן גענומען זוכן די קנעפּ פון איר בלוזע.

„עס האָט מיר געקאָנט אַזוי גוט זײַן מיט דיר. צעקוועטש מיך, יואל, איך זאָל מער נישט דאַרפן אַראָפּגיין אונטן״.

יואל האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. זי האָט אין דער פינצטער אויפגע־זוכט זײַנע הענט און זיי צוריק אַרויפגעלייגט אויף איר בוזעם.

יואל איז אָפּגעשפּרונגען פון איר. פּאָר אַ ווײַלע האָט ער געהערט נאָר דאָס האַסטיקע קלאַפּן פון זײַן האַרץ. דאָס בעט האָט אַ קרעכץ געטאָן, און דער צימער איז פול געוואָרן מיט אירע פאַרשטיקטע שלוכצן.

דער וועקזייגער האָט טיק־טאַקעוועט, דאַכט זיך, העכער און העכער און אים געוואָרנט: די צײַט לויפט, עמעץ וועט אָנקומען, רוכטשע וועט אַרײַנקומען... אָבער ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

„כ׳מוז דיר עפּעס זאָגן״, האָט זי געשעפּטשעט מיט אַ קול פול טרערן. „זינט איר האָט אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו אונדז... כ׳האָב אַ סך געחלומט וועגן אײַך. איך בין אין אַ מצב וואָס מע דאַרף שוין גאָרנישט באַהאַלטן. וואָס וועט איר טראַכטן וועגן מיר?״

יואל האָט געמאַכט אַ טריט זיך צוריק אַוועקצוזעצן אויפן בעט; זײַן האַנט האָט זיך געשטרעקט איר אַ גלעט צו טאָן, אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן. ער איז צופרידן געווען וואָס זי האָט אים ווידער גענומען זאָגן „איר״, די פּלוצעמדיקע פאַמיליאַרישקייט וואָלט געווען פאַרדאַכטיק צו רוכטשען, צו ר׳ נטען, צו אַלע. ער האָט זיך אַראָפּגע־בויגן און געפליסטערט צו איר: „איר זענט איצט שיכּור פון טרערן, איך טאָר נישט אויסנוצן אַ מינוט פון שוואַכקייט״.

„וואָס וועט זײַן מיט מיר, יואל?״

„האַלט זיך, שטאַרקט זיך. ר׳ נטע איז אַ חשוב אין שטאָט. מע וועט שוין געפינען עפּעס אַן עצה. איך מוז שוין גיין״.

געניע איז אַראָפּ פון בעט און אים צוגעפירט צו דער טיר. זי האָט געעפנט אַ שפּאַרע און אַרויסגעקוקט. זי האָט אַ שלעפּ געטאָן זײַן אַרבל, ער זאָל גיין, אָבער ער האָט נישט געקאָנט געפינען זײַן היטל. געניע האָט נאָך אַלץ נישט געוואָלט אָנצינדן קיין ליכט. אין דער פינצטער האָבן זיי ביידע געטאַפּט מיט די הענט איבערן גאַנצן צימערל. זיי האָבן זיך באַגעגנט אויף דער פּאָדלאָגע. געניע האָט אויסגעשטרעקט צו אים דאָס פּנים, ער האָט איר אַ שנעלן קוש געטאָן אין באַק און אַ שעפּטשע געטאָן: „די טיר איז נישט פאַרשלאָסן״.

עס איז געווען שטיל און טונקל אויף די טרעפּ ווען ער איז אַרויס. ווען ער איז שוין געווען אויף די לעצטע טרעפּ, האָט רוכטשע אונטן געעפנט די טיר. אַ פּאַס ליכט איז געפאַלן אויף יואלן. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי זיין צעטרעטן היטל און אַרויסגעלאָפן אין גאַס.



נטע פרידע האָט געקלאַפּט אין טיש און געשריגן: „פּאָליציי! שוין רופן פּאָליציי און אַרעסטירן דעם גנב, איידער ער אַנטלויפט!"

מאָניעק האָט געקוקט אויף אים ווי מ'קוקט אויף אַ קינד וואָס באַנאַרישט זיך.

„פּאַניע פרידע, מעג איך איך עפּעס זאָגן אויג אויף אויג?"

„איך האָב נישט קיין שום סודות מיט דיר! האָסט געגנבעט, גיב צוריק, אָדער גיי אין קרימינאַל אַריין!"

„איך בין נישט דער קאַסירער. וואָס זענט איר אַזוי זיכער אַז איך בין דער גנב?"

„דו חוצפּהניק, ווילסט געבן אָנצוהערן אַז מיין געניע האָט עס געטאָן?"

מאָניעק האָט עפּעס אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר און עס אונטערגערוקט נטען.

ר' נטע האָט אויסגעשטרעקט די האַנט עס צו געבן אַ שאַר אַוועק, האָט אַראָן דאַווידאָוויטש, דער ציוניסטישער סעקרעטאַר, אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעמען דאָס צעטעלע. ר' נטע האָט עס אַ כאַפּ געטאָן, געוואָרפן אַ בליק אויף די שורות, און אַוועקגעלאָפן אַהיים.

נטע פרידע איז צוריקגעקומען אין דער באַנק אַריין אַ געבויגענער, מיט אַ גרוי, צעקנייטשט פּנים. „לאָמיר פאַררייבן די גאַנצע זאַך", האָט ער זיך געבעטן, „מ'איז דאָך ייִדן. ס'עט זיין אַ חילול־השם, ס'זאָל קומען אין גאַס אַריין".

„גנבים דאַרף מען איינזעצן. די וועלט איז נישט הפקר", האָט אַראָן דאַווידאָוויטש, געקלאַפּט אין טיש אַריין.

„איינזעצן וועט מען דאָך קודם־כל מיין געניען, זי איז דאָך די קאַסירערין. ביז דער אמת וועט אַרויסקומען וועט זי דערווייל זיצן אין קרימינאַל. אַ מיידל, מע דאַרף אַ שידוך טאָן, איר פאַרשטייט?"

אַראָן האָט גוט פֿאַרשטאַנען די סיטואַציע און דאָ געזען אַ מעגלעכקייט די באַנק זאָל צוריק־קריגן דאָס גאַנצע געלט, האָט ער נישט אויפגעהערט שרייַען: „אין תּפֿיסה אַרייַן! אָן דער באַנק וועלן אַ סך ייִדן בלייַבן אָן ברויט, אין תּפֿיסה אַרייַן!"

דער רבֿ האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. עס פֿעלט קנאַפּע צען טויזנט זלאָטעס; צווינגען ר' נטען דאָס אַלץ צו באַצאָלן וועט מען אים טרייַבן צו באַנקראָט. אויב די באַנק זאָל זיך פֿאַרמאַכן וועלן אַ סך אַנדערע ייִדן געטריבן ווערן צו באַנקראָט. דער רבֿ האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש: „שאַ. מיר האָבן געהערט די טענות פֿון אַלע צדדים, יעדער צד דאַרף האָבן אַ יישוב־הדעת. קומט אַרייַן, אם־ירצה־השם, מאָרגן אין דער פֿרי".

„מע קאָן עס נישט אָפּלייגן ביז מאָרגן, מע קאָן עס נישט אָפּלייגן אויף אַ מינוט!" האָט אַראָן געשריגן, „ס'איז אַ פּאָליציי־זאַך, אַלץ מוז געסילוקט ווערן, שוין דאָ אויפֿן אָרט!"

„אויפֿן אָרט", האָבן אַנדערע אים אונטערגעהאַלטן.

דער רבֿ האָט ווידער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און אַ געשריי געטאָן: „איך בין דאָ דער מרא־דאתרא און איך זאָג מיר'ן וואַרטן ביז מאָרגן!"

„מייַן דאגה", האָט אַראָן כּלומרשט אַראָפּגעלאָזט די הענט, „ביז מאָרגן וועט עס זייַ ווי אָנקומען צו דער פּאָליציי. מע קאָן נישט פֿאַרמאַכן דאָס מויל ביי אַ גאַנצער שטאָט".

יואל, וואָס האָט זיך צוגעהערט פֿון הינטער דער טיר אין דער אַנדערער שטוב, האָט מורא געהאַט אַז דער טאַטעשי האָט זיך נישט געכאַפּט אַז אַראָן סטראַשעט. ער האָט געעפֿנט די טיר און אַרייַן אין בית־דין־שטוב. יואל האָט געדרייט מיט אַן אויסגעשטרעקטן גראָבן פֿינגער און גערעדט מיט אַ ניגון, ווי ער וואָלט אויסגעטייַטשט אַ האַרבן תּוספֿות: „אַלע ווייסן אַז ר' נטעס טאָכטער האָט נישט גענומען קיין פּרוטה, אויב עס זאָל קומען צו די סאָנדעס וועט דער ריכטער זי זיכער באַפֿרייַען..."

„כ'וויל נישט קיין סאָנדעס", האָט ר' נטע זיך דערשראָקן.

יואל האָט ווייַטער געצויגן זייַן סבֿרא: „ר' נטע איז גרייט צו צאָלן ממון און דמים עס זאָל נישט קומען צו דער פּאָליציי, אויב אָבער די פּאָליציי וועט שוין וויסן, וועט ער נישט געבן קיין צעבראָכענעם גראָשן. אמת, ר' נטע?"

ר׳ נטע האָט זיך נאָך אַלץ נישט געכאַפּט וואָס יואל איז אויסן און ווײַטער זיך געבעטן: „כ׳וויל נישט קיין פּאָליציי״.

„די וואָס ווילן איר זאָלט געבן געלט וועלן שוין זען עס זאָל נישט אָנקומען צו דער פּאָליציי״, האָט יואל אויסגעפירט און געקוקט אַרויס־רופעריש אַראָנען אין די אויגן אַרײַן.

„אַ יינגל זאָל זאָגן דעות אין בית־דין־שטוב״, האָט אַראָן זיך געבייזערט.

„דו מיש זיך נישט אַרײַן, און קום דאָ נישט אַרײַן בעת אַ דין־תּורה״, האָט דער רב אָנגעשריגן אויף יואלן. „וועט מען זיך דאָ צוזאַמענקומען, מאָרגן, אם־ירצה־השם״, האָט ער זיך געוואָנדן צום עולם.



דער צומאָרגנס איז געקומען, אָבער דער רב האָט נישט געקאָנט געפינען קיין עצה. דאָ זענען נישט שייך קיין פּשרות, מע גייט אין תּפיסה פאַר אַ גניבה פון איין זלאָטע ווי פאַר צען טויזנט. אַז נטע זאָל געבן ווייניקער וואָלט עמעצער געדאַרפט געבן די רעשט, אָבער קהל דאַרף דאָ נישט לײַדן. ווען קאָן מען צווינגען צו צאָלן כּדי צו ראַטעווען דעם כּבוד פון ר׳ נטעס טאָכטער? אַפילו אויב זי וואָלט געטאָן איר אַרבעט אין דער באַנק בחינם, וואָלט דער דין פון אַ שומר־חינם זי נישט געראַטעוועט. זי האָט געוווּסט אַז עס פעלט, איז זי מודה, און עס איז געווען איר חוב צו מאַכן אַן אַלאַרם, אָבער זי האָט גאָר אַרײַנגעשריבן אין די ביכער אַ פאַלשן סך־הכּל, זי האָט אַליין אַרויפגעשלעפּט אויף זיך די פולע אַחריות.

„דו ביסט דאָך אויך אַ טאַטע״, האָט ר׳ נטע זיך געבעטן בײַ אַראָנען ווען מען איז זיך ווידער צוזאַמענגעקומען בײַם רב.

„אַ סך טאַטעס וואָס דאַרפן שפּײַזן זייערע קינדער מוזן האָבן די באַנק״.

„כ׳על דאַרפן אויסלײדיקן ס׳גאַנצע געשעפט״.

„די באַנק איז אַזוי וויכטיק ווי אײַער געשעפט״.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט, עס האָט אַרײַנשפּאַצירט איטשעלע מילקעס מיט אַ פּאַפּיראָסל אין מויל. אויפן פּנים האָט ער געהאַט דאָס זעלביקע עזותדיקע שמייכעלע מיט וועלכן ער איז אום שבת אָקעגן

געגאַנגען זײַן טאַטן מיט אַ ברענענדיקן פּאַפּיראָס אין מויל. וואָס וויל דאָ דער שמדניק, האָבן אַלע זיך געוווּנדערט.

איטשעלע איז צוגעגאַנגען צום רב: „אַ גוט־מאָרגן רבי. אַן אַפּיקורס בין איך טאַקע, אָבער אַ האַרץ האָב איך. פאַר וואָס זאָל עמעצער גײן אין קרימינאַל פאַר מײַנע חטאים?"

„ס'איז דאָ אַ דין־תּורה", האָט אַראָן אים איבערגעריסן, „נישטאָ קײן צײַט פאַר דײַנע שפּיצלעך".

איטשעלע האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט צו אַראָנען. „איך האָב באַגנבעט די באַנק", האָט ער געזאָגט צום רב, „איצט קאָנט איר אײַנזעצן דעם אמתן גנב".

„מיר האָבן נישט קײן צײַט אויף ליצנות", האָט דער רב זיך אָפּ־געבײזערט.

„ס'איז נישט קײן ליצנות. כ'האָב געדאַרפט געלט צו דרוקן קאָמוּ־ניסטישע פּראָקלאַמאַציעס, האָב איך זיך געמאַכט אַ נאָכשליסל צו דער באַנק".

„און זײ טשעפּען זיך צו מײַן טאַכטער", איז נטע שוין גרײט געווען צו גלײבן.

„וווּ איז דײַן נאָכשליסל", האָט אַראָן געפאָדערט.

„כ'האָב געהערט אַ קאָנטראָלער איז געקומען, האָב איך אַרײַנגע־וואָרפן דעם שליסל אין טײַך, האָט איטשעלע אויפן אָרט געפונען אַן ענטפער".

„ווי אַזוי האָסטו געמאַכט אַ נאָכשליסל?" האָט דער רב געפרעגט.

„וואָס נעמט איר מיך דאָ אויף אַ פאַרהער ווי אַ גנב? איך האָב עס געטאָן פאַר מײַן אידעאַל און בין שטאָלץ דערמיט. איך בין גרײט צו גײן זיצן".

„צו מאַכן אַ נאָכשליסל דאַרף מען האָבן דעם ערשטן שליסל, נישט אַזוי?" האָט דער רב געפרעגט אַראָנען.

„אויב איך וואָלט זיך נישט מודה געווען, רבי, וואָלט אײַער פאַרהער געווען אויפן אָרט. אַז איך בין מיך מודה, צו וואָס די אַלע שאלות?"

אַראָן איז צוגעשפּרונגען צו איטשען און אים געטײַטלט אין פּנים אַרײַן: „מע האָט דיך אונטערגעקויפט, דו זאָלסט עס נעמען אויף זיך. מע האָט דיר באַצאָלט דערפאַר, זיכער ווײניקער ווי קרוב צו צען טויזנט!"

דער קליינער איטשעלע איז אונטערגעשפרונגען און געטייַטלט דעם הויכן אַראָן אין פּנים אַריַין: „מיך אונטערגעקויפט? עץ מיינט איך בין ענקער גלייַכן, איר קאָרומפּירטע כּלל־טוערס? מייַן פעטער שלמה האָט אַ סך מאָל געוואָלט מיך אונטערקויפן איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון מייַן אידעאַל, עץ זעט דאָך ווי ער האָט געפּועלט".

„דער רבי זעט צו וואָס דאָס אָפּלייגן האָט דערפירט?" איז אַראָן געווען אין כּעס.

דער רב האָט אַריַינגעפירט נטען אין צווייטן צימער: „וואָס איז דאָס, ר' נטע?"

„אַ נס־מן־השמים", האָט נטע תמימותדיק געענטפערט.

„האָט דער יונג מאָניעק געלייקנט אַז ער האָט געגנבעט?"

„ניין", האָט נטע מודה געווען.

„טאָ וואָס באַטייַט דאָס מיט דעם איטשע?"

„כ'ווייס נישט, רבי. כ'זאָל אַזוי געהאָלפן ווערן ווי איך הייב נישט אָן צו וויסן".

דער רב איז צוריקגעקומען אין בית־דין־שטוב. איטשעלע האָט גע־פּיפּקעט זייַן פּאַפּיראָס און ווילעריש געבלאָזן דעם רויך פון אַ ווינקל מויל.

דער רב האָט ווידער גענומען איטשעלען אויף אַ פאַרהער: „ווי האָסטו גענומען דעם ריכטיקן שליסל צו מאַכן דעם נאָכשליסל? ווער האָט עס פאַר דיר געמאַכט?"

„כ'האָב אַליין געמאַכט דעם נאָכשליסל".

„ווי אַזוי?"

„די פאַננע פרידע האָט אַ מאָל פאַרלוירן די שליסעלעך, ס'איז געווען זומער בייַם טייַך. כ'האָב נאָכגעמאַכט אַ שליסל, דערנאָך אונטערגע־וואָרפן אירע, זי זאָל זיי צוריק געפינען".

„ווען איז דאָס געשען? פון וואַנען האָסטו געוווּסט וועמענס שליסלען דאָס זענען?"

„כ'בעט איבער אייַער כּבוד, רבי, אָבער איך וועל מער נישט ענטפערן אויף קיין שום פראַגעס. איך האָב נישט געוואָלט עמעצער אַנדערש זאָל לייַדן פאַר דעם וואָס איך האָב געטאָן. איר ווילט מיר נישט גלייבן? איז עס אויף אייַער אַחריות. שיקט נאָך מיר ווען איר וועט מיך דאַרפן".

ר׳ נטע איז אַהיימגעלאָפֿן פֿרעגן געניען. ניין, זי דערמאָנט זיך נישט זי זאָל האָבן פֿאַרלוירן אירע שליסלען. נאָר איין מאָל האָט זי געהאַט פֿאַרגעסן אַרויסצונעמען איין שליסל, דער קאַסע־שליסל איז געבליבן שטעקן אין שלאָס ביז אין דער פֿרי. ווער עס האָט עס געקאָנט אַרויס־נעמען? קיינער האָט נישט די שליסלען צו דער טיר פֿון דער באַנק חוץ זי און... און...״

„מאַניעק?״

„ער איז דאָך דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער באַנק״.

געניע האָט געדענקט מער ווי זי האָט געקאָנט זאָגן דעם טאַטן. ס׳איז געווען אין אַ פֿרײַטיק. מאַניעק איז געבליבן נאָך די באַנק־שעהען, זי איז אַהיימגעגאַנגען צו ליכט־בענטשן און נאָכן שבתדיקן טיש זיך צוריק אַרײַנגעשלײַכט צו מאַניעקן. ערשט מאָנטיק, ווען זי האָט געעפֿנט די באַנק האָט זי געזען אַז זי האָט געהאַט פֿאַרגעסן אַרויסצונעמען דעם שליסל פֿון דעם קאַסע־שלאָס. עס האָט דעמאָלט גאָרנישט געפֿעלט.

נטע איז געלאָפֿן זוכן מאַניעקן. דער יונג האָט עוקר געווען פֿון שטאָט. נטע האָט נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט מאַניעקס צעטעלע. „אויב מע וועט מיך אַרעסטירן וועט געניע מיטגיין מיט מיר אין תּפֿיסה, מיר וועלן דאָרט טאָן דאָס וואָס מיר פֿלעגן טאָן אין די אָוונטן אין דער באַנק, און עס וועט מיר גאָר נישט זײַן אַזוי שלעכט. אויב איר זענט חס אויף געניעס כּבוד, זײַט געוואָרנט עס זאָל מיר קיין האָר אויפֿן קאָפּ נישט גערירט ווערן״.

„מײַן דאגה ווער עס איז״, האָט אַראָן געזאָגט ווען נטע איז צוריק־געקומען, „אַבי די באַנק זאָל נישט לײַדן. ר׳ שלמה מילקעס וועט נישט דערלאָזן זײַן פּלימעניק זאָל גיין זיצן פֿאַר גניבֿה און קאָמוניזם״.

נטע האָט נישט געענטפֿערט. ער האָט גענומען אַרויסלייגן געלט פֿון אַלע קעשענעס. מע האָט איבערגעציילט פֿיר טויזנט מיט אַכט הונדערט זלאָטעס. פֿאַר דער רעשט האָט ער אויסגעשטעלט וועקסלען צו הונדערט זלאָטעס אַ וואָך.



ווען אַ דראָזשקע האָט אין אַ טונקעלן אָוונט געפֿירט געניען צו דער באַן, האָט זי געבעטן דעם דראָזשקאַזש מאַכן אַן אומוועג. זי האָט

זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער שטוב װוּ איטשע מילקעס האָט געװוינט. אין שטוב איז געװוען פּינצטער און קײנער האָט נישט געענטפערט אויף איר קלאַפּן אין טיר. אויפן װאָקזאַל האָט זי אָנגעשריבן אַ קאַרטל: „כ'װייס נישט װאָס איר זענט אויסן געװוען, אָבער איך װעל אײַך קײן מאָל נישט פאַרגעסן, אפילו דאָס בלויזע װעלן העלפן".

געניע איז געפאָרן קײן װאַרשע צו קרובים. רוכטשע האָט געזוכט אַ פּאָסטן. נטע פרידע האָט װײַטער געפירט זײַן לעדערקראָם, אָבער חוץ אויף פּרנסה האָט ער געדאַרפט נאָך הונדערט זלאָטעס אַ װאָך פאַר דער באַנק. כאָטש דער גאַנצער ענין האָט געדאַרפט בלײַבן אַ סוד, איז עס, װײַזט אויס, אָנגעקומען צו די הורט-סוחרים. אַ דוחק אין מזומן און אײַנגעשרומפּענע קרעדיטן, האָט דאָס געװעלב מער נישט געהאַט דעם בויטיקן אויסװאַל פון סחורות.

## קאַפּיטל זיבן

# איטשעלע שמדניק

### א.

אין די קינדער־יאָרן, אין חדר, שפּעטער אין בית־המדרש, און אַפילו נאָך זייערע חתונות — מע קאָן זאָגן, ביז נאָך דער מלחמה — האָבן אַלע געוווּסט אַז פון ר׳ איטשע מילקעסעס צוויי זין, מלך און שלמה, איז דער עלטערער, מלך, דער קלוגערער און דער גרעסערער בן־תורה. יאָ, שלמה האָט געקענט לערנען אַ פּרשה חומש מיט רש״י, אַ פּרק משניות, אפשר אויך אַ בלאַט גמרא, אָבער מלך איז געווען אַ למדן. אמת, זינט ער איז אַזוי אַרײַנגעטאָן אין קהלישע ענינים און פּירט אָן מיט דער אַגודה־פּאַרטיי, זעט מען מלכן זעלטן בײַם לערנטיש אין בית־המדרש. אָבער ער קאָן נאָך אַלץ אויסשאָקלען שלמהס תּורה פון איין אַרבל. איז טאַקע נישט צו פאַרשטיין פאַר וואָס אים, מלכן, רופט מען אין שטאָט „מלכל״, און שלמהן רופט מען „ר׳ שלמה״. שלמה איז נאָך דער מלחמה רײַך געוואָרן און מע דינט נאָך אַלץ צום גאָלדענעם קאַלב.

מיינט עס אַז די וועלט איז שוין אין גאַנצן הפקר? חלילה! שׂכל איז נאָך אַלץ אַ בעסערע מטבע ווי געלט. ווען מען האָט מען אויסגעקליבן ווי פּרעזעס פון דער אַגודה און שפּעטער אויך ווי ראש־הקהל? צו זײַן אַ מנהיג דאַרף מען האָבן שׂכל, איז מען טאַקע געקומען צום עלטערן, צום קליגערן, צו מלכן. זײַן ווײַב, חנה, זאָגט אַז שלמה, אַליין אַן אַגודהניק, האָט מיט זײַן געלט צו דרוקן אויפגערופן און וואַלצעטלען געהאָלפן די אַגודה זאָל געווינען. עט, וואָס פאַרשטייט דען אַ נאַרישע ײדענע? קעגן דער אַגודה איז געלאָפן דער מזרחי, און אין שפּיץ פון מזרחי שטייט שלמהס בכור, דער גדליה, אַ יונג וואָס טוט אַ טובה אַז ער דאַוונט נאָך.

די אַגודה האָט אַן אַסיפה און דער פּרעזעס האַלט אין מיטן רעדן; פּלוצלינג ווערט אַ טומל, מע שטעלט זיך אויף, מע רוקט איבער בענקלעך. ווער איז אַרײַנגעקומען, דער דוואָרטער גאָון אָדער, להבדיל, גראַף פּאָטאָצקי? דער כּלומרשטער עניו, שלמה, איז בכּיוון געקומען שפּעט כּדי מע זאָל זיך דאַרפֿן אויפֿשטעלן פֿאַר אים. טאָקע דאָס האָט אים דערמאָנט אַז ווי אַ מנהיג, אַ ראָש פֿון אַ פּאַרטיי, טאָר ער נישט נושׂא־פּנים זײַן און שוינען אַפֿילו אַן אייגענעם ברודער. ער האָט ממשיך געווען זײַנע רייד מיט גרויס התלהבות, ער האָט גערעדט מיט היץ קעגן די וואָס מאַכן פּשרות אין ייִדישקייט, שיקן זייערע טעכטער אין די גימנאַזיעס, ווו זיי גייען אַרויס לתּרבות־רעה, און אַפֿילו זייערע זין רײַסן זיי אַוועק פֿון דער תּורה און שפּאַנען זיי אײַן אין חיי־שעה. דאָס פֿײַער ברענט אין אונדזער אייגן הויז, אַפֿילו אין אונדזער גערער שטיבל. עד מתי, ווי לאַנג וועלן מיר דאָס דערלאָזן? אויב מיר זענען חס אויף ייִדישקייט דאַרף מען מעקבֿ־הקריאה זײַן, אָפּהאַלטן דאָס לייענען די תּורה און שרײַען געוואַלד, און נישט שוינען אַפֿילו אַן אייגענעם ברודער...

מע האָט אין גערער שטיבל נישט צוריקגעהאַלטן דאָס לייענען, פֿאַרקערט: מע האָט שלמהן געגעבן די שענסטע עליות. ווען מלך האָט פֿאַרבירט דערמאָנען אַז שלמה האָט אים אַרויסגעשטופּט פֿון דער ירושה־פֿאַבריק, האָט קיינער נישט געלייגט קיין אַכט. ווי זאָגט מען עס, אין איין אויער אַרײַן, פֿון צווייטן אַרויס.

מיט דער ירושה־פֿאַבריק איז אַזוי געווען די מעשׂה. דער אַלטער ר׳ איטשע מילקעס, עליו־השלום, איז געשטאָרבן נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. בײַ זײַן לעבן האָט דער זון שלמה, ווי אַלע אין שטאָט, געמיינט אַז דער פֿאָטער איז אַ נגיד. ער האָט געהאַט אַכצן וועבשטולן. חוץ וועבערס, שערערס, רײַנערס און שפּולערינס, האָבן פֿון דער פֿאַבריק געצויגן שׂכירות ר׳ איטשע, וואָס האָט געפֿירט אַ ברייט הויז, זײַן עלטסטער זון מלך, זײַן איידעם לייזער פֿאָגעל. ר׳ איטשעס צוויי שוואָגערס פֿון זײַן צווייט ווײַב, זענען אויך געוואָרן אָנגעשטעלטע אין דער פֿאַבריק. ווען ר׳ איטשע איז געשטאָרבן איז געבליבן אַ קליינע פֿאַבריק מיט גרויסע חובֿות. מלך איז איצט געוואָרן דער הויפּט בעל־הבית; אַליין האָט ער נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, און קיין עצה בײַ שלמהן נישט

געוואַלט פרעגן. מיט די אַרבעטערס האָט ער געהאַט סכסוכים; דער שטיפמאַמען האָט ער נישט געוואָלט געבן קיין פרוטה ביז זי וועט צוריק־געבן דאָס צירונג און דעם קאַראַקולענעם מאַנטל וואָס דער טאַטע האָט איר געהאַט געגעבן, און וואָס אַ טייל דערפון איז געבליבן נאָך זײַן מאַמע. דער שוואָגער לייזער האָט ערלעך געאַרבעט אין געשעפט און האָט אויך נישט געקראָגן קיין שכירות, עס איז פשוט נישט געווען פון וואַנען צו נעמען. מען איז געגאַנגען צו אַ דין־תורה, די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן וואָכן לאַנג, מע האָט זיך מער געקריגט ווי פאַרהאַנדלט.

שלמה האָט געהאַט געטאָן אַ נגידישן שידוך, געגעסן קעסט אין וואַרשע און נאָכן צוריקקומען קיין גורוויטש געעפנט זײַן אייגן געשעפט. ער האָט נישט אַרויסגערוקט קיין שום תביעות צו דער ירושה. בײַ דער דין־תורה האָט ער נאָר געזוכט צו געפינען אַ פשרה און אַן אויסגלײַך צווישן די צדדים. איין מאָל, אין מיטן אַ קריגערײַ, האָט שלמה אַ פרעג געטאָן מלכן: „וויפל זאָגסטו איז ווערט די פאַבריק, כ׳מיין דער בנין מיט די מאַשינען מיט אַלעם צוזאַמען?"

„קיין העלפט נישט וויפל די בריליאַנטן, די פערל, די פוטערס וואָס די מומע האָט צוגעראַבעוועט אַלץ פאַר זיך".

„און וויפל איז ווערט די פאַבריק מיט די מאַשינען מיט דעם צירונג — אַלץ צוזאַמען?"

„זי האָט פאַר גוטע פינעף טויזנט רובל צירונג".

„און די פאַבריק?"

„אַלטע פאַרזשאַווערטע ווערבשטולן, פאַרזשאַווערטע שפּולמאַשינען".

„וויפל?"

„אפילו נישט קיין דרײַ טויזנט, און אפשר קיין צוויי טויזנט אויך נישט".

„און וויפל זענען פאַראַן חובות?"

„קרוב צו פינעף טויזנט".

„קומט אויס אַז די פאַבריק מיטן צירונג צוזאַמען זענען ווערט אַרום זיבן — אַכט טויזנט, און נאָכן אָפּצאָלן די חובות וועט בלײַבן אַ קײַמא־לן פון צוויי ביז דרײַ טויזנט".

„מיט די בעלי־חובות קאָן מען זיך פאַרגלײַכן", האָט מלך געענטפערט.

„חלילה! דער טאַטעשי איז, חס־ושלום, נישט קיין באַנקראָטניק. נאָכן

באַצאָלן דעם טאַטעשיס חובות וועט בלײַבן, זיכער נישט מער ווי דרײַ טויזנט רובל. מיר זענען, בלי־עין־הרע, דרײַ קינדער און די מומע".

„נאָר זין ירשענען! איך וויל אַ ריינע דין־תּורה", האָט מלך געשריגן.

„זאָל זײַן אַזוי. צוויי זין פֿאַר דרײַ טויזנט, קומט אויס פֿופֿצן הונדערט אויף דײַן חלק".

„דעם עלטסטן קומט טאָפּלט".

„מלך, דו האָסט פֿאַרגעסן אַז דו ביסט נישט קיין בכור; די מאַמעשי, עליה־השלום, האָט, נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט, געמפּלט פֿאַר דיר. אוודאי קאָנסטו נישט געדענקען אַז דו האָסט נישט געהאַט קיין פּדיון־הבן, אָבער דו האָסט זיך קיין מאָל נישט נוהג געווען ווי אַ בכור. הכּלל, פֿופֿצן הונדערט רובל אויף דײַן חלק".

„ווער וועט עס אויסצאָלן?"

„איך. איך קויף אָפּ די גאַנצע ירושה. איך וועל באַצאָלן אַלע חובות, און איך וועל דיר, מלך, אויסצאָלן פֿופֿצן הונדערט אין מזומן".

„זאָל זי אָפּגעבן דאָס צירונג", האָט מלך זיך געהאַלטן בײַ זײַנס.

„וואָס איז עס דײַן דאגה? איך קויף אַלץ".

„נישטאָ וואָס צו פֿאַרקויפֿן", האָט די שטיפֿמאַמע זיך אַרײַנגעמישט, „כ'האָב אַלץ פֿאַרזעצט".

„בײַ וועמען?" איז מלך איר אַקעגנגעשפּרונגען.

„כ'האָב געדאַרפֿט געלט פֿאַר דאָקטוירים".

„זאָל די מומע זיך נישט מצער זײַן. איך וועל אויסצאָלן מלכן וואָס ער זאָגט אַז עס קומט אים, און איך וועל די מומע נישט שלעפּן צו קיין דין־תּורות. איך וויל מע זאָל שוין אויפֿהערן מבזה זײַן דעם טאַטעשי, עליו־השלום. ס'איז שוין נאָך די שלושים און ער מעג שוין האָבן מנוחה אויף יענער וועלט".

שלמה האָט געגעבן מלכן פֿופֿצן הונדערט רובל, ער האָט אָפּגעצאָלט אַלע חובות, געלאָזט דאָס צירונג בײַ דער שטיפֿמאַמע און אַפֿילו איר געצאָלט וואָכנגעלט. וואָס דען, ער וועט, חלילה, לאָזן דעם טאַטעשיס אַלמנה אָן פּרנסה? די וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן איידער ער האָט באַוויזן עפּעס אויפֿצוטאָן אין דער פֿאַבריק. אַלץ וואָס ער האָט געהאַט פֿון זײַן קניה אין די מלחמה־יאָרן איז געווען די פּירות וואָס זענען געוואַקסן אין דעם גאָרטן הינטער דער פֿאַבריק.

די מלחמה האָט זיך סוף־כל־סוף געענדיקט און פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מדינה. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט טאַקע אָפּגעריסן דעם רוסישן מאַרק, אָבער די מלחמה־יאָרן האָבן איינגעשלונגען אַלע רעזערוון. קונים האָבן געוואַרט אויף יעדן שטיקל סחורה נאָך איידער עס איז פֿאַרטיק געוואָרן. שלמה האָט זיך צוגענומען אַ שותּף. דער אויפגעקומענער גביר, מאָריץ ברייער, האָט אַריינגעבראַכט פרישן קאַפּיטאַל, מע האָט צוגעבויט נייע בנינים און געבראַכט נייע עלעקטרישע מאַשינען פֿון שוועדן. שלמה האָט מקפּיד געווען אויף דער קוואַליטעט, די „מילקעס און ברייער"־סחורות האָבן באַקומען אַ גוטן נאָמען איבערן לאַנד און די פֿאַבריק איז געוואַקסן און געוואַקסן.

שלמה האָט זיך געבויט אַ ניי רחבותדיק הויז אויפן שענסטן פּלאַץ אין שטאָט. ווען ער האָט זיך געגרייט אַריינצוציִען אין זיין הויז האָט ער מכבד געווען זיין עלטערן ברודער, מלך, מיטן אָנקלאַפּן די מזוזות. מלך האָט געענטפֿערט אַז פֿריִער האָט ער נאָך איבערצושמועסן אַ מיסחר־ענין. ער האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש פּופּצן צאַריש־רוסישע הונדער־טערס וואָס האָבן מער נישט געהאַט קיין ווערט און געזאָגט: „טעות לעולם חוזר. ס'איז געווען אַ טעות, נאַדיר צוריק דיין געלט און איך בין ווידער אַ שותּף אין אונדזער ירושה־פֿאַבריק".

מלך האָט פּראָבירט זיך באַזעצן אין דער פֿאַבריק, אָבער ביי מאָריץ ברייער האָט ער נישט געקאָנט זיין קיין תּקיף. אין גערער שטיבל האָט ער געקלאַפּט אין שולחן און געשריגן: „כ'וויל נישט קיין דין־תּורה, כ'וויל נישט קיין פּשרות, כ'וויל נאָר וואָס איז מיין — אַ חלק אין מיין טאַטנס פֿאַבריק".

שלמה האָט עטלעכע מאָל אָפּגעקויפֿט ביי מלכן דעם זעלביקן חלק ירושה. מלך האָט נישט געהאַט קיין מזל אין מיסחר; ווען ער האָט פֿאַרלוירן זיין געלט איז ער ווידער געקומען מיט טענות. מלך האָט צום סוף מסכּים געווען, שלמה זאָל אים צאָלן שׂכירות יעדע וואָך, בתּנאַי ער זאָל נישט אַריבערטרעטן די שוועל פֿון דער פֿאַבריק.

## ב.

אויף מלכס הויז האָט זיך, רחמנא־ליצלן, אויסגעגאָסן אַ קללה. זיין ווייב, חנה, איז שטענדיק געווען אַ דאַרע, אַ בלאַסע, אָבער געטראָגן

איר עול. פּלוצלינג איז זי אַוועקגעפֿאַלן אין אַ שווערער שלאָפֿקייט, לעכער אין די קישקעס, נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט. מע האָט גערעדט וועגן נעמען זי צו אַ גרויסן דאָקטאָר קיין וואַרשע, אָבער איידער־וואָס־איידער־ווען איז שוין נישט געווען וועמען צו ראַטעווען. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז זי האָט אַוודאי געליטן לאַנג איידער עמעץ האָט געהערט פֿון איר אַ קרעכץ.

בײַ דער לוויה האָבן די טעכטער געוויינט, געשריגן. איטשע האָט שטיל געזאָגט קדיש — אַ שטילער בחור. נאָך דער לוויה האָט מען אין שיבֿעה־הויז געדאַוונט מינחה־מעריבֿ. די שפּיגלען פֿאַרהאָנגען, דער פֿאַרשטאָרבענערס בעט איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך. איטשע איז געזעסן אויף אַ קליין בענקעלע, די אויגן פֿאַרמאַכט. מענטשן זענען פֿאַרבײַגעגאַנגען די אָבֿלים און געפּרעפּלט: „המקום ינחם אתכם..."

איטשע האָט נישט געהערט זייער געפּרעפּל. די מאַמעשי ליגט נאָך אויף איר בעט. די אויגן נאָך אָפֿן. ער בייגט זיך אַראָפּ אָפּצווווישן דעם שווייס פֿון איר פּנים, אָבער זי שוויצט שוין נישט. ער הערט ווי אין איר אינגעווייד גיסט זיך, עפּעס בולקעט — ווי וואַסער פֿון אַ צעבראָכע־נער רינוווע. דאָס חיות רינט אויס פֿון איר, און ער קאָן שוין איצט גאָר־נישט טאָן. פֿריִער, נעכטן, אייערנעכטן, אַ מאָל — ווען מע האָט נאָך געקאָנט עפּעס טאָן, האָט ער גאָרנישט געטאָן. איצט קאָן מען שוין גאָרנישט טאָן, גאָרנישט!

די מתפּללים זענען אַוועק, געבליבן נאָר עטלעכע נאָענטע, דעם טאַטנס נאָענטע. מע האָט גערעדט קהילה־פּאָליטיק. די מאַמעשי איז שוין נישטאָ און ער האָט גאָרנישט געטאָן און קאָן שוין איצט מער גאָרנישט טאָן, גאָרנישט! זי ליגט דאָרט אונטער די ברעטער, פֿאַרשיט מיט ערד, און ער הערט דאָ, ווי דאָרט בולקעט עס נאָך בײַ איר אין בויך און וועט שוין אַזוי בולקען אייביק, ווײַל קיינער האָט גאָרנישט געטאָן, ווײַל ער האָט גאָרנישט געטאָן. און איצט קאָן מען שוין גאָרנישט טאָן, ג־אָ־ר־נ־י־ש־ט!

איטשעס געלעגער איז געווען אויף דער קאַנאַפּע, אין דער סאַליע ווו מ'איז געזעסן שיבֿעה. ווען אַלע זענען אַוועק שלאָפֿן, איז איטשע נאָך געבליבן זיצן אויף דעם קליינעם שיבֿעה־בענקעלע. ווען מלך איז אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי האָט ער ווידער געטראָפֿן איטשען זיצן

אויפן בענקעלע. שכנים האָבן אָנגעהויבן קומען צום מנין. מלך האָט אָנגעטאָן טלית־און־תּפילין און דערלאַנגט איטשען זײַנע תּפילין. איטשע האָט אַראָפּגעצויגן דעם לינקן אַרבל, און די באַכהענגענדיקע פֿאַלע פֿון זײַן יופּעצע פֿאַרבונדן אַרום די לענדן מיט זײַן גאַרטל; ער האָט אַרויפֿגעשאַרצט דעם אַרבל פֿון זײַן העמד און אָנגעטאָן דעם של־יד אויף דער האַנט, און דעם של־ראָש אויפֿן קאָפּ, ווי דער דין איז. לויטן דין דאַרף מען מאַכן אַ ברכה און זאָגן דעם פּסוק „וארשׂתיך" אָבער איטשעס ליפּן האָבן זיך נישט באַוועגט. מע האָט פֿאַרענדיקט „פֿון פֿאַרנט", די תּפילות פֿאַר שחרית, „עד שיבא הכתוב השלישי ויכריע ביניהם", האָט דער בעל־תּפילה פֿאַרענדיקט, און געוואַרט איטשע זאָל זאָגן קדיש. איטשע איז געשטאַנען מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און פֿאַרזיגלט מויל.

„נו אָ, קדיש", האָבן די מתפּללים אין אונטערגעזאָגט.

„איטשע, רבנן קדיש", האָט מלך אים געמונטערט. איטשעס ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן, אָבער קיין קול איז נישט אַרויס. מלך האָט גענומען אַ סידור, אויפֿגעמישט קדיש דרבנן און עס געשטופּט איטשען אין האַנט אַרײַן. דער סידור איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד. מלך האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אויפֿגעהויבן דעם סידור צום מויל און אַ הילכיקן סמאָטשקע געטאָן. איטשע האָט געעפֿנט די אויגן, זיי אויפֿגעריסן ברייט און אַ געשריי געטאָן צו מלכן: „קוש דעם סידור! דעם סידור הייבסטו אויף פֿון דער ערד, די מאַמעשי האָסטו געטריבן אין דר'ערד אַרײַן!"

מלך איז געבליבן שטיין אָן לשון.

איטשע האָט אַראָפּגעריסן דעם של־ראָש פֿון זײַן קאָפּ און אַ וואָרף געטאָן אין דעם צוגעדעקטן שפּיגל. „עוכר ישׂראל!" האָט עס זיך אַרויסגעריסן פֿון מלכן מיט אַ קוויטש.

איטשע איז אַרויסגעלאָפֿן און ווי אַ וויכער זיך געטראָגן איבער די גאַסן. אונטער דעם לינקן אַרבל פֿון זײַן העמד זענען נאָך געווען אַרומגעוויקלט די רצועות פֿון דעם של־יד. דער גאַרטל האָט זיך אָפּגעבונדן און אַראָפּגעפֿאַלן, אַ שוואַרצע פֿאַלע פֿון זײַן יופּעצע האָט געפֿלאַטערט הינטער אים אין ווינט ווי אַ פֿליגל פֿון אַ צעפֿלאָשעטער פֿלעדערמויז.

באַלד נאָך דער שיבעה איז מלך געפֿאָרן צום רבין קיין גער. דער רבי האָט איבערגעלייענט מלכס „קוויטל" און געזאָגט: „אַ ייִד איז

געקומען צום בעל־שם־טוב און געפרעגט: ‚מײַן זון איז אַראָפּ פון דרך־הישר, וואָס זאָל איך טאָן מיט אים?׳ האָט דער בעל־שם־טוב־הקדוש געענטפערט: ‚האָב אים ליב נאָך מער ווי פריִער׳ ".

„רבי, ער טוט, רחמנא־ליצלן, זאַכן וואָס כ׳קאָן גאָר נישט ברענגען פאַרן מויל".

„דער ‚כרחם אב על בנים׳ זאָל זיך מרחם זײַן", האָט דער רבי צוגעוווּנטשן מלכן און גענומען אַן אַנדערן ייִדנס קוויטל.



אַן איבערפּראָדוקציע אין טעקסטיל־סחורות. די קלײנע פאַבריקלעך האָבן אָפּגעזאָגט אַרבעטערס, אין די גרויסע פאַבריקן, ווו מע האָט נאָך געאַרבעט אויף פולער פאַרע, האָט איטשעלע אויך נישט געקאָנט באַקומען קײן אַרבעט, די פאַבריקאַנטן האָבן מורא געהאַט אַז זײערע פּראָדוקציע־סודות קאָנען אָנקומען צו זײער גרעסטן קאָנקורענט „מילקעס און ברײַער". ווי שטאַרק איטשע האָט עס געוואָלט אויסמײַדן, האָט ער געמוזט אָנקומען צו זײַן פעטער שלמה.

„אין דער פאַבריק?" האָט ר׳ שלמה זיך געוווּנדערט, „וואָס וועסטו טאָן אין אַ פאַבריק?"

„איך וויל זיך אויסלערנען וועבן, שערן, יעדע אַרבעט בײַ וועלכער איך וועל קאָנען פאַרדינען מײַן ברויט".

„דײַן אָרט איז בײַ דער גמרא".

„פעטער, אויף דעם פּסוק: ‚און דער אײבערשטער וועט דיך בענטשן אין דער אַרבעט פון דײַנע הענט׳, זאָגט דער מדרש: ‚אויב ער אַרבעט ווערט זײַן אַרבעט געבענטשט; אויב ער אַרבעט נישט געניסט ער נישט פון דער ברכה׳".

„תורה איז אַלײן אַ ברכה. דו ביסט, ברוך־השם, געבענטשט מיט אַ גוטן קאָפּ".

„אין פּרק שטײט אַז מע דאַרף לערנען תורה צוזאַמען מיט אַ מלאָכה".

„וואָס איז שלעכט מיט דײַן מלאָכה? ביסט דאָך אַ בוכהאַלטער אין דער אַגודה־באַנק".

„נישט איך וויל אַרבעטן אין זײַן באַנק, נישט זײ וועלן מיר לאָזן

װײַטער אַרבעטן. כ׳װיל אַ מלאָכה װי װעבן, שערן, כ׳װיל פֿאַרדינען מײַן ברױט בזיעת־אַפּיים״.

„איטשע, דו ביסט שױן אין די יאָרן פֿון בגרות װען מע דאַרף טראַכטן װעגן אַ שידוך. מיט דײַן תּורה קאָנען זיך נישט אַ סך פֿאַרגלײַכן, דאָקעגן װעבערס װעלן אַלע מאָל זײַן בעסערע פֿאַר דיר״.

„פּעטער שלמה, אױפֿן פּסוק ,טוב לגבר כי ישא עול׳ זאָגט דער מדרש, אַז אַ מענטש דאַרף טראָגן דעם עול־תּורה, עול פֿון אַ װײַב, און עול פֿון אַ מלאָכה — אַלע דרײַ צוזאַמען״.

„איטשע־קרױן, דו האָסט, ברוך־השם, אַ שאַרפֿן קאָפּ און אַ שאַרפֿע צונג. כ׳בין נישט אױסן צו געװינען מיט דיר אַ װיכּוח. בנאמנות, עס גײט מיר נאָר אין דײַן טובֿה״.

„פּעטער, אָפּענע דיבורים: איך האָב מער גאָרנישט צו טאָן מיט דער ייִדישקײט װאָס מלכּל מילקעס איז איר מנהיג״.

„ניטע, איטשע! כ׳װײס דו האָסט, נעבעך, געהאַט אַן אומגליק און ,אין אדם נתפּס על צערו׳, דער װײטיק שרײַט פֿון דיר אַרױס װי, נישט דאָ געדאַכט, אַ דיבוק. װאָס איז דער טאַטע שולדיק? לעבן און טױט איז אין די הענט פֿון דעם אײבערשטן״.

„לעבן און טױט איז אין די הענט פֿון גאָט, אָבער װען עמעצן איז באַשערט געהרגעט צו װערן, איז פֿון דעסט װעגן דער װאָס הרגעט אים אַ רוצח, און עס קומט אים מיתה. ער האָט זי דערהרגעט, פּעטער, ביס־לעכװײַז, אַלע יאָרן״.

„ס׳איז אַן אײַנרעדעניש, איטשע, האָסט זיך עס אַזױ אײַנגערעדט״.

„כ׳בין נאָך געװען אַ קינד, ערשט אָנגעהױבן גײן אין חדר; דעם גערער רבינס אַ ברודער, אָדער אַ שװאָגער, עפּעס אַ װאָזשנער יחסן איז געװען אין שטאָט און געדאַװנט בײַ אונדז אין שטיבל. איך האָב זיך אַרומגעריסן מיט אַן אַנדער קינד און געמאַכט אַ גערודער. װען מיר זענען אַהײמגעקומען פֿון דאַװענען האָט ער מיך אַרײַנגעשלעפּט אין דער לעצטער שטוב, פֿאַרשלאָסן די טיר, און מיך געשמיסן״.

„מילא, אַ קינד דאַרף מען אַ מאָל שמײַסן. ,חושך שבטו, װער עס האַלט צוריק זײַן רוט, האָט פֿײַנט זײַן זון, און דער װאָס האָט אים ליב שטראָפֿט אים בײַ צײַטנס׳, זאָגט שלמה המלך״.

„איך װאָלט עס אַװדאי שױן לאַנג געהאַט פֿאַרגעסן, אָבער די מאַמעשי

איז געשטאַנען אויף יענער זײַט טיר און זיך געבעטן מיט געוויין ,גענוג, מלך, שוין גענוג, לאָז אים שוין אָפּ', און ער האָט נישט אויפגעהערט שלאָגן. וואָס מער זי האָט זיך געבעטן, אַלץ מער איז געוואַקסן זײַן רציחה, ער האָט מיך געשלאָגן און איר ווײ געטאָן. וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָט זי אים געטאָן? איז עס אַזאַ גרויסער חטא אַז זי האָט נישט פֿײַנט געקראָגן זײַן ברודער שלמה?"

„פּע, איטשע, דאָס איז ערגער ווי רכילות. דו האָסט זיך עס אײַנגערעדט, איטשע".

„פּעטער, דו ביסט צו גוט, דו זאָלסט קאָנען פֿאַרשטיין זײַן צעקרומטן שכל. אויב שלמה האָט אים באַראַבעוועט, קאָן ער בלײַבן דער חכם און דער באַוווּלטער; אויב אָבער שלמה איז גערעכט... יעדער גוט וואָרט וועגן שלמהן איז אַ קלאַפּ אין דעם יסוד פֿאַר זײַן אײַנגערעדטער גאווה. אויב שלמה האָט אים נישט באַראַבעוועט, איז ער אַ לא־יוצלח, אַ..."

„איטשע, איך האַלט זיך אײַן צו זײַן אַ ,מענה רך', דיר צו ענטפֿערן מיט ווייכקייט, כּדי נישט אויפֿצובלאָזן דײַן צאָרן, אָבער איך קאָן נישט צוהערן ווי דו רעדסט אויס אויף דײַן אײגענעם טאַטן".

„גוט, פּעטער, איך וועל אויך זײַן אַ ,מענה רך', כ'על אויסמײַדן שאַרפֿע ווערטער. אָבער זאָג דו מיר ווי איך זאָל דאָס פֿאַרשטיין: עטל און ברכה אָן אַ קליידל אויף יום־טוב, איך אָן שיך אויפֿן ווינטער, און ער האָט אין שטיבל זיך אײַנגעקויפֿט חתן־תּורה און נאָכן דאַווענען פֿאַרבעטן דאָס גאַנצע שטיבל אויף קידוש. וואָס האָט די מאַמעשי געקאָנט טאָן? זי האָט אָוועקגעגעבן די קינדערס ביסן".

„דאָס האַלטסטו קעגן דײַן טאַטן? דאָס איז מײַן שולד! בײַ מיר באָדט מען זיך אין שווילטאָג און בײַ מײַן ברודער הונגערט מען. בנאמנות ווי איך האָב נישט געוווּסט".

„פּעטער, איך האָב אַלץ געזען. ער האָט געריסן פֿון דיר געלט און עס אויסגעגעבן צו קויפֿן זיך כּבוד, אָבער אויב די מאַמעשי וואָלט עפּעס גענומען פֿון דיר, וואָלט געווען הימל עפֿן זיך. איין מאָל, דאָס איז געווען טאַקע אין אַ שימחת־תּורה נאָכן גרויסן קידוש. די מאַמעשי האָט גענומען די קינדער און געגאַנגען צום פּעטער שלמה. די מומעשי מירל האָט געגעבן כּיבוד, פֿינטשע האָט מיר געגעבן פֿולע טאַשן מיט ניס פֿון אײגענעם גאָרטן. ס'איז מיר געווען אַזוי גוט אַז כ'האָב אין דער היים

געגעבן דעם גוטן טאַטעשי אַ פּאָר ניס. דערוװוּסט זיך פֿון װאַנען איך האָב די ניס, האָט ער גענומען שרײַען אויף דער מאַמעשי: ,בהמה, אָפּגעריסענער נאַר׳. דער אמתער ,מתכבד וחסר לחם׳, אין גאַס זיך געשטעלט גרויס, און אין דער היים נישט געגעבן אויף דעם נײטיקסטן״.

,,דאָס איז גאָר נישט מעגלעך, איטשע. דער שׂטן פֿון ביטערקייט האָט עס אַרײַנגעזעצט אין דיר אָפּילו מיט מכּלומרשט גענויע װערטער. אַ קינד קען גאָרנישט פֿאַרגעדענקען אַזעלכע זאַכן״.

,,איך געדענק גענוי יעדער װאָרט. די מאַמעשי האָט זיך געבעטן בײַ אים: ,מלך, די קינדער׳. ער האָט זי דערהרגעט ביסלעכװײַז״.

,,איטשע, ס׳איז מיר איבער דער טבע צו הערן פֿון דיר אַזעלכע רייד װעגן דײַן טאַטן און װעגן מײַן עלטערן ברודער װעמען איך בין מחויב אָפּצוגעבן כּבוד. דו ביסט פֿלייש פֿון מײַן פֿלייש און ביין פֿון מײַן ביין, אָבער איך קאָן גאָרנישט טאָן קעגן מלכס װילן. װאַרף אַװעק די אַלע ביטערע טענות און רעד זיך אַדורך מיטן טאַטן. קאָנסט רעדן װעגן אַלעם, אָבער מיט דרך־ארץ״.



אויך זײַן ברודער האָט שלמה געװאָרנט: ,, ,אַ פֿאַרדראָסיק װאָרט ברענגט אויף צאָרן׳, זאָגט שלמה המלך. דײַן קינד איז קראַנק פֿון צער, אויב דו װילסט אים ראַטעװען, מוזסטו אײַנהאַלטן דײַן שאַרפֿע צונג״.

אַן אַנדער מאָל װאָלט מלך נישט פֿאַרשװיגן אַזאַ שטאָך, אָבער איצט האָט ער עס אַראָפּגעשלונגען. שלמה האָט עס אָנגענומען פֿאַר אַ סימן אַז ער איז אויף אַ גוטן װעג און געבראַכט בײדע צו זיך אין שטוב. מלך האָט געזען אַז איטשע האָט אַ גלאַטיק פּנים, דער יונג גאָליעט זיך אין די שלושים. שלמה האָט דערזען אַז מלך איז גרייט אַ שפּרונג צו טאָן קעגן זײַן זון, האָט ער אים אַ שלעפּ געטאָן בײַם אַרבל. מלך האָט פֿאַרהאַלטן אין דער קעל אַ פּאָר זידלערײַען און נאָר אַרויסגעקומען מיט אַ טענה: ,,לכל הפּחות דאַרפֿסטו דאָך חס זײַן אויף דער מאַמעשיס, עליה־השלום, כּבוד״.

,,אויף אַ װײַבס כּבוד דאַרף מען אויך חס זײַן״, האָט איטשע געענטפֿערט מיט אַ שטיל קול.

„ווער זאָגט נאָך איר קדיש, אַ פּרק משניות פאַר איר נשמה? אַז איר זון איז..."

„הלוואַי וואָלטסטו אַזוי חס געווען אויף איר גוף".

מלכס פּנים איז רויט געוואָרן. „חזור בך", האָט ער אַ געשריי געטאָן. שלמה האָט אַ הוסט געטאָן און מלך האָט ממשיך געווען אין אַ שטילער קול: „די משנה זאָגט אַז עס איז בעסער איין שעה פון געבוג־טווּנג אויף יענער וועלט, פון דעם גאַנצן לעבן אויף דער וועלט. די מאַמעשי, עליה־השלום, איז געווען אַ צדיקת. זאָג קדיש, לערן פאַר איר משניות, זיי אַ ייִד. נאָר דו קאָנסט איר געבן אָט דעם קורת־רוח", האָט מלך פאַרענדיקט מיט אַ גמרא־ניגון.

„פאַר דער מאַמעשי האָסטו זיך געדאַרפט זאָרגן ווען זי האָט געלעבט, איצט זאָרג זיך בעסער פאַר עטלען און ברכהן".

„ז׳עלן, חס־ושלום, נישט קאָנען טאָן קיין שידוך איבער דיר, אַזעלכע חרפות און בושות!"

„די חרפות און בושות טוען דיר ווי? אַז זיי האָבן נישט קיין רעכט קליידל אָנצוטאָן אַרט דיך נישט; אַז זיי זענען הויט און ביינער, שעמסטו זיך נישט..."

„איך שעם זיך וועגן די זאַכן, איטשע. מלך, דו ביסט גערעכט, איך גיב דיר נישט געבוג אין דײַן שכירות", האָט שלמה גענומען אַלץ אויף זיך.

„פעטער שלמה, אַז דו וועסט געבן מער, וועט ער האָבן מער זיך צו קויפן מער כבוד. ער האָט ווײַב און קינדער מקריב געווען פאַר כבוד!"

„עוכר־ישראל!" האָט מלך אַ געשריי געטאָן, „די גמרא זאָגט..."

„סטראַשע מיך נישט מיט דײַן גמרא, כ׳גלייב נישט אין דײַן גמרא, כ׳האָב נישט קיין מורא פאַרן גיהנום, אַכיבע אַזאַ גיהנום ווי די מאַמעשי האָט געהאַט בײַ דיר, אַ גיהנום וואָס האָט אויסגעעברענט לעכער אין אירע געדערעם".

„פּושע באלוקי ישראל! מע טאָר נישט שטיין אין דײַנע דלת־אמות. כ׳על דיך עוקר־מן־השורש זײַן, כ׳על נאָך אַ מאָל רײַסן קריעה און זיצן שיבעה נאָך דיר, דו..."

איטשע איז אַרויסגעלאָפן און מלך האָט געוואָרפן אַ בייזן בליק אויף שלמהן: „דו זעסט וואָס דו האָסט אָנגעאַרבעט?"



די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין מיטן הימל, אָבער די גאַס האָט נאָך אַלץ געדרעמלט אין אַ שבתדיקער שטילקייט. ביי נאַכט האָט אַ רעגן אַרויסגעוואַשן דאָס פערדמיסט פון צווישן די שטיינער פון ברוק. דאָס וואַסער האָט ווי אָראָפּגעשווענקט דעם וואָכעדיקן טומל ווען אייזערנע רעדערדרייפן האָבן געקראַצט די שטאַרצנדיקע שטיינער, ווען די גאַס איז פול געווען מיט קללות פון באַלעגאָלעס און זידלערייען פון פאַרהאָוועטע קרעמערס. די וואָכעדיקייט איז פאַרשלאָסן געוואָרן אין די געוועלבער הינטער אייזערנע פרענטעס מיט שווערע שלעסער. אַפילו דאָס געקלאַפּעריי פון בראָדאַקס וועבשטולן איז געבליבן הינטער די רויטע מויערן פון זייַנע פאַבריקן און האָט, דאַכט זיך, נישט געהאַט קיין שליטה איבער דער יידישער גאַס. די גאַס איז געווען ליידיק, חוץ עטלעכע מיידלעך וואָס האָבן שוין געוואַרט בײַם הויז פון גליקע דער בעקערין; מע וועט באַלד אָנהייבן אַרויסנעמען די טשאָלנטס פון באַקאויון. די מיידלעך האָבן גערעדט צווישן זיך מיט אַ שעפּטש, דרך־ארץ פאַר אַ שטיקל תפילה וואָס האָט זיך אַלע מאָל אַרויסגעריסן דורך דער אָפענער טיר פון שכנותדיקן גערער שטיבל.

פלוצלינג אַ רעש, קינדערישע קולות האָבן פאַרהילכט די גאַס. די טירן פון דער שיל האָבן זיך געעפנט, די קינדער זענען געלאָפן צווישן שיל און ווײַבערשיל און צוזאַמענגעפירט טאַטע־מאַמע. מע האָט פאַרענ־דיקט די תפילות אויך אין די חסידים־שטיבלעך, מען איז געגאַנגען פון דאַווענען מיט בנעימותדיקע שבתדיקע טריט. „גוט שבת", „גוט שבת", האָט מען זיך איבערגערופן. אַ באַשטרײַמלטער קאָפּ פון אַ חסיד אַ למדן האָט זיך אַ בייג געטאָן פאַר אַ טוכן היטל פון אַ פּראָסטן באַלעבאָס. אַ בחור האָט בגניבה געכאַפּט אַ בליק אויף אַ יונג ווײַבל, ער האָט יאָרן געחלומט וועגן איר, נאָר עס איז נישט באַשערט געווען. אַ יונגער־מאַן, אַ מנגן, האָט נאָך אונטערגעברומט דעם ניגון פון אַ תפילה, ווען די גאַס איז מיט אַ מאָל פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ פחדימדיקער שטיל־קייט. פון יענער זײַט גאַס איז אָנגעקומען דעם ראָש־הקהלס בן־יחיד

מיט אַ ברענענדיקן פּאַפּיראָס אין זײַן טריפענעם פּיסק. אַ מחלל־שבת בפרהסיא!

עולם האָט זיך אָפּגעשטעלט און געגאַפט. אַ ייִד האָט זיך גענומען בייזערן: „וואָס קוקט עץ? דאָס וויל ער דאָך, מע זאָל אויף אים קוקן".

„אַל תסתכל בפני אָדם רשע, מע טאָר דעם רשע נישט קוקן אין זײַן טריפענעם פּרצוף", האָט געפּסקנט אַן אַנדערער ייִד און זיך שנעל דערווײַטערט.

איטשע האָט אויסגעשפּיגן און צעטרעטן דעם פּאַפּיראָס מיטן פוס. עולם האָט אויפגעציטערט, אויסלעשן איז פּונקט אַזאַ עבירה ווי אָנצינדן. „מע דאַרף אים מחרים זײַן, אַרויסטרײַבן..." דער ייִד האָט זיך צעקאָכט און פאַרלוירן ס׳לשון אין מיטן רעדן, ווען דער יונג האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ שטיק קעלבאַס און עס גענומען צום מויל.

אַלע האָבן אָוועקגעדרייט די קעפּ, נאָר פישל כיבעשמוי, וואָס איז גראָד אָנגעקומען פון דאָווענען, איז צוגעגאַנגען צו איטשען און אַ זאָג געטאָן: „מיט אַ גוטן אַפּעטיט".

איטשע האָט אָוועקגענומען דעם טריף־קעלבאַס פון מויל: „ר׳ פישל, אײַך האַלט מען דאָך פאַר אַן איש־אמת, איר טראַכט דאָך אוודאי, זאָל ער דערוואָרגן ווערן מיטן ביסן׳, טאָ פאַר וואָס..."

„דו דאַרפסט עס פאַרשטיין, איטשע. אַז ווּעסט עסן מיט אַ גוטן אַפּעטיט, וועסטו זײַן אַ ,מומר לתיאבון׳, האָסט נישט געקאָנט בײַשטיין די תאווה. קיין קניפּ אין בעקל וועט מען דיר נישט געבן, אָבער עס וועט זײַן אַ קלענערע זינד, דאַקעגן אויב דו זאָלסט, חלילה, עסן להכעיס, איך דאַרף דיר דען זאָגן ווי גרויס ס׳איז די עבירה פון אַ ,מומר להכעיס׳?

„ר׳ פישל, ווי אַ גוטער ייִד דאַרפט איר ווּעלן אַז דער שמדניק איטשע זאָל פאַר דעם זעלביקן שטיק חזיר קריגן וואָס מער געשמיסן אין גיהנום, און איר גיט מיר גאָר עצות ווי אַזוי איך קאָן עס האַנדלען וואָלוועלער".

„וואָס עפּעס שמדניק? טפו, טפו, חלילה וחס! איטשע דו ביסט אַ ייִד און וועסט בלײַבן אַ ייִד. כ׳קוק אויף דיר איצט און זע דיך שוין ווי נאָכן תשובה טאָן".

„אַז איך האָב גאָרנישט בדעה תשובה צו טאָן".

„איז דאָך גוט. דו ווייסט דאָך, אַז אויב מע זינדיקט כדי שפּעטער תשובה צו טאָן, פועלט נישט די תשובה. דעם רבונו־של־עולם קאָן מען,

חלילה, נישט אָפּנאַרן, דו זינדיקסט ערלעך און דו װעסט ערלעך תּשובֿה טאָן".

מע האָלט דעם פֿישל פֿאַר אַ תּמימותדיקן מענטש האָט איטשע געטראַכט, אָבער ער איז, װי־זױט אױס, גאָרנישט קײן נאַר, און ער האָט אַפֿילו אַ ביסל הומאָר. אין שטאָט רופֿט מען מיך „שמדניק" און זינט מע האָט מיך געכאַפּט אױפֿהענגען אַ רױט פֿענדל אױף די טראַמװײַ־דראָטן, האָבן אַלע זיך פֿון מיר אָפּגעקערט, סײַ די פֿרומע, סײַ די משׂכּילישע אַפּיקורסים. אַפֿילו דער פֿעטער שלמה, װאָס האָט מיך אױס־געקױפֿט פֿון תּפֿיסה, װײל נישט האָבן מיט מיר קײן מחוקות. אָבער אין פֿישלס אױגן איז נישט געװען קײן שׂינאה. דער בטלנישער ייִד האָט מער האַרץ פֿאַר אַ פֿרעמדן, װי מלכּל מילקעס פֿאַר זײַנע קינדער, איז איטשע געקומען צום אױספֿיר.

## ג.

דאָס מאַכן טיטן האָט נישט געהערט צו די װאַזשנע פּרנסות. אַ טיטן־מאַכער האָט נישט געקאָנט דערװערבן עשירות אַפֿילו אױב ער װאָלט אַרײַנגעלײגט דעם קאָפּ אין מיסחר. שלום, אָבער, האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט אױפֿצושרײַבן אַ פּערז אַפֿילו װען קונים האָבן געװאַרט אױף דער סחורה. שלום האָט אײַנגעטײלט זײַן אַרבעטטאָג אין מאַכן די טיטן און אין אױעקטראָגן די פֿאַרטיקע טיטן צו זײַנע אָפּנעמערס אין די געװעלבן. װען ער האָט אָנגעשריבן אַ ניַי ליד איז ער צו ערשט געגאַנגען צו עמעצן פֿאַר װעמען ער האָט געקאָנט פֿאָרלײענען זײַן שאַפֿונג. נישט אײן מאָל אין אַ מאַרקטאָג איז אַ סוחר געבליבן אָן טיטן. שלום האָט געװוּנען אַ צוהערער פֿאַר זײַנס אַ ליד און פֿאַרלױרן אַ קונה.

שלום האָט געשפּאָרט פֿון זײַנע מאָגערע פֿאַרדינסטן, אױסגעגעבן עס אױף פּאָסטמאַרקעס, און צעשיקט קאָפּיעס פֿון זײַנע לידער צו אַלע פּראָװינצער צײַטונגען. פֿון צײַט צו צײַט האָט ער געקאָנט באַװײַזן זײַן זון בערעק, אַז „די װעלט" שאַצט בעסער אָפּ זײַנע לידער װי זײַן אײגענער זון. װען ער האָט אָנגעשריבן אַ נײַ ליד איז שלום געלאָפֿן צו זײַנע שכנים מיט גרױסע שפּרײַזן פֿאַרצולײענען זײַן נײַע שאַפֿונג, אָבער װען עס איז אָנגעקומען אַ צײַטונג מיט אַ געדרוקט ליד איז ער

געגאַנגען צו זיי מיט קליינע טריטעלעך און מיט חשיבות. ער איז אַ געדרוקטער פּאָעט, און זיי מעגן וואַרטן, אָדער אַפילו קומען צו אים אויב זיי ווילן עס זען מיט זייערע אייגענע אויגן. ער האָט זיך שוין גאָר נישט געאײַלט צו ווײַזן זײַן געדרוקט ליד בערעקן. זײַן זון איז אַ גאַנץ אינטעליגענטער בחור, אָבער ווי קומט צו אים אַזאַ טרוקענער פאַרשוין? שוין אַרײַנגעכאַפּט צוויי יאָר אוניווערסיטעט און פאַרמאָגט בכלל נישט קיין חוש פאַר פּאָעזיע.

ער, שלום, האָט כּמעט קיין שולע נישט דורכגעמאַכט; אַלץ וואָס ער קען האָט ער זיך אַליין אויסגעלערנט פון ביכער. אויב ער וואָלט געקענט אַזוי פיל לשונות וויפל בערעק, וואָלט ער קודם־כּל געלייענט אין אָריגינאַל די פּאָעטן פון די לשונות. בערעק קען דײַטש, עס זאָל אים דאָס אײַנפאַלן צו לייענען געטע, שילער, הײַנע. זײַן מאַמע, די רוסישע, האָט דאָך אויך פּראָבירט שרײַבן לידער און געווען פאַרקאָכט אין מוזיק, אָבער בערעק — נאָר פילאָסאָפיע, געשיכטע, און ביבל־קריטיק. ער האָט זיך אויסגעלערנט פראַנצייזיש צוליב דער ביבל־קריטיק, אָבער פראַנצייזישע פּאָעזיע קען ער נאָר וויפל ער האָט געדאַרפט פאַר זײַנע גימנאַזיע־עקזאַמענס. נו, און יידישע פּאָעטן קען ער דען יאָ? אויב ער וואָלט נישט געוווּסט אַז בערעק איז גוט און ערלעך, וואָלט ער געזאָגט אַז אַ מענטש וואָס האָט קיין איין מאָל אין זײַן לעבן נישט פּראָבירט אָנשרײַבן אַ ליד, איז אַ מענטש אָן אַ האַרץ, עס איז אַ סכנה צו בלײַבן מיט אַזאַ מענטש אַליין בײַ נאַכט.

„און ווי קומט עס", האָט שלום געטענהט מיט בערעקן, „אַזאַ שׂכל־דיקער מענטש ווי דו זאָל זײַן אַזאַ שוואַרצזעער? דיר דאַכט זיך נאָר אַז די וועלט האַלט זיך בײַם איבערקערן. פינטשע איז דאָך אויך אַ געלערנ־טער בחור און ער האַלט מיט מיר, אפשר ווײַל ער שרײַבט לידער. לידער קומען מיט חלום, חלום איז טרוים און טרוים איז ליכטיק..."

„דאָס איז אַ גוטע טעמע פאַר אַ ליד", האָט בערעק געחוזקט.

„טאַקע יאָ, בערעק, אַ ליד וועגן לידער. דו פאַרמרה־שחורהסט מיך אַזוי בײַם לייענען די צײַטונג, אַז די האַנט נעמט זיך נישט צו שרײַבן אַ ליד".

„שרײַב אַ מרה־שחורהדיק ליד".

„צו וואָס פאַראײביקן מרה־שחורה? מרה־שחורה דאַרף מען פאַר־טרײַבן".

„וואָס זאָל איך טאָן, טאַטעשי? איך טראַכט דען דאָס אויס? וואָס קאָן איך מיר העלפן אַז אַלע בלעטער זענען פול מיט איוב־בשורות".

„גיב מיר נאָר די צײַטונג. נאַ, זע: אין טשענסטעכעוו איז אָפּגע־האַלטן געוואָרן אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן די אָנפאַלן אויף ייִדן. אַלע פאַבריק־סירענעס האָבן געפּיפן, די אַרבעטערס האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט — ייִדישע און פּוילישע אַרבעטערס צוזאַמען".

„טאַטעשי", האָט בערעק איבערגעריסן שלומס ענטוזיאַזם, „דאָס איז געווען אַ פּראָטעסט נאָך אַ פּאָגראָם. אויב די פּוילישע אַרבעטערס וואָלטן זיך סאָלידאַריזירט מיט די ייִדישע צו פאַרמײַדן אַ פּאָגראָם, וואָלט איך אויך געווען צופרידן. און — דו זעסט דעם ווײַסן צענזור־פלעק? דאָ איז זיכער געווען אַ שטיקל נײַעס קעגן דײַטשלאַנד, און אין פּוילן טאָר מען נישט שרײַבן קעגן נאַציזם".

„דו זעסט שוואַרץ אַפילו אין אַ ווײַסן פלעק".

בערעק איז אַנטשוויגן געוואָרן און פאַרזונקען אין אַ לאַנג שווײַגן. וואָס האָט ער זיך אָנגעזעצט אויפן טאַטן? צו דעם אָרעמען שלום טיטן־מאַכער האָט דאָס גליק אַ שײַן געטאָן נאָר אויף אַ ווײַלע, נאָר איין מאָל אין זײַן לעבן. אַן אַנטלאָפענע פון אַ פּאָגראָם אין האָמליע האָט פאַרבלאָנדזשעט קיין גורוויטש און זיך אָנגעשטויסן אין דעם אָרעמען טרוימער. זי האָט ערשט אין גורוויטש זיך אויסגעלערנט פּויליש און עס גערעדט בעסער ווי די אָרטיקע מיידלעך. די שכנות האָבן איר נישט פאַרגונען די לאַנגע בלאָנדע צעפּ, די גרויסע בלויע אויגן, האָבן זיי געזאָגט אַז זי מוז זײַן אַ שיקסע. זי האָט זיך נישט געחברט מיט די שכנות, מן־הסתּם, ווײַל זי איז געווען צו אינטעליגענט פאַר זיי. דער טאַטע רעדט זעלטן וועגן איר, אָבער ווען ער קאָן שוין עפּענען דאָס האַרץ, רעדט ער וועגן איר ווי אַ פאַרליבטער. זי איז געקומען אומגעריכט ווי אַ חלום און פאַרשוווּנדן ווי אַ חלום — גאַלאָפּ־שווינדזוכט.

וואָס איז דעם טאַטן געבליבן נאָך דער מאַמעס טויט? ער איז צו אָרעם צו קויפן בראָנפן, שיכּורט ער זיך אָן מיט לבֿנה־שײַן, מיט זונשטראַלן וואָס וואַלגערן זיך בחינם אין אַלע גאַסן. דער „זײַט זשע מוחל" איז צוגעדעקט מיט געלאַטעטע הויזן, ווײַל ער כאַטש דעם קאָפּ

באצירן מיט דער פאפירענער קרוין פון א פאעט. פינטשען איז לייכט צו זיין אן אפטימיסט; דער טאטע מוז זיין אן אפטימיסט!

שלום האט געשליפן די פערזן פון זיינס א ניי ליד „די ברכה פון זומער", ווען פינטשע איז אריינגעקומען מיט א נאכמיטיק־צייטונג. בערעק האט געכאפט די צייטונג צו זוכן גוטע נייעס. „טאטעשי, ס'איז גוט, מיר האבן גוטע מעגלעכקייטן צו ווערן א גרויסמאכט".

„ווער איז דער מיר?"

„מיר פוילן. פינטשע, מעגסט אויך הערן, דאס איז אן אפיציעלע דערקלערונג פון דער רעגירונג: ,אויב די פעלקער־ליגע וועט אריינגעצויגן ווערן אין אן אידעאלאגישן קאמף פאר דעמאקראטיע, וועט פוילן זיין געצווונגען ארויסצוטרעטן פון דער ליגע, פונקט ווי איטאליע האט עס געטאן; עס צייכנט זיך א טענדענץ, די טאטאליטארישע מלוכות זאלן זיין אויסער דער ליגע, איז פוילנס ארט צווישן זיי'. אויב דאס איז נישט געטון, בארימען זיך אונדזערע מלוכה־מענער אז פוילן איז געווען די ערשטע ארויסצונעמען נאצי־דייטשלאנד פון איזאלאציע ווען קיינער האט זיך נאך נישט געוואלט חברן מיט היטלערן".

„די קללה פון דער תוכחה געשלאגן צו ווערן מיט בלינדקייט", האט פינטשע מסכים געווען.

„מיט וואס פאר א קללה איז געשלאגן געווארן דער סאציאליסטישער גן־עדן? ווי אן אייניקל פון די נביאים קוק איך נאך אלץ מיט סימפאטיע אויף יעדן עקספערימענט איינצופירן אן ארדענונג מיט סאציאלן יושר, אבער רוסלאנד איז געווארן אן ערד וואס עסט אויף אירע אייגענע זין. ליקווידירט דעם מארשאל טוכאטשעווסקי, ניין מלוכה־סעקרעטארן, פיר פרעזידענטן פון סאוועטישע רעפובליקן, רעדאקטארן, פאעטן, פירערס פון פראפעסיאנעלע פאראיינען. פראקורארווישינסקי שניידט מיט דער קאסע פון מלאך־המות און זיין שאטן האט זיך שוין אויסגעשפרייט אויף איבער שפאניע. די פאשיסטן גרייפן אן פון דרויסן, און אינעווייניק מאכן מאסקווער שליחים שחיטות איבער אמתע אדער אויסגעטראכטע טראצקיסטן, אנארכיסטן און..."

בערעק האט איבערגעריסן אין מיטן א זאץ, ער האט זיך דערמאנט אז ער האט גענומען די צייטונג צו זוכן גוטע נייעס אויפצומונטערן דעם טאטן. שלום האט זיך געשעמט איצט איבערצולייענען זיין האפערדיק

ליד װעגן דער ברכה פֿון זומער. פֿינטשע האָט געלײענט די צײַטונג מיט געמאַכטער התמדה. בערעק האָט פֿון איבער זײַן רוקן איבערגעלײענט אַ שטיקל נײַעס: „פֿון די קאָמוניקאַטן פֿון ענגלישן קאָלאָניאַל־מיניסטעריום װײַזט זיך אַרױס אַז די ענגלישע פּאַלעסטינע־רעגירונג האָט געװוּסט װאָס עס גײט געשען פֿיר שעה אײדער עס האָט אױסגעבראָכן דער אַראַבישער טעראָר".

„עס לײגט זיך נישט אױפֿן שׂכל", האָט פֿינטשע נישט געװאָלט גלײבן.

„עס לײגט זיך שױן גאָר אױף דעם שׂכל", האָט בערעק געזאָגט מיט פֿאַרביטערונג, „די אומרועז שטאַרקן די הענט פֿון דער פּאַלעסטינער רעגירונג קעגן רוזװעלטס פֿאָדערונג אַרײַנצולאָזן פּליטים פֿון דײַטשלאַנד".

שלום איז געװאָרן אין כּעס: „האָסט עפּעס געזען אַזאַ משוגענעם? אױב עס קאָן, חלילה, זײַן אמת אַז דאָס דעמאָקראַטישע ענגלאַנד איז נישט חס אױף דער בלוטבאָד אין ארץ־ישׂראל צוליב פּאָליטיק — אױב דאָס קאָן מעגלעך זײַן — װער װעט ראַטעװען די װעלט?"

„דאָס טאַקע פֿרעג איך, טאַטעשי".

װען בערעק האָט באַגלײט פֿינטשען אַהײם האָט ער זיך מתװדה געװען: „פֿון מײַנע רײד קאָנסטו מײנען אַז איך האַלט זיך פֿאַר דעם אײנציקן חכם און גרעסטן צדיק אין דער װעלט. אָסור! איך האָב װעגן זיך אַלײן נישט קײן גרעסערע אילוזיעס װי װעגן דער װעלט".

שלום איז צוריקגעגאַנגען צו זײַן אַרבעט בײַם מאַכן טיטן. אין דער קעלערשטוב איז געװען הײס און דושנע; דער פּאַפּ האָט צוגעברענט אין טאָפּ, די הענט האָבן זיך געשטרויכלט און פֿאַרפֿלעקט דאָס טיטן־פּאַפּיר מיט שװײס. שלום האָט נישט אָנגענומען בערעקס פֿינצטערע סבֿרות, אָבער שױן נישט געװען קײן שטימונג צו פֿלעכטן גראַמען. די הענט האָבן באַכלאָזיק געקנײטשט די שטיקער פּאַפּיר און זײ באַשמירט מיט פּאַפּ. אין דער „ברכה פֿון זומער" האָט מען עטלעכע טעג שפּעטער פֿאַרפּאַקט אַ קילאָ זאַלץ.

## קאַפּיטל אַכט

# זילבערנע פּעדעם

### א.

וואָכן שוין איז אַ קורץ רעקל און אַ קאַפּעליוש געווען באַהאַלטן בײַ פּינטשען אין שאַנק. די לאַנגע יופּעצע מיטן רונדיקן היטעלע זענען געווען די קענצייכנס פון אַ ייִד; אַראָפּוואַרפן די מלבושים איז געווײנלעך געקומען צוזאַמען מיטן אַראָפּוואַרפן דעם עול פון ייִדישקייט. גראָד איז מירעלע מילקעס נישט געזונט געווען, ווי האָט פּינטשע גראָד דעמאָלט איר געקאָנט אָנטאָן אַזאַ עגמת־נפש? ווען די מאַמעשי האָט זיך שוין געפילט בעסער, איז אין פאַבריק געשען אַ מיכשול: צוויי פאַרשידענע פּאַרטיעס קאַמגאַרן זענען צונויפגעמישט געוואָרן בײַם שפּולן. היות יעדע פּאַרטיע כאַפּט אַנדערש די פאַרב זענען די סחורות אַרויסגעקומען פּעלערדיק, מע האָט די אַלע סחורות געפּסלט ווי ראַמש און פאַרקויפט מיט היזק. אַוועק נאָך אַ פּאָר טעג האָט אַ גרויסער קונה באַנקראָטירט. דער פאָן ברײַער האָט געהאַט טענות, ער איז אַלע מאָל געווען קעגן די גרויסע קרעדיטן וואָס זײַן שותּף האָט געגעבן די קונים.

דערווײַל האָבן זיך אָנגערוקט די דרײַ טרויערוואָכן פון שיבֿעה־עשׂר־בתּמוז ביז תּישעה־באָב ווען מע טאָר נישט באַנייען קיין מלבוש, שפּעטער אין חודש אלול — תּשובֿה־צײַט — וועט עס דעם טאַטעשי נאָך מער וויי טאָן. פּינטשע איז אַוועק פון זײַן ביוראָ פריִער ווי שטענדיק, אויסגעפּוצט זיך אין די באַהאַלטענע מלבושים און זיך אַרויסגעגנבֿעט פון שטוב. ער האָט זיך געשלײַכט דורך די גאַסן, נישט געוואָלט טרעפן קיין באַקאַנטע. ווי להכעיס איז אים אַקעגנגעקומען ר׳ פײַבוש פינקל, פון זייער פאַבריק. פּינטשע האָט פריִער אָפּגעאָטעמט, ר׳ פײַבוש איז

פאַרבײַגעגאַנגען און אים, ווײַזט אויס, נישט דערקענט. ר׳ פייבוש האָט זיך אָבער באַלד צוריק אויסגעדרייט, באַטראַכט פינטשען פון אויבן אַראָפּ, פון אונטן אַרויף און אַ פרעג געטאָן: „פינטשע? וואָס טוסטו אין אַזאַ הולך?״

זאָשקע איז געווען צופרידן. „דו זעסט אויס אַן אַנדערער מענטש אין דעם רעקל, אָבער וואָס דאַרפסטו דעם קאַפּעליוש? דו האָסט אַזאַ הויכן, שיינעם שטערן״.

דער טאַטעשי וועט האָבן צער, און פאַר זאָשקען איז עס סײַ ווי נישט געגנוג. זי האָט געוואָלט ער זאָל אַראָפּוואַרפן דעם הוט, אַראָפּנעמען דעם שניפּס, די ספּינקעס, אָנטאָן אַ בלוזע מיט קורצע אַרבל און ווערן איינער פון אירע מענטשן. ער האָט דאָך געפילט ווי אַ מחיצה וואָלט אַוועקגענומען געוואָרן צווישן אים און איר. ווען ער האָט זי אַהיימגעפירט שפּעט אין אָוונט האָט זי דעם גאַנצן וועג געשוויגן, אָבער ווען ער איז אַרײַן מיט איר אין דעם טונקעלן טויער פון זייער הויז האָט זי אַרײַנ־געכאַפּט זײַן פּנים אין אירע הענט און עס באַדעקט מיט קושן. דער קאַפּעליוש איז אַראָפּגעפאַלן פון זײַן קאָפּ און זיך אַוועקגעקאַלערט; פינטשע האָט נישט אַראָפּגענומען זײַנע אָרעמס פון זאָשקען. עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט ווען ער האָט געגומען זוכן זײַן הוט. זאָשקע האָט אים געהאָלפן און אין דער פינצטער אַרויפגעטרעטן אויפן הוט. זי האָט זיך אַזוי צעלאַכט אַז פינטשע האָט זי געבעטן זי זאָל נישט אויפוועקן די שכנים.

די וועבשטולן האָבן געקלאַפּט מיט זייער שטענדיקן ליאַרעם, שפּולן האָבן געטאַנצט אויף שערגעשטעלן און פאָדעם זענען פאַרשלונגען געוואָרן פון דער שעראַמע. פון צווישן אַלע טאַנצנדיקע פעדעם האָבן צו פינטשען אַרויסגעקוקט אַ פּאָר גוטע ברוינע אויגן מיט שווערע טרערן־זעקלעך. ער האָט זיך פאַרהאַלטן בײַ די רײַג־געשטעלן; קיווע, דער רײַגער, האָט אים געזאָגט אַז מע האָט אים גערופן צום טאַטן.

„כ׳ווייס אַז דו וועסט נישט טאָן אַזאַ זאַך אָן יִשוב־הדעת״, האָט ר׳ שלמה געזאָגט פינטשען, „איז דאָך נישט שייך דיר איצטער צו זאָגן אַז עס איז מיר נישט ניחא, מחמת דו האָסט עס זיכער געוווּסט. כ׳גלייב אַז דו האָסט עס נישט געטאָן מחמת פּריצות אָדער כּדי אַראָפּצוּוואַרפן

דעם עול פון ייִדישקייט. נו, מילא. אָבער שבת און יום־טוב בעט איך דיך דו זאָלסט ווײַטער טראָגן די חסידישע בגדי־שבת".

פינטשע איז געזעסן קעגן טאַטן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן.

„אַז דו וועסט קומען אין שטיבל אַרײַן אין יענע מלבושים וועט מען זיך טשעפּען צו דיר. וועט אויסקומען אַז איך זאָל דאַרפן אַוועק פון שטיבל, אָדער דו פון מיר".

„חלילה!" האָט פינטשע אויסגעשריגן אַ פאַרציטערטער.

## ב.

טאָלעק, זאָשקעס חבר, איז שוין מער ווי אַ יאָר געווען אויף הכשרה. ער איז איצטער געקומען אויף חופש און דער גאַנצער קן האָט זיך פאַרזאַמלט הערן זײַנס אַ שמועס. טאָלעק האָט דערציילט ווי שווער מען אַרבעט אין קיבוץ, ער האָט אויך דערציילט וועגן די נעכט פון געזאַנג און האָראַטעס. „און אין אונדזער קן האָב איך נישט פאַרגעסן", האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ בשורה, „איך האָב אויסגעפּועלט אַ הכשרה־באַשטעטיקונג פאַר זאָשקען".

זאָשקע איז געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט.

„זאָשקע? כ'האָב געמיינט וועסט נעמען טאַנצן פון שימחה. וואָס איז, האָסט חרטה? אַרבעטן אין אַ באַנק איז לײַכטער ווי וואַשן וועש אויף הכשרה, דאָס איז אמת. לײַכטער, אָבער נישט פריילעכער.

„איר אַרבעטן אין דער באַנק איז נישט דאָס ערגסטע", האָט אַ פּעט מיידל אַ זאָג געטאָן און אַלע זומער־שפּרענקעלעך אויף איר פּנים האָבן זיך אָנגעצונדן פײַער־רויט.

„זי קומט נישט אַלע מאָל צו די שמועסן אין קן", האָט אַן אַנדערע זיך באַקלאָגט.

„נאָך ערגער", האָט דאָס רויטע מיידל געפּישטשעט מיט אַ שפּיציק קולכל, „זי שלעפּט זיך אַרום מיט אַ חסידאַק, זי וועט נאָך אָנטאָן אַ שייטל".

„זי וועט וואַשן וועש? זי וועט האָבן אַ דינסט, און אַ לאָקיי וועט

שטיין ביי איר טיר. דער חסידאָק איז אַ מילקעס, פון די אמתע בור־זשויעס".

„ער איז נישט קיין חסיד", האָט זאָשקע זיך פּראָבירט פאַרענטפערן.

„ער טראָגט אַ זיידענע יופּעצע".

„נאָר אום שבת, און איך האָב נאָך נישט חתונה מיט אים. אָט, מע גייט אַ מאָל שפּאַצירן. ער קען גאַנץ ביאַליק פון אויסנווייניק".

טאָלעק האָט נישט רעאַגירט אויף די ריידערייען. ער איז אַריבער צו אַן אידעאָלאָגישער שיחה: „מיר זענען די קינדער פון דעם ליכטיקן מאָרגן", איז ער אַריין אין עקסטאַז, „מיר גייען פאָרויס און נישט צוריק. קיין מאָל נישט צוריק, החלוץ הולך לפני המחנה. מיר קאָנען אַ סך מקריב זיין פאַר אונדזער אידעאַל, מיר דעזערטירן נישט. קיין מאָל נישט!"



אין קן פלעגט מען זאָגן אַז טאָלעק איז זאָשקעס בחור. זאָשקע אַליין איז נישט געווען אַזוי זיכער וועגן דעם. ער האָט זיך געקושט מיט איר ווען ער האָט זיך געזעגנט צו פאָרן אויף הכשרה, און זי האָט אים צוגעזאָגט נישט צו וואַרטן ביז זי וועט ענדיקן האַנדלשול און אויך קומען. זאָשקע האָט נאָר געוואַרט באַשטעטיקט צו ווערן אויף הכשרה, אָבער דער אישור איז נישט געקומען. אַז קיין סערטיפיקאַטן זענען נישט געווען און די וואָס האָבן פאַרענדיקט הכשרה זענען געבליבן אין די קיבוצים, איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר נייע, בפרט אַזעלכע יונגע ווי זאָשקע. טאָלעק איז געווען פיר יאָר עלטער פון איר; ער איז איצט געווען אין וואַרשע, געאַרבעט פאַר דער הויפּט־פּירערשאַפט. זינט ער איז אין דער הנהגת־הראשית האָט ער זעלטן געשריבן צו איר, אַכיבע אַ שורה אין אַ בריוו צום גאַנצן קן. דאָס קושן דעמאָלט ביים געזעגענען זיך, האָט עס אַ באַטייט?

טאָלעק האָט אַ גרויסע טשופּרינע, וואָס פאַלט אים איבער די אויגן ווען ער צעהיצט זיך ביי אַ שיחה. טאָלעק האָט אַ ברוין אַטלעטיש פּנים, אַלע מיידלעך האָבן זי מקנא געווען מיט טאָלעקן, אָבער פינטשע וואַרט זי אָפּ ביים טויער יעדן אָוונט און זי שלעפּט זיך אַרום מיט אים האַלבע נעכט.

אוודאי האָט ער ליב ארץ־ישראל, האָט פינטשע געטענהט, אָבער

צוליב דעם מוז ער נישט פאָרן מיט איר אויף הכשרה קיין כעלמיש; ער קאָן דינען ארץ־ישׂראל מיט עפּעס מער וויכטיקס ווי האַקן שטיינער, צי בויען אַ שאָסיי. ער וועט דאָרט בויען אַ פאַבריק פון מאַנופאַקטור, ער האָט שוין געריעדט וועגן דעם אַפילו מיטן פאָן ברייער.

„איך געהער צו אַ קיבוץ וואָס איז אין פּאַלעסטינע שוין געגאַנגען אויף התישבות, מיינע חברים זיצן שוין אויפן לאַנד און באַארבעטן עס".

„אַז מיר וועלן חתונה האָבן וועסט דו געהערן צו מיר און איך צו דיר און מיר וועלן גיין אויף אונדזער אייגענער התישבות?"

„איך בין אַ חלוצה, איך קאָן נישט דעזערטירן".

„זאָשקע, כ'ווייס אַז עס איז דיר נישט לייכט. וועסטו קאָנען דעזער־טירן פון מיר?"

„ס'איז נישט קיין פאַרגלייך".

„אַז מע האָט ליב מוז מען אַ מאָל ברענגען אַ קרבן".

„יאָ, אַז מע האָט ליב מוז מען קאָנען ברענגען אַ קרבן — קום מיט מיר אויף הכשרה".

„דאָס וואָלט געווען אַ צו שווערער קלאַפּ פאַר מיינע עלטערן. כ'קאָן מקריב זיין זיך, אָבער נישט זיי".

„עלטערן זענען דער פאַרגאַנגענער נעכטן, זיי מוזן שלום מאַכן מיט דעם מאָרגן".

„זאָשקע טייערע, דו רעדסט מיט פּראָקלאַמאַציע־לשון. דאָס איז גוט פאַר אַ שיחה, אָבער לעבן קאָן מען נישט לויט אַזאַ רעצעפּט".

„וואָס דו רופסט פּראָקלאַמאַציע־לשון איז טאַקע די רעצעפּט פאַר מיין לעבן, דאָס איז דאָס לעבן וואָס איך האָב אויסגעקליבן פאַר זיך נאָך איידער איך האָב דיך געקענט. דו קאָנסט קומען מיט מיר, דעזערטירן וועל איך נישט".



„פינטשע האָט גרויסע מעלות. איינע פון זיינע מעלות איז וואָס ער האָט שוין איצט דעם ווילטאַג וואָס מיר זאָגן צו צו געבן ווען אונדזער משיח — די סאָציאַלע רעוואָלוציע — וועט קומען. פאַרזוך קודם אַ ביסל בורזשויסקן ווילטאַג; אויב דו וועסט נאָך דעם ווייטער וועלן קעמפן פאַר סאָציאַליזם וועסטו כאָטש וויסן פאַר וואָס דו קעמפסט",

האָט בערעק געזאָגט זאָשקען. בערעק רעדט לעצטנס מיט אַ סך ציניִשקייט און אפשר איז ער גאָר אויסן געווען איר צו ווייַזן ווי ווייַט זי איז אַוועק פון איר אידעאַל. ניין, ס׳איז נישט אַ בענקשאַפט צו בורזשויסקן ווילטאָג וואָס האָט זי געצויגן צו פּינטשען. עס קאָן זייַן אַז זייַן פלאַטערן אַרום איר האָט זי מיטגערִיסן. דאָס איז נישט ס׳ערשטע מאָל וואָס זי פילט אַ גינציקייט פון אַ יינגל צו איר, אָבער עס איז נישט געווען דאָס וואָס ביַי פּינטשען. זייַן קול ציטערט, זייַן אָטעם קורץ, און אַ גלאַנץ פון טרערן אין די אויגן. עס איז אַ גוט געפיל אַז מע געפעלט עמעצן, אָבער ביַי פּינטשען איז עס אָנגעלאָדן מיט דראַמע און זי איז אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין דעם. יאָ, ווען ער קומט נישט בענקט זי נאָך אים; מיינט דאָס אַז זי איז שוין אַ פּאַרפאַלענע? איר געפעלט גאָר וואָס טאָלעק פלאַטערט נישט, ער דערמאָנט נישט מיט קיין וואָרט אַז עס איז אַ מאָל עפּעס געווען צווישן זיי. אַזוי דאַרף זייַן אַן אמתער מאַן; און אַן אמתע שומרקע, אַז זי ווערט באַשטעטיקט צו פאָרן אויף הכשרה, נעמט זי עס אויף מיט פרייד!

## ג.

ביַי ר׳ שלמה מילקעס האָט דער שבת אַלע מאָל זיך אָנגעהויבן פרי. אפילו אין זייַן פאַבריק האָט פרייַטיק פרי זיך שוין געפילט דאָס אָנקומען פון הייליקן טאָג. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אויסצאָלן שכירות צו די אַרבעטערס און אָנגעשטעלטע. ר׳ שלמה האָט דאָס קיין מאָל נישט געלאָזט צו זייַן שותף אָדער צום בוכהאַלטער, ווי מע האָט זיך נוהג געווען ביַי אַנדערע. פּינטשע האָט אויסגערופן דעם נאָמען און די סומע, ר׳ שלמה האָט אויסגעציילט דאָס געלט און צוגעווונטשן אַ גוטן שבת. היימישע האָבן געענטפערט: „אַ גוטן שבת, ר׳ שלמה״. די מיידלעך — שפּולערקעס, שטאָפּערקעס — האָבן געענטפערט: „אַ גוטן שבת, פּאַניע מילקעס״. געווען אויך פּאַרטייִשע וואָס האָבן נישט געוואָלט זאָגן דעם בורזשוי אַ פאַנאַטישן גוט־שבת. אין גאַנצן נישט ענטפערן האָבן זיי קיין העזה נישט געהאַט, האָבן זיי נאָר אַ שנויפל געטאָן אונטער דער נאָז און אַוועק.

אין דער היים האָבן די ריחות פון שבתדיקע געקעכצן זיך געטראָגן איבער דעם גאַנצן הויז. מירעלע און די דינסט האָבן געוואַכמערט איבער

דער גרויסער קיך, געוואַלגערט טייגבלעטלעך אויף צו שניַידן לאָקשן, געשיילט קאַרטאָפל אויף טשאָלנט, געשאַבן מייערן אויף צימעס, און געכאַפּט אַ בליק צום אויוון. נאָך די חלות דאַרף מען באַקן די פּוטער־קוכנס און אַנדערע מילכיקע געבעקסן, און ערשט דערנאָך אויסגליִען דעם אויוון אַריַינצושטעלן דאָס טשאָלנט אויף איבער נאַכט.

געענדיקט מיטן קאָכן, האָט מען זיך גענומען צוואָגן און וואַשן און אַרויפּציִען אויף זיך די שבתדיקע מלבושים. לכּבוד שבת האָט מירל אויך אָנגעטאָן איר בעסט צירונג. ווען זי האָט ביַים ליכט־בענטשן אַרויפגעלייגט די הענט אויפן פּנים, האָבן די בריליאַנטן אויף אירע פינגער זיך אָנגע־צונדן מיט שבתדיקן פיַיער. די לעפצן האָבן שטיל געשעפּטשעט תחינות, די בני־בית זאָלן זיַין געזונט, די קינדער זאָלן גיין אין גאָטס וועגן און נישט אָנטאָן דעם טאַטן קיין צער. אַ טרער האָט זיך דורכגעגליטשט צווישן די פינגער און געפינקלט קעגן די שבת־ליכט ליכטיקער ווי דער ברי־ליאַנט אין דעם גאָלדענעם רינג.

ר׳ שלמה איז אַהיימגעגאַנגען פון דאַווענען מיט געמאָסטענע שבת־דיקע טריט. דאָס שטריַימל האָט זיך געטורעמט אויף זיַין קאָפּ ווי אַ קרוין. ייִדן פון אַנדערע בתי־תּפילה זענען פאַרביַיגעגאַנגען און צוגעטראָגן ר׳ שלמהן אַ גוט־שבת. מיידלעך האָבן פאַרביַיגעפלאַטערט, געאיַילט פון שפּאַציר אָנצוקומען אַהיים פאַרן טאַטן. בעלי־מלאָכה זענען געגאַנגען מיט מידע, שווערע טריט, אַנדערע האָבן זיך געאיַילט צו די געשמאַקע שבתדיקע מאכלים. אויסגעגליַיכט זיך מיט ר׳ שלמהן, האָט מען פאַמע־לעכט דעם טריט און געוווּנטשן גוט־שבת.

„גוט־שבת, גוט־יאָר״, האָט ר׳ שלמה געענטפערט די גוט־שבת־בי־טערס און זיך דערנענטערט צו זיַין הויז. פינטשע איז אַוועק פון שטיבל אין מיטן דאַווענען; האָט ער זיך דערפילט נישט גוט? עפּעס איז דער מער מיט דעם בחור: די אויגן רויט; די באַקן איַינגעפאַלן. מע דאַרף פרעגן אַ דאָקטאָר.

שבת קלינגט מען נישט דעם טירגלאָק, נאָר אַ ליַיכטער קלאַפּ, און מירעלע האָט געעפנט די טיר. „גוט־שבת. פינטשע פילט זיך נישט גוט?״ האָט ר׳ שלמה געפרעגט נאָך ביַי דער שוועל.

„פינטשע? ווו איז ער? פאַר וואָס זאָגסטו אַז ער פילט זיך, חלילה, נישט גוט?״

„ער איז אַוועק פֿון שטיבל אין מיטן דאַווענען. ער איז נישט אַהײמ־געקומען?"

מירעלע איז אַוועק צו פּינטשעס שטוב. ער איז דאָרט נישט געווען און נישט אין קײן אַנדערער שטוב אין הויז.

ר' שלמה האָט מיט ציטערדיקע פֿינגער איבערגעבונדן דעם גאַרטל אויף זײַנע לענדן, ער האָט אויסגעגלײַכט דאָס שטרײַמל אויף זײַן קאָפּ און גענומען זאָגן שלום־עליכם.

„**צאתכם לשלום**", האָט מען אויסגעזונגען די לעצטע סטראָפֿע און פּינטשע איז נאָך אַלץ נישט געקומען. יעדער איז אַוועק צו זײַן אָרט בײַם טיש, מע האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו די פֿולע קידוש־בעכערס, אָבער ר' שלמה האָט זיך גאָר אַוועקגעזעצט. געזען אַז דער באַלעבאָס וויל וואַרטן מיט קידוש, האָבן אַלע זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן.

*

אין שטיבל האָט מען נאָך געהאַלטן אין מיטן מינחה ווען פּינטשע האָט דערפֿילט אַז עמעץ שלעפּט אים בײַם אַרבל, ס'איז געווען קיווע שטיגל. פּינטשע איז אַרויס מיט אים דרויסן.

„כ'ווײס נישט וואָס צו טאָן, פֿאָניע פּינטשע, כ'ווײס נישט וואָס צו טאָן", האָט קיווע געבראָכן די הענט.

„וואָס איז געשען?"

„מײַן שײנדעלע, זײ רופֿן זי ,יפהי'. וואָס פֿאַר אַ יפה צו מײַנע צרות? שײנדעלע, נאָך מײַן באָבע שײנדל".

„וואָס איז געשען מיט שײנדלען?"

„מיט שײנדעלען איז גאָרנישט געשען. אַ טײַער קינד, די שײנדעלע — געראָט אַרײַן אין דער באָבע. אַ גאָלדן האַרץ געהאָט די באָבע שײנדל, עליה־השלום".

„אָבער וואָס איז געשען?"

„דאָס פֿרעג איך דאָך, זאָגט זי אַז ס'איז אַ סוד, זאָשקע טאָר נישט וויסן. מאָרגן אויף דער נאַכט וועט דער שומר מאַכן אַזאַ... ווי זײ רופֿן עס..."

„וואָס?"

„זיך געזעגענען מיט זאַשקען".

„זי פֿאָרט ?"

„אַז מ'עט זי געזעגענען, 'עט זי פֿאָרן. אַן עקשנטע, די מויד. איר דאַרפֿט רעדן צו איר".

פֿינטשע איז אַוועק צו זאַשקען אַהיים.

זאַשקעס מוטער האָט שוין געהאַט געהערט אַז עפּעס גייט אָן צווישן דעם יונגן מילקעס און איר טאָכטער. ווייסעך וואָס, מענטשן האָבן צונגען, פּלאַפּלען זיי. פּלוצלינג, זי עפֿנט די טיר אַרויסצוגיין צו אַ שכנה, און דערזעט אויף איר שוועל אַ בחור אין חסידישע מלבושים. „גוט־שבת, זאַשקע איז דאָ ?" פֿרעגט ער.

„זי זענען פֿאַן מילקעס ?" האָט זי געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע ווען זי איז געקומען צו זיך. די קליינע יפֿה איז דערוויַיל אַריַינגעלאָפֿן אין דער אַנדערער שטוב זאָגן זאַשקען ווער עס איז דאָ. זאַשקע איז אַרויס־געלאָפֿן אין קיך, פֿינטשע איז דאָרט געשטאַנען אין אַ זיַידענער יופּעצע מיט אַ סאַמעטן היטל אויפֿן קאָפּ, די שבתדיקע הלבשה פֿון אַ חסיד.

„זי וועט נאָך אָנטאָן אַ שייטל", האָט אַ חברטע אַנומלטן געחוזקט פֿון איר. זאַשקעס נאָזפֿליגל האָבן זיך איַינגעצויגן מיט עקשנות, אַ להכעיס־שמייכעלע האָט זיך צעלייגט אַרום איר געשניצט מיַילכל : „דו האָסט פֿאַרבלאָנדזשעט, פֿינטשע, דאָס גערער שטיבל איז אויף דער ייִדי־שער גאַס".

דער טאַטע אירער וואָלט אַוועקגעחלשט ווען ער וואָלט דאָס געהערט. אָבער די מאַמע איז שוין געהאַט געקומען צו זיך און הנאה געהאַט וואָס איר זאַשקע איז שוין מיט פֿינטשען אויף דו, און וואָס זי האַלט זיך קעגן אים אַזוי שטאָלץ. כאָטש די פֿאָדלאָגעס זענען געווען פֿריש געוואַשן און די צוויי שטיבלעך אויסגעפּוצט לכּבֿוד שבת, האָט זי אַ זאָג געטאָן : „מע האָט זיך נישט געריכט אויף קיין געסט, אַנישט וואָלט מען אַ ביסל צוגערוימט".

זאַשקע האָט אַריַינגעפֿירט פֿינטשען אין דער אַנדערער שטוב און פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

„וואָס עפּעס פּלוצלינג ?" האָט זי אַ פֿרעג געטאָן.

„זאַשקע, דו ווייסט גאָר נישט וואָס עס טוט זיך. טאַלעק בוצט אויס דעם קן דיך צו..."

„פון װאַנען װײסטו ? דער קן גרײט אַ געזעגענען פאַר מיר", האָט זי געזאָגט מיט אַ געמאַכטן גלײַכגילט.

„װאָס עפּעס פּלוצלינג ?"

„װאָס פאַר אַ פּלוצלינג ? שױן מער װי אַ יאָר זינט איך האָב זיך פאַרשריבן צו פאָרן אױף הכשרה. מע האָט מיך סוף־כל־סוף באַשטע־טיקט, פאַר איך".

„איך װעל דיך נישט לאָזן !"

„דו װעסט מיך נישט לאָזן ? מיט װאָס פאַר אַ כּוח ? אין ארץ־ישׂראל איז אַ חבר פון אונדזער קיבוץ שױן געפאַלן פון אַן אַראַבישער קױל. דאָרט שטרעקט מען דאָס לעבן, און איך זיץ דאָ און שפּיל ליבעס".

„זאָשקע, זאָשקע !" האָט עס אַרױסגעשריגן פון פּינטשען. ער האָט זיך אומגעקוקט צו דער טיר װי ער װאָלט געפילט אַז מע שטײט דאָרט און מע הערט זיך אונטער. ער האָט אָנגענומען זאָשקען בײַ דער האַנט און זיך געבעטן : „קום".

„װאָס שלעפּסטו מיך ?" האָט זי זיך געבײזערט מיט אַ געמאַכטן כּעס און געגאַנגען מיט אים. זי האָט אױך נישט געװאָלט אַז די מאַמע זאָל אַלץ הערן.

„האָסט מיך געקושט, דו האָסט די ערשטע מיך געקושט. װעמען האָסטו פאַרראַטן, טאַלעקן אָדער דײַן קיבוץ ?" האָט פּינטשע געפּרעגט מיט ביטערניש.

„בײַ ענק, חסידים, איז קושן זיך שױן באַלד װי חתונה האָבן", האָט זי געזוכט זיך נוקם צו זײַן אין אים. „מיר זענען מענטשן פון אַ נײַער צײַט. אויב דו װילסט װיסן בין איך גאָר פאַר פרײַער ליבע".

פּינטשע האָט האַסטיק פאַרהאַלטן זײַן טריט. זי זאָגט עס נאָר להכעיס, האָט אַ קלאָרער געדאַנק גובר געװען דעם כּעס. ער װעט נישט לאָזן איר שקאָצישקײט זאָל אים פאַרטרײַבן. עס איז געװען אײן קוק צו טאָן אױף איר צו זען אַז זי לײַדט נישט װײניקער װי ער.

„זאָשקע טײַערע, דײַנע שטעכװערטער נאַרן מיך נישט. דו ביסט אין דער אײנער װאָך אָפּגעצערט געװאָרן װי דו װאָלסט געפּאַסט צװאָנציק תּעניתים, פון די בלױע צײכנס אונטער דײַנע אױגן זע איך, אַז דו שלאָפסט נישט אין די נעכט פּונקט װי איך. איך בין אַװעק פון שטיבל אין מיטן דאַװענען נישט זיך צו קריגן מיט דיר".

„דו ביסט געגאַנגען אַנטלויפן פון מיר, כ׳האָב עס געזען. ווען כ׳האָב אַ זאָג געטאָן וועגן פרייַער ליבע ביסטו געוואָרן אַזוי אין כעס אַז דו ביסט געגאַנגען אַנטלויפן״.

„פאַר וואָס זאָל איך זייַן אין כעס אויף דיר? דו ביסט גוט און אידעאַליסטיש און דער טאָלעק האָט דיך אַנגעסטראַשעט מיט אַ שרעקלעך וואָרט: פאַרראַט. זאָשקע, איך האָב ליב ארץ־ישראל פונקט ווי דו, איך האָב דיך ליב, און כ׳ווייס אַז דו האָסט מיך אויך ליב״.

„דו ווייסט עס בעסער פון מיר״.

„דו ביסט ערלעך, זאָשקע, זייַ אויך ערלעך צו זיך אַליין און צו דייַנע געפילן. איך ווייס, אויב דו וועסט מאָרגן גיין און מע וועט דיך געזעגענען, וועסטו שוין פאָרן. הייַנט איז אונדזער לעצטע געלעגנהייט זיך אַדורכצורעדן און זיך צו ראַטעווען״.

זאָשקע האָט נישט געענטפערט. זיי זענען אַרויס אויף דעם טונקעלן פשיבאַלאָווער וועג. פינטשע האָט אַרייַנגענומען איר פנים אין זייַנע הענט און געוואָלט אַרייַנקוקן איר אין די אויגן. ס׳איז געווען אַ טונקעלע נאַכט, ער האָט וויניק געזען פון איר פנים, ער האָט עס אויסגעפילט מיט זייַנע ליפּן.

„טו עס נישט, פינטשע״, האָט זי זיך געבעטן מיט אַ טאָן פון נאַכגי־ביקייט, „איך מוז פאָרן״.

„דייַן יידישער נאָמען איז זיסל, יאָ? דו ביסט דאָך נאָך אַ קינד, זיס זיסעלע מייַנס. דער טאָלעק נוצט אויס דייַן קינדערישע ערלעכקייט״.

זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זייַנע הענט: „אויף דעם רעכנסטו, האַ? איך בין קינדיש, וועסטו קאָנען מאַכן מיט מיר וואָס נאָר דו וועסט וועלן. דו וועסט מיך מאַכן פאַר אַ פרומער יידענע ווי דייַן טאַטע וועט וועלן, אַזוי מייַנסטו? איך בין שוין מער ווי זיבעצן יאָר. איך ווייס וואָס איך וויל און וווהין איך געהער. דו רעדסט מיך אָן צו פאַרראַטן מייַנע אידעאַלן; וואָס ביסטו אַזוי זיכער אַז איך וועל עס שפּעטער נישט טאָן צו דיר?״

פינטשע איז געבליבן שטיין פאַרשטומט פון איר פלוצלימדיקן אויס־בראָך. ס׳איז מייַן לעצטע געלעגנהייט, האָט ער זיך ווידער געוואָרנט און זיך אָנגעגורט מיט גערולד. „זאָשקע, איך האָב עס נישט געמיינט צום שלעכטן. דו ביסט גוט און ריין און אידעאַליסטיש, ווי נאָר אַ

קינד קאָן עס זײַן. כ׳בעט דיך, זאָשקע, אויב מיר ווען זיך איצט קריגן וועלן מיר פֿאַרשפּילן אונדזער גאַנץ לעבן".

„איך האָב שוין פֿאַרשפּילט, אַ סך פֿאַרשפּילט. שיין זע איך אויס אַז די קליינע לאַהטשע דאַרף מיר זאָגן מוסר".

„לאַהטשע איז דאָך דאָס פּעטע מיידל מיט די רויטע האָר?"

„זי איז מײַן חניכה. זי איז געווען אַ גאָרנישט אין מײַן גרופּע — אַ גול, דו ווייסט, פֿון די וואָס זענען נישט מילכיק און נישט פֿליישיק, שאָקלען צו מיטן קאָפּ און טוען אַלץ וואָס מע הייסט זיי. איך האָב דווקא געאַנט אַז זי האָט פּאָטענץ און געמאַכט זי פֿאַר אַ גוטער שומרקע. אויב דו וואָלסט געהערט וואָס זי זאָגט אויף מיר, און דאָס ערגסטע איז וואָס זי איז גערעכט. איך האָב צעשטערט אַלץ וואָס איך האָב אויפגעבויט".

„די לאַהטשע האָט מיך פֿײַנט פֿון אָנהייב אָן. דאָס מיידל איז פֿאַרליבט אין דיר און זי זעט אין מיר דעם וואָס נעמט דיך אַוועק פֿון איר".

„וואָס רעדסטו פֿאַר אַ נאַרישקייטן, פֿינטשע? לאַהטשע איז אַ מיידל, ווי קאָן זי זײַן פֿאַרליבט אין מיר? און סך־הכּל איז זי נאָר דרײַצן יאָר אַלט".

„אין מײַן חדר האָבן די ייִנגלעך זיך געטשעפּעט צו די רויטהאָריקע, אַ ייִנגל מיט אַ סך זומער־שפּרענקעלעך האָט מען גערופֿן ,באַסראַליעט־פּנים׳. אין דײַן קן אַוודאי אויך אַזוי. דו האָסט מיר אַליין דערציילט אַז זי האָט נישט געהאַט קיין חברטעס, דו האָסט זי צוגעטוליעט צו זיך און זי האָט באַקומען אַ געפֿיל אַז דו ביסט אין גאַנצן אירס. איך בין אַ קאָנקורענט, דערפֿאַר קאָן זי מיך נישט פֿאַרטראָגן".

„זי איז פֿאַרליבט אין מיר? האָסט געדאַרפֿט הערן ווי זי האָט מיך אָנגעגריפֿן בײַ אַ שׂיחה".

„דאָס טאַקע באַשטעטיקט מײַן טעאָריע".

„טעאָריעס אַהין, טעאָריעס אַהער. דו ווייסט גענוי וואָס דײַן טאַטע וועט פֿילן אויב דו וועסט פֿאַרלאָזן זײַן אָרט לעבן און ווערן אַ שומר, דו דאַרפֿסט מיך קענען גענוג צו וויסן אַז איך פֿיל דאָס זעלביקע וועגן פֿאַרלאָזן אונדזער אידעאַל".

„דו רעדסט ווי אַ קינד..."

„וויפֿל ביסטו דען עלטער פֿון מיר?" האָט זי אים איבערגעריסן, זי

האָט אײַנגעהאַלטן דעם כּעס וואָס איז אויפגעגאַנגען אין איר און מיט אַ רויִקער קול אים אַרײַנגעזאָגט: „נאָר ווײַל דו ביסט אַ רײַך זינדל דאַכט זיך דיר אַז דו האָסט די גאַנצע חכמה".

„איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן אַז מע קאָן געפינען אַ מיטלוועג".

פּינטשע האָט מורא געהאַט ווײַטער צו טענהן מיט איר. דער טאָלעק מוז זײַן אַ געביפּטער חברה־מאַן, מע האָט זי גוט באַאַרבעט אין דעם קן, זי איז אַזוי אָנגעשפּאַנט אַז זי פּאַלט אַרײַן אין כּעס אַפילו פון אַן אומשולדיק וואָרט. דאָס מיינט אַוודאי דער פּרק מיטן **אַל תּרצה בשעת כּעסו**, ווען אַ מענטשנס נערוון זענען אָנגעצויגן ביז צום פּלאַצן טאָר מען אים נישט זאָגן אַפילו אַ וואָרט פון איבערבעטונג. ער האָט צוגעצויגן זאָשקען צו זיך און מילד געקושט איר שטערן. זי האָט נאָכגיביק געהאָנגען אין זײַנע אָרעמס. ער האָט געקושט אירע אויגן, זיי זענען געווען טרוקן. אויך אירע ליפּן זענען געווען טרוקן און ווי פאַרחלשט. עס איז געווען אַ נאַכט אָן לבנה. ער האָט געהאַט אַ געפיל אַז זי וואָלט געוואָלט אויף אייביק בלײַבן מיט אים אין דער פינצטערניש, עס זאָל קיין מאָל נישט אויפגיין דער מאָרגנדיקער טאָג ווען זי וועט מוזן באַשליסן אַהין אָדער אַהער...



חלבנע טרערן האָבן געטריפט פון אַלע ליכט אין דער צוועלעף־רעדיקער זילבערנער מנורה. ר' שלמה איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן אין זײַן פאָטערשטול אויבן אָן, אַלע בני־בית זענען געזעסן אויף זייערע ערטער, געשוויגן און געוואָרט. אין קיך איז אויסגעגאַנגען דאָס פײַער און די געקעכצן זענען קאַלט געוואָרן; עס האָבן אויסגעוועפּט די ריחות פון די שבתדיקע מאכלים. אין די ליכטבעכערלעך איז געבליבן נאָר אַ ביסל צעשמאָלצענער חלב פון די שבתליכט, און די לעצטע פיצלעך קנויט האָבן געצאַנקט און געקאָפּטשעט און געררייצט די אויגן פון די וואָס זענען געזעסן אַרום טיש און געקוקט מיט פרעגנדיקע אויגן אויף אַ ליידיקן שטול — פּינטשעס אָרט.

נאָענט צו חצות איז יאַן, דער סטרוזש, אַרײַנגעקומען אַראָפּדרייען די שאַלטערס פון דער עלעקטרישער ליכט. ער האָט אויסגעלאָשן די ליכט אין די קאָרידאָרן און זײַטיקע שטובן. אין דער מיט פון אַ פינצטער

הויז אויף אַ גאַס מיט אויסגעלאָשענע ליכטער, אײַנגעהילט אין שבתדיקער מנוחה, האָבן מאָדנע געלויכטן די פענצטער פון ר׳ שלמה מילקעסעס עסשטוב. די חלות — נאָך צוגעדעקט מיטן אויסגעהאַפּטענעם חלה־דעקל, די בעכערס פול מיט קידוש־ווײַן. די שבתדיקע פיש אויסגעלייגט אויף אַ פּולמעסיק פון פײַנעם פּאָרצעלײַ, האָבן מער נישט אַרויסגערופן קיין סלינע אין מויל, די געגליווערטע פישיויך איז זיך צעגאַנגען און דער־טרונקען די גאַנצע אַפּעטיטלעכקייט. אין דעם פּיסק פון דעם קאַרפּנקאָפּ אויף דעם פּולמעסיק האָט געשטעקט אַ רינדל מײער פאַר באַצירונג, אָבער עס האָט אויסגעזען ווי דער פיש וואָלט זיך געקרעקט מיט דעם שטיקל מײער, נישט אַראָפּצושלינגען און נישט אויסצושפּײַען.

עס איז אַזוי שטיל געווען אין שטוב אַז מע האָט געהערט דאָס וויגן זיך פון די קרישטאָלענע פינגער אויף דעם גרויסן זשיראַנדאָל. דער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן דורך דעם אָפענעם פענצטער, אַ טיולענער גאַרדין האָט זיך אַ הייב געטאָן, אַ פלאַטער געטאָן, און צוריק אַראָפּגעפאַלן. פון די שבת־ליכט איז שוין אפילו קיין רויך נישט געבליבן. אַ פליג האָט זיך באַזעצט אויפן פּולמעסיק מיט פיש, קיינער האָט זיך נישט געגעבן די מי זי אַראָפּצויאָגן. אַלץ אין שטוב איז געווען ווי פאַרגליווערט, נאָר דער אומרו פון דעם גרויסן שטײַזייגער האָט זיך געטאָן דאָס זײַניקע און מאָנאָטאָן אָפּגעטיקט יעדע פאַרלאָפענע רגע.

עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט ווען פינטשע איז אַהיים־געקומען. ער האָט שטיל איבערגעדרייט דעם שליסל אין שלאָס, געוואָלט אַרײַנשלײַכן זיך אין שטוב אויף די שפּיץ פינגער, נישט אויפצוּוועקן טאַטע־מאַמע. געזען ס׳איז ליכטיק אין דער עסשטוב, האָט ער געמיינט אַז דער סטרוזש האָט פאַרגעסן דאָרט צו פאַרלעשן די ליכט. ער איז צוגעקומען צו דער טיר און געבליבן שטיין פאַרשעמט. ר׳ שלמה האָט אָן אַ וואָרט זיך אויפגעשטעלט, גענומען זײַן בעכער אין האַנט און געוואַרט. פינטשע האָט זיך צוגעשלעפּט צו זײַן אָרט און אויפגעהויבן זײַן בעכער. מע האָט געמאַכט קידוש.

ד.

ווען פינטשע האָט געדאַרפט אַרויסענדיקן אַ נײַעם מוסטער האָט ער די קאָמפּליצירטע חשבונות געווײנלעך איבערגעלאָזט אויף זונטיק

ווען מע דרייט זיך נישט אַרײַן און אַרויס, ווען די פֿאַבריק פֿאַרטויבט נישט מיט דעם געקלאַפּ פֿון די וועבשטולן און דעם געטאַנץ פֿון די הילצערנע שפּולן אויף די שפּולמאַשינען און שערגעשטעלן. אויך דעם זונטיק איז פּינטשע געזעסן בײַ זײַן טיש און נאָך אַ מאָל איבערגעגאַנגען די קאַלקולאַציעס, וויפֿל שטיק סחורה עס וועט אַרויס פֿון יעדער פּאַרטיע קאַמגאַרן, וויפֿל ער זאָל פֿאַרבן אויף יעדן פֿון די קעטע און שוס קאָלירן און וויפֿל אויף די בונטקאָליריקע עפֿעקטן. די טיר צום ביוראָ האָט אַ קרעכץ געטאָן, פּינטשע האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען אַז קיווע שטיגל איז געבליבן שטיין אין טיר. קיווע האָט געזען אַז דער באַלעבאָס זיצט קעגן איבער פּינטשען, האָט ער נישט געוואָלט אַרײַנגיין און נישט געוווסט ווי אַזוי זיך צוריקצוציִען. ר׳ שלמה האָט געזען ווי פּינטשעס פּנים איז געוואָרן אַש־גרוי, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און אַרויסגעגאַנגען.

ווען קיווע איז אַרויס פֿון ביוראָ, האָט ר׳ שלמה געוואַרט אויף אים. „וואָס איז געשען, קיווע, זאָגט, איך ווייס אַלץ״.

„זי האָט פֿאַרפּאַקט איר רוקזאַק, זי פֿאָרט״, האָט קיווע קוים אַרויסגעשטאַמלט.

„זי וויל נישט מײַן פּינטשע?״

קיווע האָט מורא געהאַט אַז דער באַלעבאָס קאָן ווערן אין כּעס, האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט: „זי האָט מורא זי פּאַסט זיך נישט אַרײַן, זי האָט מורא מ׳עט זי נישט ווערן, אַן אָרעם מיידל״.

„זאָגט מיר, קיווע, זי איז אין דער היים?״

„באַלד אין דער פֿרי אַוועק אין דעם שאָמער, לאָזט נישט רעדן צו זיך״.

ר׳ שלמה איז אַרײַן אין ביוראָ פֿון בוכהאַלטער. ר׳ לייבוש פֿינקל איז דאָרט געזעסן איבער די קרעדיט־ און דעביט־זײַטן און אַרײַנגעשריבן ציפֿערן מיט זײַן געציקלטן כּתב. „ר׳ לייבוש״, האָט ר׳ שלמה זיך געוואַנדן צו אים. „האָט נישט קיין פֿאַראיבל, איך דאַרף פֿון אײַך אַ טובֿה. איר ווייסט ווו עס איז דער השומר? זײַט אַזוי גוט, פֿרעגט זיך דאָרט אויף קיווע שטיגלס טאָכטער און זאָגט איר אַז איך וויל רעדן מיט איר. כ׳על וואַרטן אין דער היים. און, ר׳ לייבוש, נישט פּינטשע, נישט קיינער דאַרף נישט וויסן״.

לייבושן איז נישט ניחא געווען דאָס שליחות צו עפּעס אַ מויד אין דעם השומר, אָבער אַז דער באַלעבאָס האָט געבעטן איז ער געגאַנגען. אַ חברה ייִנגען מיט מיידן זענען דאָרט געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע אין אַ קרייַז, און עפּעס אַ יונג אין בלויזן קאָפּ האָט גערעדט צו זיי.

חברה האָט געקוקט מיט חידוש אויף דעם אומגעריכטן גאַסט. „קומט זעצט זיך", האָט טאָלעק געחוזקט און זיך אַ רוק געטאָן, ווי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם אַרייַנגעקומענעם.

„ווער איז דאָ קיווע שטיגלס טאָכטער?" האָט לייבוש געפרעגט מיט ווידערווילן.

זאָשקעס פּנים איז געוואָרן צונטער־רויט: „ווער זענט איר און וואָס ווילט איר?"

„דו ביסט עס? קום, ר' שלמה מילקעס וויל רעדן צו דיר".

„אויב ער וויל רעדן צו מיר, זאָל ער קומען צו מיר", האָט זאָשקע געענטפערט מיט כעס.

ר' שלמהס פּנים איז געוואָרן אַזוי ווייַס ווי זייַן באָרד ווען לייבוש האָט אים געבראַכט די תשובה. „נישט איז נישט", האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, און באַלד זיך אַ כאַפּ געטאָן בייַ דער באָרד און אַ ביס געטאָן די וואָנצע, ווי ער וואָלט זיך געכאַפּט בייַ אַ מיאוסער זאַך. אויב ער אַליין ברוגזט זיך אָן אַזוי שנעל איז זי דאָך גערעכט. איז דען זייַן כּבוד וויכטיקער ווי פּינטשעס צער? זי האָט מורא מע וועט קוקן אויף איר פון אויבן אַראָפּ מחמת איר טאַטע איז אַן אָרעמער בעל־מלאָכה, איז זי דאָך ווידער גערעכט. צוריקגעשמועסט, אַז אַן אָרעם מיידל קאָן דאָס אַלץ פאַרזען און לכתחילה זיך אָפּזאָגן פון אַרייַנגיין אין אַ רייַך הויז, מוז זי זייַן גאָר אַ וואָזשנע בת־דעת. „ווו איז דער השומר?" האָט ער געפרעגט ר' לייבושן. ער האָט געוואַרט ביז דער בוכהאַלטער איז אַוועק, צוגעגלעט די באָרד און וואָנצעס און אַרויס אין גאַס.

אין השומר איז חברה געווען צופרידן וואָס זאָשקע האָט אַרויסגעוויזן פּראָלעטאַרישן שטאָלץ קעגן דעם בורזשוי מילקעס. טאָלעק האָט זייַן גאַנצע שיחה געווידמעט דעם אינצידענט. זינט זי האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג אַרייַן האָט זאָשקע איצט צום ערשטן מאָל זיך געפילט צופרידן, כאָטש אַ שפּאַנונג האָט נאָך אַלץ אַרומגעקלאַמערט איר ברוסט

מיט ענגשאַפּט. טאַלעק האָט געהאַלטן אין מיטן אַ פּלאַמיקער פּראַזע ווען די טיר האָט זיך געעפֿנט און ר׳ שלמה איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל.

זאָשקע איז אויפגעשפּרונגען: „פּאַן מילקעס!"

ר׳ שלמה איז צוגעגאַנגען צו איר. „דו ביסט ר׳ קיווע שטיגלס טאָכ־טער? כ׳וויל דיר נאָר זאָגן אַז דו וועסט מיר אויך זײַן אַן אָנגעלייגטע און ליבע טאָכטער".

טרערן זענען אָנגעלאָפֿן אין זאָשקעס אויגן און זי האָט דערפֿילט ווי די קני׳ען ברעכן זיך אונטער איר. זי האָט געזוכט אַ וואָרט אויס־צודריקן איר געריַרטקייט, אָבער זי האָט פּלוצלינג דערזען אַז אַלע אויגן קוקן צו איר, אַלע וואַרטן אויף איר ענטפֿער מיט פֿאַרכאַפּטן אָטעם. פֿון די בוגרים וואָס וואַרטן שוין באַשטעטיקט צו ווערן אויף הכשרה ביז די בני־מדבר, די ייִנגסטע אין קן. איר ענטפֿער מוז זײַן אַ בײַשפּיל פֿאַר זיי.

„איך בין אַ טאָכטער פֿון פּראָלעטאַריאַט און פֿון אַ סאָציאַליסטיש פּאַלעסטינע".

„הידד, בראַוואָ זאָשקע!" האָט טאַלעק אויסגעשריגן, און אַלע נאָך אים: „הידד, הידד!"

„ווי פֿאַלט אײַך גאָר אײַן אַז איך, די טאָכטער פֿון דורות פּראָלעטאַ־ריער, וויל ווערן די טאָכטער פֿון אַ בורזשוי וואָס נוצט אויס, און ווערט רײַך פֿון דעם שווייס פֿון הונדערטער אַרבעטער?!"

האָט זי עס געטאָן להכעיס זיך אַליין? האָט זי געוואָלט צעברעכן הינטער זיך די בריקן און נישט איבערלאָזן קיין מעגלעכקייט חרטה צו האָבן? אָדער האָט זי עס געטאָן כּדי נאָך גרעסער צו מאַכן דעם קידוש הפּראָלעטאַריאַט?

זאָשקע האָט אַליין נישט געוווּסט וואָס פֿאַר אַ דיבוק עס האָט אַרויס־גערעדט פֿון איר. ר׳ שלמה איז אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

„כ׳האָב געמיינט זי איז אַ בעלת־שכל, האָב איך איר געוואָלט ווײַזן אַז מיר וועלן זיך נישט האַלטן גאַוווהדיק קעגן איר", האָט ר׳ שלמה זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר פּינטשען.

פּינטשע איז געזעסן קעגן איבער דעם פֿאָטער. ער האָט פֿאַרביסן די ליפּן, דאָס זאָל אים העלפֿן צוריקהאַלטן די טרערן וואָס זענען אָנגע־לאָפֿן אין די אויגן; ער האָט אָבער געמוזט עפֿענען דאָס מויל צו כאַפּן

אָטעם. דער טאַטע האָט זיך אויפגעשטעלט אַרויסצוגײן. פּינטשע האָט געװאָלט עפּעס זאָגן, אָבער עס איז אַרויסגעקומען נאָר אַ פּישטש, װי פון אַ קראַנק פײגעלע. דער טאַטע איז אַרויס, די טיר האָט זיך פאַרמאַכט הינטער אים, און אַרום פּינטשעס ברוסט האָט זיך פאַרשלאָסן אַ קלאַמער און זיך אײַנגעצויגן ענגער און ענגער. פאַרפאַלן! איצטער איז שוין אַלץ פאַרפאַלן!

דער קלאַמער אַרום זײַן ברוסט האָט גענומען לויזער װערן און אין קאָפּ איז אויפגעגאַנגען אַ נײַער געדאַנק. ער האָט זיך אַ װיש געטאָן איבערן שטערן, װי דאָס װאָלט אים געהאָלפן עס בעסער באַנעמען. דער טאַטעשי װיל פאַר אים אַ פרומע גאָטפאָרכטיקע טאָכטער פון אַ חסידיש־לומדישער הײם; פון דעסט װעגן איז דער טאַטעשי אַלײן געגאַנגען צו איר. דער גוטער טאַטעשי האָט דערפילט דעם זונס גרויסן צער און פאַרבויגן זײַנס. איז דאָך נישט אַלץ פאַרפאַלן... זאַשקע װעט זיך אָפּקילן און חרטה האָבן, זי װעט...

ער האָט אַלײן איבערגעריסן זײַן טראַכטן מיט אַ האַרבער פראַגע: און דעם טאַטעשיס צער? און דעם טאַטעשיס שטאָלץ?

װען דער בירגער־מײַסטער האָט דעם טאַטן פוגע בכבוד געװען, האָט ער עס נישט פאַרשװיגן. „אַז דער ייִד שלמה מילקעס און אַנדערע ייִדן זײַן גלײַכן װעלן אַריבערטראָגן זײערע פאַבריקן אין אַן אַנדערער שטאָט, װעט דער פאַן זײַן אַ סאָלטיס איבער אַ דערפל גורװיטש און נישט דער בירגער־מײַסטער פון אַ פאַבריקן־שטאָט”, האָט דער טאַטעשי געזאָגט דעם בירגער־מײַסטער, און אַרויס אײדער יענער האָט באַװיזן זיך צו פאַרענטפערן. אָט דער שטאָלצער טאַטעשי האָט צוליב אים זיך דער־נידעריקט פאַר אַ נאַריש מײדל און אין די אויגן פון אַ כאָפּטע חוצפהדיקע קינדער זיך געבעטן זי זאָל באַװיליקן צו בעמען זײַן זון. געװאַלד, װיפל דער טאַטעשי איז בכוח מקריב צו זײַן!

רויטע, טרערן־דורשטיקע אויגן זענען פײַכט געװאָרן. טײַערער, װוּנ־דערלעכער טאַטעשי!

פּינטשע האָט נישט געקאָנט אײַנזיצן בײַ זײַן שרײַבטיש; ער איז אַרײַן אין דער פאַבריק־האַלע. זונטיק אַרבעט מען נישט און עס האָט אים איצט געפעלט דער שטענדיקער האַרמידער און טומל. ער איז צוגע־גאַנגען צו אַ װעבשטול, צו נאָך אײנעם, פּראָבירט אַ קוק טאָן צו די

קעטעס, אַפּילו אין די פּעדעם אויף דער וועבשטול האָט ער געזען די זילבערנע פּעדעם פון זיין טאַטנס שיינער באָרד. ער איז אַרויס אין גאָרטן הינטער דער פאַבריק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ בוים, עס האָט געשמעקט מיט צייטיקע עפּל, עס האָט אים געקילט דער שאָטן. אַ שאָד דער טאַטעשי איז אַהיימגעגאַנגען, ער וואָלט איצט אַריינגעגאַנגען צום טאַטעשי און געזאָגט: דער טאַטעשי האָט זיך נישט געדאַרפט מבזה זיין, נישט כדאַי געווען...

## ה.

פּינטשע האָט געהאַט אָנגעגרייט מוסטערן פאַר דעם קומעדיקן ווינטער־סעזאָן, האָבן זיי אין לאָנדאָן גאָר אַריינגעבראַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש. אַנשטאָט מוסטערן פון פּעדעם אין פאַרשידענע קאָלירן האָט מען די סחורות געפאַרבט ערשט נאָכן אַרויסקומען פון דער וועבמאַשין. אָבער דער מוסטער איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ קאָמבינאַציע פון לינקן און רעכטן צווערן, און פאַראַן אַ שׂכל דערביי: אַ פאָדעם געדרייט לינקס כאַפּט אַנדערש אַ פאַרב ווי דער זעלביקער פאָדעם געצווערנט רעכטס. ענגלאַנד דיקטירט די מאָדע אין טעקסטיל־סחורות, האָט פּינטשע זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צוצוגרייטן לינקס־רעכטס־מוסטערן.

ווען די ערשטע שטיקער נייע סחורה זענען אַריינגעקומען אין געשעפט איז ר׳ שלמה געווען מלא־התפעלות. דער טאַטע האָט זיך אַזוי געפרייט אַז פּינטשע האָט צוריקגעהאַלטן וואָס עס איז שוין געווען אויף זיינע ליפּן צו זאָגן: טאַטעשי, איך האָב דאָ ווייניק מחדש געווען, איך האָב נאָר נאָכגעמאַכט די ענגלישע מוסטערן. ס׳קאָן זיין, אַז דער טאַטעשי איז אַזוי צופרידן נישט פון די נייע מוסטערן נאָר פון דעם וואָס ער, פּינטשע, אַרבעט אַזוי געשמאַק, ווי גאָרנישט וואָלט געשען. ווער קאָן דען וויסן אַז אינעווייניק אים איז אַלץ פאַרקוילט ווי אַ האַלאָוועשקע?

דאָס ריטמישע קלאַפּן פון די וועבשטולן איז איצט געקומען צו אים ווי דאָס קלאַפּן פון באַנרעדער; נאָך אַ טאָג־צוויי און די באַן וואָס לויפט קיין בעלמיש וועט זי טראָגן אַוועק פון אים אויף אייביק.

ווי לאַנג איז עס דען זינט זי האָט געזונגען ביאַליקס מדי שבת באַ מחמדי און ביים וואָרט מחמדי, מיין גלוסטיקייט, געקוקט אויף אים

מיט אַזוי פיל ליבשאַפט? ווי לאַנג איז עס זינט איר זיס פּנימל האָט געצויגן צו זײַנס, אירע ליפּעלעך צו זײַנע? ווי אַזוי איז דאָס אַלץ פּלוצלינג חרוב געוואָרן?

זי האָט געשלונגען פּראַלעטאַרישע פּראַזעס מיט דער פרומקייט פון אַ רביצין און אָנגענומען יעדע פראַזע ווי אַ שטיק שולחן־ערוך. אָבער זי האָט אויך געקאָנט זײַן שטיפעריש. ווען זי האָט זיך צעשמייכלט, האָבן די חן־גריבלעך אויף איר פּנים אויפגעבליט מיט פרייד און אים איז געווען אַזוי גוט; ווען זי האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אין זײַן אָרעם האָט זיך אים געדאַכט אַז די גאַנצע וועלט שמייכלט צו אים. האָט ער זיך שוין מיאש געווען פון איר? ווי קאָן ער דאָ זיצן מיט פאַרלייגטע הענט? אַפילו ווען די שאַרף פון דער שווערד ליגט שוין אויפן האַלדז, טאָר מען זיך נישט מיאש זײַן!

זאָשקעס זיסע ליפּעלעך האָבן זיך אויך געקאָנט פאַרשפּיצן מיט שינאה און טריפן מיט גיפט. אירע חוצפּהדיקע רייד קעגן טאַטעשי, דעם טאַטעשיס בזיון — וועט ער דאָס קאָנען פאַרגעסן? זאָשקע פאָרט אַוועק אַ ליאַדע טאָג און ער זיצט דאָ מיט די לינקס־רעכטס־מוסטערן און מאַכט נישט קיין שריט, נישט לינקס און נישט רעכטס...

קיווע דער רײַגער האָט זיך אַרײַנגעשאַרט צו פינטשען און היימיש פאַרטרוילעך אים אַרײַנגעשעפּטשעט אין אויער: „זאָשקע האָט מיך געבעטן זאָגן, זי וויל זיך געזעגענען".

פינטשע האָט נישט באַלד געענטפערט, האָט קיווע איבערגעחזרט: „זאָשקע וויל זיך געזעגענען".

„געזעגענען, האַ?" האָט פינטשע איבערגעפרעגט און נישט אויפגעהויבן די אויגן פון זײַנע פּאַפּירן אויפן טיש, „זאָגט איר, זי זאָל פאָרן געזונטערהייט".

„כ׳מיין, זי וויל..."

„זאָגט איר, זי זאָל פאָרן געזונטערהייט".

קיווע איז אַרויס. פינטשעס אויגן זענען נאָך אַלץ געווען צוגעקלעפּט צו די פּאַפּירן אויף זײַן טיש, אָבער געטראַכט האָט ער וועגן זײַן ענטפער צו קיווען און אים געוואָלט פאַרשטיין. האָט ער עס שוין געפּועלט בײַ זיך?

*

ר׳ שלמה האָט אָוועקגעלייגט אויף פּינטשעס טיש אַ הויפן פּראָ־טעסטירטע וועקסלען. „דאָס איז אַלץ פון וואַרשעווער קונים, אפשר וועסטו זיך צוכאַפּן קיין וואַרשע זען וואָס מע קאָן טאָן?"

אין דער פאַבריק האָט פּינטשע געהאַט צו טאָן נאָר מיט פּראָדוקציע. „מילקעס און ברייַער" האָבן געהאַט אַ ספּעציעלן ממונה איבער אינקאַסע, דאָס איינמאָנען חובות, און געהאַט זייערס אַן אַגענט פאַר וואַרשע און אומגעגנט. פּינטשע האָט פאַרשטאַנען וואָס דער טאַטע איז אויסן און געענטפערט: „מהיכא־תיתי, פאַר וואָס נישט?"

„דאָס איז נישט קיין עסק אויף כאַפּ־לאַפּ, מע דאַרף פאַרהאַנדלען מיט יישוב־הדעת. קאָנסט בלייַבן אין וואַרשע אַפילו איבער די ימים־טובים".

## ו.

מיטן שנעלצוג נעמט וויי־קער פון צוויי שעה פון גורוויטש ביז וואַרשע, אָבער פּינטשע האָט געפילט ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ נסיעה צו אַן אַנדערער וועלט. ער איז געזעסן ביים וואַגאָן־פענצטער און אַרויסגעקוקט. די הייַזער,ביימער, טעלעפאָן־סלופּעס זענען געלאָפן אויף צוריק, קיין גורוויטש, נאָר ער האָט זיך געטראָגן ווייַטער און ווייַטער, ווי פאַר אים וואָלט קיין צוריק נישט געווען. אַז זי וועט פאָרן קיין כעלמיש וועט זי אין וואַרשע זיך דאַרפן איבערזעצן אויפן לובלינער צוג, איז אַ געדאַנק אים באַפאַלן ווי ער וואָלט אַרייַנגעפלויגן דורכן אָפענעם פענצטער. געווען באַדאַרפט פרעגן קיווען ווען געפנוי זי פאָרט.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, פאַרקוועטשט די לעפלעך. ווי ער וואָלט פּראָבירט אַרויסקוועטשן איר געשטאַלט וואָס האָט שוין נישט אָפּגעטרעטן פון אים. ווען ער האָט געעפנט די אויגן האָט ער געזען אַז דער צוג לויפט איצט מיט משוגענער שנעלקייט. די פעלדער האָבן אויסגעזען ווי קעטעס פון גרינעם קאַמגאַרן וואָס לויפן אויף אַ ווילדן וועבשטול.

ווען זאָשקע איז געוואָרן אין כעס איז אַן אָדערל אויף איר שלייף געוואָרן בלוי ווי אירע אויגן, און אירע נאָזפליגל האָבן געציטערט.

ווען זאָשקע איז געוואָרן אין כּעס? געוואָרן, זאָגט מען ווען עמעצן וואָס איז מער נישט בײַם לעבן.

אויף אים וועט זי מער נישט ווערן אין כּעס. אים איז זי ווי, חלילה, געשטאָרבן.

די הויט איז אויף אים געגרינצלט געוואָרן ווי מע וואָלט אים פּלוצלינג אָנגעזאָגט אַ וויסטע בשׂורה פֿון טויט.

ווי אַזוי איז עס געשען? ווו האָט ער געמאַכט דעם טעות? מיט יעדן קלאַפּ פֿון די באָנרעדער דערווײַטערט ער זיך פֿון איר מער און מער.

ער קאָן נישט אויסדרייען די באַן זי זאָל לויפֿן צוריק, ער קאָן גאָרנישט אויסדרייען אויף צוריק. גורל, פֿאַרחתמעטער גורל!

ער האָט זיך אונטערגעגעבן דעם ווייטיק, געלאָזט אים צעשפּרייטן זיך איבער דעם גוף ווי אַ גיפֿט וואָס צעטראָגט זיך מיטן בלוט דורך אַלע אָדערן און צעציגדט יעדן גליד און נערוו.

אַ צײַטונג־פֿאַרקויפֿער איז אַרײַן אין וואַגאָן און אויסגערופֿן די נײַעס. פֿינטשע האָט אים נישט געהערט. דאָס ייִנגל האָט אויסגעשטרעקט אַ צײַטונג צו פֿינטשען, פֿינטשע האָט אים געגעבן אַ מטבע און אָוועקגעלייגט די צײַטונג אויף דער באַנק.

„בלוטבאָד אין מאַדריד", „מענטשן פֿאַלן ווי פֿליגן אין באַלאַגערטן שאַנכײַי"; „נאַציס שלאָגן ייִדן אין בערלין", האָבן געשוואַרצט די נײַעסקעפּ אין דער צײַטונג. נעבן פֿינטשען איז געזעסן אַ פֿרוי, איר פּנים פֿאַרבונדן, זי האָט געקרעכצט, זי וויל שטאַרבן, זי קאָן שוין מער נישט פֿאַרטראָגן דעם צאָנווייטיק. אויף דער קעגנאיבערדיקער באַנק האָט אַ פֿראַנטישער יונגער־מאַנטשיק פֿראַבירט פֿאַרבינדן אַ פֿלירט מיט אַ פֿרעמד מיידל. פֿינטשע איז געזעסן פֿאַרזונקען אין זײַנע מחשבות; ער האָט זיך אײַנגעהערט אין דעם ווייטיק וואָס האָט פּולסירט אין אים ווי אײַטער אין אַ ווונד.

ז.

די ערשטע טעג אין וואַרשע איז פֿינטשען געווען נאָך שווערער ווי אין דער היים. כאָטש ער האָט געוווסט אַז עס וועט די קרובים פֿאַרדריסן, איז ער אײַנגעשטאַנען אין אַ האָטעל. ער איז שעהען געלעגן אויף זײַן

בעט אין האָטעל בריסטאָל און נאָר געקוקט צום באַלטן. ווען ער איז אַרויס אין גאַס האָט ער אַרומגעוואַנדערט אָן אַ ציל. די אָוונטן האָט ער פאַרבראַכט אין קינאָטעאַטערס, אַ סענטימענטאַלן פילם וועגן אַן אומגליק־לעכער ליבע האָט ער געזען דריַי מאָל. די וועקסלען וואָס ער איז געקומען איַינמאָנען זענען געבליבן ליגן אין זיַין בריוועטאַש.

אויף ראָש־השנה האָט ער זיך אַריבערגעצויגן צו זיַין פעטער שמואל־אַהרן, זיַין מוטערס ברודער. אַלע קינדער אויסגעגעבן, איז געווען שטיל און טרויעריק אין דעם גרויסן הויז פון ר׳ שמואל־אַהרן ברוידע. דער פעטער האָט פּראָבירט פאַרקניפּן מיט פּינטשען אַ שמועס אין לערנען. פּינטשע האָט געענטפערט קורץ און אָפּגעהאַקט.

יום־טוב נאָכן עסן זענען געקומען אַלע קינדער און אייניקלעך. פּינטשע האָט זיך פאַררייטלט ווען ער האָט זיך באַגריסט מיט זיַינע קוזינקעס פּערל און מאַניע. זיי זענען געווען צו גאַסט אין גורוויטש ערשט מיט אַ צוויי יאָר צוריק, אָבער דעמאָלט האָבן זיי נאָך אויסגעזען ווי קינדער, היינט זענען די גרינבערג־מיידלעך שוין גאַנצע פּאַניענקעס.

מאַניע האָט געהאַט שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן און אַ מילעך־וויַיס פּנים; פּערל האָט געהאַט בלאָנדע האָר, ברוינע אויגן און אַ ברוינלעך פּנים. ביידע זענען געווען שיין, „די יונגע־לייַט ווערן משוגע, ווייסן נישט אין וועמען פריִער זיך פאַרליבן", פלעגט מען זאָגן וועגן זיי. עס איז טאַקע צווישן די צוויי שוועסטער אָנגעגאַנגען אַ קאָנקורענץ איבער יעדן בחור. ביַי נאַכט איז מאַניע אַריַינגעקראָכן אין פּערלס בעט, אָדער פּערל אין מאַניעס, און דערציילט איינע דער אַנדערער וועגן די בחורים וואָס זענען אין זיי פאַרליבט. זיי האָבן געציילט און פאַרגליכן די „אַדאָ־ראַטאָרן", און געלאַכט און געלאַכט.

די שוועסטער זענען געווען איבערראַשט צו זען פּינטשען אין אַ קורץ רעקל און אַ קאַפּעליוש. מירעלע מילקעס איז געווען די אייניציקע פון די ברוידעס טעכטער וואָס האָט נאָך געפירט אַ חסידיש הויז; ר׳ שמואל־אַהרן האָט נאָך אויך געטראָגן אַ לאַנגע יופּעצע, כאָטש ער האָט שוין אַלע זיַינע קינדער געשיקט לערנען אויפן אוניווערסיטעט. פּערל און מאַניע האָבן אָפּגעשאַצט פּינטשען. ער זעט נאָך אויס פּראָווינצעריש, אָבער דער „דזשאַדזשוש", דער זיידעשי, זאָגט אַז ער איז זייער אינטע־

ליגענט און באַגאַבט — אינטערעסאַנט װער פון זײ עס װעט אים פריִער מאַכן „קריכן אויף אַלע פיר"...

די קוזינקעס האָבן אים באַװאָרפן מיט פראַגעס, פינטשע האָט געענט־פערט קורץ און נישט געגומען די איניציאַטיװ אין שמועסן. „ער בודיעט מיך", האָט פערל אײַנגערוימט מאַניען. „ער איז שעמעװדיק, ער׳ט זײַן אַ לײַכטער קרבן", האָט מאַניע געזאָגט מבינות.

דעם צװײטן טאָג ראש־השנה איז פינטשע געװען דער גאַסט פון זײַנע קוזינס. נאָכן עסן זענען די מײדלעך אַרױס אויף אַ שפּאַציר און מיטגענומען פינטשען. מע האָט זיך געטראָפן יונגע־לײַט און מײדלעך, אַ יונגע, פרײלעכע חברה.

געװאַלד, װאָס עס טוט זיך איצט אויף דער װעלט, און זײ ליגט אין זינען נאָר ליצנות, איז פינטשען געװען דערװידער זײער לײַכט געמיט. אײנער האָט געװאָלט איבערשטײַגן דעם אַנדערן מיט דערצײלן אַ שאַרפערן װיץ.

„זינט גערינג איז געװאָרן אַפּראָװיזאַציע־מיניסטער, פאַרבײַט ער אַלץ מיט ערזאַץ. קומט עמעץ צו גערינגען און זאָגט אַז ער אַרבעט איבער אַ נײַ אויסגעפינס, אַן ערזאַץ פאַר פּוטער".

„דאָס איז גוט", איז גערינג צופרידן, „מיר האָבן װײניק פּוטער אין דײַטשלאַנד. װאָס איז דער רױשטאָף פאַר דעם ערזאַץ?"

„דר־ק", ענטפערט דער דערפינדער.

„גוט, דאָס האָבן מיר אין דײַטשלאַנד גענוג. װו האַלטן זי מיט אײַער עקספערימענטן, װי זעט עס אויס?"

„דערװײַל זעט עס נאָך אויס װי דער אָריגינאַל".

„און דער ריח?"

„לײַדער, אויך נאָך װי אין אָריגינאַל".

„װי האַלט עס מיטן טעם?"

„אַזױ װײַט בין איך נאָך נישט דערגאַנגען מיט מײַנע עקספערימענטן".

„מיט װאָס איז עס שױן יאָ ענלעך צו פּוטער?"

„עס שמירט זיך װי פּוטער".

אַלע האָבן הנאה געהאַט פון דעם װיץ און געקײַכט פון געלעכטער. פינטשע האָט געקוקט אויף זײ פאַרחידושט. ער האָט זיך געריכט אויף אַן ערנסטן שמועס װעגן דער מלחמה אין שפּאַניע, װעגן נאַצי־דײַטשלאַנד,

װעגן זייער, די סטודענטנס, געראַנגל מיט אַנטיסעמיטיזם אויף די פּוילישע אוניװערסיטעטן, און דאָ גאָר װיצן מיט אַ ריח...

מען איז צוגעקומען צו די „לאַזשענקעס״; אין דעם פּאַרק האָט חברה זיך צעטײלט אין פּאָרלעך, פּינטשע איז געבליבן מיט דער פּאַנגע לענאַ. די לענאַ האָט פֿריִער אַ סך אַרומגעשטיפֿט, איצט איז זי געװאָרן ערנסט און גענומען דערציילן דעם גאַסט פֿון דער פּראָװינץ װעגן די „לאַזשענ־קעס״. װען זי האָט גענומען אויסרעכענען די נעמען פֿון די פּאָעטן װאָס האָבן געשריבן לידער װעגן די „לאַזשענקעס״ האָט פּינטשע איר אונטער־געזאָגט די נעמען פֿון די לידער און טייל מאָל אויך אַ פֿערז פֿון אַ ליד.

„איך האָב געהערט װעגן אײַך אַז איר קענט גוט גמרא, נישט געװוּסט אַז איר קענט אויך פּוילישע ליטעראַטור״.

„פּוילן האָט אַ גרויסע ליטעראַטור. רעימאָנט האָט באַקומען דעם נאָבעל־פּרײַז פֿאַר זײַן ראָמאַן פּויערים, אויך שענקעװיטשעס קװאָ װאַדיס האָט געמאַכט אַ רושם איבער דער װעלט, און אַ בוך װאָס מע האָט שוין בײַ אונדז פֿאַרגעסן, פּרוסעס פּרעה איז אויך איבערגעזעצט געװאָרן אויף אַ סך לשונות״.

דער שמועס איז אַרויף אויף ליטעראַטור. פּינטשע איז געװען דער הויפּט־שמועסער, אָבער ער איז געװען אין כּעס אויף זיך. װאָס בודיעט ער דאָס מיידל? פֿאַר װאָס קאָן ער נישט װי די אַנדערע זײַן לײַכט און שפּילעװדיק, פֿאַר װאָס קאָן ער נישט פֿלירטעװען, זי איז אַזאַ חנעװדיקע.

ער איז אַנטשװיגן געװאָרן פֿאַר אַ װײַלע און פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן: „ער איז געװען אַ שלימזל!״

„װער?״ האָט לענאַ געפֿרעגט פֿאַרװוּנדערט.

„דער מלאך װאָס האָט אײַך אויסגעפּאַרטיקט אײדער מע האָט אײַך אַראָפּגעשיקט אַהער״.

לענאַ האָט נישט פֿאַרשטאַנען װאָס פֿאַר אַ שײַכות דאָס האָט מיט דעם װאָס זיי האָבן פֿריִער גערעדט; זי האָט אויך נישט געװוּסט צי פּינטשע איז אויסן זי צו באַליידיקן. פּינטשע האָט אַ שמייכל געטאָן און װײַטער גערעדט: „אויבן, אין הימל, אַרבעט מען מאָדערן, טאַשמע־אַרבעט, װי אין אַמעריקע. דער גוף װאָס דאַרף געבוירן װערן גייט פֿון האַנט צו האַנט און יעדער מלאך שטעלט עפּעס צו — איינער די הענט; אַן אַנדערער די פֿיס; אַ דריטער די אויגן — און אַזוי ביז דער גאַנצער גוף

ווערט צוזאַמענגעשטעלט. דער לעצטער איז אַ מלאך וואָס איז ממונה איבער דער קרוג מיט חן, ער גיסט אַ טראָפּן אָדער עטלעכע טראָפּנס חן אויף דעם פּאַרטיקן פּראָדוקט. איז אָבער דער מלאך וואָס האָט דאָס געטאָן פאַר אײַך געווען אַ שלימזל, דער קרוג איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט און דער גאַנצער חן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אײַער קאָפּ".

לענאַ האָט געשמייכלט: „דאָס איז אַן אָריגינעלער קאָמפּלימענט".

זי מיינט: אַ ישיבה־בחורישער קאָמפּלימענט, איז פּינטשע נישט געווען צופרידן מיט זיך. אַ קאָמפּלימענט דאַרף זײַן קורץ און שאַרף.

זיי האָבן נישט געפונען די אַנדערע פון דער חברותא. דער אָוונט איז צוגעפאַלן, לענאַ איז געווען אָנגעטאָן צו לײַכט און עס איז איר געווען קאַלט. פּינטשע האָט פאַרהאַלטן אַ טאַקסי און זי אָפּגעפירט אַהיים.

אין דער טאַקסי האָבן ביידע געשוויגן. לענאַ האָט נאָך אַלץ געציטערט און זיך צוגערוקט צו אים. ער האָט זי אַרומגעכאַפּט און געפּרוווט איר אַ קוש טאָן.

זי האָט אים אָפּגעשטופּט: „איז עס נישט אַ ביסל צו שנעל?"

די טאַקסי האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר איר טויער אויף פּאַוויע־גאַס. פּינטשע האָט אָפּגעפּרעסט אַ קוש אויף איר באַק. „איצט קאָן שוין נישט זײַן צו שנעל, ווײַל אַ מינוט שפּעטער וועט זײַן צו שפּעט".

לענאַ האָט אַ לאַך געטאָן: „אַ גוטע נאַכט. ס'איז געווען אָנגענעם, זייער אָנגענעם".

פּינטשע איז איצט געווען צופרידן מיט זיך. אָט אַזוי דאַרף מען נעמען דאָס לעבן, — לײַכט, ווי די וואַרשעווער חברה. מע דאַרף גאָר פאַרפירן אַ פלירט מיט דער לענאַ, זי איז אַ שיינע און גאָר נישט קיין נאַר.

ער האָט זיך ערשט איצט דערמאָנט אַז ער האָט נישט איר טעלעפאָן־נומער און ווייסט אַפילו נישט איר פאַמיליע־נאָמען. ביין, ער וועט נישט פרעגן בײַ די אָפּלאַכערישע פּערל און מאַניע.

## ח.

נאָך ראָש־השנה האָט פּינטשע זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט איין בעל־חוב, בײַ אַ צווייטן באַקומען אַ חלק אין מזומן און די רעשט אין נײַע וועקסלען, בײַ אַ דריטן האָט ער

צוריקגענומען די סחורה, און בײַ אַ פּערטן אײַנגעזען אַז עס איז נישטאָ מיט וועמען צו רעדן. די קונדישע וועקסלען מיט אַ זשירע פון אַ באַקאַנטן סוחר האָט ער איבערגעלאָזט אויף צו לעצט, דאָס איז געלט ווי אין באַנק. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז די „גוטע" זשירע איז אַ נאָכגעמאַכטער אונטערשריפט. דער קונה איז גאָרנישט ווערט געווען, און די זשירע איז געווען אַ געפעלשטע.

געפּאַקט דעם בעל־דבר, האָט יענער גאָר גענומען רעדן „סאָציאַליזם": וואָס, מילקעס און ברײַער האָבן נישט גענוג? זיי ווילן סײַ ווי אַ מאָל מוזן טיילן זייער פאַרמעגן מיט די וואָס האָבן גאָרנישט.

דאָס האָט פּינטשען אַ ברי געטאָן ביזן שאַרבן. אַלע פּוילאַקעס וואָס ווילן נישט אַרבעטן, אַלע כאַפּערס וואָס ווילן צונעמען בײַ יענעם, קומען גאָר ווי מאָנערס פאַר יושר. מע פירט מלחמות קעגן טאַטע־מאַמע, מע פאַרלאָזט די וואָס מע האָט ליב צוליב אַ נײַער עבודה־זרה — סאָציאַליזם. ער וועט זיי אָנלערנען, די באַנקראָטניקעס אין מיסחר און אין ליבע...

פּינטשע האָט געגעבן דעם בעל־חוב דרײַ טעג אויסצוקויפן די וועקסלען, אַנישט וועט ער עס איבערגעבן צום פּראָקוראָר. פאַר פעלשן אונטערשריפטן גייט מען אין קרימינאַל!

„מילקעס און ברײַער וועלן אײַנזעצן אַ ייִד וואָס האָט אַ קראַנק ווײַב און דרײַ קליינע קינדער?"

„מע וועט עס איבערגעגעבן דעם פּראָקוראָר, כדי אײַך אָנצולערנען. וואָס זענט איר, אַן אַלטער קונה און דער באַנקראָט נעמט נאָר אַוועק דעם ריווח וואָס מע האָט שוין געמאַכט בײַ אײַך? איר זענט באַלד געקומען מיט דער כוונה צוצונעמען. אָנשטאָט אַרויסגנבענען דורכן פענצטער, ווי די פּראָפעסיאָנעלע גנבים, זענט איר געקומען דורך דער טיר. אַ גנב דאַרף באַצאָלן".

„כ'האָב נישט. שעכט מיך, אַז איר ווילט".

„כ'וועל אײַך נישט שעכטן, כ'וועל נאָר צוגיין צום פּראָקוראָר אויף לעשנע־גאַס און אים איבערגעבן דעם גאַנצן ענין. כ'וועל דאָרט זײַן מאָרגן פּונקט צען אין דער פרי. ביז איך וועל אַרײַן אינעווייניק קאָנט איר נאָך אויסקויפן בײַ מיר אײַערע וועקסלען".

*

„אַז איר װעט מיך אײַנזעצן, װעלן מײַן װײַב־און־קינדער קומען צו אײַך קײן גורװיטש".

פינטשע האָט נאָר געסטראַשעט מיטן פּראָקוראָר, און עס האָט גע־האָלפן. װען פינטשע איז צו מאָרגנס געקומען צום פּראָקוראָרס ביוראָ האָט דער בעל־חוב שױן געװאַרט אױף אים; זײַן װײַב איז אױך געװען מיט אים. „פּאַניע, כ׳בעט אײַך, קומט מיט אונדז צו מײַן ברודער, מ׳עט זען װאָס מע קאָן טאָן", האָט דאָס װײַב זיך געבעטן.

מע האָט אים פאַרגעלײגט אַ פערטל פון חוב, דערנאָך אַ העלפט. פינטשע האָט נישט געװאָלט קײן פּשרות: „גניבות רעגולירט מען נישט, לױטן ייִדישן דין דאַרף מען באַצאָלן טאָפּלט".

דער חוב איז געװען פינעף הונדערט און פופציק זלאָטעס. זײ האָבן צוריקגעגעבן סחורה פאַר קנאַפּע צװײ הונדערט; זײ האָבן חוץ דעם געגעבן אַ גאָלדן זײגערל און פופציק זלאָטעס אין מזומן. פינטשע האָט נישט צוריקגעגעבן קײן אײנעם פון די פאַלשע װעקסלען. ער האָט געגעבן דעם באַנקראָטניק פיר װאָכן צײַט צו באַצאָלן די רעשט פון חוב.

דער בעל־חוב איז געקומען קײן גורװיטש גענױ צו די פיר װאָכן. ר׳ שלמה איז אַרײַנגעלאָפן צו פינטשען: „דו האָסט געװאָלט אײַנזעצן אַ טאַטע פון קינדער?"

„חלילה, טאַטעשי. כ׳האָב אים נאָר געסטראַשעט, ער זאָל זיך דער־שרעקן און באַצאָלן".

„האָסט מיך דערשראָקן. און פינטשע, דער ייִד איז געקומען באַצאָלן; זע, ער זאָל קאָנען פאַרדינען אַ פּאָר זלאָטעס".

געדענקט װאָס דער טאַטע האָט אים אָנגעזאָגט האָט פינטשע אױס־געזוכט אַ ביסל ראַמשן, סחורות אין װעלכע עס איז אַרײַנגעפאַלן אַ שטיקל פעלער און מע פאַרקױפט זײ ביליק. דער יונגער־מאַן האָט געזאָגט: „כ׳על נעמען נאָר דאָס שטיקל באַסטאָן, כ׳האָב נישט קײן געלט אױף מער".

„כ׳װעל אײַך געטרױען. אַז איר זענט געקומען באַצאָלן חובות מיטן לעצטן גראָשן..."

ס׳איז נישט קײן ספק, ער איז געװען האַרטהאַרציק קעגן דעם בעל־חוב. יענער האָט טאַקע געגעבן פאַלשע װעקסלען, אָבער אַן אָרעמאַן איז ער געװען אַן אמתער, נישט קײן געפעלשטער. ער האָט אין װאַרשע אױסגעלאָזט זײַן גאַנץ ביטער האַרץ צו דעם בעל־חוב. עס האָט געדאַרפט

זײַן פאַרקערט: אַ מענטש וואָס לײַדט דאַרף זײַן מער אָפּגעהיט כּדי נישט גורם צו זײַן לײַדן צו אַן אַנדערן.

ביים מיטיק־עסן האָט פּינטשע געזאָגט דעם פאָטער: „אשרי אדם מפחד תמיד' איז אַוודאי דער טײַטש — ווײַל איז דעם מענטש וואָס ווייסט וואָס עס איז פּחד, וועט ער אויך וויסן צו זײַן אָפּגעהיט נישט אַרײַנצוטרײַבן יענעם אין פּחד".

ר' שלמה האָט פאַרשטאַנען וואָס פּינטשע מיינט אים צו זאָגן, און געווען צופרידן וואָס זײַן זון איז אַ בעל־מידות, זאָל דער אייבערשטער העלפן מיט אַ גוטן שידוך. ער וועט נאָך, אם־ירצה־השם, האָבן נחת פון זײַן פּינטשע.

## קאַפּיטל ניין

# געניע זוכט אַ חתן

### א.

ס'איז געווען אַ גרויס געוועלב. חוץ דעם באַלעבאָס האָבן אין דעם געשעפט געאַרבעט דריי מענטשן ביים פאַרקויף, און נאָך איינער — אַ טרעגער. נעבן דער הינטערשטער וואַנט זענען געווען שמאָלע, געדרייטע טרעפּ אַרויפצוגיין צו אַ שמאָלער, פאַרגלאָזטער גאַלערקע. דאָרט אויבן איז געזעסן נאָך אַ מענטש, די בוכהאַלטערין געניע. אַלע מענער האָבן געאַרבעט אונטן ביים קויפן, פאַרקויפן, מעסטן און פאַרפּאַקן די סחורות. נאָר דער אַלטער, דער באַלעבאָס, איז אַ מאָל אַרויפגעקומען ווען די פּיס האָבן אים גענומען ווי טאָן פון צו פיל שטיין. ער האָט צוגעוואָרפן געניען אַ פּשעפּראַשאַם, כ'בעט איבער, און אַראָפּגעוואָרפן די שיך.

געניע האָט געהאַט גרעסערע אַמביציעס ווי כאַפּן אַן אַנגעשטעלטן אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט, אָבער לייבל ברין האָט געמאַכט אויף איר אַ גוטן איינדרוק, כאָטש ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע יופּעצע און אַ רונדיק יידיש היטעלע. לייבלס גרויסע ברוינע אויגן האָבן אַרויסגעגליט פון אונטער זיינע געדיכטע טונקעלע ברעמען. ער איז געווען אַ שיינער.

דער עלטסטער פון די „מענטשן", מאַניעק, האָט שוין געהאַט גענומען געניען אין אַ קינאָ צוויי מאָל. ער האָט געקויפט די טייערסטע בילעטן, און האָט נאָכן קינאָ זי גענומען אין אַ צוקערניע; ער האָט אין איין אָוונט אויסגעגעבן אַוודאי אַ דריטל פון דעם וואָס ער האָט פאַרדינט אין אַ גאַנצער וואָך. וואָס טראַכט זיך דער שוויצער, ער וועט מאַכן פולע שטיק, און זי וועט דערנאָך דאַרפן פעלשן פאַר אים די ביכער? איין מאַניעק אין איר לעבן איז גענוג!

ווען זי האָט צום ערשטן מאָל אָנגענומען מאַניעקס פאַרבעטונג, האָט זי געטראַכט: גאָט מיינער, זינט יואל דעם רבס, האָט נאָך אַ בחור איר

נישט קיין קוש געטאָן. ס׳איז שוין אַ מעשה פון אַ האַלב יאָר. אויב דער מאָניעק וועט זי נישט קושן, וועט זי מער מיט אים נישט אַרויסגיין. אָבער ווען ער האָט אין טונקעלן קינאָ זיך צוגעבויגן צו איר, האָט זי זיך אָפּגערוקט פון אים. בײַם געזעגענען זיך האָט ער געזאָגט אַז ער וועט זי נישט לאָזן אַרײַנגיין אין טויער ביז זי וועט אים געבן אַ קוש. זי האָט געענטפערט: „אויב איך דאַרף באַצאָלן פאַר דעם וואָס איר האָט אויסגעגעבן אויף מיר, וועל איך אײַך בעסער צוריקצאָלן מיט באַר־געלט. וויפל בין איך אײַך שולדיק?"

זי האָט מער נישט אָנגענומען מאָניעקס פאַרבעטונגען ווײַל זי האָט נישט געוואָלט לייבל זאָל מיינען אַז זי איז שוין מאָניעקס מיידל. אָבער לייבל האָט זי סײַ ווי נישט פאַרבעטן. די קרובים בײַ וועמען זי האָט געוווינט זענען געווען עלטערע מענטשן, עס איז נישט געווען מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, און אין די נעכט — כאַטש האַלדז זיך מיט דעם קישן אין בעט.

זי האָט ווידער אָנגענומען מאָניעקס אַ פאַרבעטונג. זי וואָלט דאָס מאָל זיך געלאָזט קושן אַפילו פון ביינוש דעם טרעגער, אָבער מאָניעק האָט איצט שוין מורא געהאַט זי אָנצורירן.

„וועגן וואָס האָבן מיר גערעדט דאָס לעצטע מאָל?" האָט געניע געפרעגט מאָניעקן און געוואָלט אַרויפפירן דעם שמועס אויף אַ קוש.

מאָניעק האָט געזאָגט אַז ער געדענקט נישט.

„וואָס פאַר אַ קאָליר אויגן האָב איך?" האָט זי אים געפרעגט ווען זיי זענען צוגעקומען צום טונקעלן טויער.

דאָס האָט ער אויף אַן אמת נישט געדענקט. עס האָט זי נישט געאַרט, זי האָט שוין באַשלאָסן מאָרגן צו גיין שפּאַצירן מיט לייבלען, צי ער וויל, אָדער וויל נישט.

דער „אַלטער" האָט געוואָלט נאָכקאָנטראָלירן דאָס לאַגערבוך אײדער מע נעמט אַרײַן די ווינטער־סחורות. געניע, דער באַלעבאָס, און לייבל זענען געבליבן נאָכן שליסן דאָס געשעפט. דער באַלעבאָס האָט געקויפט זעמל און גענדזנוווּרשט זיך אונטערצולענען דאָס האַרץ. געניע האָט פאַרבריט טיי, לייבל האָט אַרײַנגעטאָן אין זײַן גלאָז דרײַ לעפעלעך צוקער.

„פיל זיך ווי בײַ זיך אין דער היים", האָט דער באַלעבאָס זיך געחכמהט, „אין דער היים טוסטו אַרײַן נאָר איין לעפעלע צוקער".

„אַז מע שפּאָרט װען מען איז יונג, האָט מען װען מען איז אַלט", האָט לײבל עס געמומען ערנסט.

צו מאָרגנס װען לײבל האָט זיך געגרײט אַרױסגײן אויף מיטאָג, האָט געניע אים גערופן. „דער באַלעבאָס האָט נעכטן געקױפט אַזױ פּיל, מע דאַרף עס אױפעסן", האָט געניע אים געזאָגט, און אים דערלאַנגט אַ הײַנטיקע פרישע זעמל מיט נעכטיקן װורשט. די שניטקע איז געװען געשמאַק. ער װאָלט זיך נישט פאַרגונען צו קױפן װורשט פאַר זײַן אײגן געלט, און די בוכהאַלטעריןץ זי איז אַ שײנע, אויב זי װאָלט נאָר געהאַט אַ נדן. עס איז אים אײַנגעפאַלן אַז מיט דער שניטקע שפּרײט דאָס מײדל אַ נעץ אים אַרײַנצוכאַפּן, און דער ביסן איז אים נישט באַקומען. ער האָט געגעסן שנעל און איז אַראָפּ צוריק אין געשעפט אַרײַן װי נאָר ער האָט פאַרענדיקט דעם לעצטן ביסן.

געניע האָט זיך מער נישט אומגעקוקט אויף לײבלען און איז געװען אין כעס אויף זיך פאַר װאָס זי האָט זיך געװאָלט פאַרטשעפּען מיט אַזאַ פאַרשױן. זי האָט װידער באַקומען אַ פּעקל פון דער הײם, איז זי געזעסן אין איר שטוב און גאַנצע אָװנטן נאָר געקײַט די קיכלעך װאָס די מאַמע האָט איר געשיקט. זי װעט װערן פעט װי אַ חזיר, אַ דאגה איר. פאַר װאָס שאַפט זי זיך נישט אַ פּאָר חברטעס? נײן, זי איז נישט קײן נאַנע. אַנדערע מײדלעך זענען דען יאָ נאַנעס? דורך די חברטעס װעט זי באַגעגענען װאַרשעװער בחורים. זי מוז געפינען פרײַנד, אַנישט װעט זי משוגע װערן אין דעם פאַרשאָלטענעם װאַרשע.

דעם פרײַטיק, װען לײבל איז אַרױפגעקומען נעמען זײַן װאָכנטלעכע שׂכירות, האָט ער זי געפרעגט צי זי װיל גײן מיט אים אין אַ קינאָ מאָרגן נאָך מיטאָג.

„ס'מוז דען זײַן אַ קינאָ? בעסער גײן שפּאַצירן, שבת נאָך מיטאָג גײען אַלע שפּאַצירן".

שבת נאָכן טשאָלנט, נאָך אַ װאָך שװערער אַרבעט און נאָך אַ שװערן מאָלצײַט, האָבן באַלעבאַטישע מענטשן זיך צוגעלענט כאַפּן אַ דרימל. יונגװאַרג האָט זיך אַרױסגעלאָזט שפּאַצירן איבער די גאַסן. בחורים אין העמדער מיט אָנגעשטײַפטע קעלנער און פּאַצעטישע קאָסטיומען, מיט מײדלעך אין לײַכטע, פלאַטערדיקע זומערקלײדלעך; אַנדערע אין קורצע הײזלעך פון האַרטער גרינער לײַװנט מיט בלױע בלוזעס, געאָרעמט מיט

מיידלעך אין ווײַסע בלוזעס מיט בלויע סקויטישע קראַוואַטן, פיר־פּינעף אין אַ ריי. מע האָט געפּלאַפּלט ייִדיש, פּויליש, און אויך עברית. מע האָט אונטערגעברומט אַ לידל פון ייִדישן טעאַטער, אָדער אַ ציוניסטיש לידל וועגן גראָבן אַ ברונעם, וועגן אַ שומר אַליין אין דער נאַכט. וואַרשע האָט אויסגעזען ווי אַ שטאָט פון לויטער יונגע מענטשן, נאָר די אָפּגעבליאַקעוועטע ווענט פון די אַלטע וואַרשעווער קאַמעניצעס האָבן געהויערט שווער. אַ טויער האָט זיך צוגעלענט מיט אַ קרעכץ פון ביטול, ווי ער וואָלט געזאָגט: „גם זה יעבור", עס וועט נישט נעמען לאַנג און אַלע פון דער כאַליאַסטרע וועלן בלײַבן אין די מויערן, וועלן וויגן ווײנענדיקע קינדער וואָס שנײַדן ציינדלעך און וועלן אַראָפּשנאָרכן די מידקייט פון אַ וואָך שווערער אַרבעט.

לייבל מיט געניען האָבן זיך געשטופּט אין דעם געדראַנג אויף נאַוואָליפּיע, פּשעיאַזד און פּלאַץ־גזשיבאָווסקי. זיי זענען אַרײַן אין אַ דורכגאַנגהויף, פון טוואַרדע צו פּאַנסקע־גאַס. אַ היץ האָט געשלאָגן פון הינטער די אײַזערנע פּרענטעס און פּאַרמאַכטע טירן פון די געוועלבלעך, ווי די שווערע האַרעוואַניע פון אַ גאַנצער וואָך וואָלט זיך ערשט איצט אויסגעשוויצט. די הילצערנע געשטעלן פון פישבאַזאַר זענען געווען אָפּגעשײַערט, אָבער האָבן געאָווירט אין דער שפּעט־זומערדיקער היץ. אין אַ ווײַטערדיקן הויף האָט פון אַן אָפן פענצטער זיך געטראָגן אַ גמרא־ניגון, און דאָס מידע קול פון אַ ייִנגעלע, וואָס דער טאַטע האָט מיט אים געלערנט פּרק. אויף פּאַנסקע־גאַס זענען חסידים, אין שטרײַמלעך און טליתים אונטער זייערע מאַנטלען, ערשט איצט אַהיימגעגאַנגען פון אַ קידוש, אָדער פון רבינס טיש. אויף שליסקע זענען שוין געווען עטלעכע אָפענע געשעפטן, כאָטש די שילדן האָבן געהאַט ייִדישע נעמען.

געניע האָט חשק געהאַט גיין צו דער ווײַסל, אָבער עס איז געפערלעך צו גיין איבער די גויישע גאַסן ווען לייבל טראָגט אַ לאַנגע יופּעצע. צוגעקומען צו מאַרשאַלקאָווסקע האָבן זיי זיך אויסגעדרייט אויף צוריק.

ווען זיי זענען צוריקגעקומען צו פּשעיאַזד איז דאָרט געוואָרן אַ מהומה און אַ געלויף. פּאָליציאַנטן האָבן געשלאָגן פאַרבײַגייערס איבער די קעפּ און געשלעפּט מענטשן צו אַ תּפיסה־וואָגן. אַ פּײַער־לעשער האָט זיך געדראַפּעט אויף אַ טעלעפאָן־סלופּ אַראָפּצונעמען אַ רויט פענדל פון די דראָטן.

נישט געוווּסט ווער עס האָט אַרויפגעוואָרפן דאָס פענדל, האָט די פּאָליציי זיך געוואָרפן מיט רציחה אויף דעם המון שפּאַצירערס; דאָס זענען דאָך שבתדיקע ייִדישע שפּאַצירערס, און אַלע ייִדן זענען קאָמוניסטן. געניע און לייבל זענען אַרײַנגעלאָפן אין אַ טויער אויסצומײַדן די פּאָליציייִשע שטעקנס. אַ קליין בחורל איז אַרויסגעשפּרונגען פון דעם זעלביקן טויער, געוואָרפן נאָך אַ פענדל וואָס האָט זיך טאַקע פאַרשטשעפּעט אין די דראָטן. פּאָליציאַנטן האָבן אים אַרומגערינגלט און באַהאָגלט מיט קלעפּ. דער קליינער האָט מיט די לעצטע כּוחות געשריגן: „נידער מיט די פּוילישע פאַשיסטן! זאָל לעבן דער ראָטן־פאַרבאַנד!"

„וואָס איז ער געלאָפן נאָך אַ מאָל, דער נאַר?" האָט געניע נישט געקאָנט פאַרשטיין.

אַ יונגער־מאַן וואָס איז געשטאַנען לעבן איר האָט איר געענטפערט: „ער איז הײַנט אַרויס אין גאַס זיך מקריב זײַן, ער איז אַוודאי געווען אַנטוישט וואָס מע האָט אים נישט געכאַפּט און ער איז נישט געוואָרן קיין העלד בײַם ערשטן מאָל".

„משוגע!"

„זאָל די פּאַני דאָס נישט זאָגן; אָן אידעאַליסטן וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט. אַ שאָד נאָר וואָס ער לויפט היטן פרעמדע ווײַנגערטנער און אונדזער אייגענער ווײַנגאָרטן בלײַבט אָן שומרים".

געניע האָט זיך אָפּגערוקט, זי האָט געמיינט יענער רעדט פון וועג. לייבל האָט עס איר אויסגעטײַטשט: „ער רעדט מיטן לשון פון אַ פּסוק אין שיר השירים; ער האָט אַוודאי געמיינט אַז אַזאַ מסירת־נפש קאָן צו נוץ קומען אין ארץ־ישׂראל".

געניע איז געווען צופרידן וואָס לייבל האָט אַרויסגעוויזן וויסן. האָט ער דאָך יאָ עפּעס חוץ זײַן שיין פּנים...

די פּאָליציי איז אַוועק, עס איז געוואָרן רויִק אין גאַס. זיי זענען אַרויס פון טויער און לייבל האָט זי צוגעפירט צו אַ געשטעל פון סאָדע־וואַסער. „אפשר אַ ליאָדע?"

„אַ דאַנק, איך ווער צו דיק. נאָר אַ גלאָז סאָדע־וואַסער".

„מיט זאַפט?" האָט לייבל געוואָלט ווײַזן אַן אָפענע האַנט.

„ניין, אַ דאַנק, נאָר סאָדע־וואַסער — אַ קליין גלעזל פאַר דרײַ גראָשן".

לייבל איז געווען צופרידן מיט זיך. ער גייט שפּאַצירן מיט אַ שיין מיידל און צעטרעגצלט נישט קיין געלט. אפשר האָט זי גאָר אַ נדן אויך? לויט די פּעקלעך וואָס זי באַקומט פון דער היים, קומט זי נישט פון אַזאַ אָרעמער שטוב ווי ער.

עטלעכע מאָל געגאַנגען מיט איר שפּאַצירן און ער האָט אַפילו נישט פּראָבירט איר אַ קוש טאָן. וואָס פאַר אַ חיות זענען די וואַרשעווער יונגע־לייט? איז מאַניעק וואַרשאַווסקי דער איינציקער זכר אין וואַרשע? וואָס האָט זי זיך סתם אָנגעטשעפּעט אין דעם אָרעמען לייבל? אפשר, אויב זי וועט אים באַצאָלן דערפאַר, וועט ער זי דאָך אַ טשעפּע טאָן?



לייבל האָט נישט געדענקט, ער זאָל זי האָבן באַליידיקט. זי איז פּלוצלינג געוואָרן אַזוי פרעמד צו אים און זאָגט כּסדר, זי איז פאַרנומען. וואָס איז דאָ געשען? אפשר שדכנט מען איר אַ שידוך? אַ גאָלדן מיידל, די געניע, און האָט אַוודאי נדן אויך.

## ב.

אין די בתּי־תּפילה האָט מען געבלאָזן שופר צום ערשטן טאָג פון פאַרכטיקן חודש אלול. די באַן האָט געטראָגן נטע פרידען איבער פעלדער צום „אייביקן פעלד" אין כעלמיש אויף קבר־אָבות.

אויסגעוויינט זיך אויף די קברים פון טאַטע־מאַמע און עס איז נאָך אַלץ געווען שווער אויפן האַרץ. ער האָט דאָך אַפילו דעם טויטן טאַטן נישט געקאָנט אויסזאָגן אַלץ. ער ווייסט דען אַלץ? ער ליגט וואָך גאַנצע נעכט, ער פּראָבירט אויסטייטשן די פּאָר ווערטער אין דעם צעטעלע וואָס דער מאַניעק וואַרשאַווסקי האָט געשריבן צו אים בײַם רב אין בית־דין־שטוב. רבונו־של־עולם, וואָס טוט זיך דאָ? זײַן געגענדעלע האָט, קיין עין־הרע, זיך צעבליט אַז ס'איז געווען אַ נחת צו קוקן. זי האָט זיך געלערנט גוט, אַ נדן צו געבן איז אויך געווען — דער בעסטער שידוך וואָלט נישט געווען אומדערגרייכלעך. איז געקומען דער שלאַק, דאָס אַנשיקעניש מאַניעק. „וואָס מיר האָבן געטאָן גאַנצע נעכט אין דער באַנק", האָט ער געשריבן אין דעם צעטעלע. עס איז קלאָר אַז דער יונג האָט

געליגנערט. געניע איז אַ מאָל אַהיימגעקומען שפּעט אָבער איז קיין מאָל נישט געווען אין דער באַנק אַ גאַנצע נאַכט. אָבער עפּעס איז יאָ געווען צווישן זיי, אַז געניע האָט געוויינט מע זאָל אים נישט איַינזעצן. ווי ווײַט איז עס דערגאַנגען? מע קאָן דאָך פון זינען אַראָפּ!

נטעס עלטסטער ברודער, אַהרן, האָט זיך געבעטן בײַ אים: „מײַן ראובעלע איז אַוועק פון דער היים. נישט כ'האָב כּוח צו מײַן לעדערקראָם, נישט איר דאַרף עס. קום צוריק אַהער. אַפילו פאַר דײַנע קינדער וועט כעלמיש זײַן בעסער ווי גורוויטש.

נטע האָט נישט דערציילט זײַן ברודער וועגן זײַנע צרות, אָבער אַהרן האָט געאַנט אַז עפּעס איז דער מער מיטן געשעפט אָדער מיט די קינדער. „לייג זיך איבער מיט דײַנע בני־בית, און טו עס נאָך פאַרן ווינטער”, האָט אַהרן אָנגעזאָגט נטען בײַם געזעגענען.



געניע האָט זיך געפילט זיכער מיט איר פאָסטן. די בוכהאַלטעריע איז דאָ געווען מער קאָמפּליצירט ווי אין דער באַנק, אָבער זי האָט זיך שנעל אײַנגעהיימישט אין דער אַרבעט און דער אַלטער איז געווען צופרידן וואָס אַלע אָפּרעכענונגען, סײַ פון אײַנקויף, סײַ פון פאַרקויף, זענען געווען פּאַרטיק אין צײַט. ווען געניע האָט געפונען אַזש עטלעכע טעותים אין אַ חשבון פון אַ צושטעלער, האָט ער געזען אַז ער האָט געטראָפן מיט זײַן נײַעם „מענטש” און עס איר געזאָגט. געניע האָט אײַנגעזען אַז זי קאָן זיך איצט דערלויבן אַ פּאָר נײַע מלבושים און אָנטאָן זיך „פּאָ וואַרשאַווסקו”, לויטן וואַרשעווער שיק.

אַהיימגעקומען אַ צופרידענע פון דער שנײַדערין און געפונען אַ בריוו פון ברכהן. די שוועסטער האָט איר געשריבן אַז עס איז געוואָרן שווער מיט פּרנסה; אַז דער טאַטעשי פאַרמאַכט דאָס געוועלב און זיי ציִען זיך אַריבער קיין כעלמיש.

זי וואָלט געדאַרפט אַהיימלויפן זען דעם חורבן וואָס זי האָט אָנגע־מאַכט! האָט געניע זיך געשטראָפט. זי צעטרענצלט אירע פאַרדינסטן אויף נײַע קליידער און אין דער היים מוז דער טאַטעשי אָוועקטראָגן זײַנע מאָגערע פאַרדינסטן אין באַנק, אויסצוקויפן אירע זינד.

געניע האָט דרײַ מאָל אָפּגעזאָגט לייבלען אַרויסצוגיין מיט אים. האָט

זי אַן אַנדערן? לייבל האָט איר נאָכגעשפּירט און געזען אַז זי גייט אַהיים. ער האָט שעהען געוואַרט פאַר איר טויער און אַהיימגעגאַנגען איבער־געצייַגט אַז קיין אַנדערן האָט זי דערוויַיל נישט. מיט וואָס האָט ער זיך פאַרזינדיקט אַז זי וויל זיך מער נישט חברן מיט אים? אפשר שטייט זי אין שידוכים? זי האָט אַ מאָל געזאָגט אַז איר טאַטע האָט אַ לעדער־געוועלב; עס קאָן זייַן אַז זי האָט יאָ אַ נדן, און אַליין איז זי אויך אַ גוטע פאַרדינערין, און אַזאַ שיינע דערצו.

ווען לייבל האָט ווידער אַהיימגעפירט געניען נאָך דער אַרבעט, האָט ער איר שוין דערציילט אַז ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ קנאַפּן טויזנטער. זלאָטעס האָבן זייער אייגן לעבן — זיי וואַקסן. ער דיסקאָנטירט וועקסלען, אַפילו בייַם אַלטן שוין פאַרדינט אַ ביסל פּראָצענט. אַזאַ מיידל ווי זי, דאַרף שפּאָרן, צולייגן אַ זלאָטע צו אַ זלאָטע. וואָס דאַרף דען אַ מיידל אויסגעבן? אַ ביסל עסן קאָן זי זיך אַליין אָפּקאָכן, אַ מלבוש קאָן זי אַליין צו רעכט מאַכן. מע דאַרף דען קויפן אַלע מאָל נייַע קליידער? אַזאַ שיינע ווי זי שייַנט אַרויס פון יעדן קלידל.

ער האָט זיך אַזוי צערעדט וועגן זייַנע שפּאָר־טעאָריעס, אַז ער האָט נישט געוואַרט צו הערן אַ וואָרט פון איר, וואָס זי טראַכט וועגן די זאַכן. ווער ווייסט צי ער האָט זי נישט אָפּגעשראָקן? צו שפּאָרעוודיקייט דאַרף מען זיך צוגעוויינען פּאַמעלעך, ביסלעכווייַז.

ער האָט זיך בחינם געשראָקן, געניע האָט אים געגעבן גערעכט. עס האָט נישט לאַנג געגומען און זי האָט פאַרגעלייגט צוצוגרייטן עסן פאַר זיי ביידן אויף איר קוואַרטיר, זי וווינט בייַ קרובים און יענע וועלן נישט האָבן דאַקעגן.

לייבל האָט אָפּגעזאָגט די באַצאָלטע קעסט בייַ זייַן שוועסטער. אַזוי לאַנג ווי דער זומער וועט אָנהאַלטן וועט מען אַפילו נישט דאַרפן גיין צו געניעס קרובים. דעם „אַלטנס" משפּחה איז אין יוזעפאָוו אויף זומער־וווינונג; דער אַלטער פאָרט אויך אַרויס יעדן סוף־וואָך, שלאָפט לייבל בייַם אַלטן אין דער היים. שבת און זונטיק איז די גאַנצע דירה זייַנע.

דעם קומעדיקן פרייַטיק האָט געניע צוגעגרייט אַ שבתדיקן מאָלצייַט בייַם אַלטן אין הויז. געניע האָט אין קיך געקאָכט אַ הינערנע יויך. לייבל האָט איצט זיך נישט צוגערירט צום פייַער, אַ צו גרויסע עבירה. ער איז געזעסן בייַם טיש אין דער סאַליע מיט זייַנע חשבונות. איבער־

גערעכנט וויפל ער האָט אָפּגעשפּאָרט זינט שבועות און וויפל פאַרדינט פון פּראָצענט, וויפל ער וועט קאָנען אָפּשפּאָרן ביז סוכות, און וואָס פאַר אַ מעגלעכקייטן דאָס וועט פאַר אים עפענען צו דיסקאָנטירן גרעסערע וועקסלען. לייבל האָט הנאה געהאַט צו מאַכן חשבונות, אין מיטן וואָך האָט ער עס געטאָן מיט אַ בלייער אויף פּאַפּיר און באַהאַלטן די פּאַפּירלעך, ער זאָל עס שפּעטער קענען פאַרגלייכן. שבת האָט ער גערעכנט אויפן קאָפּ און איינגעחזרט די ציפערן. ווען געניע האָט געבראַכט די שמעקעדיקע יויך צום טיש, האָט לייבל איר געזאָגט: „איך קום דיר זיבן זלאָטעס מיט פּופּציק גראָשן".

„וואָס פאַר אַ זיבן זלאָטעס מיט גראָשנס?"

„דו קויפסט איין פאַר אונדז ביידן און באַצאָלסט מיט דיין געלט. איך וואָלט דיר באַדאַרפט פּונדעווען, ווייניקסטנס באַצאָלן מיין חלק".

„ווער רעכנט זיך מיט גראָשנס?" איז געניע געווען אומגעדולדיק, אָבער באַלד פאַרשטאַנען אַז דאָס איז נישט לויט לייבלס גוסט. „דער אַלטער געטרויט דיר די שליסלען צום געשעפט און איך וועל דיר נישט געטרויען זיבן פּופּציק?"

לייבל האָט געשוויגן ביים גאַנצן מאָלצייט. נאָכן עסן האָט ער אָנגענומען געניען ביי ביידע הענט און איר געזאָגט: „געניע, לאָמיך באַצאָלן די גאַנצע פּופּצן זלאָטעס, איך וויל דיר פּונדעווען".

אין גורוויטש וואָלט געניע געלאַכט פון דעם אין די פּויסטן, אָבער ביי לייבלען איז דאָס שוין באַלד אַ ליבע־דערקלערונג. רוכטשע וועט דאָס קיין מאָל נישט פאַרשטיין, אַפילו דער טאַטעשי וועט עס נישט פאַרשטיין. אָרעמער טאַטעשי! זי האָט דעמאָלט געמיינט אַז ער וועט זי פּרעגן און פרעגן. ער האָט נישט געפרעגט, נישט געשריגן. די שפּיצבאַקן האָבן ביי אים געפלאַמט, און די נאָז ווייס ווי קאַלעך. געוואַלד, אויב זי וואָלט געוווסט אַז אַ שטיקל פלירט וועט זי אַריינשלעפּן אין אַזאַ סקאַנדאַל. זי וועט זיך מער נישט אַריינלאָזן אין קיין לייכטן פלירט, זי וויל אַ באַלעבאַטישן שידוך. לייבל איז אַ ביסל רעליגיעז, ער קען אַ ביסל תורה, דער טאַטעשי וועט זיין צופרידן. לייבל רעכנט זיך צו פיל מיטן גראָשן, אָבער ער איז אַ שיינער און אַן ערלעכער. ער וועט נישט צעטרענצלען זיינס און וועט נישט צונעמען יענעמס. ער קאָן אוודאי נישט גנבענען אַפילו אַ קוש...

געניע האָט גיך איינגעזען אַז לייבל איז כיטרע נאָר אַרויסצובאַקומען נאָך אַ פּראָצענט אויף זײַן געלט, אָבער אין לעבן — זי וועט אים קאָנען לײַכט אַריבערכיטרעווען. זי שטײַגט אים איבער אין שפּאָרעוודיקייט, און ער איז איבערגעצייַגט אַז דאָס איז איר טבע, אַז זי קאָן גאָרנישט אַנדערש. זי האָט נישט בדעה צו בלײַבן אַזאַ שפּאָרעוודיקע איר גאַנץ לעבן, אָבער אין אַלעם אַנדערן וועט זי אים זײַן געטרײַ. זי וועט נישט כיטרעווען אַפילו איצט מיט קאַרגן אים איר באַענטקייט. לייבל איז נישט אַזאַ וואָס וועט כאַפּן און אַנטלויפן. ער היט אָפּ זײַן געלט און וועט אויך אָפּהיטן זײַן ווײַב. יאָ, זי וועט ווערן זײַן ווײַב ווען נאָר ער וועט עס וועלן.

ווען געניע איז אַהיימגעפאָרן אויף סוכות האָט לייבל שוין דיסקאָנטירט וועקסעלעך אויך מיט איר געלט. זי האָט אים געגעבן „צו האַלטן" אַלץ וואָס זי האָט פאַרדינט.

ג.

גורוויטש איז אויך נישט קיין כרך, אָבער אַלע גאַסן זענען געפלאַסטערט מיט שטיינער און האָבן טראָטואַרן, די געשעפטן האָבן אויסשטעלפענצטער, פאַראַן אַ גימנאַזיע און אַ האַנדלשול. דאָס כעלמיש, דאַקעגן, איז אַ פּיצעלע שטעטעלע. נידעריקע הײַזלעך, חושכדיקע געסלעך און קליינע, טונקעלע געוועלבלעך וואָס זענען אַ קונה נאָר אין די טאָרגטעג, מאָנטיק און דאָנערשטיק, ווען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער קומען מיט זייערע וואָגנס צום מאַרק. זיי ברענגען הינער, אייער, פּוטער, אַ זאַק תבואה, אַ קערץ קאַרטאָפל. זיי פירן צוריק אין זייערע וואָגנס: אײַזנוואַרג, קיכגעשיר, אַ פּאָר שטיוול, אַ קורטקע, און אויך נאַפט, צוקער, ליכט. נאָר דער מאַרק און די הויפּטגאַסן זענען ברוקירט; אויף די זײַטיקע געסלעך זינקט מען אין בלאָטע ווען עס רעגנט, און מע שלינגט דעם שטויב ווען די בלאָטעס טרוקענען אויס.

ס'איז געווען סוכות, אָבער געניע האָט זיך געפילט ווי אין תישעה־באָב. דער טאַטעשי האָט געהאַט פאַרלאָזט כעלמיש ווען זי איז נאָך געווען אַן עופהלע; איבער איר איז די גאַנצע משפּחה צוריק פאַרטריבן געוואָרן אין דעם העק. רוכטשע דערציילט וועגן שיינע סעדער אַרום שטעטל. אפשר קאָן מען זומער גיין שפּאַצירן צו די סעדער; איצט רעגנט

און ס'איז טרויעריק. די בחורים אין כעלמיש זענען אַלע פֿאַרקאָכט אין זײערע פּאַרטײען, זאָגט איר רוכטשע. די ציוניסטן מיט זײער פּאַלעסטינע, די קאָמוניסטן מיט זײער ראַטן־פֿאַרבאַנד. די ציוניסטן זענען אויך צע־שפּליטערט אין פֿאַרשידענע פּאַרטײען, אַ רעוויזיאָניסט און אַ פּע־צעק קאָנען אײנער דעם אַנדערן דערטרינקען אין אַ לעפֿל וואַסער. אויך די טראָצקיסטן און די סטאַליניסטן זענען גרײט אײנער דעם אַנדערן אויפֿ־צופֿרעסן לעבעדיקערהײט.

רוכטשע האָט געפֿירט גענינען אויף אַ באַזוך אין דעם הכשרה־קיבוץ און זי געוואָרנט: די אָוונטן זענען פֿול מיט בודנע אידעאָלאָגישע דיס־קוסיעס. נאָך אַ נס וואָס זײ הײבן אָן און ענדיקן מיט אַ ליד, אָדער מיט אַ האָרא־טאַנץ.

„רוכטשעלע, דו האָסט דאָך גאָרנישט מיט וועמען אַ וואָרט אויס־צורעדן".

„צו רעדן איז יאָ דאָ מיט וועמען. אויב דו ווילסט דיסקוטירן סאָציאַ־ליזם, האָסטו עליאַשן און זײַן חברה. ציוניזם קאָנסטו רעדן מיט ראובן, דעם פּעטער אַהרנס, ווען ער קומט אַהײם אויף חופֿש פֿון זײַן הכשרה. דו זעסט דעם בחור, דאָרט, מיט דער קאַרטאָפֿל־נאָז, דער וואָס היצט זיך אין דער דיסקוסיע — ער הײסט משה בוימל, און ער היצט זיך אין אַלע דיסקוסיעס — מיט אים קאָנסטו רעדן סײַ וועגן לעניןָ, סײַ וועגן הערצל, און וועגן מאַרקס און באָראָכאָוו אויך. אָבער נישט פֿאַראַן דאָ קײן בחור וואָס דו זאָלסט וועלן אַרויסגײן מיט אים אַלײן אויף אַ סטעזשקע צווישן פֿעלדער, וואָס זאָלסט וועלן ער זאָל דיר אַ קוש טאָן".

„איך וואָלט אָוועקגעחלשט אויב דער וואָלט צוגעבויגן צו מיר זײַן פּנים פֿול מיט בלאָטערן", האָט גענינע געוויזן אויף משה בוימל. „ווער איז דער הויכער, דאָרטן? ער זיצט מיט דער חברה, אָבער מיר דאַכט זיך אַז ער הערט גאָר נישט וואָס זײ רעדן. ער נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פֿון אונדז".

גענינע האָט געזאָגט „אונדז", אָבער זי האָט געוווּסט, אַז ער קוקט אויף איר. זײַנע אויגן האָבן זי געבריט. „ער זעט אויס ווי אַ ריז צווישן די אײַנגעדאַרטע קיבוצניקעס".

„כעמיע איז אַ ריז", האָט רוכטשע געענטפֿערט, „אַ גאַנצע משפּחה

ריזן. כעמיע איז נישט קיין חלוץ, ער איז אַ היגער, אַ קאַבילאַק. ווען נישט די קאַבילאַקעס וואָלט דאָ נישט מעגלעך געווען אַרויסצוגיין אין גאַס. פאַר דער פּאָליציי האָבן די נאַראָווצעס נישט קיין מורא, זיי ווייסן, די כוליגאַנעס, אַז די פּאָליציי איז אויף זייער זײַט. די קאַבילאַקעס קאָנען אונטערהאַקן אַ זײַט, און ווייסן ווי עס צו טאָן און נישט געכאַפּט ווערן. די קאַבילאַקעס זענען געווען נאָר באַלעגאָלעס; אַז מע האָט גענומען באַפאַלן און באַראַבעווען די וואָגנס וואָס האָבן געברענגט סחורה פון לובלין און וואַרשע, זענען זיי געוואָרן אויך שפּיליטערן. אַלע סוחרים באַשטעלן בײַ זיי די סחורות, זיי פאָרן קיין לובלין און וואַרשע, קויפן אײַן, און שטעלן צו די סחורות צו אַלע געוועלבער. זיי ווערן רײַך, די קאַבילאַקעס".

„דאָס איז די סיבה וואָס דער טאַטעשי קומט אַזוי זעלטן קיין וואַרשע?" האָט געניע זיך געטרייסט. זי האָט געמיינט אַז ער האָט נישט גענוג געלט צו קומען קיין וואַרשע אײַנקויפן.

„ער פרעסט דיך אויף מיט די אויגן, געניע. ער איז אַ שרעקלעכער שיקסע־קריכער".

„זאָג אים אַז איך בין שוין פאַרנומען", האָט געניע געלאַכט. זי האָט שוין איר לייבל. ס'האָט איר דאָך הנאה געטאָן וואָס דער כעמיע קאָן נישט אָפּרײַסן די אויגן פון איר.



ווען ר' נטע איז נאָך סופות געקומען קיין וואַרשע, האָט ער זיך געטראָפן מיט לייבלען און מיט זײַן פאָטער. לייבל ווי לייבל, אָבער אויף זײַן פאָטער איז דאָס קבצנות געלעגן ווי אַ צווייטע הויט. פרנסה האָט ער געצויגן פון דעם וואָס ער האָט אין די חסידים־שטיבלעך פאַר־קויפט ציצית. ער האָט קוים פאַרדינט אויף אַ שטיקל ברויט, אויף קיין מלבוש איז שוין נישט געבליבן.

„דו וועסט דאַרפן אויסקליידן דײַן טאַטע, אַוודאי אויך דײַן שוועס־טער. צו אַ שׂימחה וועסטו זיי מוזן אויסקליידן", האָט זי אונטערגעשטראָכן.

קיין „שטר־תּנאָים" האָט מען דערווײַל נישט געשריבן, ס'האָט געהייסן „אַ וואָרט".

## ד.

כעמיע האָט געבראַכט אַ פּעקל פּאָר געניען. געניע און לײבל האָבן זיך געפרײט מיט דעם פּעקל: קיכלעך, ניס, אַלערלײ פּירות און נאַשע־רײַען. אין דער הײם קאָסט עס גראָשנס. געניע האָט אױף שנעל אָפּגע־קאָכט אַ קאָמפּאָט פון װײנטער־עפּל און געטרוקנטע פלױמען װאָס כעמיע האָט איר געבראַכט פון דער הײם. כעמיע האָט דערנאָך זײ גענומען אין אַ קינאָ און באַצאָלט פאַר אַלע דרײַ.

„דאָס צװײטע מאָל װעסטו דאַרפן באַצאָלן פאַר אַלע דרײַ", האָט געניע אָנגעזאָגט לײבלען.

װען עס איז געקומען דאָס צװײטע מאָל, האָט לײבל גראָד געמוזט אײַנמאָנען אַ שלעכטן חוב. „גײט איר בײדע, איך װעל באַצאָלן", האָט לײבל פאַרגעלײגט.

„אַ גאַנץ װוילער מענטש, דער כעמיע", האָט לײבל נאָך דעם געזאָגט געניען.

„און אַ קאַװאַליער — ערשטע קלאַס. די בעסטע בילעטן און דערנאָך מיך גענומען צו סאַרדיס אין קאַפע. ער האָט אױסגעגעבן זיכער מער װי פינעף זלאָטעס, און פון דיר נישט געװאָלט נעמען אַ פּרוטה".



לײבל האָט געהאָלפן כעמיען פירן די חשבונות פון זײַנע שפּיליטער־געשעפטן; װען לײבלען האָבן צוגעפעלט אַ פּאָר זלאָטעס צו דיסקאָנטירן אַ װעקסל, האָט ער עס אַלע מאָל געקאָנט קריגן בײַ כעמיען אָן פּראָצענט. געניע האָט יאָ געפאָדערט לײבל זאָל געבן כעמיען דעם פאַרדינסט אױף זײַן חלק געלט, אָבער כעמיע האָט געזאָגט אַז דאָס איז אַ גמילת־חסד און לײבל האָט זיך נישט געשפּאַרט מיט אים.

„דו נוצסט אים אױס", האָט געניע געהאַט טענות.

„װאָס הײסט כ'נוץ אים אױס? אױב איך װאָלט נישט גענומען בײַ אים ס'געלט, װאָלט ער עס דען דיסקאָנטירט?"

„דו מאַכסט אַזױ אַז ער זאָל אַלע מאָל באַצאָלן פאַר מיר".

„איך האָב עס אים געװאָלט צוריקצאָלן, דו האָסט עס געזען".

„װען נאָר מיר גרײטן זיך גײן ערגעץ, דאַרפסטו אײַנמאָנען אַ חוב. איך װײס, און ער װײסט אױך, אַז ס'איז נאָר אַן אױסרײד".

„אויף וועמעס זײַט ביסטו? לאָמיר רעדן אָפּענע דיבורים: מיר זענען ביידע שוין אַריבער די צוואַנציק, איך בין שוין פרײַ פון מיליטער. אויף וואָס וואַרטן מיר? איך וועל דיר זאָגן אויף וואָס — מיר וואַרטן אויף אַ זיכערער פרנסה. וואָס וועט בלײַבן פון אונדזער געלט נאָך דעם ווי מיר וועלן דינגען אַ דירה און אײַנקויפן מעבל? עס וואַרט אויף מיר איבערצונעמען מײַן טאַטנס פרנסה? דו זאָגסט, כ׳בין אַ קאַרגער, איך בין נאָר אַן אויסגערעכנטער. איידער איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן און פאַרדינען, בין איך מער ווי איין מאָל געגאַנגען שלאָפן הונגעריק. דאָס טאָר מער נישט געשען".

לייבל האָט געניען געגעבן אָנצוהערן אַז אויב איר טאַטע גיט נישט קיין נדן, זאָל ער כאָטש געבן אויף אַ דירה און מעבל. אים איז גוט מיט איר אומעטום, אָבער זי, געניע, וועט דאָך נישט וועלן וווינען ווי אַ סובלאָקאַטאָר אין אַ קליין צימערל. אויב איר טאַטע וואָלט...

געניע האָט אים נישט געלאָזט פאַרענדיקן דעם זאַץ. זי האָט אים דערציילט אַז מע האָט בײַ איר אין באַנק געגנבעט געלט און זי, ווי די קאַסירערין, האָט געטראָגן דאָס אחריות. דער טאַטע האָט אַלץ באַצאָלט און איז צוליב איר געוואָרן אַ בעל־חוב. ניין, זי וויל גאָרנישט פון איר טאַטן.

געניע האָט מער נישט געהאַט קיין טענות וועגן די עסקים מיט כעמיען. אַז לייבל האָט גענומען איר קאָפּ אין זײַנע הענט און זײַנע טונקעלע אויגן זענען פול געוואָרן מיט גלי, האָט זי באַכגיביק אויס־געשטרעקט אירע ליפּן. זי איז שוואַך געוואָרן אין זײַנע אָרעמס. עס איז איר גוט געווען אין זײַנע אָרעמס.

„דאָס אַלץ, דאָס פולע, צײַטיקע, יצר־הרעדיקע שטיק ווײַב, איז אין גאַנצן מײַן?" האָט לייבל זיך פאַרכלינעט מיט איר ווײַבלעכקייט.

„נאָר דאָס. אָן נדן".

לייבל האָט דערציילט געניען אַז אַ שדכן לויפט אים נאָך מיט אַ שידוך מיט גאַנצע פינעף הונדערט דאָלאַר נדן. געניע האָט געפילט אַז כאָטש לייבל איז געדולדיק צו אירע טענות, האָפט ער דאָך עפּעס צו באַקומען. זי האָט זיך דערמאָנט אַ לידל וואָס זי האָט געהערט אין יידישן טעאַטער ווען זי איז געגאַנגען מיט כעמיען. זי האָט עס אויסגעזונגען פאַר לייבלען:

„נאָר דאָס וואָס דו זעסט,
קיין גליקן האָב איך דיר נישט צוגעזאָגט.
נאָר דאָס וואָס דו זעסט,
איך האָב נאָך דיר נישט נאָכגעיאָגט.
און טאָמער ווילסטו מער מזומן,
קאָנסטו מער צו מיר נישט קומען.

„נאָר דאָס וואָס דו זעסט”, האָט זי געוויזן אויף זיך, „און אויב ס'איז דיר נישט גענוג, זאָג עס אָפן. כעמיע זוכט נישט קיין נדן...”

לייבל האָט נישט געהערט נישט געהערט אָדער זיך געמאַכט ווי ער הערט נישט. ער האָט זי געדריקט צו זיך: „ביסט מײַן? אין גאַנצן מײַן?”

„דײַן, אָבער נישט אָוועקצוגעבן אויף פּראָצענט”, האָט געניע געענט־פערט, און לייבל האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ דיבוק עס איז הײַנט אַרײַן אין איר. זי וויל דען זײַן אַ קבצנטע?

## קאַפּיטל צען

# בערעק ווערט אַ העלד

### א.

„אין גורוויטש איז אַלץ קרום; נאָר די טרעפּ וואָס דאַרפן זײַן קרום זענען גלײַך ווי אַ וואַנט". בערעק האָט זיך דערמאָנט אין דעם אָפּלאַכערישן וואָרטשפּיל ווען ער איז אַרײַנגעקומען אין דעם הויז אויף קרולעווסקע־גאַס אין וואַרשע ווו עס האָט געוווינט פעליקס גרינבערג. בערעק האָט זיך געגרייט צו דעם וויזיט, ער האָט לאַנג געבאַרשט זײַנע מלבושים און געפּוצט זײַנע שיך. אָבער דער גאַסרעגן האָט אַדורכגעווייקט זײַנע זוילן און יעדער טריט האָט איבערגעלאָזט אַ צייכן. ער איז נאָך געשטאַנען און באַוווּנדערט דעם הויף געוועלבטן באַלטן, די טרעפּ פון ווײַסן מאַרמאָר, ווען אַ מעטאַלענע שטײַג האָט זיך געגעבן אַ לאָז אַראָפּ און זיך פאַרהאַלטן טאַקע נעבן אים. געווען שוין דרײַ יאָר אין וואַרשע אָבער נאָך נישט געזען אַזאַ עלעגאַנטע ווינדע. די טיר פון דער ווינדע האָט זיך געעפנט, עס זענען אַרויסגעקומען צוויי עלעגאַנטע מיידלעך און נאָך זיי אַ מאַן אין אַן עלעגאַנטן מונדיר מיט שליפעס וואָס וואָלט געפּאַסט פאַר אַ גענעראַל. דער מאַן האָט געעפנט פאַר די מיידלעך די טיר צו דער גאַס. וואַרשעווער פּאַניענקעס! זייער עלעגאַנץ, זייער געשיקטער טאַנצנדיקער גאַנג האָט אים פאַרגאַפט.

„דער פאָן צו וועמען?"

דאָס האָט געפרעגט דער מאַן אין מונדיר וואָס איז שוין געשטאַנען נעבן אים און געוואַרט אויף אַן ענטפער. בערעק האָט געוואָלט וואַרטן ביז זײַנע שיך וועלן אַ ביסל אָפּטריקענען, אָבער אַז מע פרעגט, דאַרף מען ענטפערן: „צום פאָן גרינבערג".

„די גרינבערג־פּאַציענקעס זענען ערשט אַרויס".

„איך דאַרף צום פּאַן גרינבערג".

„פּערטער שטאָק", האָט געזאָגט דער מונדירטער מאַן און געעפנט פּאַר בערעקן די טיר צו דער ווינדע.

די טעפּעכער, די זײַד־באַצויגענע ווענט, די קונסטבילדער! ווען בערעק איז צום ערשטן מאָל געקומען פון זײַן טאַטנס קעלערשטוב אין הויז פון ר' שלמה מילקעס, איז ער נישט געווען אַזוי פאַרחידושט ווי איצט. פון פינטשען ווייסט ער אַז דער פּאַן גרינבערג איז אַ הורט־סוחר פון לעדער און שוסטער־צודאַטן, ער איז זיכער נישט רײַכער ווי ר' שלמה מיט זײַן טעקסטיל־פאַבריק. אָבער וואַרשע איז וואַרשע.

אַ מיידל, אַוודאי די דינסט, האָט אים אַרײַנגעפירט אין אַ שטוב וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גאָרטן, אַזוי פיל בלומענטעפּ און צעצווײַגטע, טראָפּישע געוויקסן. שטייל־לאָמפּן האָבן געברענט אין מיטן העלן טאָג און אַדורכגעזיפּט זייער שײַן דורך דעם געצווײַג און עס אַרײַנגענומען אין אַ שפּיל פון ליכט און שאָטן. אַ לענגלעך טישל אויף ליליפּוטן־פיסלעך איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ קאַנאַפּע און פאָטעלן — אַלץ אַזוי אַנדערש, אָבער אין גוטן געשמאַק.

פּאַן גרינבערג האָט אויסגעזען פרעמד און אָנגעבלאָזן, אָבער ער האָט בערעקן דערלאַנגט אַ וואַרעמע האַנט, אים באַגריסט מיט אַ וואַרעם קול, און געבעטן זיך זעצן. בערעק האָט זיך געזעצט אויפן שפּיץ פון אַ ווייכן שטול און נישט געוווסט ווי אָנצוהייבן.

„איר האָט אַ בריוו פון מײַן פעטער?"

בערעק האָט זיך פאַרשעמט. אמת, ער האָט געהאַט אַ רעקאָמענדיר־בריוו פון ר' שלמהן, אָבער ער איז געקומען אָהער זוכן אַרבעט, נישט איבערגעבן אַ בריוו, ווי ער האָט געזאָגט דער דינסט אויס מורא אַז מע וועט אים נישט אַרײַנלאָזן.

„כ'האָף אַז איך וועל אײַך קאָנען העלפן", האָט דער פּאַן גרינבערג געזאָגט, נאָך אײדער ער האָט געעפנט דעם בריוו. אַ בריוו שיקט מען דורך דער פּאָסט, דאָס מוז זײַן אַ רעקאָמענדיר־בריוו וועגן אַ פּאָסטן, אָבער ער קאָן איצט נישט אַרײַננעמען קיין נײַע מענטשן אין זײַן געשעפט.

„וואָס פאַר אַ בילדונג האָט איר?" האָט פּאַן גרינבערג געפרעגט נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו.

„דרײַ יאָר געשיכטע אויפֿן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, כ׳האָב גע־מוזט איבעררײַסן".

„איר רעדט אַ בעסערן פּויליש ווי פּינטשע".

„פּינטשעס פּויליש איז נישט שלעכט, ער האָט פּראָבלעמען נאָר מיטן אַקצענט. איך האָב אַ גוט אויער, מײַן אַקצענט איז גוט אַפילו אין די לשונות וואָס איך קען נאָר אַ ביסל".

„וואָס פֿאַר אַ שפּראַכן קענט איר?"

„ייִדיש איז דאָך מאַמע־לשון, העברעיִש פֿון חומש און פֿון לייענען ביכער אין מאָדערנעם עברית. דײַטש האָב איך זיך אויסגעלערנט פֿון די שכנים, אין גורוויטשס זענען פֿאַראַן אַ סך דײַטשן. אין גימנאַזיע האָב איך ווי די פֿרעמדע שפּראַך גענומען פֿראַנצייזיש, ווײַל דײַטש האָב איך שוין געקאָנט. דעם ריכטיקן אַקצענט פֿון דײַטש און פֿראַנצייזיש האָב איך געכאַפּט ווען איך האָב זיך צוגעהערט צו אויסלענדישע ראַדיאָ־אוידיציעס".

„ווו קאָן מען אײַך אָנקלינגען? איר האָט אַ טעלעפֿאָן?"

„איך האָב נישט קיין טעלעפֿאָן?"

„קלינגט מיר אָן סוף־וואָך. בעניעק, מײַן בחור, דאַרף עמעץ זאָל אים צוהעלפֿן אין די לעקציעס, אָבער כ׳האָב שוין צוגעזאָגט צו נעמען עמעצן פֿון יודאַיִסטישן אינסטיטוט, איך בין דאָרט אין דער פֿאַרוואַלטונג".

„איר מעגט שטאָלץ זײַן מיט דעם אינסטיטוט, איך האָף בקרוב דאָרט צו שטודירן".

„איר זענט שוין אָנגענומען?"

„איך וועל זיך פֿאַרשרײַבן ווי נאָר איך וועל עס זיך קאָנען דערלויבן".

„קומט אַרײַן צו מיר דאָנערשטיק אָוונט", האָט דער פּאַן גרינבערג געזאָגט און זיך אויפֿגעשטעלט.

בערעק האָט נישט בדעה געהאַט זיך צו פֿאַרשרײַבן אין אינסטיטוט וואָס נעמט צו דרײַ אָוונטן אַ וואָך. אַלץ וואָס מע גיט דאָרט קאָן ער לערנען פֿון ביכער. אויב אָבער דאָס איז אַ סגולה צו אַ גוטן פּאָסטן... דער פּאַן גרינבערג געפֿעלט אים נישט ווייניקער ווי דאָס הויז, נישט ווייניקער אַפֿילו ווי די צוויי עלעגאַנטע גרינבערג־פּאַניענקעס.

בערעק איז צוריקגעקומען אויף זײַן אַכסניה דורכגעווייקט פֿון רעגן.

ער איז געווען מיד און אויסגעפרוירן, אָבער ער איז געשלאָפן אויף אַ קאַנאַפּע אין אַ דורכגאַנג־צימער, ער האָט געקאָנט אויסבעטן זײַן געלעגער נאָר נאָך דעם ווי אַלע אין הויז זענען געגאַנגען שלאָפן.

אַ קליין ווײַס־געקאַלכט שטיבל אין זייער הויף אין גורוויטש האָט אים איצט אויסגעוויזן צו זײַן רחבותדיק, ליכטיק און וואַרעם. בײַם פענצטער אין דעם שטיבל איז געזעסן בינע און געהעקלט פּילעי — אַ נעץ פון גלאַנציקן פאָדעם — און אין די קעסטעלעך פון דער נעץ אַרײַנגעצערעוועט בלומען און בלעטער. זי האָט מיט גלאַנציקן בײַנוול אויסגעצערעוועט גאַנצע פּייסאַזשן, פירהאַנגען צו באַצירן די פענצטער פון רײַכע שטובן. דאָרט — בײַנעס רוקן געבויגן איבערן פּילעי, דאָ — זײַן רוקן געבויגן איבער אַ בייגעלע פּאַפּיר. „בינע טײַערע, אויב איך וואָלט געהאַט פליגל וואָלט איך איצט אַ פלי געטאָן צו דיר. איך וואָלט אַ גלעט געטאָן דײַנע זײַדענע ברוינע האָר, דו וואָלטסט אויפגעהויבן צו מיר דײַנע גרויסע, אייביק פרעגנדיקע אויגן. איך ווייס, בינע, נאָר איך ווייס אַז דײַנע אויגן פרעגן נישט, זיי ענטפערן — מיט געטרײַשאַפט אויף מײַן יעדן בליק".

ב.

די ערשטע פּאָר לעקציעס מיט בעניעק גרינבערג זענען געווען שווער. בערעק האָט אים געפרעגט עפּעס וועגן פראַנצייזישער גראַמאַטיק, האָט בעניעק געענטפערט מיט אַ סברא פאַר וואָס דער סאָקאָל כאַפּט אַרײַן אַזוי פיל גאָלן. דער יונג וועט זיך קיין מאָל נישט לערנען, ער איז צו פיל פאַרקאָכט אין פוסבאָל. אַרײַנגעטראַכט אין דעם בײַ נאַכט און זיך דערטראַכט אַז די שולד איז דעם לערערס. ער וויל אַרײַנפּאַקן אין דעם בחור צו פיל מיט אַ מאָל. העבריאַד פון וואָלטער איז טאַקע אויף דעם לימודים־פּראָגראַם אין דער גימנאַזיע, אָבער בעניקס פראַנצייזיש איז צו אָרעם ער זאָל קענען באַנעמען די פּאָעמע. אַ הויז בויט מען נישט פון דאַך, נאָר פון דעם פונדאַמענט...

די פּאַני צעלינאַ גרינבערג האָט געהויבן די אַקסלען ווען זי האָט געהערט געלעכטער און געזאַנג פון איר זונס צימער ווען דער לערער איז געווען מיט אים. מע האָט אָנגעשטעלט אַ לערער נישט כדי צו לערנען

אים פּאָפּולערע פּראָנציזישע לידלעך, אָבער בעניעק האָט אָהיימגע־ברענגט בעסערע צייכנס אין פראַנצייזיש און אַלע זענען געווען צופרידן.

בערעק האָט נאָך אַלץ געוואוינט אויף אַ צימער אין דער יידישער סטודענט־היים, אָבער ער האָט איצט פאַר אַ נייַער לעקציע באַקומען, אָנשטאָט שׂכר־לימוד, אַ ריין ווייַס בעט אין אַ פייַנער היים פון אָפּגע־קומענע נגידים. אין דער נייַער אַכסניא איז געווען באַקוועם, ער וואָלט דאָרט געקאָנט זיצן גאַנצע אָוונטן און שרייַבן בריוו צו בינען, אָבער ער איז זעלטן געווען אויף זייַן אַכסניא. ער האָט שוין געהאַט גענוג תּלמידים און נאָך אַלץ אַרומגעלאָפן זוכן נייַע, ער וועט בייַטן עטלעכע תּלמידים. פאַר וואָס ער וויל דווקא תּלמידים פון רייַכע היימען? ניין, זיי צאָלן נישט מער, אָבער עס איז זיכערער אַז זיי וועלן נישט אָפּשטעלן די לעקציעס אין מיטן זמן. איז דאָס די אמתע סיבה? ווער האָט צייַט אַרייַנצוטראַכטן אין דעם? ער האָט אויך נישט קיין צייַט צו ענטפערן אויף בינעס בריוו. ער האָט איר געשיקט אַ מתּנה אַ געשטריקטן וואָלענעם שאַל. זי וועט פאַרוואַרפן זייַן שאַל אויף די אַקסלען און זיך צוריק אָנועקזעצן העקלען די פּילעי־גאַרדינען. דורך דעם שאַל וועט זיך נישט אָנזען ווי איר פלייצע ווערט אַלץ רונדיקער פון דעם שטענדיקן זיצן געבויגן איבער איר העקלען.

פאַן גרינבערג האָט געלויבט בערעקס הצלחה מיט בעניעקן און די פאַני צעלינאַ האָט פרייַנדלעך געשמייכלט צו אים. אַפילו פאַליע און מאַניע, די צוויי דערוואַקסענע שוועסטער, האָבן אַקעגנגעטראָגן דעם לערער אַ „דזשיען דאָברי״, אָבער ווייַטער פון אַ גוט־מאָרגן איז עס נישט דערגאַנגען. פאַליע איז איין מאָל שיִער נישט אַרויפגעלאָפן גלייַך אויף אים אין אוניווערסיטעט, פאַרבייַגעלאָפן ווי זי וואָלט אים נישט געקענט. די דינסט האָט קיין מאָל נישט פאַרפעלט אַרייַנצוטראָגן אַ גלאָז טיי פאַרן לערער אין בעניעקס צימער. אין בעניעקס צימער, אַפילו ווען אין דער סאַליע האָט מען סערווירט טיי פאַר געסט.

אין אַ שבת־פרימאָרגן איז בערעק אַוועק אין דער גרויסער סינאַגאָגע, פעליקס גרינבערג האָט דאָרט געדאַוונט. עס איז בערעקן וואַרעם געוואָרן ווען ער האָט געזען דאָס קליינע באַבערדלטע, פרייַנדלעכע פּנימל פון דעם ראַבינער שוב. עס איז אים צוריק קאַלט געוואָרן ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די שטייַפע שוואַרצע צילינדערס און די שטייַפע

פיגורן אויף דער מיזרח־וואַנט. אַפילו פעליקס גרינבערג האָט דאָ אויס־געזען שטיפּער ווי אין זײַן היים. ער איז דען געקומען זיך ברודערן מיט די צילינדער־סנאָבן? ער איז געקומען הערן דעם חזן משה קוסעוויצקי, און עס איז געווען וואָס צו הערן.

שבת נאָך מיטאָג האָט בערעק אַפילו געטראַכט וועגן צוריקפאָרן קיין גורוויטש, זונטיק איז ער געווען דער ערשטער ווען מע האָט געעפנט די ביבליאָטעק פון דעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט. ער האָט דאָרט געפונען אַ ביבליאָגראַפיע פון אַלעם וואָס פּראָפעסאָר שוב האָט געשריבן. ער האָט געלייענט ד״ר שובס ביכער, זײַנע עסייען און זשורנאַלן. ער האָט זיך פאַרשריבן די ביבליאָגראַפישע נאָטיצן. ער וועט שטודירן אויך די מקורים וואָס ד״ר שוב האָט זיך אויף זיי פאַררופן.

ד״ר שוב האָט געשריבן וועגן די קולטורן פון מיטעלן מיזרח און היסטאָרישע שטודיעס וועגן די ייִדן אין פוילן. אַלע מקורים וועגן ייִדן אין פוילן זענען געווען אין שפּראַכן וואָס זענען בערעקן נישט פרעמד געווען: ייִדיש, פויליש, דײַטש. אויך רוסיש האָט ער אַ ביסל פאַרשטאַנען, און בײַם לייענען זיך צוגעוווינט צום רוסישן אַלף־בית. ערגער איז געווען מיט די מקורים וועגן די קולטורן פון מיטעלן מיזרח. כּדי צו קאָנען עפּעס אויפטאָן וואָלט ער געדאַרפט קענען לייענען קונעיפאָרם. אויב ער וואָלט געקענט ענגליש, וואָלט עס אים געהאָלפן. אַ סך פון די מקורים זענען געשריבן אָדער איבערגעזעצט אויף ענגליש. אָבער ביז ער וועט זיך אויסלערנען ענגליש... ער איז שוין מער נישט קיין קינד, און ביז ער וועט דערזען די נחמה קאָן דערווײַל אויסגיין די נשמה. בעסער זיך קאָנצענטרירן אויף געשיכטע פון ייִדן אין פוילן.

געזוכט אין אַ ביבליאָטעק־קאַטאַלאָג, איז זײַן אויג געפאַלן אויף דעם נאָמען דעליטש. פּראָפעסאָר דעליטשעס בוך „באַבל און ביבל״ האָט אויפגערודערט אַ וועלט. מע דאַרף עס איבערלייענען.

אין דעם קליינעם ביכעלע פון פּראָפעסאָר דעליטש האָט בערעק געפונען אַן אוצר: אַזוי פיל נײַע אַרגומענטן צו באַקרעפטיקן ד״ר שובס אַרויסטריט קעגן דעליטשן; עטלעכע שיינע אײַנפאַלן וואָס וועלן דעם דאָקטאָר זיכער געפעלן ווערן.

בערעק האָט זיך אַוועקגעזעצט שרײַבן אַ בריוו צו ד״ר שוב. ער האָט אָנגעשריבן נאָר עטלעכע שורות און איבערגעריסן. זײַן ערשטער

„אַנגריף״ מוז זײַן אַ זיכערער. ער וועט נאָך אַ מאָל איבערלייענען דעליטשעס בוך און שובס ענטפער. ער וועט לייענען אויך אַנדערע ביכער וועגן דעם ענין. ער מוז זיך בעסער צוגרייטן.

בערעק האָט דעם בריוו צו ד״ר שוב אָנגעשריבן ערשט מיט צוויי וואָכן שפּעטער. גוט וואָס ער האָט זיך נישט געאײַלט. ער וואָלט דעמאָלט געמאַכט טעותים, און ער האָט איצט אין דעליטשעס בוך געפונען עטלעכע שורות, אומשולדיקע שורות וואָס אַלע קריטיקערס האָבן זיי פאַרזען. אָבער אין די שורות קאָן מען דערקענען די סיבה פאַר וואָס דער גרויסער אַסיראָלאָג איז געקומען צו זײַנע טעותים. ניין, דאָס וועט ער נישט שרײַבן אין דעם בריוו. ער וועט נישט אויסשיסן אַלע זײַנע פײַלן מיט אַ מאָל. ער וועט דאָס האַלטן פאַר אַ „תקיעה־גדולה״ אין אַ שמועס מיט ד״ר שוב, אפשר טאַקע ווען פעליקס גרינבערג וועט זײַן דערבײַ.

ווי נאָר בערעק האָט אַרײַנגעוואָרפן אין פּאָסטקעסטל זײַן בריוו צום ד״ר שוב, האָט ער גענומען אויסקוקן דעם ענטפער. ער איז געזעסן מיט אומגעדולד בײַ זײַנע לעקציעס, געלאָפן אהיים זען צי עס איז אָנגעקומען פּאָסט. אַ טאָג איז אַוועק און נאָך אַ טאָג. ער האָט פאַר־שטאַנען אַז אויף אַזאַ בריוו קאָן מען נישט ענטפערן אַזוי שנעל ווי אויף אַן „אהובי־ידידי־בריוועלע״, און דאָך גענומען אָפּוואַרטן דעם פּאָסטטרעגער צוויי מאָל אַ טאָג. אַ וואָך איז פאַרבײַ. „דער פּראָפעסאָר שרײַבט זײַנע ביכער נישט פאַר קיין בערעק עפּשטיין. אים אינטערעסירן נאָר די הויכע, שטײַפע, שוואַרצע צילינדערס״, האָט בערעק געטראַכט מיט ביטערניש.

נאָך אַ וואָך איז פאַרבײַ. בערעק איז שוין מער נישט אַקעגנגע־לאָפן דעם פּאָסטטרעגער. ער האָט איצט פלײַסיקער געלערנט אין אוניווערסיטעט, ער וועט זיך אַרויפאַרבעטן מיט אייגענע כּוחות. ער דאַרף נישט קיין קוליסעס אַרײַנצוהינקען אין די הויכע פענצטער. ער וועט לערנען, אַרבעטן איבער זיך, און מע וועט אים אַרײַנטראָגן אויף די הענט; און ווען די פּאַליעס און מאַניעס וועלן קוקן אויף אים מיט גלאַנ־ציקע אויגן, וועט ער פאַר זיי פאַרשטעלן זײַן בינע. אַלע וועלן באַוואונדערן אירע גרויסע, שיינע אויגן און אים מקנא זײַן וואָס ער האָט אַזאַ ווײַב, און זי מקנא זײַן וואָס איר מאַן איז דער — — — דער פּראָפעסאָר בערנאַרד עפּשטיין.



עס איז געװען אין דער פערטער װאָך נאָכן אָװעקשיקן זײַן בריװ, אין אַן אומזיסט. בערעק איז אַהײמגעקומען פֿון אַ לעקציע און זיך אָװעקגעזעצט שרײַבן צו בינען. „טײַערע בינע" האָט ער אָנגעהױבן. פּלוצלינג האָט ער דערזען אױפֿן טיש אַ קאָנװערט מיט אַ מנורה, דער עמבלעם פֿון דער טלאָמאַקצע־סינאַגאָגע. ער האָט מיט פֿיבערדיקע פֿינגער אױפֿגעריסן דעם קאָנװערט. נאָר עטלעכע שורות אױף פּױליש. „חשובער פּאַן עפּשטײן, באַקומען אײַער זײער אינטערעסאַנטן בריװ. כאַפּט זיך אַ מאָל אַרײַן צו מיר אין ביוראָ אַ שמועס טאָן. מיט דרך־ארץ, ד"ר מ. שוב".

מער גאָרנישט? געװען אין זײַן בריװ געדאַנקען נישט װײניקער אינטערעסאַנטע װי אין דעם פּראָפֿעסאָרס בוך, און דער פּראָפֿעסאָר האָט װעגן דעם גאָרנישט צו זאָגן?

בערעק האָט אָװעקגעװאָרפֿן ד"ר שובס בריװ און זיך צוריק גענומען צו זײַן בריװ צו בינען. „טײַערע בינע", האָט ער איבערגעלײענט די ערשטע שורה און חשק געהאַט איר אױסצומאָלן זײַנע חלומות װעגן איר. ער האָט װידער אַ כאַפּ געטאָן ד"ר שובס בריװל און עס גענומען נאָך אַ מאָל לײענען: „באַקומען אײַער זײער אינטערעסאַנטן בריװ". דער זײער האָט אים איצט אױסגעזען צו זײַן געשריבן מיט גרעסערע אותיות, װי אונטערצושטרײַכן אַז דאָס איז גאָר, גאָר אַן אױסערגעװײנטלעך אינטערעסאַנטער בריװ. ד"ר שוב האָט נישט בדעה אָפּצופּטרן זײַן בריװ מיט אַ טרוקענעם ענטפֿער. ער װיל אים זען, שמועסן מיט אים, דיסקוטירן, װי מיט זײַנס גלײַכן. ער האָט אַזאַ גוט פּנים, ד"ר שוב. קורצזעיִקע אױגן קוקן דורך זײַנע דיקע ברילן, אָבער זײ זעען װײַט. דער דאָקטאָר װעט אים העלפֿן אַרױפֿקריכן אױפֿן לײטער. בײַן, ער, בערעק, װעט נישט קריכן, ער װעט איבערהיפּן שטאַפּלען, און װען ער װעט שױן זײַן פֿון אױבן, װעט ער פֿאָרשטעלן בינען: „דאָס איז מײַן..."

װעט בינע זײַן גליקלעך מיט אים? איר װעט זיך אָװדאי דאַכטן אַז ער שעמט זיך מיט איר שלעכטן פּױליש. נאַרישע בינע, די שײנקײט פֿון דײַנע אױגן איז מער װי אַ שײנער פּױליש. דײַן ערלעכקײט...

פּלוצלינג, אין סאַמע מיטן פֿון אַ טרױם, האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ נײַער געדאַנק אין שײַכות מיט אַן עסײ פֿון ד"ר שוב. אינטערעסאַנט,

זייער אינטערעסאַנט. ער טאָר דאָס נישט פאַרגעסן, ער מוז שוין, תיכף, מאַכן עטלעכע נאָטיצן.

איידער די באַלעבאָסטע האָט אויסגעלאָשן דעם גאַז איז דאָס שטיקל פּאַפּיר שוין געווען באַשריבן פון אַלע זייַטן. צווישן נאָטיצן וועגן דער געשיכטע פון יידן אין קראָקע, איז ערגעץ פאַרלוירן געוואָרן אַ שורה „טייַערע בינע״.



„איי בין איך אַ שוטה״, האָט בערעק זיך געמוסרט. ווען ער האָט געשריבן צום ד״ר שוב, האָט ער באַדאַרפט אָנגעבן דעם צוריק־אַדרעס צום הויז פון זייַן תלמיד בעניעק. ד״ר שובס בריוול וואָלט אָנגעקומען צו די גרינבערגס און אַלע וואָלטן געוווסט, מע קאָן עס נאָך אפשר פאַרריכטן.

ווען בערעק איז צו מאָרגנס געקומען צו דער לעקציע מיט בעניעקן, האָט ער „פאַרלוירן״ ד״ר שובס בריוול אין קאָרידאָר, אויפן וועג צו בעניעקס צימער.

בערעק האָט פאַרהערט בעניעקן אין געשיכטע. נאָך מער ווי צו זייַן תלמידס ווערטער האָט ער אויפגעשפּיצט די אויערן צום קאָרידאָר. די פּאַני גרינבערג איז אין דער היים, ער האָט געהערט מאַניעס קול, איז פּאַליע אַוודאי אויך אין דער היים. דער פּאַן גרינבערג וועט באַלד אַהיימקומען. ווער וועט געפינען דעם בריוו?

טריט האָבן זיך דערנענטערט, לייַכטע, יונגע טריט. די טריט האָבן זיך אָפּגעשטעלט. געפונען דעם בריוו! מאַניע אָדער פּאַליע?

די טריט האָבן זיך דערווייַטערט און פאַרשוווּנדן אין דעם אַנדערן עק קאָרידאָר. באַלד וועלן זיי אַלע קומען מיט דעם בריוו: „אַזוי, איר שרייַבט זיך איבער מיט ד״ר שוב. גאָר נישט געוווסט״.

בעניעק האָט זיך געכאַפּט אַז דער לערער הערט אים נישט און איז אַנטשוויגן געוואָרן. „יאָ, אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער אויפשטאַנד פון 1837״, האָט בערעק זיך צוריקגעקערט צו זייַן תלמיד. אין קאָרידאָר איז געווען שטיל ווי אַלע וואָלטן אויסגעשטאָרבן. די דרויסנדיקע טיר האָט זיך געעפנט און פאַרמאַכט. דער באַלעבאָס איז אַהיימגעקומען; די באַלעבאָסטע איז אַרויס פון איר שטוב: פּאַליע און מאַניע זענען געלאָפן איבערן קאָרידאָר אַהין און צוריק. ווען וועט שוין עמעצער געפינען

דעם בריוו? טריט האָבן זיך דערנענטערט צו דער טיר און פאַרבײַגעגאַנגען. „אַז די גבירים האָבן פאַרריסענע קעפּ, װי קאָנען זײ דערזען עפּעס אויף דער פּאָדלאָגע?" האָט ער געטראַכט מיט כּעס.

פאַרענדיקט די לעקציע. ער װעט בײַם אַרויסגײן אַלײן אויפהײבן דעם בריוו, קײנער זאָל נישט זען. ער איז אַרויס אין קאָרידאָר, אַװעק ביז צו דער טיר און צוריק צו בעניקעס שטוב — נישטאָ! מע האָט אַװדאי דעם בריוו צעטרעטן, דערנאָך אַרויסגעװאָרפן אין מיסט אַרײַן. אָט װוּהין זײַנע שפּיצלעך דערפירן אים!

די פאַני גרינבערג איז פאַרבײַגעגאַנגען, „איר זוכט עפּעס, פאַניע עפּשטײן?"

„כ'האָב פאַרלוירן אַ בריוו, מסתּם אַרויסגעפאַלן פון קעשענע. די דינסט האָט אפשר אויסגעקערט?"

„סטאַשאַ! האָט די פאַני גרינבערג גערופן די דינסט, „סטאַשאַ, האָסט נישט געפונען אַ בריוו?"

„אָ, יאָ, די פאַניענקע האָט געפונען, מיר געגעבן פאַר דעם פאַן לערער. כ'האָב אין גאַנצן פאַרגעסן".

די פרוי גרינבערג איז אַװעק אין איר צימער. סטאַשאַ האָט אים געבראַכט דעם בריוו. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו װי דאָס גרויסע געפינס און אַװעקגעלאָפן אַהײם.

די פאַניענקע האָט געפונען דעם בריוו, געזען צו װעמען עס איז אַדרעסירט, האָט זי זיך שױן נישט באַמיט עס אַרײַנטראָגן צו אים נאָר געגעבן דער דינסט. האָט זי געזען פון װעמען דער בריוו איז? האָט זי כאַטש באַמערקט דעם עמבלעם פון דער סינאַגאָגע?

נײן. װי נאָר זי האָט דערזען זײַן נאָמען, האָט זי עס געגעבן דער דינסט. ער װעט איר װײַזן. ער װעט זײ אַלעמען װײַזן װער עלטער איז. ער װעט דערװײַל נישט גײן צום ד"ר שוב. ער װעט װאַרטן ביז ד"ר שוב װעט קומען צו די גרינבערגס. ער װעט זיך גרײטן; ביז דעמאָלט װעט ער זיך אויך לערנען ענגליש. אַז ער קאָן לאַטײַן, פראַנצײזיש און דײַטש, װעט אים אויך דאָס נישט אָנקומען צו שװער. ער איז נישט זיכער צי ד"ר שוב קען די אַלע לשונות. ער װעט ציטירן פון דעם אָריגינאַל בײַ די גרינבערגעס אין הויז. ער װעט זײ אַלעמען מאַכן גאַפן. די גראַפין מאַניע װעט זיך נאָך אַ מאָל באַרימען אַז זי קען אים.

ג.

בערעק האָט שוין געאַרבעט ווען ער האָט נאָך געדאַרפט שטיין אויף אַ בענקעלע צו דערגרייכן דעם אַרבעטטיש; ער האָט געהאָלפן מאַכן טיטן און צושטעלן זיי צו די געוועלבער. ער האָט געהאָלפן חברים אין שול מאַכן זייערע לעקציעס און באַקומען דערפאַר אַ פּאָר גראָשן. אויף שכר־לימוד אין גימנאַזיע האָט ער פאַרדינט ביַים אונטערקנעלן מיט יינגערע קינדער. דאָס איז געבליבן זיַין פּרנסה אויך ווען ער האָט זיך פאַרשריבן אויפן אוניווערסיטעט. זינט ער געדענקט זיך איז דער טאָג געווען פאַר אים צו קורץ; ער האָט זעלטן געהאַט ציַיט זיך צו שפּילן מיט אַנדערע קינדער ווען ער איז געווען קליין, אָדער צו שפּאַצירן מיט חברים און חברטעס ווען ער איז געוואָרן אַ גימנאַזיסט. ער האָט ליב געהאַט געזאַנג. אַ חזנס אַן אייניקל, האָט ער חשק געהאַט צו זינגען ביַים חזן אין כאָר, ער האָט געחלשט שפּילן אויף אַ מאַנדאָלין, אָבער נישט געהאַט קיין ציַיט זיך צו לערנען. ער האָט זיך יאָ אויסגעלערנט לייענען נאָטן ווען ברכה בעכלער, אַ יינגערע פון אים גימנאַזיסטקע, האָט אים צוגעשאַנצט אַ קנעלונג מיט דעם חזנס יינגלעך. דער חזן האָט צוגעזאָגט געלט, אָבער באַצאָלט מיט אַ פּאָר מוזיק־לעקציעס.

בערעק האָט געוווסט אַז ער דערלויבט זיך אַ לוקסוס, אָבער דאָס לייענען נאָטן איז געווען אַ צוגרייטונג צו שפּילן מאַנדאָלין, און אַן אַלטע מאַנדאָלין איז געווען דאָס איינציקע וואָס איז אים געבליבן בירושה פון זיַין מאַמע, דאָס איינציקע וואָס זיַין מאַמע האָט געבראַכט מיט זיך פון איר היימשטאָט האָמליע.

די חברטע פון גימנאַזיע, ברכה בעכלער, איז אויך געקומען קיין וואַרשע שטודירן. זי איז אַוועק צום טיטן־מאַכער נעמען בערעקס אַדרעס און שוין געפרעגט צי ער וויל עפּעס מיטשיקן פאַר זיַין זון.

„יאָ, אַוודאי", האָט שלום געענטפערט און אָפּגעשריבן פאַר בערעקן קאַפּיעס פון זיַינע צוויי ביַיע לידער.

„דאָס איז אַלץ?" האָט דאָס מיידל געפרעגט.

„זי האָבן ציַיט נאָך אַ פּאָר מינוט?"

שלום איז אַרויסגעלאָפן און געבראַכט פון עמעצן אַ בריוו פאַר

בערעקן. אין דער לעצטער מינוט איז אים איינגעפאלן צו שיקן אויך די מאַנדאָלין.

די מאַנדאָלין האָט נישט געהאַט קיין סטרונעס. נישט גענוצט אַזוי פיל יאָרן, האָט ער אַפילו נישט געוווּסט צי זי טויג נאָך צום שפּילן. אָבער ער האָט זיך דערפרייט מיט דעם אינסטרומענט ווי מיט אַ לעבעדיקן, וואַרעמען גרוס. זיין מאַמע פלעגט אויף דעם אינסטרומענט אויסגיסן אירע בענקשאַפטן. דער טאַטע האָט דערציילט אַז די מאַמע פלעגט פאַר אים שפּילן וויג־מעלאָדיעס אויף דער מאַנדאָלין. בערעק האָט ביטער אַ לאַך געטאָן: ווען ער איז געשלאָפן אין אַ וויג האָט ער יאָ געהאַט צייט צו הערן מוזיק? ווייזט אויס, אַז ר'האָט נאָך דעמאָלט נישט געדאַרפט אַרבעטן...

זיין נאָענטקייט מיט בינען איז מן־הסתּם געקומען איבער זיין דוחק אין צייט. די נאָענטקייט צו אַ פרוי איז אַ נויטווענדיקייט אין זיינע יאָרן. בינע האָט געוווינט אין דעם זעלביקן הויף, ער האָט נישט געדאַרפט פטרן צייט אויף ראַנדקעס. זי איז געווען אַ גוטע הערערין, כאָטש זי האָט זיכער נישט אַלע מאָל פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געזאָגט. אַ מענטש מוז דען אַ סך רעדן? זי איז געזעסן און געהעקלט פּילעי, ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ בוך, איינער האָט נישט געשטערט דעם אַנדערן, און עס איז דאָך אָנגעגאַנגען עפּעס אַ וויבראַציע צווישן זיי וואָס האָט דער־פירט צו קושן און אַפילו צו טרערן.

ברכה האָט געפונען בערעקן אויפן אוניווערסיטעט באַלד נאָך דעם ווי זי איז אָנגעקומען; די מאַנדאָלין האָט זי אים געבראַכט אַהיים ערשט עטלעכע טעג שפּעטער. ער האָט זיך געפרייט מיט דער מאַנדאָלין און מיט דער באַקאַנטער פון דער היים. ער האָט פאַרגעלייגט ברכהן, זיי זאָלן צוזאַמען זיך לערנען שפּילן און צוגעזאָגט צו קויפן סטרונעס פאַר דער מאַנדאָלין.

ווען ברכה איז אַוועק, האָט די באַלעבאָסטע אַ זאָג געטאָן: „אַ פּנים פול זומער־שפּרענקעלעך, אָבער אַ פיגורל — ווי אַ ליאַלקע".

טאַקע! אַ מאָל האָבן די שפּרענקעלעך זיך קודם געוואָרפן אין די אויגן, איצט — טוט זי זיך אָן בעסער? איז זי צוגעוואַקסן? צייטיקער געוואָרן? זי האָט טאַקע אַ פיגור ווי אַ ליאַלקע.

דעם בריוו וואָס ברכה האָט אים געבראַכט האָט ער געלייענט ערשט

איצט, נאָך איר אָװעקגײן. ס׳איז געװען פון בינען, זי האָט טענות פאַר װאָס ער שרײַבט אַזױ זעלטן. האָט ער אױפגעהערט שרײַבן צו איר מחמת ער האָט נישט קײן צײַט, אָדער מחמת ער זוכט נישט קײן צײַט איר צו שרײַבן ?

ער האָט בינען געזאָגט אַ סך װאַרעמע װערטער, אָבער קײן מאָל איר גאָרנישט צוגעזאָגט. ער האָט זי געקושט, זי האָט אים געזאָגט, אַז זי האָט אים ליב, ער האָט זיך צוגעזאָגט אַז ער װעט איר ענטפערן ערשט נאָך דעם װי ער װעט זײַן אין גאַנצן זיכער. ער האָט נאָך אַלץ אַ װאַרעמ־קײט פאַר איר, אָבער... בינע האָט שײנע, װוּנדערלעך שײנע אױגן, איר באַזיװיטעט גיט איר צו אַ סך חן, אָבער דאָס בײַט נישט דעם פאַקט אַז זי איז אַ נאַזיװ מײדל װאָס האָט אַפילו פאַלקשול נישט געענדיקט, און ער איז אַ װעלטמענטש מיט אַמביציעס צו װערן אַ װיסנשאַפטלער.

ברכה בעכלער איז קלוג, אינטעליגענט, און האָט כאַראַקטער. זי איז אױך שײן געבױט, אָבער מע פאַרליבט זיך נישט אין אַ רײצנדיקער פיגור, פונקט װי מע פאַרליבט זיך נישט אין שײנע אױגן...

בערעק האָט אױפן װעג פון אוניװערסיטעט צו די גרינבערגס זיך אַרײַנגעכאַפּט אַהײם, ער האָט דאָרט געפונען אַ פּאָסטקאַרטל װאָס האָט אָפּגעזאָגט אַ לעקציע. ער האָט געהאַט געװױנט אָן דעם תּלמיד, און אַ פרײַער אָװנט יעדן מאָנטיק קאָן אים גוט צו נוץ קומען. אפשר אָנקלינגען דער בעכלערװונע, זײ זאָלן יעדן מאָנטיק אָװנט זיך לערנען מוזיק צוזאַמען ?

אָנגעקומען צו די גרינבערגס האָט בעניעק אים געזאָגט אַז ד״ר שוב װעט צו זײ קומען די קומענדיקע װאָך. בערעק האָט באַלד באַשלאָסן אױסצונוצן די געלעגנהײט. װען פעליקס גרינבערג האָט אים אױסגעצאָלט זײַן װאָכנטלעכע שׂכירות, האָט ער געװיזן דעם פאַן גרינבערג ד״ר שובס בריװ. „ד״ר שוב װעט זײַן בײַ אונדז פון הײַנט איבער אַכט טאָג״, האָט גרינבערג געזאָגט נאָכן איבערלײענען דאָס בריװל.

„כ׳בין אַזױ פאַרנומען אַז כ׳בין נאָך אַלץ נישט געװען זען דעם פּראָפעסאָר. מיטװאָך האָב איך אַ לעקציע מיט בעניעקן, אױב איך װאָלט געקאָנט בלײַבן און רעדן מיט ד״ר שוב, נאָר עטלעכע מינוט״.

„פאַר װאָס נישט ? אַדרבא. איר װעט שױן מיט אונדז האָבן אַ גלאָז טײ״.

עטלעכע מינוט שפּעטער האָט די פרוי גרינבערג אָנגעקלאַפּט אין בעניעקס טיר און פאַרבעטן דעם לערער אויף נאַכטעסן פון הײַנט איבער אַכט טאָג.

עס זענען בערעקן געבליבן נאָר נײַן טעג ביז צום אָוונטברויט בײַ די גרינבערגס, ער האָט נאָך גאָרנישט באַוויזן צו טאָן וועגן לערנען זיך ענגליש, ווי ער האָט געהאַט בײַ זיך אָפּגעמאַכט. מילא, דאָס איז שוין פאַרפאַלן. עס איז אָבער נאָך נישט צו שפּעט צו לייענען אַ ביסל מער פון ד״ר שובס שריפטן. ניין, דעם אָוונט וועט ער נישט קומען אין די אויסגעגלאַנצטע הויזן, אין דעם צו ענגן רעקל און צעקרומטע שיך. ער וועט זיך אויסקליידן פון קאָפּ ביז פיס אַפילו ווען ער זאָל דאַרפן באָרגן געלט בײַם פאַן גרינבערג אַליין.

בערעק האָט געהאַט אַזוי פיל אַרומצולויפן וועגן זײַנע נײַע מלבושים, אַז ער האָט נישט באַוויזן צו טאָן עפּעס אַנדערש. דער גורלדיקער מיטוואָך איז געקומען. אין דער שאַנק איז געהאַנגען אַ נײַער גראַנאַטע־נער קאָסטיום, אַ נײַער גרויער מאַנטל, אַ נײַ איבערהעמד. אין אַ ווינקל זענען געשטאַנען נײַע שיך און נײַע קאַלאָשן, אַ נײַער קאַפּעליוש, אַפילו אַ נײַער, זײַדענער שאַל. ער האָט אָבער גאָרנישט איבערגעלייענט פון שובס שריפטן. ער איז געווען אַזוי מיד און נישט דערשלאָפן, אַז ער האָט אַפילו נישט געדענקט וואָס ער האָט אַ מאָל געלייענט. ער האָט געזוכט אין זײַן שופלאָד און בשום־אופן נישט געקאָנט געפינען די נאָטיצן וואָס ער האָט זיך צוגעגרייט, אַפילו נישט די קאָפּיע פון זײַן בריוו צום דאָקטאָר.

אפשר אַדורכלאָזן אַ לעקציע אין אוניווערסיטעט? ניין, דאָס טאָר ער נישט טאָן. דער לעקטאָר איז נישט קיין גרויסער אוהב־ישראל, מוז מען זײַן נאָך מער אָפּגעהיט. ער וועט פאַרטיק ווערן אין אוניווערסיטעט פיר אַ זייגער, און זעקס דאַרף ער שוין זײַן בײַ די גרינבערגס צו דער לעקציע מיט בעניעקן. ער קאָן העכסטנס באַווײַזן אהיימגיין זיך איבער־צוטאָן, נישט מער.

אַכיבע... אַכיבע ער זאָל שוין איצט זיך אויספּוצן אין די אַלע נײַע מלבושים. פון אוניווערסיטעט וועט ער לויפן אין יודאַיִסטישן אינסטיטוט און נאָך אַ מאָל כאַפּן אַ בליק אין ד״ר שובס שריפטן. ער וועט קומען צו די גרינבערגס אַן אויסגערוטער מיט אָפּגעפרישטע ידיעות.

נישט קיין שלעכטער געדאַנק.

אין די יִדישע סטודענטן־קלובן, סײַ אין די ציוניסטישע, סײַ אין די סאָציאַליסטישע, האָט מען געוווּסט, אַז די נאַראַ־לײַט, די פּוילישע ראַסיסטן, גרייטן עפּעס קעגן די יִדישע סטודענטן. בערעק האָט נישט געהאַט קיין צײַט צו גיין צו פאַרזאַמלונגען, האָט ער נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך. ער האָט געזען, מע קוקט אויף אים מיט חידוש. וואָסי, נאָר רײַכע זינדלעך מעגן זיך אויספּוצן אין שיינע, נײַע מלבושים?

ער איז אַרײַן אין זײַן קלאַסצימער צוזאַמען מיט עטלעכע חברים; די פּוילישע סטודענטן זענען שוין דאָרט געווען, זיי זענען געזעסן צעשפּרייט און פאַרנומען אַלע בענק.

„איך בעט דעם פּאַן זיך אַ רוק טאָן אַ ביסל", האָט בערעק זיך געוואָנדן צו אַ סטודענט און זיך געגרייט אַוועקזעצן.

„פּאַשאָל, געגאַנגען!"

„זאָל דער פּאַן..."

„טראָג זיך אָפּ, פאַרשיווער ייִד, פאַרשמוציק נישט די באַנק!"

דער פּראָפעסאָר איז אַרײַנגעקומען. די פּוילישע סטודענטן האָבן זיך אויפגעשטעלט לכבוד דעם פּראָפעסאָר, האָבן עטלעכע יִדישע סטודענטן זיך אַדורכגעשטופּט צו אַ באַנק. די פּאָליאַקן האָבן זיי מיט כּוח אַרויסגעשטופּט. דער פּראָפעסאָר האָט אָנגעהויבן די לעקציע.

אויף אַ הינטערשטער באַנק איז נאָך אָנגעגאַנגען אַ גראַנגל, אַ יִדישער סטודענט, ווײַנשטיין, האָט עקשנותדיק זיך אָנגעהאַלטן אין זײַן פּלאַץ.

„זאָל דער פּאַן ווײַנשטיין אויפהערן שטערן די לעקציע און פאַרלאָזן דעם קלאַס", האָט דער פּראָפעסאָר זיך אַרײַנגעמישט.

„זאָל דער פּאַן פּראָפעסאָר עפענען די אויגן און זען ווער עס שטערט די לעקציע", האָט ווײַנשטיין געענטפערט און ווײַטער זיך צוגעהאַלטן צו דער באַנק.

„קיין זשידעס־פּאַרכעס אויף אונדזער אוניווערסיטעט, פּוילן פאַר פּאָליאַקן!" האָבן געשריגן די נאַראָווצעס.

„זאָל דער פּאַן ווײַנשטיין פאַרלאָזן דעם קלאַס די מינוט, אַנישט וועל איך זײַן געצוווּנגען איבערצורײַסן די לעקציע", האָט דער פּראָפעסאָר געוואָרנט.

קלעפּ האָבן געהאָגלט איבער זײַנע הענט, אָבער װײַנשטײן האָט נישט אָפּגעלאָזט די באַנק.

„די לעקציע װערט איבערגעריסן ביז דער קלאַסצימער װעט אָפּגע־רײניקט װערן פֿון די שטערערס".

װי נאָר דער פּראָפעסאָר איז אַרױס פֿון צימער האָבן די נאַראָ־לײַט זיך אַ לאָז געטאָן צו די ייִדישע סטודענטן. אַ יונג האָט אָנגעכאַפּט בערעקן בײַ די קליאַפּעס פֿון זײַן רעקל. ס'איז געװען דאָס נײַע רעקל װאָס ער האָט הײַנט אָנגעטאָן צום ערשטן מאָל.

„זאָל דער פּאַן אָפּלאָזן", האָט בערעק זיך געבעטן. דער יונג האָט אים געשלעפּט צו דער טיר.

בערעק האָט נישט געשטעלט קײן װידערשטאַנד, ער האָט זיך נאָר געבעטן: „זאָל דער פּאַן אָפּלאָזן די קליאַפּעס".

דער יונג האָט נישט אָפּגעלאָזט, אַ קליאַפּע האָט זיך גענומען אײַנ־רײַסן. „אידיאָט, לאָז אָפּ!" האָט בערעק אַ געשרײ געטאָן און זיך גענומען ראַנגלען מיט דעם אָנפֿאַלער.

װאָס עס איז װײַטער געשען האָט בערעק גענױ נישט געדענקט. ער האָט אַװדאי יענעם אַ קאָפּ געטאָן און געטראָפֿן אין אַ פּילעװודיק אָרט. דער אָנפֿאַלער איז געלעגן אױסגעצױגן אױף דער ערד, אַן אָפּגעריסענע פּאָלע פֿון דעם נײַעם רעקל אין זײַן האַנט. ער האָט נאָך מיט שטױנען געקוקט אױף יענעם, װען קלעפּ האָבן גענומען האָגלען איבער זײַן קאָפּ. דאָ איז ער געלעגן אױף דער ערד און עמעצער האָט געקלאַפּט מיט זײַן קאָפּ אין דער פּאָדלאָגע; באַלד איז ער געזעסן אױף עמעצן און געפּױקט מיט די פֿױסטן איבער יענעמס פּנים. עס האָט נישט געדױערט לאַנג און מע האָט אים געשלעפּט צו אַ פּאָליצײ־קעטשל.

אין פּאָליצײ־קאָמיסאַריאַט הערט בערעק אַז ער איז אײנער פֿון די געפֿערלעכסטע טעראָריסטן צװישן די ייִדישע סטודענטן. מע װאָרפֿט אים אַרײַן אין אַ מין שטײַג און אַן אײַזערנע טיר פֿאַרהאַקט זיך הינטער אים. די נאָז צעבלוטיקט, דאָס פּנים אױפֿגעלאָפֿן, דער נײַער קאָסטיום אין צװיטן.

הײַנט איז דאָך דער אָװנט װען עס האָבן זיך געזאָלט עפֿענען פֿאַר אים די טירן צו די „הױכע פֿענצטער"... די ברילן פֿון פּראָפֿעסאָר שוב

ווערן איצט פאַרלאָפן מיט דער פּאַרע פון דער הייסער, שמעקעדיקער טיי. דאָרט רעדט דער פּראָפעסאָר שיינע, איידעלע רייד, און דאָ אין דעם פּאָליציי־צערקל ליגט ער אין אַ צעל און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט, ער זאָל נישט באַשפּריצט ווערן פון דעם מייקענען פון אַ שיכּור, זיין שכן אין דער צעל. פון דער קעגנאַיבערדיקער שטייג קוקן צו אים צוויי גאַסנמיידן מיט אויגן פול שינאה. זיי האָבן שוין געהערט אַז ער איז אַ זשיד־טעראָריסט וואָס האָט זיך פאַרנומען אויף דעם לעבן פון פּוילישע סטודענטן.

ד.

קאַלט אין דער צעל. דרויסן האָט געמוזט רעגענען אָדער שנייען. לויטן האַרמידער וואָס דערטראָגט זיך אַהער פון גאַס, מוז שוין זיין העלער טאָג. די זונות אין דער קעגנאַיבערדיקער צעל וועלן זיך באַלד איבערוועקן און שיפּען צו אים זייערע קללות; אין שינאה צו יידן זענען זיי נישט וויניקער „פּאַטריאָטיש" ווי די פיינסטע פּוילישע מאַדאַמען. ווי אַזוי וועט זיך דאָס אַלץ ענדיקן? אויס מיט זיין לערנען, אויס מיט זיין דאָקטאָר־טיטל. מע וועט אים זיכער אויסשליסן פון אוניווערסיטעט, אפשר אויך איינזעצן אין פּאַוויאַק אויף עטלעכע יאָר.

אַ שליסל האָט אַ קריץ געטאָן אין זיין טיר, מע האָט אַרויסגעפירט דעם שיכּור. אין דער קעגנאַיבערדיקער שטייג איז איינע פון די מיידן געשטאַנען אויף די קני; צווישן הוסט און הוסט האָט זי געפּרעפּלט אַ תּפילה. די אַנדערע איז געלעגן צוזאַמענגעקנוילט ווי אַ וואָרעם און שטיל געקרעכצט.

מע האָט שוין אויך די מיידן אַרויסגעפירט, האָט מען פאַרגעסן אין אים? ווייסט עמעצער פון די אייגענע ווו ער איז אַהינגעקומען?

וועמען לאָזט מען וויסן? דעם פאַן גרינבערג? פאַר וואָס זאָל דער פאַן גרינבערג זיך פאַרנעמען מיט אַן אָרעמען סטודענט? דעם ד"ר שוב? אויב דאָס וואָלט געשען נאָך דעם נעכטיקן אָוונט, אויב ער וואָלט פריִער געהאַט אַ געלעגנהייט צו ווערן נאָענט מיט דעם פּראָפעסאָר, וואָלט געווען עפּעס אַנדערש. נעכטן האָט אַוודאי קיינער נישט געדענקט אַז ער איז געוועז פאַרבעטן און איז נישט געקומען.

## ה.

אַזש די קאַלאַ, די פאַראייניקונג פון ייִדישע סיים־דעפּוטאַטן, האָט געמוזט אינטערווענירן? בערעק האָט זיך קוים צוגעגלייבט וואָס זײַנע אויערן האָבן געהערט און וואָס זײַנע אויגן זעען. העניעק גאָלדענבערג, דער סעקרעטאָר פון סטודענטן־פאַראיין אחווה האָט אויסגעציילט פינעף הונדערט זלאָטעס, כּדי מע זאָל אים אַרויסלאָזן אויף קויציע. דרויסן האָט אויף אים געוואַרט ברכה בעכלער. „מיר זענען שטאָלץ מיט אײַך", האָט זי אים געזאָגט אין דער דראָזשקע ווען זיי האָבן אים געפירט אַהיים. ווי נאָר זיי האָבן אים געבראַכט אין שטוב, איז ברכה אַרויסגעלאָפן צו אַ שכן וואָס האָט אַ טעלעפאָן. בערעק האָט נאָך נישט באַוויזן אַרומ־צוּוואַשן דאָס געשוואָלענע פּנים ווען מע האָט אים געזאָגט אַז דער פאָן גרינבערג וואַרט אויף אים מיט אַ טאַקסי.

„קודם וועלן מיר צופאָרן אין ייִדישן שפּיטאָל זען צי איר זענט נישט ערנסט באַשעדיקט, דערנאָך — מײַן פרוי האָט צוגעגרייט פאַר אײַך אַ בעט אין בעניעקס צימער. איר וועט בײַ אונדז זיך אַ ביסל אָפּרוען און צוריקקומען צו די כּוחות.

בעניעק האָט געוואָלט וויסן אַלץ וואָס איז געשען. „קאָנסט אַלץ לייענען אין די צײַטונגען. און לאָז דעם פאָן עפּשטיין רוען", האָט די פאַני גרינבערג זיך אַרײַנגעמישט.

„אין די צײַטונגען?" איז בערעק געווען איבערראַשט. ער איז געווען מיד און שלעפעריק, דער קאָפּ האָט געברענט מיט יסורים, אָבער ער האָט געוואָלט זען די צײַטונגען.

די ייִדישע צײַטונגען האָבן אויך געשריבן וועגן זײַן העלדישקייט, אָבער דאָס איז געווען גאָרנישט אַקעגן דעם וואָס ער האָט געלייענט אין די אַנטיסעמיטישע בלעטער. ווי אַזוי האָט ער מיט זײַנע צוויי שוואַכע פויסטן געקאָנט צעשלאָגן, מערדערלעך צעשלאָגן, אַזוי פיל פּאָליאַקן?

„קיין צענט חלק דערפון איז נישט אמת", האָט בערעק געזאָגט בעניעקן, און בעניעק האָט געקוקט אויף זײַן לערער מיט נאָך גרעסערן אַכפּער: אַזאַ העלד און אַזוי באַשיידן.

אַרײַנגעלייגט זיך אין בעט, האָט בערעק ערשט איצט דערפילט אַ ברעכעניש אין די ביינער, אַ לויזקייט אין די גלידער. ער דאַרף רו, אָבער

אײַנשלאָפֿן האָט ער נישט געקאָנט. עס איז אַזוי פֿיל געשען מיט אים אין די לעצטע פֿיר און צוואַנציק שעה, ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דעם אַלעמען אַזוי אומגעריכט. ער דאַרף טראַכטן, אָבער דער קאָפּ איז ווי אין אַ נעפּל. ער האָט נישט געטאָרט קומען אַהער אין אַזאַ מצב. אין דעם שפּיגל קעגן איבער דעם בעט האָט ער דערזען זײַן פּנים; ער האָט נישט געטאָרט קומען אַהער אין אַזאַ מעמד.

טריט אין קאַריעראַ? דאָס קומט מאַניע אים זאָגן אַז זי האָט אים ליב. באַלד וועט אויך פֿאַליע קומען מיט אַ טענה, אַז ער געהערט צו איר, זי איז די עלטערע. וואָס פֿעליקס גרינבערג וועט זאָגן? ער וועט זאָגן אַז עס וועט זײַן אַ כּבוד פֿאַר אַלע גרינבערגס, ברוידעסעס און מילקעסעס, אויב ער וועט געבן אַ גרינבערג־מײדל זײַן נאָמען, וואָס איז איצט אַזוי באַרימט און באַשריבן טאָג־טעגלעך אין אַלע אַנטיסע־מיטישע צײַטונגען. די פֿאַני צעלינאַ וועט אויך נישט שווײַגן; זי וועט זאָגן, אַז אין אַ שטאָט מיט אַזוי פֿיל אַנפֿאַלן אויף ייִדן, קאָן זי אַנטרויען אירס אַ טאָכטער נאָר אַזאַ גיבור וואָס האָט באַוויזן אין עטלעכע מינוט צעקאַטעווען צענדליקער שקצים. די גרינבערגס וועלן ערשט רעכט אַרויס־שפּרינגען פֿון דער הויט ווען די שוואַרצע, שטײַפֿע צילינדערס אין דער טלאָמאַצקע־סינאַגאָגע וועלן אַרויפֿזעצן אַזאַ צילינדער אויף זײַן קאָפּ, אים אַרויפֿפֿירן אויבן אָן, און ד״ר שוב וועט אָנהענגען אויף זײַן ברוסט אַ מעדאַל. ער האָט פֿאַרגאָסן זײַן בלוט פֿאַר דעם כּבוד פֿון ייִדישן פֿאָלק.

זענען עס די מעדיצינען צו באַרויִקן וואָס דער דאָקטאָר האָט אים געגעבן, אָדער איז עפּעס אין זײַן קאָפּ באַשעדיקט געוואָרן? זענען דאָס שלאָף־חלומות, אָדער האַלוצינירט ער מיט אָפֿענע אויגן? אין אַזאַ מצב דאַרף ער זײַן בײַ זיך אין דער היים. דאָס גאַנצע פּנים איז נאָך ברוין און בלוי, אָבער דאָס געשווילעכץ איז שוין כּמעט אַוועק. ער וועט צוריקגיין צו זײַן קוואַרטיר.

ו.

„יאָ, עס וועט זײַן אַ פֿאַרגעניגן״, האָט בערעק געענטפֿערט ווען די פֿאַני גרינבערג האָט אים ווידער פֿאַרבעטן אויף נאַכטעסן. „פּראָפֿעסאָר שוב וועט אויך דאָ זײַן״, האָט די פֿאַני צוגעגעבן.

„אָ, דעם קומעדיקן שבת צונאַכט?" האָט בערעק זיך דערמאָנט, „כ'באַדויער, כ'באַדויער זײער, דעם קומעדיקן שבת צו נאַכט איז דאָך שבת־חנוכּה, איך האָב צוגעזאָגט דער אחווה צו האַלטן אַ רעפעראַט װעגן חנוכּה".

„אויב עס װעט זיך ענדיקן פרי... איר קאָנט אפשר צוקומען נאָכן רעפעראַט?"

„נאָכן רעפעראַט װעלן מיר האָבן אַ זיצונג. אַ שאָד, באמת אַ שאָד".

װי אַזױ האָט ער זיך אַרײַנגעדרײט אין אַזױ פיל אַקטיװיטעטן? נאָכן רעפעראַט װעלן די אחווה־אַקטיװיסטן בלײַבן און זיך עצהן װאָס פאַר אַ טאַקטיק מע זאָל אָננעמען קעגן די נאַראַ־כוליגאַנעס אויפן אוני־װערסיטעט. מע האָט אָפּגעלײגט די זיצונג כּדי ער זאָל קאָנען אָנטײל נעמען און זאָגן זײַן װאָרט. ער קען די געשיכטע פון דעם חשמונאָים־אויפשטאַנד, ער װײסט װאָס צו זאָגן װעגן חנוכּה, אָבער װאָס װעט ער זײ זאָגן װעגן טאַקטיק? ער קאָן זיך נישט אָפּזאָגן פון בײַװוינען די זיצונג, אָבער די אידעאַליסטישע ברכה בעכלער און דער אַקטיװער העניעק גאָלדענבערג האָבן אַ טעות אין אים. זײ קאָנען רעכענען אויף זײַנע עצות אַזױ פיל װיפל זײ קאָנען רעכענען אויף זײַן העלדישקײט.

ער האָט חרטה געהאַט װאָס ער האָט מסכּים געװען אַרױסצוטרעטן מיט אַ רעפעראַט. נישט אויף דער טריבונע, און נישט אויף אַ יום־טובדיקן אָװנט בײַ די גרינבערגס, מעג ער זיך באַװײַזן אין אַזאַ הולך. ביז ער האָט יענעם פּאַטאַלן פרימאָרגן זיך אויסגעפּוצט אין די נײַע מלבושים, האָט ער נישט באַמערקט װי די יאָרן האָבן אָפּגעשאָסן דעם קאָליר פון זײַן רעקל און װי זײַנע הויזן זענען אויסגעגלאַנצט פון צו פיל פּרעסן, און דערצו נאָך אויסגעריבן בײַ די קעשענעס. װי לאַנג װעט ער איצט דאַרפן האַרעװען כּדי װידער זיך אויסצוקלײדן אין אָנשטענדיקע מלבושים?

בײַם אַרױסגײן אויף דער בינע האָט בערעק אָנגעכאַפּט העניעקן בײַם אָרעם: „כ'בעט דיך װי אַ חבר, קײן װאָרט נישט װעגן דעם געשלעג אויפן אוניװערסיטעט. שטעל מיך פאָר: ‚בערעק עפּשטײן, מאַגיסטער פון געשיכטע'. זאָגסט מיר צו?"

„אויב דו װילסט אַזױ".

װי נאָר בערעק איז אַרױסגעקומען האָט אויסגעבראָכן אַ הילכיקער

אַפלאָז. מע האָט אים דערקענט פון די בילדער אין די צײַטונגען, און די ברוינע פלעקן אונטער די אויגן האָבן געזאָגט מער ווי ווערטער.

אין מיטן דעם רעפעראַט אין פלוצלינג געוואָרן אַ גערודער אין זאַל, אַ גערוק פון בענקלעך. בערעק איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער עס איז באַלד צוריק שטיל געוואָרן און ער האָט געקאָנט רויִק ווײַטער שפינען זײַנע געדאַנקען. ערשט נאָכן ענדיקן, ווען ער האָט זיך אָוועקגעזעצט וואַרטן אויף פראַגעס, האָט ער געזען אַז אַלע גרינבערגס צוזאַמען מיטן ד״ר שוב זיצן צווישן עולם. גוט אַז ער האָט זיי פריִער נישט געזען, דאָס וואָלט אים צעטומלט.

די גרינבערגס האָבן געהאַט אָפּגעפירט דעם פּראָפעסאָר אַהיים. פאַרבײַגעגאַנגען דעם אינסטיטוט האָט ד״ר שוב פאָרגעלייגט אַרײַנגיין. זיי האָבן נאָך געהערט אַ גרויסן טייל פון דעם רעפעראַט.

בערעק האָט געזאָגט אַז די גרויסקייט פון די חשמונאָים באַשטייט אין דעם וואָס זיי האָבן געוווּסט ווען צו קעמפן. זיי האָבן אויפגעהויבן דעם אויפשטאַנד ערשט ווען עס האָבן זיך געשאַפן גינסטיקע מעגלעכקייטן פאַר אַ דויערנדיקן נצחון. יהודה־המכבי איז טאַקע געווען אַ פײַערדי־קער קריגפירער, אָבער די גרעסטע פאַרדינסטן פאַרן נצחון האָט געהאַט זײַן ברודער יהונתן, וואָס האָט פאַראייניקט העלדישקייט מיט שטאַטמאַנ־שאַפט. ער האָט אויסגענוצט די ריוואַליזאַציע צווישן די פּרעטענדענטן צו דעם סירישן טראָן, די ריוואַליזאַציע צווישן זיי און רוים, און האָט אַזוי אַרום געמאַכט ריזנשריט צו דער פולער אומאָפּהענגיקייט פון יהודה.

דער שפּעטערדיקער שמעון בר־גיורא און זײַנע מענטשן האָבן באַוויזן אַ סך מוט און אויסדויער, אָבער די צײַט איז פּאָליטיש נישט געווען צײַטיק פאַר אַן אויפשטאַנד. זייער מוט האָט דערפירט צום חורבן־בית־המיקדש. דער תּלמוד רופט זיי בריונים, לאָבוסעס. אַפילו בר־כּוכבא, כאָטש דער גרויסער רבי עקיבא איז געווען אויף זײַן זײַט, האָט אַנטוישט. ער האָט טאַקע געבראַכט פרײַהייט פאַר אַ קורצער צײַט, אָבער גערופן האָט מען אים שפּעטער ,בר־כּוזיבא׳, מיט אַ טאָפּלטן מיין; דער זון פון אָרט כּוזיבא, און דער זון פון אַנטוישונג. אַ דעספּעראַטער אַקט איז ווי נעמען זיך דאָס לעבן. דאָס איז אַ חולאת, נישט אַ העלדישקייט. העל־דישקייט איז אַ קאָמבינאַציע פון מוט און שׂכל, פון דערוועגטקייט אין דער ריכטיקער צײַט אויפן ריכטיקן אָרט.

אַ שטילקייט אין זאַל. דער עולם איז, זעט אויס, אַנטוישט. אפשר זיך אַרויסשלייַכן פון דאַנען, נישט צו דאַרפן זיך טרעפן איצט מיט די גרינבערגס?

פראָפעסאָר שוב האָט דער ערשטער גענומען אַפּלאָדירן, און דער אַפּלאָז האָט זיך צעשפּרייט איבערן זאַל.

אַ יונג בחורל אין אַ ברוינער ביתר־בלוזע האָט דער ערשטער אויפֿ־געהויבן די האַנט צו ווייַזן אַז ער וויל עפּעס פרעגן: „צי האָט דער פּרעלעגענט נאָר געגעבן אַ פּירוש אויף עפּעס וואָס איז געשען מיט מער ווי צוויי טויזנט יאָר צוריק, אָדער איז ער אויסן געווען צו געבן אַ מוסר־השכל פאַר דער הייַנטיקער צייַט?"

ערשט איצט האָט בערעק אַליין דערזען דעם מוסר־השכל. ער האָט שוין וואָס צו זאָגן, שפּעטער, בייַ דער זיצונג, ער ווייסט שוין וואָס פאַר אַ טאַקטיק מע דאַרף אָננעמען. „איך בין אויסן געווען ביידע; סייַ אַ פּירוש אויף אַ געשעעניש אין אונדזער געשיכטע, סייַ אַ מוסר־השכל פאַר אונדזער הייַנט", האָט ער געענטפערט.

„זאָל דער חשובער רעדנער קלאָר מאַכן וואָס ער מיינט", האָט אַן אַנדערער געפאָדערט, און עס איז איינגעטרעטן אַן אָנגעצויגענע שטילקייט.

„וואָס זענען די נאַראָ־לייַט אויסן?" האָט בערעק אָנגעהויבן מיט אַ שאלה. „שלאָגן יידן? דאָס קאָנען זיי טאָן בעסער אין גאַס. זיי זענען אויסן צו פאַרטרייַבן די יידישע סטודענטן פון די אוניווערסיטעטן. דער רעגירונגס נומערוס קלאַוזוס איז פאַר זיי נישט גענוג, זיי ווילן נומערוס נולוס, זיי ווילן עס זאָל נישט פאַרבלייַבן קיין איין ייד אויפן אוניווער־סיטעט. אויב מיר וועלן זיך לאָזן פּראָוואָצירן צו געשלעגן און געבן דער אַדמיניסטראַציע אַ תירוץ אונדז אויסצושליסן, וועלן מיר אַליין זיי העלפן דערגרייכן זייער ציל".

„און יידישער כּבוד?" האָט עמעץ געשריגן.

„אין קאַמף קעגן אַ שונא איז דאָס וויכטיקסטע נישט לאָזן דעם שונא דערגרייכן זייַנע צילן".

„איז דער חשובער פּרעלעגענט קעגן דעם הער עפּשטיין וואָס האָט צעשלאָגן אַנטיסעמיטישע סטודענטן?" האָט דער ביתריסט געפרעגט מיט איראָניע.

עס איז געוואָרן אַ טומל, עטלעכע האָבן גערעדט מיט אַ מאָל.

העניעק האָט פּראָבירט איינשטילן דעם עולם: „ס'איז דאָ נישט קיין פּאָליטישע פֿאַרזאַמלונג; ס'איז אַ רעפֿעראַט וועגן חנוכּה".

בערעק האָט זיך אויפֿגעשטעלט, עס איז שטיל געוואָרן אין זאַל. „מיר האָבן היינט אַ זיצונג וועגן דעם, מיר וועלן היינט באַשליסן וואָס פֿאַר אַ טאַקטיק אָנצונעמען".

„וואָס איז אייער מיינונג?" האָט עמעץ געפֿרעגט און אַנדערע האָבן עס איבערגעחזרט.

בערעק האָט טיף אַריינגעאָטעמט און האָט געענטפֿערט: „בערעק עפּשטיין — איך — האָב געמאַכט אַ פֿעלער וואָס איך האָב זיך געלאָזט פּראָוואָצירן צו אַ געשלעג. ווען מיר וועלן מוזן, וועלן מיר זיי ווייזן אַז מיר קאָנען צוריקשלאָגן. אָבער מיר טאָרן זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן צו אַ געשלעג ווען זיי ווילן עס. אויב זיי וועלן פֿאַרכאַפּן אַלע פּלעצער אויף די בענק, וועלן מיר באַדיי שטיין ביי די לעקציעס און נישט לאָזן זיי זאָלן אונדז פֿאַרטרייבן פֿון אוניווערסיטעט. דאָס וועל איך היינט פֿאָרלייגן ביי דער זיצונג".

עס האָט אויסגעבראָכן אַן אַפּלאָז. אין בערעקס מודה זיין אַ טעות האָט מען געזען נישט ווייניקער מוט ווי אין זיין צעשלאָגן אַנטיסעמיטישע סטודענטן.

אין זיין רעפֿעראַט האָט עפּשטיין זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף דעם וואָס ביז די חשמונאָים האָבן די „חסידים" נישט געקעמפֿט אום שבת, באַדיי זיך געלאָזט אויסקוילען, אַבי נישט מחלל־שבת זיין. די חשמונאָים האָבן יאָ געקעמפֿט שבת און אַלע היסטאָריקערס, פֿון פֿלאַוויוסן ביז היינט, האַלטן אַז די חשמונאָים האָבן דאָ געמאַכט אַ רעפֿאָרם. בערעק האָט אַ זאָג געטאָן אַז אַלע היסטאָריקערס האָבן דאָ געמאַכט אַ טעות.

„אַ העזה פֿון אַ יונגן־מאַן", האָט ד"ר שוב אַ זאָג געטאָן צו גרינבערגן, און דאָך זיך צוגעהערט מיט אינטערעס. בערעק האָט ווייטער אַנטוויקלט זיין אידיי.

„דאָס איז געווען תּלמי לאַגוס, נאָך איידער ער איז געוואָרן קעניג, אָדער לויט אַנדערע, ביקאַנאָר זיין קריגספֿירער, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו ירושלים אין זיין מלחמה קעגן דעם דיאָדוך לאַאָמעדאָן. יהודה איז געווען אַ טייל פֿון גרויס־סיריע וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן צו

די דיאַדוכן. די ייִדן האָבן נישט געהאַט קיין סיבה זיך צו שטעלן אויף איין צד אָדער דעם אַנדערן, און מיט דעם ריזיקירן אַז ירושלים זאָל חרוב ווערן יעדער מאָל ווען אַן אַנדערער פון אַלעקסאַנדערס יורשים וועט איינגעמען די שטאָט. היות תּלמיס מיליטער איז צוגעקומען צו די טויערן פון ירושלים אום שבת, האָבן די ייִדן זיך נישט אָקעגנגעשטעלט מיט דעם אויסרייד אַז זיי קעמפן נישט אום שבת.

„דער היסטאָריקער פון די דיאַדוכן, אַגאַטאַרכידעס, האָט חוזק געמאַכט פון די ייִדן וואָס צוליב זייער נאַרישער אמונה זענען זיי גרייט געווען צו פאַרלירן זייער לאַנד. פלאַוויוס האָט געזוכט אַ תּירוץ אַז תּלמי האָט די ייִדן אָפּגענאַרט און געזאָגט אַז ער וויל אַריינקומען קיין ירושלים נאָר ברענגען אַ קרבן, דערפאַר האָבן זיי אים אַריינגעלאָזט. פלאַוויוס האָט, ווייַזט אויס, אַליין געפילט אַז עס איז אַ פוילער תּירוץ, און אין זייַן „קעגן אַפּיאָן" לויבט ער גאָר די ייִדן ווי אַ פאָלק וואָס האַלט זייַנע געזעצן טייַערער ווי זייַן פרייַהייט.

„די אַלע תּירוצים זענען נישט נייטיק. נישט פאַראַן קיין שום ייִדישער מקור פאַר אַן איסור קעגן אַ פאַרטיידיקונג־מלחמה אום שבת. אין דעם אינצידענט מיט תּלמי איז עס געווען אַ דיפּלאָמאַטישער ליגן, אַן אויסרייד וואָס איז נייטיק געווען צו ראַטעווען ירושלים פון אַ חורבן.

„היות נאָר די פּירערס האָבן געוווּסט דעם אמת, און היות דער הויפּטפירער און כּהן־גדול איז דעמאָלט געווען שמעון דער ערשטער — דער שמעון וואָס האָט צוריקגעבויט די ווענט פון ירושלים, פאַרשטאַרקט אירע פעסטונגען און פאַרגרעסערט די וואַסער־ציסטערנעס, אַ געזעץ־געבער און סטראַטעג צו גלייַך — האָבן די שפּעטערדיקע דורות עס אָנגענומען פאַר אַ געזעץ און די ,חסידים' האָבן אום שבת זיך געלאָזט קוילען אָן ווידערשטאַנד.

„הקיצור, מיט דעם מתּיר זייַן צו קעמפן אום שבת, האָבן די חשמונאָים נישט אָפּגעשאַפט אַ געזעץ, נאָר ריכטיק געשטעלט אַ טעות".

אויף דער זיצונג וועגן אַ טאַקטיק קעגן די נאַראָ־לייַט אויף די אוניווערסיטעטן, איז אָנגענומען געוואָרן די „עפּשטיין־דאָקטרין". די ייִדישע סטודענטן האָבן זיך מער נישט געראַנגלט פאַר זייערע זיצפּלע־

צער, זיי זענען געשטאַנען בעת די לעקציעס. די אַדמיניסטראַציע האָט מער נישט געהאַט קיין אויסרייד זיך אַרייַנצומישן.

די אויסלענדישע פּרעסע האָט שאַרף רעאַגירט קעגן דעם וואָס בייַם ערשטן אינצידענט האָט דער פּראָפעסאָר זיך אָפן געשטעלט אויפן צד פון די נאַראָווצעס. דער אוניווערסיטעט איז געווען פאַראינטערעסירט מע זאָל פאַרגעסן די אַוואַנטורע. עפּשטיין און ווייַנשטיין זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערסיטעט אויף צוויי וואָכן. די פּאָליציי האָט „פאַרגעסן" וועגן דעם גאַנצן ענין. ווען בערעק איז נאָך די צוויי וואָכן צוריקגעקומען צו שטיין אין קלאַס צוזאַמען מיט זייַנע חברים, האָבן די ייִדישע סטודענטן געפילט אַז זיי האָבן אין אים עמעצן וואָס איז וויליק און פעיִק זיי צו פירן אין זייער געראַנגל.

בעת אַ פאַרוואַלטונג־זיצונג אין דער טלאָמאַצקע־סינאַגאָגע האָט ד"ר שוב זיך נאָכגעפרעגט אויף בערעקן און געבעטן גרינבערג זאָל אים איבערגעבן אַ גרוס. „איך ווייס נישט ווי אויסגעהאַלטן עס איז זייַן סבֿרה וועגן מלחמה האַלטן אום שבת. עס קאָן זייַן ריכטיק, עס איז זיכער אינטערעסאַנט. דער רובֿ מענטשן גייען מיט זייערע געדאַנקען אויף אויסגעטראָטענע וועגן. עפּשטיין טראַכט און זוכט אייגענע וועגן. ער האָט דעם מוט צו זאָגן אַן אייגן וואָרט, צי עס גייט וועגן פּאָליטיק אָדער וועגן געשיכטע. זאָגט אים ער זאָל זיך אַרייַנכאַפּן צו מיר, דער יונגער־מאַן געפעלט מיר. אפשר וועל איך אים גאָר איבערגעבן מייַנס אַ קלאַס פאַר דער צייַט וואָס איך דאַרף זייַן אין לאָנדאָן".

אין דער היים בייַם מיטאָג האָט פעליקס גרינבערג דערציילט בעניעקן וואָס פּראָפעסאָר שוב האָט געזאָגט וועגן זייַן לערער. די מיידלעך זענען געווען דאַבייַ און געהערט. דער פאָטער איז צופרידן געווען וואָס זיי האָבן געהערט.

## קאַפּיטל עלעף

# די בראָדאַקס

### א.

א מאַן מיט אַ גרויסער, געדיכטער באָרד האָט מען אויף פּויליש גערופן „בראָדאַק", אָבער אַז הונדערטער ווענשטולן האָבן יעדן טאָג אַריינגעוועבט דעם נאָמען אין די ראַנדן פון וואָלענע מענער־סחורות, ווער האָט געדענקט וואָס עס מיינט? אין דער וועלט פון טעקסטיל האָט „אַ בראָדאַק" געמיינט אַ גוט שטיקל גורוויטשער וואָלגס פון דער פירמע מיעטשיסלאַוו בראָדאַק און גורוויטש.

דער ערשטער בראָדאַק איז געווען אַ דאָרפהענדלער וואָס האָט אין די וואָכנטעג אויפגעקויפט אייער און הינער, און שבת געדאַוונט אין דער שיל וואָס ער האָט געהאָלפן בויען. ער האָט טאַקע געהאַט אַ גרויסע, געדיכטע באָרד, די פּויערים האָבן אים גערופן „בראָדאַק", און אַזוי איז פאַרשריבן געוואָרן ווען מע האָט געדאַרפט פאַרשרייבן אַ פאַמיליע־נאָמען. דער צווייטער בראָדאַק האָט אויפגעשטעלט די ערשטע הילצערנע ווענשטולן אויף דער יידישער גאַס. ער האָט שוין אונטערגעשוירן זיין באָרד, אָבער נאָך אַלץ געדאַוונט אין שיל. אַלע זיינע אַרבעטערס זענען געווען יידן. דער פאַן מיעטשיסלאַוו האָט חתונה געהאַט רייך און איז געוואָרן נאָך רייכער. ער האָט שוין נישט קיין זכר פון קיין באָרד, קומט נישט אין שיל אַפילו יום־כיפור; אין זיינע פאַבריקן, וואָס פאַרנעמען אַ העלפט פון דער יידישער גאַס, אַרבעט שוין נישט קיין איין ייד. ווען מע ווענדט זיך צו אים וועגן אַריינגעמען עטלעכע יידן, זאָגט ער אַז ער וויל זיך נישט איינרייסן מיט קהל; אין זיינע פאַבריקן אַרבעט מען שבת.

דעם „עטאַט", דעם שטייער, וואָס די יידישע קהילה האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, האָט ער באַצאָלט. אַ ברירה האָט ער געהאַט? קהל

האָט געהאַט די לעגאַלע רעכט אַרויפצולייגן און אויפמאַגען שטייַערן. קיין פּריוויליקע צדקה האָט ער נישט געגעבן, נישט צו די ייִדן און אויך נישט צו די גויים. מע האָט אָבער נישט געזען קיין סימנים פון קאַרגשאַפט ווען עס איז געקומען צו זייַנע אייגענע פאַרגעניגנס. זייַן פּאַלאַץ האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעבויט; אַזוי אויך דעם גאָרטן וואָס האָט אַרומגענומען זייַן פּאַלאַץ און עס אָפּגעטיילט סיי פון דער ייִדישער גאַס, סיי פון זייַנע פאַבריקן.

אַנדערע לוקסוסן אין זייַן הויז האָט ער געבויט פאַר זייַן הויזגעזינד, אָבער די שוויצבאָד האָט ער געבויט פאַר זיך אַליין און נישט געגרן געוועזן עס צו טיילן אַפילו מיט זייַן משפחה. אַ מאָל, ווען זייַן נאַטאַליע איז נאָך געווען יונג און שיין און רייצנדיק, האָט ער הנאה געהאַט צו קוקן אויף איר רייצנדיקער ווייַבלעכקייט. הייַנט... אין אַ שוויץ דאַרף מען שוויצן און שווייַגן. נאַטאַליע קאָן נישט אויפהערן רעדן, און רעדן רעדט זי נאַרישקייטן. דער פּיפּיקער סוחר, דער פּראַקטישער פאַבריקאַנט, דער ניכטערער מיעטשיסלאַוו בראַדאַק דאַרף אויך אַ מאָל רעלאַקסירן, מעדיטירן, טרוימען. דאָס שוויצשטיבל איז דאָס בעסטע אָרט פאַר דעם, און אַפילו אויף אויסצוואַשן זייַנע געשעפט-פּלענער. עס טרעפט, אַז צווישן די שמאָלע האָלצבאַדעקטע ווענט, דערלויבט ער זיך חלומען וועגן ברייטע פעלדער, וועגן שנייבאַדעקטע בערג, וועגן גרינע געשפּרייטן און בלויע האָריזאָנטן. עס טרעפט, אַז די הייסע פּאַרע פון זייַן שוויצשטיבל גיט אים אַ טראָג אַוועק צוריק צו יענע יאָרן ווען ער איז געווען אַ טרוימער, אַ באַרג-קלעטערער, און אַפילו הנאה געהאַט פון אַ גוט ליד.

אָבער דער קלוגער מיעטשיסלאַוו האָט גענומען די נאַרישע נאַטאַליע. ניין, נישט נאָר ווייַל זי האָט אים אַרייַנגעבראַכט אַ פאַרמעגן. ער האָט דעמאָלט געקראָגן די ניכפּה פאַר אירע חן-גריבעלעך, פאַר איר רייצנדיק גוידערל. „פון קאָפּ ביז פיס — איין שטיק רייצנדיק ווייַב", האָט ער זיך דעמאָלט פאַסמאַקעוועט.

נאָר באַלד נאָך דער ערשטער קימפּעט איז דאָס קליינע, באַחנטע גוידערל פאַרוואַקסן געוואָרן מיט פעטס, נאָך יעדער קימפּעט מער פעטס, און דאָס פעטס האָלט אין איין וואַקסן שוין אָן קימפּעטס.

אַ מאָל פלעגט ער פאָרן אויף לאַנגע נסיעות, און אויפן וועג נישט געפאַסט קיין תעניתים... די געשעפטן זענען זיך צו פיל צעוואַקסן ער

זאָל זיי קאָנען איבערלאָזן אויף פרעמדע הענט. באַלעק און זבישעק, זײַנע צוויי זין, זענען נישט קיין גרעסערע חכמים ווי די מאַמע. אפשר וועט ער יאָ האָבן נחת פון זײַן מיזינקע, סאַבינקע. דערווײַל לערנט זי נאָך אויפן אוניווערסיטעט אין וואַרשע. זי האָט אַ קאָפּ אויף איר שייגעם קאַרק, ער וועט זי דאַרפן אַרײַנציִען אין מיסחר. חוץ איר האָט ער נישט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן.

די אַלע מחשבות זענען אַדורך זײַן קאָפּ טאַקע ווען ער איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער באַנק אין זײַן שוויצשטיבל. עס איז אים געוואָרן טרוקן אין האַלדז, ער האָט אַ ציִ געטאָן אַ הענטל, ערגעץ האָט אַ גלעקל זיך צעקלונגען, און אַ באַדינער איז געקומען אַרײַנצולויפן.

„וואַצעק, מער פאַרע!"

וואַצעק האָט אָנגעצאַפּט אַ שעפל קאַלט וואַסער און עס אַ גאָס געטאָן אויפן צעגליטן אויוון. אַ זידן, אַ בולקען, אַ לושען. אַ וואָלקן פאַרע האָט זיך אויפגעהויבן פון אויוון און פול געמאַכט דאָס גאַנצע צימערל.

„מער!" האָט דער באַלעבאָס באַפוילן.

נאָך צוויי שעפלעך וואַסער און די פאַרע איז געוועזן אַזוי געדיכט, אַז וואַצעק האָט מער נישט געזען דעם באַלעבאָס.

„ס'וואַסער אין קראַן איז קאַלט?"

„ווי אײַז", האָט וואַצעק געענטפערט.

„צאַפּ אָן אַ שעפל און גיס עס אַרויף אויף מיר".

וואַצעק האָט געשוידערט פון דעם קאַלטן וואַסער אין זײַנע הענט. דער באַלעבאָס האָט אויך אַ ציטער געטאָן פון דעם קאַלטן שמיץ, און זיך צעגאַנגען פון תענוג. „לייג צו נאָך אַ ביסל קוילן, און לויף נישט פון דער היץ גלײַך אין דעם קאַלטן דרויסן. עס שנייט נאָך?"

„ס'שנייט און עס הערט גאָר נישט אויף, און כ'מוז אַרײַנברענגען דער פאַניענקעס וואַליזעס".

„דער פאַניענקעס וואַליזעס?"

„יאָ, פאַניע".

„די פאַניענקע וועט קומען ערשט אויף די חגאָות".

„זי איז דאָ, פאַניע, געקומען ווען דער פאַן האָט געקלונגען".

„גיב מיר דעם גרויסן האַנטעך, וואַצעק".

עס קאָן זײַן אַז סאַבינעס טונקל־ברוינע ייִדישע אויגן האָבן גורם געווען מע זאָל נאָכזוכן דעם ייִחוס פון די בראָדאַקס; עס קאָן אויך זײַן אַז דעם ענין האָט אויפגעהויבן דעם טאַטנס אַ קאָנקורענט. סאַבינע האָט נישט געוווּסט אַז דער נאָמען בראָדאַק האָט זיך באַוויזן אויף דער רשימה פון ייִדישע סחורות וואָס גוטע פּאָליאַקן דאַרפן באָיקאָטירן. זי איז געקומען אין אוניווערסיטעט אַן אויסגערוטע, און אַפילו נישט געשענקט קיין בליק די ייִדישע סטודענטן וואָס זענען געשטאַנען בײַ דער וואַנט. זי איז אַ רויִקע אַוועק צו איר פּלאַץ און זיך אַוועקגעזעצט. נאָך אַ שושקערײַ צווישן די זיצנדיקע פּוילישע סטודענטן האָבן אַלע אויף איר באַנק זיך גענומען רוקן צו איר זײַט. איידער זי האָט זיך געכאַפּט וואָס עס טוט זיך, איז זי אַראָפּגעפאַלן פון דער באַנק.

„צווישן יונגע־לײַט איז דאָס אַ חכמה, אָבער אַראָפּשטופּן אַ מיידל זי זאָל פאַלן איז גראָב און כאַמיש", האָט זי געמוסרט די „חברים" אויף דער באַנק. אַ הויכער, בלאָנדער בחור האָט איר געהאָלפן אויפשטיין. זי האָט פאַרבירט זיך צוריק אַוועקצוזעצן און באַגעגנט טראַציקע, שפּאָטישע בליקן.

„די פאַני וועט זיך פילן בעסער מיט אונדז בײַ דער וואַנט ווי מיט זיי אויף דער באַנק", האָט דער בלאָנדער געזאָגט, און סאַבינע האָט אים ערשט איצט דערקענט. דאָס איז דאָך דער פירער פון דער ייִדישער באַנדע וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אָנגעפירט מיט אַ געשלעג. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן און געלאָפן צו דער טיר.

די פאַרמעטענע הויט אויפן פנים פון מיעטשיסלאַוו בראָדאַק האָט אַפילו נישט קיין ציטער געטאָן:

„מע וועט דאָס אויך איבערקומען, סאַבינקע. היטלער איז פּוילנס גרעסטער שונא. די סטודענטלעך וועלן קומען צום שׂכל און אויפהערן קויפן זײַן אַנטיסעמיטישע סחורה".

סאַבינע האָט איצט פײַנט געהאַט איר טאַטנס רויִקייט, ניין, ער ווייסט נישט וואָס דאָרט איז געשען, ער קאָן עס זיך נישט פאָרשטעלן, און נאָך וואָס דאַרף מען עס? וואָס פאַר אַ שײַכות האָבן זיי דען צו ייִדן? פאַר וואָס טאַקע נישט ווערן אמתע פּאָליאַקן, קריסטן?

יעדעס קנייטשל אויף איר טאַטנס פנים האָט זיך צוזאַמענגעצויגן

מיט עקשנות. „קײן מאָל נישט! די בראָדאַקס האָבן געטאָן פאַר פּױלן נישט װײניקער װי אַלע אַנטיסעמיטישע סטודענטן צוזאַמענגענומען". בראָדאַק האָט געטײַטלט מיטן װײַזפינגער צו די רױטע פאַבריק־מױערן פון יענער זײַט פענצטער. „דאָס באַשטעטיקט אונדזער פּױלישקײט, אַ צלם אױפן האַלדז װעט גאָרנישט צוגעבן".

„אָבער טאַטושו. דו גײסט דאָך סײַ װי נישט אין זײער שיל אַרײַן".

בראָדאַק האָט אַ פּיר געטאָן זײַן ברײטע האַנט איבער סאַבינעס זײַדענע, שװאַרצע האָר: „קינד מײַנס, אַלץ װאָס איך בין און אַלץ װאָס איך פאַרמאָג, האָב איך געװונען אױפן גלײַכן װעג. װי װײניק ייִדיש איך בין, בין איך נאָך װײניקער קריסט. איך װעל קײנעם נישט אונטער־קױפן מיט אַ ביסל שמדװאַסער. עס װעט סײַ װי נישט העלפן. היטלער רודפט אױך די משומדים".

„טאָ װאָס זאָל איך טאָן, טאַטושו? לאָזן זיך װאַרפן פון דער באַנק?"

„ס'איז שױן נאָענט צו דער נײַ־יאָר װאַקאַציע. פאַר קײן זאַקאָפּאַנע, דערנאָך װעלן מיר זען".

## ב.

ס'איז געװען לאַנגװײַליק אין זאַקאָפּאַנע. יונגװאַרג איז נאָך געװען אין די שולעס. אין די געשעפטן איז איצט געװען דער הױכסעזאָן פון ערב־חגא. דער האָטעל „מאָרסקע אָקאָ" האָט געקאָנט אַרײַננעמען צװײ הונ־דערט געסט, אָבער געװען זענען דאָרט נאָר אַ צװײ צענדליק אַלטע פּריצעס און עטלעכע יונגע מײדלעך װאָס זענען, װי ס'זעט אױס, געװען צו אַלט פאַר גימנאַזיע און צו נאַריש פאַרן אוניװערסיטעט. די זון האָט טאָג נאָך טאָג זיך געגליטשט איבער די שנײבאַדעקטע באַרגרוקנס און סאַבינע האָט אַפילו נישט אָנגעמאָסטן אירע נײַע נאַרטעס. זי האָט געפונען די שײנ־קײט פון די בערג אין טעטמײַערס פערזן און אַפילו נישט אַרױסגעקוקט אין דרױסן עס אױסצוגעפינען פאַר זיך אַלײן.

די נײַעס װעגן בראָדאַקס ייִדישקײט האָט נאָך נישט געהאַט דער־גרײכט זאַקאָפּאַנע. מע האָט סאַבינען צוגעזעצט צו אַ טיש פון לױטער מיוחסים, די פּאַני אָסטראָװיעצקאַ פון די לאַנד־פּריצים, אירע צװײ טעכטער; די פּאַני װאַװעל מיט איר טאָכטער, פון דער באַרימטער זיסװאַרג־

פֿאַבריק „וואָוועל און זין". די דאַמעס האָבן געבלאָזן פֿון זיך, די מיידלעך האָבן זיך דערציילט רכילות און כיכיקעט. זיי איז גוט, זיי וואַרפֿט מען נישט פֿון די בענק.

אין איין פּראָסטן מיטוואָך, אַ וואָך פֿאַר וואַקאַציע, צען טעג פֿאַר חגא, האָט אַ שליטן געבראַכט פֿון דער באַן אַ נייַעם גאַסט. אַלע מיידלעך זענען אַזש אונטערגעשפּרונגען ווען ער איז אַרייַנגעקומען אין דער עס־שטוב. אַ הויכער, מיט אַ שיין, מענלעך פּנים, אַ צעכוואַליעטע, בלאָנדע טשופּרינע, עלעגאַנט אָנגעטאָן, די גרויע אויגן פֿול מיט שמייכל. די באַלעבאָסטע האָט אים פֿאַרבייַגעפֿירט אַלע טישן און אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל אַליין ביי אַ טיש. די מיידלעך האָבן געגלאָצט אויף אים; די מאַמעס האָבן אויפֿגעשפּיצט די אויערן אויפֿצוכאַפּן זייַן נאָמען. לויט זייַן אויסזען דאַרף עס זייַן עפּעס אַ יִחוסדיקער נאָמען. מע האָט דער־הערט ווי די קעלנערקע טיטולירט אים „פּאַניע דאָקטאָרזשע".

יאַדזשאַ אָסטראָוויעצקאַ האָט נישט געוואָלט ריזיקירן, עמעצער קאָן אים נאָך אויסכאַפּן. איז זי אַוועק צו דער טיר מיט אַן אומוועג און פֿאַרלוירן איר נאָזטיכל גראָד ביי דעם דאָקטאָרס טישל. „יאַדזשו, קום אַהער דאָ!" האָט די מוטער גענומען רופֿן מיט אַ קוויטשעדיק קול. עס איז צו איר אָנגעקומען וואָס מע האָט זיך איבערגעגעבן פֿון מויל צו אויער: „דעם דאָקטאָרס נאָמען איז ליבענשטיין, איגנאַצי ליבענשטיין. די איגנאַציס רייַסן זיך שוין אַרייַן אויך אין מאַרסקע אָקאָ".

דער סוד איז דערגאַנגען אויך צו סאַבינען. צו מאָרגנס, ווען ליבענ־שטיין איז אַרויס מיט זייַנע נאַרטעס צום גליטשפּונקט, איז סאַבינע שוין דאָרט געווען. ליבענשטיין האָט זיך געהאַלטן פֿון ווייַטן; זי איז אין האָטעל געזעסן מיט די אָנגעבלאָזענע דאַמעס.

סאַבינע איז געפֿאַלן ווען ליבענשטיין איז געווען נאָענט פֿון איר. ער האָט נישט געזען אָדער געמאַכט זיך נישט זען. זי האָט זיך אויפֿגעע־שטעלט און האָט געהונקען.

„קאָן איך דער פּאַני העלפֿן?" איז איצט ליבענשטיין שוין צוגעקומען.

„דער פֿאַן האָט מיר געקאָנט העלפֿן אויפֿשטיין".

„איך בעט די פּאַני איבער, כ'האָב נישט באַמערקט. וואָס איז מיט דעם פֿוס? איך בין אַ דאָקטאָר".

„אַזוי, אַ דאָקטאָר, און אַ נאָמען האָט דער פֿאַן אויך?"

ליבענשטיין איז זיכער געווען אַז די אַנטיסעמיטקע וויל אים צווינגען אָנרופן זײַן יידישן נאָמען כּדי אים צו פאַרשעמען. ער האָט פון דעסטוועגן זיך אַ בייג געטאָן און אָנגערופן זײַן נאָמען.

„בראָדאַקוונאַ”, האָט זי זיך פאָרגעשטעלט און אים דערלאַנגט די האַנט.

פאַר דעם גרויסן חסד וואָס די פריצטע האָט אים געטאָן, האָט ער אַ קוש געטאָן איר הענטשקע; געוויינטלעך האָט ער אָוועקגעבויגן די הענטשקע און געקושט די האַנט, אָדער יוצא געווען מיט אַ זאָג „כ׳קוש דאָס הענטל”.

ער האָט אונטערגעהאַלטן איר רעכטן אָרעם, זי זאָל נישט דאַרפן אָנלענען איר גוף אויף דעם צעקלאַפּטן פוס און זי צוגעפירט צו אַ באַנק. ער האָט אויסגעטאָן זײַנע הענטשקעס: „איצט וועט מען אַ קוק טאָן צום פוס”.

„מע דאַרף נישט”.

„עס קאָן זײַן אויסגעלענקט”.

„פאַר וואָס מיינט איר?”

„די פאַני איז געפאַלן”.

„כ׳בין געפאַלן, כּדי דער פאַן זאָל מיך אויפהייבן”.

„די פאַני הינקט”.

„אַז פאַלן אַליין האָט נישט געהאָלפן, האָב איך געמוזט הינקען”.

„די פאַני איז זייער אָפנהאַרציק”.

„להכעיס די ,פּופּעס׳ אין ,מאַרסקע אָקאָ׳ ”.

„בראָדאַקוונע? עפּעס אַ שײַכות מיט דער גרויסער טעקסטיל־פירמע?”

„מײַן טאַטע”.

„ס׳קאָן נאָך שאַדן צו מיסחר זיך צו חברן מיט אַ ליבענשטיין”.

„ס׳האָט שוין געשאַדט”.

„די פאַני מיינט צו זאָגן...? בראָדאַק איז דאָך אַ פּוילישער נאָמען”.

„עס העלפט נישט, פאַניע דאָקטאָרזשע”.

זיי האָבן זיך בײדע צעלאַכט. צום ערשטן מאָל האָט ליבענשטיין נישט געפילט די חרפּה פון האָבן אַ נאָמען „איגנאַצי”, און סאַבינען האָט נישט געאַרט וואָס בראָדאַק מיינט אַ יידישע באָרד.



די וואַקאַציעס האָבן זיך אָנגעהויבן. עס זענען געקומען אַ סך געסט. עס איז געוואָרן פריילעך אין האָטעל. סאַבינע און איגנאַץ זענען צוריק־געקומען פון אַ שפּאַציר. איז אַ יונגער־מאַן, אַ נײַער גאַסט צוגעלאָפן צו איגנאַצן מיט אַ געשריי: „ווי שעמט זיך נישט דער פּאַן אַרומצושלעפּן זיך מיט דער שווארצער מכשפה?!"

איגנאַץ איז געבליבן שטיין אָן לשון: סאַבינע האָט אים אַ שלעפּ געטאָן פאַרויס. אַ גווידערדיקע פּריצה איז אַקעגנגעלאָפן סאַבינען און מיט כעס אַ געשריי געטאָן: „ס'איז אַ חרפּה און אַ בושה אַ בראָדאַקוונאַ זאָל זיך אַרומשלעפּן מיט אַ ליבענשטיין".

„די פּאַני האָט אַ זון?" האָט סאַבינע געפרעגט.

„די פּאַניענקע קען מײַן טאָכטער, כ'האָב נישט קיין זין".

„אויב די פּאַני וואָלט געהאַט אַ זון, וואָלט ער געמעגט די שטיוול פּוצן בײַם דאָקטאָר ליבענשטיין".

די דאַמע איז געבליבן שטיין פאַרטשמיעלעט. סאַבינע האָט אַ שלעפּ געטאָן דעם דאָקטאָר, און זיי זענען שנעל אַוועק.

„וואָס טוען מיר דאָ צווישן זיי?" האָט סאַבינע געפרעגט.

„לאָמיר פאַרפּאַקן די וואַליזעס און זיך אַרויסציִען".

אַ דעלעגאַציע פון געסט האָט אײַנגעטענהט מיטן פאַרוואַלטער, ער זאָל אַרויסטרײַבן דעם ייִד צוזאַמען מיט דער חוצפּהדיקער מויד, ווען איגנאַץ און סאַבינע זענען שוין אַראָפּגעקומען מיט זייערע וואַליזעס.

ג.

דער פּאַן מיעטשיסלאַוו בראָדאַק איז געזעסן פאַרזונקען אין אַ טיפן פאָטעל. פון אונטער זײַנע געדיכטע, געל־גרויע ברעמען האָבן אַרויס־געפינקלט צוויי קליינע פײַערלעך און געלויערט. קעגן איבער אים איז געזעסן זײַן גאַסט, דאָקטאָר אַדאָלף ליבענשטיין פון וואַרשע. עטלעכע וואָכן איז אָנגעגאַנגען אַ דינגעניש. דער דאָקטאָר האָט געוואָלט דער פּאַן בראָדאַק זאָל קומען קיין וואַרשע, ווײַל ער קאָן זיך נישט באַפרײַען פון שפּיטאָל; בראָדאַק האָט געוואָלט דער דאָקטאָר זאָל קומען קיין גורוויטש, ווײַל ער קאָן זיך נישט אָפּרײַסן פון זײַנע פאַבריקן. בראָדאַק האָט, ווי

אַלע מאָל, אויסגעפּירט. דער דאָקטאָר איז געקומען זיי זאָלן זיך אַדורכ־שמועסן וועגן זייערע קינדער. סאַבינע איז געווען אַנטציקט מיט איר איגנאַציס טאַטן. אַ שיינער, עלעגאַנט אָנגעטאָן, און מיט פיַינע מאַניערן. דער אַלטער בראָדאַק האָט גאָרנישט געזאָגט. „ווי קאָן זיַין קלוגע מיזינקע זיַין אַזוי נאַריש פאַרליבט?" האָט ער זיך געוווּנדערט. דער זון איז אַוודאי נישט קליגער פון דעם טאַטן. צו פּראַקטיצירן מעדיצין דאַרף מען גאָרנישט קיין שׂכל?"

בראָדאַק האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געוואָלט איַינבערעכן זיַין גאַסט צו ערשט מיט זיַין שוויַיגן, דערנאָך, ווען דאָס דאָקטאָרל וועט זיך נעמען באַרימען, דערציילן וועגן זיַינע גדולות אין שפּיטאָל, וועט ער, בראָדאַק, אַריַינוואַרפן אַ וואָרט וואָס וועט אים גליַיך אַראָפּזעצן ווי מיט אַ דוביגע איבערן קאָפּ. עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען צו קומען אין דער פּראָווינצער גורוויטש, דעם אַדאָלף — אַברהמשטע ליבענשטיין.

דאָס דאָקטאָרל קאָן נישט אויסהאַלטן מיַין בליק, האָט מיעטשיסלאַוו געטראַכט ווען דער גאַסט האָט פּאָר אַ לענגערער וויַילע זיך פאַרהאַלטן ביַים פענצטער און אַרויסגעקוקט צום גאָרטן וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם בראָדאַק־פּאַלאַץ פון די פאַבריקן.

„אַ שיינער גאָרטן", האָט דער גאַסט געזאָגט, „כאָטש נישט אַזוי שיין ווי פון יענער זיַיט מויער. די וואָר איז קיין מאָל נישט אַזוי שיין ווי אַ חלום".

בראָדאַק האָט געהויבן די אַקסלען, „וואָס פּלאַפּלט ער?"

„יענער קאַשטאַנבוים ביַים פּאַרקאַן מוז שוין זיַין זייער אַלט. איך געדענק אים אַ צעוואַקסענעם בוים".

דער דאָקטאָר האָט ערשט געעפנט דאָס מויל און האָט זיך שוין פאַררעדט. מע דאַרף ביַי אים ציִען די צונג. „דער פאַן דאָקטאָר געדענקט דעם קאַשטאַנבוים? פון ווען?"

„פון מיַינע קינדער־יאָרן. איך בין געבוירן געוואָרן דאָ".

„טאַקע?" האָט בראָדאַק געמאַכט אַן אָנשטעל פון איבעררעש.

„דאָרט, אויף יענער זיַיט גאַס".

דער דאָקטאָר הייבט אָן עפּעס אַ כיטרע שפּיל, האָט בראָדאַק גענומען חושד זיַין, און געוואַרט בעסער צו דערקענען יענעמס סטראַטעגיע. „און דער פאַן דאָקטאָר האָט זכרונות פון אַ בוים אין מיַין גאָרטן?"

„נאָר זכרונות, די בלויע צייכנס זענען אַוועק נאָך עטלעכע טעג".

„אַ סאָציאַליסטל גאָר?" האָט דער אַלטער בראָדאַק צוזאַמענגעצויגן די ברעמען.

„כ'האָב אַרויפגעוואָרפן אַ שטיין, עס זאָלן אַראָפּפאַלן קאַשטאַנעס. דער סטרוזש, וואַצעק האָט ער געהייסן? דער וואַצעק האָט מיך געכאַפּט. ער האָט קיין מאָל נישט געשוינט אַ ייִדיש קינד. ער לעבט שוין אַוודאי נישט, דער אַלטער וואַצעק".

אַ ציוניסט? אַ שטעכוועָרטל, ווײַל בראָדאַק האַלט זיך ווײַט פון ייִדן? אַבי מע האָט אים געזאָגט אַז דער דאָקטאָר אַליין האַלט זיך אויך ווײַט פון ייִדן. מע דאַרף אים דערמאָנען ווער ער איז: „אויף יענער זײַט גאַס ווױנען נאָך ליבענשטיינס, דאָס קאָן נישט זײַן אײַער משפחה, אָרעמע שוסטערס".

„נאָך אַלץ אָרעמע שוסטערס? קיינער חוץ מיר האָט זיך נישט אַרויסגעריסן? נישט אויסגעשטאָרבן אויף סוכאָטע?"

„איר געהערט זיך אָן מיט דעם לאָמען שוסטערס קינדער?"

„ניין. איך געהער זיך גאָר נישט אָן מיט דעם לאָמען שוסטער, אָדער מיט זײַן משפחה. אַ מאָל, מיט פופציק יאָר צוריק, בין איך געבוירן געוואָרן דעם לאָמען שוסטערס זון, אָבער שוין מער ווי דרײַסיק יאָר ווי איך געהער זיך גאָר נישט אָן מיט זיי".

„דער פאָן דאָקטאָר רעדט מיט רעטעניש".

„לאָמיר מער נישט רעדן וועגן דעם. טאָקע דערפאַר האָב איך נישט געוואָלט קומען אַהער. איך האָב געהאַט געשווירן, מײַן אויג זאָל מער נישט אָנקוקן זייערע פּנימער, מײַן פוס זאָל מער נישט באַטרעטן די ערד. אָבער וואָס טוט מען נישט צוליב קינדער? לאָמיר טאָקע רעדן וועגן אונדזערע קינדער".

פריִער איז בראָדאַק געווען אין כּעס אויף דעם דאָקטאָר פאַר זײַן גרויסהאַלטערײַ — אַ חוצפה צו פאַרלאַנגען, מיעטשיסלאַוו בראָדאַק זאָל קומען צו אים קיין וואַרשע. איצט האָט אים פאַרדראָסן פאַר וואָס דער דאָקטאָר פּראָבירט אַפילו נישט מאַכן קיין אָנשטעל. ער מיינט אַז אַ ליאַדע שוסטערזון קאָן ווערן בראָדאַקס מחותּן?

„ווי אַזוי טאָקע האָט דער פאָן זיך אַרויסגעריסן?" האָט בראָדאַק געוואָלט וויסן מער וויפל זײַנע אינפאָרמאַנטן האָבן אים געקאָנט זאָגן.

„פון דער לאַמער שוסטערקע געדענק איך גאָרנישט. געשטאָרבן אויף סוכּאָטע װען איך בין נאָך גאָר יונג געװען. דער לאַמער שוסטער — בײַ נאַכט, װען איך בין געגאַנגען שלאָפן, אין דער פרי װען איך בין אױפגעשטאַנען, שטענדיק, אײביק, איז ער געזעסן אויף זײַן רונדיקן שוסטער־בענקל. חוץ װען ער איז געגאַנגען אויף אַ לװיה אָדער אין בית־המדרש זאָגן קדיש. אַרום אים — אַלטע, צעריסענע שיך, זײַן פּנים — װי אַן אַלטער שוך. זײַן באָרד — װי אַ פאַרפּלאָנטערטע דראָטװע, אַזאַ פאָדעם װאָס ער האָט אַלײן געדרײט פון פלאַקס און אײַנגעריבן מיט װאַקס אָדער סמאָלע. אין מױל האָט ער אַלע מאָל געהאַלטן נעגל, אָדער הילצערנע שפּײַלן. אויף דער רעכטער קני — אַן אײַזערנע קאָפּיטע און אַ שוך אין דער אַרבעט. קײן לינקע קני האָט ער נישט געהאַט, נאָר אַ שטיק האָלץ, אויבן ברײט, אונטן דין װי אַ שטעקן, באַקאָװעט מיט אײַזן. אַ שטיק האָלץ, צוגעפּאַסעװעט צו זײַן שטיקל אײבערשטן פוס. דער הילצערנער פוס האָט געקלאַפּט אויף די שטײנער פון ברוק, צום טאַקט פון דעם קלאַפּן מיט דער צדקה־פּושקע אויף די לװיות פון זײַנע קינדער. אַכט און צװאָנציק יאָר איז די לאַמע שוסטערקע — זי איז נישט געװען לאַם, אָבער קײנער האָט נישט געװוסט דעם נאָמען ליבענשטײן: די לאַמע שוסטערין, איטשע דעם לאַמען שוסטערס, איך בין געװען אַברהמטשע דעם לאַמען שוסטערס. אַכט און צװאָנציק יאָר איז די לאַמע שוסטערין אַלט געװען װען זי האָט אױסגעקײַכט איר לעצט שטיקל לונג און פון דעסט װעגן באַװיזן צו געבוירן אַכט קינדער.

„אַכט און צװאָנציק יאָר. די לאַמע שוסטערין האָט געהאַט אַריכת־ימים. בײַ אירע קינדער האָט עס זיך אָנגעהױבן צו צװאָנציק; צו אײן און צװאָנציק האָבן זײ נישט דערלעבט.

„צװײ פענצטערלעך האָט די קעלערשטוב געהאַט. לעבן אײן פענצטע־רל איז געשטאַנען אַ פאַרסמאָליקט טישל און אַ דרײַפיסיק בענקל מיטן אײנפוסיקן שוסטער; בײַם אַנדערן פענצטערל איז געשטאַנען אַן אײַזערן בעטל מיט אַ שעניק פאַרפוילט שטרוי; אויפן בעטל איז אַלע מאָל געלעגן אַ לאַמען־שוסטער זון מיט פאַרפוילטע לונגען.

„װי עס איז פריִער יעדעס יאָר צוגעקומען אַ קינד, אַזױ האָט מען שפּעטער יעדעס יאָר אַרױסגעטראָגן אַ קינד. זײ זענען געװען שײן, דעם לאַמען שוסטערס קינדער. די שוסטערין האָט געמוזט זײַן זײער אַ

שיינע. ביז צוואַנציק יאָר האָבן זיי אַרויסגעשייַנט פון דעם טוכלען קעלער. שיינע, גרויע אויגן, גאָלדענע האָר, אַ ווייַסע, פרישע הויט מיט ראָזע באַקן — ביז דעם לעצטן שפּייַקעסטל געלן שליים".

בראָדאַק האָט מער נישט געוואָלט הערן. דאָס דאָקטאָרל האָט שוין געזאָגט מער ווי זייַן ערגסטער שׂונא וואָלט וועגן אים געזאָגט. בייַ דער ערשטער פּויזע, ווען דער דאָקטאָר האָט נאָר אָפּגעאָטעמט, האָט בראָדאַק אים איבערגעריסן: „ווי געפעלן אייַך די ווערטערן, פּאַניע דאָקטאָרזשע? דער פרילינג וועט זיך הייַ־יאָר שטעלן פרי. צוריקגעשמועסט, ווילט איר אַוודאי גאָר נישט האָבן קיין שיינע ווערטערן. אייַערע געשעפטן גייען בעסער ווען עס רעגנט און מע פאַרקילט זיך".

בראָדאַק האָט בכיוון פּראָוואָצירט זייַן גאַסט, ער זאָל זיך פאַרענטפערן אַז ער קוקט נישט אויס מענטשן זאָלן זיך פאַרקילן, אָבער ווי נאָר בראָדאַק איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט דער דאָקטאָר ווייַטער דערציילט זייַן געשיכטע.

„ס'האָט אַלע מאָל געדרעגנט בעת דער לוויה. אַ מאָל אַ גאָסרעגן, אַ מאָל אַ דריבנע רעגנדל וואָס האָט דורכגענעצט ביז די ביינער. פאַרקילט האָט זיך נאָר דער וואָס עס איז געווען זייַן ריי פאַר דעם אייַזערנעם בעטל און בלעכענעם שפּייַקעסטל. ווען מע האָט אָפּגעהויבן דעם טויטן פון דעם בעטל, האָט מען שוין געוווסט ווער עס וועט פאַרנעמען זייַן פּלאַץ. ווען מע האָט פאַרשיט אַ קבר, האָט מען שוין געוווסט ועמען מע וועט איבער אַ יאָר באַגראָבן לעבן אים. לאָפּעטעס ערד זענען געפאַלן אויף די קרשים, די ברעטער פון קבר. דער לאָמער שוסטער האָט אַראָפּגעבויגן זייַן סמאָלע קאָפּ און, מיט אַ קול ווי פעך און שוסטעַרישן פּאַפּ, געזאָגט קדיש. יעדער פונעם לאָמען שוסטערס קינדער האָט מיט די אויגן אויסגעמאָסטן זייַן פּלאַץ.

„איין מאָל איז געשען אַ נס. איטשע האָט, ווי די אַנדערע פאַר אים, פאַרנומען דאָס בעטל בייַם פענצטער, אָבער דאָס שפּייַקעסטל איז געבליבן ליידיק. שניי האָט פאַרשיט די נידעריקע פענצטערלעך פון קעלער. פרילינג האָט צוגעוואָרפן אַ ביסל גאָלד פון שפּעטער נאָכמיטאָג־זון, און דאָס שפּייַקעסטל איז אַלץ געווען ליידיק. דעם זומער האָט מען אין דעם לאָמען שוסטערס קעלער שטוב געלאַכט, אַוודאי מער ווי אין

דעם בראָדאָק־גאָרטן הינטער דער מויער אויף יענער זײַט גאַס, מער ווי אין דעם פּאַלאַץ.

„אין האַרבסט האָט איטשע אָפּגעטרעטן דאָס בעטל צו ברוכן. ברוך איז געווען אַ יאָר ייִנגער פון איטשען און דרײַ יאָר עלטער פון מיר. דעם לאָמען שוסטערס בית־עולם וועט נישט בלײַבן ליידיק. מע האָט דאָס געזאָגט, זאָל כאָטש איטשע בלײַבן.

„איטשע איז געווען דער שענסטער, דער געראָטנסטער. האָט זיך מיר נאָר אַזוי געדאַכט? ניין. מע האָט אים נאָכגעקוקט אין גאַס. אַלע האָבן זיך געלערנט גוט, אין חדר, אין שול. וועגן איטשען האָבן די לערערס דערציילט וווּנדערס. הויך, אַ פײַן, געשניצט פּנים, לאַנגע, שיינע פינגער וואָס האָבן געציקלט אַ שיינעם כּתב, געשיקט געלאָפן איבער די סטרונעס פון זײַן פידל. יאָ, ער האָט געשפּילט פידל. געזונגען שיין, געשריבן לידער. חברים זענען געקומען צו אים, מיידלעך זענען געקומען. מע האָט געלאַכט, מע האָט געזונגען אין דעם לאָמען שוסטערס קעלער. ברוך אויפן בעטל האָט געקײַכט און מיטגעלאַכט".

„מע האָט ברוכן אַרויסגעטראָגן. שמעון האָט פאַרנומען דאָס בעטל. מע האָט ווידער געטראָגן שפּײַקעסטלעך מיט בלוט און געלן שליים. איך האָב געוווּסט אַז נאָך שמעונען קומט מײַן ריי, אָבער איטשע איז געווען געזונט. איטשע וועט אויסלעבן אונדזער אַלעמענס לעבן. וויפל עס איז געבליבן געזונט אין דעם לאָמען שוסטערס קעלער זאָל עס אַלץ אַרײַן אין איטשעס ברוסט, איטשע מוז בלײַבן!

„שׂרה, אַ מיידל מיט אַ ברוינער, געזונטער הויט, האָט זיך פאַרליבט אין איטשען און איטשע אין איר. מיר האָבן זיך אַלע פאַרליבט אין איר. אַז איך האָב זיך געכאַפּט חלומען וועגן אַ מיידל, האָב איך זיך געפילט זינדיק. איטשע וועט אויסלעבן אונדזער אַלעמענס לעבן, אונדזער אַלעמענס ליבעס. ער וועט אויסקושן אַלע אונדזערע קושן, ער וועט אויסחלומען אַלע אונדזערע בענקשאַפטן. וועגן מער האָבן מיר זיך נישט דערוועגט צו חלומען".

„איר זענט, ווייזט אויס, אַ ראָמאַנטישע משפּחה, אַלע פירט איר ליבעס", האָט בראָדאָק פּראָבירט צוריק פירן דעם שמועס צו זייערע קינדערס פאַרליבן זיך. אָבער דער גאַסט, ווי אַ דיבוק וואָלט פון אים אַרויסגערעדט, האָט נישט געקאָנט איבעררײַסן זײַן דערציילן.

„פלוצלינג, אין אַ הייסן שבועות־טאָג האָט איטשע זיך פּאַרקילט. אַ געווייַנטלעכער קאַטאַר האָט געבראַכט אַ בלוטשטורץ פון די לונגען און גאַלאָפּ־שווינדזוכט. צוויי בעטלעך, צוויי שפּיי־קעסטלעך.

„ווען מע האָט גענומען וואַרפן לאָפּעטעס ערד צו פאַרשיטן איטשעס קבר, האָט דער לאָמער שוסטער אַרייַנגעשריגן אין קבר אַריין: ,זאָלסט לויפן בעטן, זאָלסט זייַן אַ מליץ־יושר׳. גרודעס ערד זענען געפאַלן אויפן אָרון און גרודעס ווערטער זענען געפאַלן מיט זיי: ,זאָלסט לויפן בעטן, זאָלסט זייַן אַ מליץ־יושר׳. אַלץ אַרום האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין נעפּל, נאָר אַ קבר און אַ הילצערנער פוס זענען געבליבן. דאָס האָט דער הילצערנער פוס געוואָרפן גרודעס ערד אויף איטשען. דאָס האָט דער הילצערנער פוס געוואָרפן גרודעס ווערטער: ,מליץ־יושר, מליץ־יושר׳. איטשע שוין אויך אין קבר, באַלד וועט קומען שמעון, איך, אַלע. אַפילו ווען דער לאָמער שוסטער וועט שוין אַליין זייַן אין קבר, וועט דער הילצערנער פוס נאָך אַלץ גיין אויף לוויות, דער פאַרשאָלטענער, הילצערנער פוס, דער באַגלייטער פון דעם מלאך־המוות.

„איך בין ווייַטער געגאַנגען צו דער אַרבעט יעדן פרימאָרגן און פאַרן אַוועקגיין אַרויסגעטראָגן צום מיסטקאַסטן אַ שפּייַקעסטל פול מיט שמעונס אויסגעקייַכטער, פאַרפוילטער לונג״.



סאַבינאַ איז געלאָפן אַהין און צוריק איבער איר שטוב. וואָס נעמט עס אַזוי לאַנג? דער טאַטוש האָט נישט געוואָלט זי זאָל זייַן דערבייַ ווען ער רעדט מיט דעם גאַסט; וויל דער טאַטוש היינטער איר רוקן צעשטערן דעם שידוך? דער טאַטוש מעג זיך זייַן קלוג און אַ מייַסטער פון אינטריגע אין זייַנע געשעפטן, נאָר בייַ איר וועט ער גאָרנישט אויספירן!

סאַבינאַ איז שוין געווען בייַ דער טיר פון איר פאַטערס קאַבינעט, זי איז צוריקגעלאָפן און זיך געוואָרפן אויף איר בעט.



„ס׳איז נאָך אַלץ געווען זומער״, האָט דער דאָקטאָר ווייַטער דער־ציילט, „אַ שבת בייַטאָג. כ׳בין געשטאַנען איבער שמעונס בעט, אַרויס־געקוקט דורכן פענצטער צי מע גייט שוין פון שיל. אַ חברה יינגוואַרג

איז פֿאַרבייגעגאַנגען. יינגוואַרג פֿון אַן אַנדערער וועלט, פֿרעמד דעם לאַמען שוסטערס קעלער. יינגוואַרג וואָס איז געגאַנגען טאַנצנדיק און געלאַכט. שׂרה איז געווען צווישן זיי. זי איז געגאַנגען צווישן צוויי יונגע־לײַט, זי איז געגאַנגען און געלאַכט. שמעון האָט אויסגעקײַכט זײַן לונג, איטשע — שוין דרײַ חדשים אין דער ערד, און זײַן — אונדזער — שׂרה האָט מיט אירע צוויי הענט זיך אָנגעהאַלטן אין צוויי בחורים, געגאַנגען טאַנצנדיק און געלאַכט.

„דער לאַמער שוסטער איז אָנגעקומען פֿון שיל. דער הילצערנער פֿוס האָט אונטערגעטאַנצט ווי שׂרה. דער הילצערנער פֿוס האָט געלאַכט.

„אין דער רגע האָב איך געוווּסט אַז איך וועל זיך נישט לייגן אויפֿן אײַזערנעם בעטל בײַם פֿענצטערל. איך וועל נישט וואַרטן ביז דער הילצערנער פֿוס וועט מיך באַגלייטן צו מײַן פּלאַץ אויפֿן בית־עולם און מיך רופֿן צו ווערן אַ מליץ־יושר. בײַ נאַכט אויפֿן געלעגער האָב איך עס אויסגעפּלאַנט. ווען כ׳וועל אָפּנעמען מײַנע שכירות וועל איך פֿאַר דעם גאַנצן געלט קויפֿן נאַפֿט. מיר וועלן מער נישט אויסשפּײַען דאָס לעבן אויף ראַטעס, יעדן טאָג אַ ביסל. די גאַנצע פֿאַרשאָלטענע קעלער־שטוב, מיטן אײַזערנעם בעטל, מיט אַלע פֿאַרפֿוילטע לונגען, מיטן דרײַפֿוסיקן שוסטער־בענקל, מיטן לאַמען שוסטערס דראַטווע־באָרד, מיט זײַן הילצערנעם פֿוס — אַלץ וועט פֿלאַקערן ווי איין הבדלה, און שׂרה וועט אונטערטאַנצן און לאַכן".

„איך האָב אין מײַן דמיון שוין געזען ווי דער הילצערנער פֿוס פֿלאַקערט, און איך האָב אַליין געהאַט אַ געפֿיל צו טאַנצן און צו לאַכן".

בראָדאַק האָט ווידער געזוכט אַ געלעגנהייט איבערצורײַסן דעם דאָקטאָרס מאָנאָלאָג. דער דאָקטאָר האָט אַראָפּגעשלונגען אַ פֿאַרשיווע געשיכטע, געהאַלטן עס אין זיך דרײַסיק יאָר. איצט, אַז עס האָט אים אַרויפֿגעשלאָגן, קאָן קיין שום כּוח אים נישט אָפּהאַלטן פֿון אויסמײַקענען עס ביזן סוף.

„איך האָב נישט געקויפֿט קיין נאַפֿט. איך בין אָבער אַוועק פֿון גור־וויטש און פֿאַרברענט אַלע בריקן הינטער זיך. איך ווייס נישט און וויל נישט וויסן ווער עס האָט אויסגעשפּיגן די לונגען, ווער עס איז געבליבן. אויפֿן בית־עולם איז נאָך אַוודאי ליידיק מײַן פּלאַץ".

אַ לאַנג פּאָרטשיק שווײַגן האָט געהויערט איבער דער שטוב. לאַנגע

שאַטנס פֿון צווײַגן אויף יענער זײַט פֿענצטער האָבן זיך אויסגעצויגן אויפֿן טעפּעך ווי ביינערדיקע סקעלעטן־פֿינגער.

בראַדאַק האָט נישט אויסגעזאָגט זײַן טאָכטער אַז זײַנע מענטשן האָבן געזוכט און געפֿאָרשט איר איגנאַצעס משפּחה, ער האָט איר נאָר איבערגעגעבן וואָס אַדאָלף ליבענשטיין האָט אַליין דערציילט, און דאָס איז געווען גענוג איבערצושרעקן אַ טויטן. איצט איז ער געזעסן און געשוויגן און געוואַרט סאַבינקע זאָל עפּעס זאָגן. ער ווייסט זי שיקן קיין פּאַריז און זי וועט זיך אויסטשוכען פֿון דער אַוואַנטורע.

סאַבינע איז געזעסן קעגן איבער אים און אויך געשוויגן. ער האָט דער ערשטער איבערגעריסן דאָס שווײַגן און געפֿרעגט: „איז, וואָס טראַכסטו וועגן דעם אַלעם, סאַבינקע?״

„איך טראַכט וואָס מיטן טאַטוש איז געשען. איז דער טאַטוש קיין מאָל נישט געווען יונג, אָדער האָט דער טאַטוש אַזאַ שלעכטן זכּרון, אַז ער געדענקט נישט וואָס עס מיינט ליב האָבן?״

בראַדאַק איז געבליבן זיצן אָן לשון. סאַבינע האָט נאָך קיין מאָל נישט גערעדט צו אים מיט אַזוי פֿיל חוצפּה. „דו ביסט אַ שכלדיקער מענטש, סאַבינקע, און איך האָף אַז איך קאָן רעדן מיט דיר אָפֿן און שכלדיק״.

„טאַטושו, אפֿשר איז עס נישט שכלדיק אין דײַנע אויגן, אָבער איך וואָלט איגנין פּונקט אַזוי ליב געהאַט אויב זײַן טאַטע וואָלט געווען דער לאָמער שוסטער אַליין״.

„עס טראָגט פֿון אים אַזאַ שׂינאה צו זײַנע אייגענע״.

„דער טאַטוש האָט אויך אָרעמע קרובֿים, פֿאַר וואָס זע איך זיי קיין מאָל נישט אין דעם הויז?״

„זײַן שׂינאה איז אומהיימלעך און פֿינצטער ווי דער טויט״.

„איגנאַצי איז ליכטיק ווי דאָס לעבן״.

„עקשנטע, לאָז צו זיך רעדן. טובערקולאָז טשעפּעט זיך צו קינדער פֿון סוכאָטניקעס. איגנאַץ איז געזונט, אָבער עס קאָן קומען צו אַן אייניקל... כ׳בעט דיך, קינד מײַנס, לייג אָפּ דײַן דעציזיע אויף עטלעכע וואָכן, לייג זיך איבער״.

„דער טאַטוש קאָן אָפּלייגן אויף עטלעכע וואָכן, אָדער אויף עטלעכע יאָר. איך האָב זיך שוין איבערגעלייגט״.

„פֿאַראַן אין דעם פֿאָטער עפּעס װאָס שרעקט מיך", האָט ער זיך געבעטן בײַ איר. „איר גײט דאָך נישט חתונה האָבן מאָרגן?"

„נײן, נישט מאָרגן. דער טאַטוש װעט האָבן עטלעכע װאָכן זיך איבער־צולײגן צי ער װיל זײַן אויף מײַן חתונה".

מיעטשיסלאַװ בראָדאַק איז אויפֿגעשפּרונגען װי ער װאָלט אַרויס־געשאָסן געװאָרן פֿון זײַן פֿאָטעל. סאַבינע איז געבליבן זיצן. איר פּנים איז געװען אַזױ טרויעריק, איר שװײַגן אַזױ אומהײמלעך װי די רײד פֿון אַדאָלף ליבענשטײן. בראָדאַקס כּעס איז אויסגעגאַנגען. אויב דאָס װאָלט געזאָגט אַן אַנדער קינד... אַן אַנדער קינד װאָלט זיך נישט דער־װעגט אַזױ רעדן צו אים. „דעם טאַטנס טאָכטער!" האָט ער געטראַכט שױן אָן כּעס. עס זאָל איר נאָר נישט אָנװאַקסן אַזױ פֿיל װאָרצעלעך אויף דעם פֿאַרעקשנטן פּנים װי בײַם טאַטן. „אויב דו ביסט אַזױ זיכער, אפֿשר ביסטו גערעכט", האָט ער פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן און זיך אויס־געדרײט זי זאָל נישט זען, אַז זײַנע אויגן זענען פֿײַכט געװאָרן. יאָ, ער האָט ליב די פֿאַרעקשנטע מויד זײַנע.

סאַבינע איז געלאָפֿן צום טעלעפֿאָן.

## קאַפּיטל צוועלעף

# מלכּס נקמה

### א.

שווערע צײַטן זענען אָנגעקומען אויף מלכּל מילקעס. די חרפּות פון זײַן זון איטשע זענען געוואָרן גרעסער און גרעסער. ווען איטשע האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין לאָדזש איז עס שוין געווען אַ שטיקל ישועה, אָבער ער איז דאָרט בײַ די „רויטע" געוואָרן אַ גאַנצער רעדל־פירער. אין גורוויטש האָבן אַלע געוווּסט אַז איטשע שמעקט נישט אַרײַן צום טאַטן אין הויז, אָבער ווען נאָר די „דעפּענסיווע", די אַנטיקאָמוניסטישע פּאָליציי, האָט געזוכט איטשען זענען זיי געקומען מאַכן רעוויזיעס בײַ מלכּן אין הויז. עס האָט אָנגערוקט די צײַט פון וואַלן צו דער קהילה. די מזרחי־פּאַרטיי, בראָש מיט שלמהס זון גדליה, האָבן געאַרבעט מעשים אַוועק־צונעמען די ממשלה פון מלכּן. גראָד דעמאָלט האָט די פּאָליציי איבער־געקערט דאָס הויז בײַ מלכּן, און נאָך דעם אים אַוועקגעפירט קיין לאָדזש אויף אַן אויספאָרשונג.

מלך האָט אײַנגעזען אַז ער מוז פירן אַ שטאַרקע וואַלאַקציע, ער איז אַרומגעלאָפן פון חסידים־שטיבל צו חסידים־שטיבל האַלטן דרשות. „חסידים און אַנשי־יראה — אַלע וואָס האָבן גאָט אין האַרץ דאַרפן זיך האַלטן צוזאַמען. אַנישט וועלן די אַפּיקורסים פאַרכאַפּן די מאַכט און פון אַ קהילה־קדושה וועט ווערן וואָס איך האָב מורא אַרויסצוברענגען פון מויל. די מזרחיסטן זענען מיקלאָמפּערשט רעליגיעזע ייִדן, אָבער זיי האָבן מחלל געווען די הייליקייט פון אונדזער שיל, אַ שיל איז אין דער בחינה פון אַ מקדש־מעט, אַ קליינער בית־המקדש. זיי האָבן אין פראָנט פון אָרון־הקודש געמאַכט אַ הזכּרה נאָך דעם דאָקטאָר הערצל, וואָס איז געווען אַ מחלל־שבת און האָט געפרעסן טריפות בפרהסיא.

מלך האָט געוווּסט אַז די באַלעבאַטים וואָס דאַווענען אין בית־

המדרש, גייען אַלע מאָל מיט גדליהן פון מזרחי; ער האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט קוראַזש און אַוועק האַלטן אַ דרשה אויך אין בית־המדרש. „ברידער ייִדן, גדליה און די מזרחיסטן גייען אין די וועגן פון דעם נאַרישן רחבעם, וואָס האָט געזאָגט צו די עלטסטע פון פאָלק ,מײַן פאָטער האָט אויף אײַך אַרויפגעלאָדן אַ שווערן יאָך און איך וועל אים מאַכן נאָך שווערער; מײַן פאָטער האָט אײַך געשטראָפט מיט ריטער, און איך וועל אײַך שטראָפן מיט שקאָרפּיאָנען׳. דער עטאַט וואָס די קהילה לייגט אַרויף אויף קהל אויסצוהאַלטן די קהלשע מוסדות איז אַ שווערער יאָך אין דעם הײַנטיקן קריזיס, אָבער עס איז נישטאָ קיין ברירה. קומען די מזרחיסטן און זאָגן, אַז זיי ווילן אָנשטעלן נאָך אַ שוחט, אַז זיי וועלן צוקויפן נאָך אַ שטיק לאַנד צו פאַרגרעסערן דעם בית־עלמין — דאָס וועט קאָסטן אוצרות, דאָס וועט קאָסטן ענקער געלט! אין אַזאַ שווערער צײַט דאַרף מען קודם זאָרגן פאַר די לעבעדיקע. מע זאָל עס נישט דאַרפן, איז נאָך דאָ גענוג פּלאַץ אויפן אַלטן בית־עולם. ווען די צײַטן וועלן, אם־ירצה־השם, ווערן בעסער, וועט מען טאַקע דאַרפן צונעמען אַן עקסטראַ שוחט פאַר עופות, כּדי ר׳ מענדל און ר׳ לייבוש זאָלן קאָנען זײַן אַ גאַנצן טאָג אין גרויסן שעכטהויז פאַר גסות און דקות, כּ׳מיין, פאַר גרויסע בהמות און פאַר קעלבער. אָבער דערווײַל מוזן גענוג זײַן די צוויי שוחטים. אויב עץ ווילט נישט מע זאָל טאָפּלען אײַער עטאַט, אויב עץ ווילט שפּאָרעוודיקייט אין דער קהילה, שטימט פאַר דער אַגודה״.

מלך איז געווען צופרידן מיט זיך. ער האָט געפילט אַז זײַן דרשה האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק. ווי נאָר מלך איז אַראָפּ פון באַלעמער איז אַרויף ר׳ איטשע־מענדל און אויף זײַן לצנישן שטייגער רעזומירט די דרשה בזה־הלשון: „רבותי, גדליה מילקעס זאָגט אַז צוויי שוחטים זענען נישט גענוג, אונדזער ראָש־הקהל ר׳ מלך נעמט אויף זיך מיט צוויי שוחטים אָפּצושעכטן אַלע גורוויטשער ייִדן. די מזרחיסטן ווילן אַ נײַעם בית־עלמין, די אַגודה בעמט אויף זיך צו באַגראָבן גאַנץ קהל אויפן אַלטן בית־עלמין״.

עולם האָט געלאַכט. דאָס ביסל חוזק האָט אַוועקגעהרגעט די גאַנצע שטימונג וואָס מלך האָט געשאַפן מיט זײַן געלונגענער דרשה.

ר׳ איטשע־מענדל וואָלט געקאָנט זײַן גורוויטשער רב. ער איז געווען

דער עלטסטער זון פון דעם ערשטן גורוויטשער רב, און אין לערנען איז ער געווען אַ גאון. ווען זײַן פֿאָטער איז ניפטר געוואָרן זענען די קינדער נאָך געווען קליין. ווען דער צווייטער רב איז אַוועק פון דער וועלט איז ר׳ איטשע־מענדל געווען דער אײדעם פון אַ קאַלישער גביר און נישט געוואָלט אויף זיך נעמען דעם עול פון רבנות. אַפילו שפּעטער ווען ער האָט שוין ווידער געוווינט אין גורוויטש און געווען אַ כּפל־שמונהדיקער אָרעמאַן, האָט ער אויך נישט געוואָלט ווערן קיין רב. „אַ רב", האָט ער געזאָגט, „דאַרף חנפענען די גבירים און די אָנגעבלאָזענע רעדל־פירערס. איך האָב נישט ליב די גבירים און קאָן נישט סובל זײַן אַ בעל־גיאה".

כּדי צו באַזאָרגן ר׳ איטשע־מענדלען מיט פּרנסה, האָט די קהילה אים געצאָלט וואָכנגעלט ער זאָל לערנען עין יעקב מיט די בעלי־בתּים אין בית־המדרש יעדן שבת נאָכמיטאָג. צו הערן ר׳ איטשע־מענדלס שיעור זענען געקומען נישט ווייניקער ווי הערן דעם רבס דרשה. מע האָט ליב געהאַט דעם גוטן ר׳ איטשע־מענדל, אָבער קיין דרך־ארץ, ווי צו אַנדערע לומדים, האָט מען צו אים נישט געהאַט מחמת די שפּיצלעך וואָס ער האָט ליב געהאַט אָפּצוטאָן. אַ קינדערישע גוטסקייט האָט ער געהאַט און אַ קינדערישע הנאה אָפּצוטאָן עפּעס אַ שפּיצל וואָס זאָל דעמאַסקירן אַן אײַנגעגערעדטן למדן, עמעצן וואָס האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ צדיק אָדער בעל־צדקה; ער האָט פֿײַנט געהאַט אײַנרעדעניש און אָנשטעל.

נעמט געלט פון קהל און האָט די חוצפה צו באַליידיקן דעם ראש־הקהל פאַר גאַנץ קהל אין די אויגן? מלך האָט אָפּגעמאַכט בײַ זיך, אַז דער איטשע־מענדל וועט נישט באַקומען קיין גראָשן, ביז ער וועט אויפן זעלביקן אָרט, אין בית־המדרש, שבת בײַם דאַווענען אים מפייס זײַן, און טאַקע פאַר די וואַלן.

ווען פינטשע האָט זיך דערוווסט פון דער גזירה איז ער אַוועק צום רב מיט אַ שאלה: „מעג מען דאָס טאָן צו אַזאַ גאון ווי ר׳ איטשע־מענדל? אַן אָרעמאַן איז ער טאַקע, אָבער ער וועט זיך נישט בייגן פאַר קיין שום תּקיף, אַפילו אויב ער זאָל דאַרפן אויסגיין פון הונגער".

דער רב האָט זיך נישט געוואָלט אַרײַנמישן. אַז מע האָט חוצפה מבייש צו זײַן, דאַרף מען אויך האָבן קוראַזש איבערצובעטן.

עס איז פינטשען נישט אָנגעקומען לײַכט, אָבער ער האָט געפּועלט

ביי ר׳ איטשע־מענדלען איבערצובעטן דעם ראָש־הקהל. פּינטשע איז נאָך דעם אָוועק צום פעטער מלך אים בעטן ער זאָל דעם קומענדיקן שבת קומען דאַווענען אין בית־המדרש.

מן־הסתם האָט מלך וועגן דעם דערציילט און די ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ גורוויטש. שבת איז דער בית־המדרש געווען געפּראָפּט מיט מתפּללים וואָס האָבן געוויינטלעך געדאַוונט אין שיל, אָדער אין אַ חסידים־שטיבל. וועט טאַקע ר׳ איטשע־מענדל בייגן דעם קאָפּ פאַר מלכס תקיפות?

וויפל דער משמש האָט געקלאַפּט אין שולחן אַריין איינצושטילן דעם עולם האָט מען זיך נישט אויפגעהערט שושקען. מע האָט גערעדט ביי קריאת־התורה, שנעל אָפּגעכאַפּט דעם „אשרי" און ווידער זיך מתווכח געווען. אָט שטעלט מען שוין צוריק אַריין דאָס ספר און מע זאָגט „ובנוחה יאמר". מע האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַרציִען דעם פּרוכת איבערן אָרון־הקודש און ר׳ איטשע־מענדל איז שוין געשטאַנען נעבן מלכן. עולם האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם. כאָטש דער רוב פון עולם האָט ליב געהאַט ר׳ איטשע־מענדלען, איז אָבער אַ שאָד געווען אָנצוווערן אַ ספּעקטאַקל. וועט עס אָפּגיין נאָר מיט אַ מורמלען דאָרט אויף דער מיזרח־וואַנט? קיינער הערט גאָרנישט וואָס דאָרט טוט זיך. קיינער זעט נישט מער ווי ר׳ יצחק מענדלס פאַרגעלטן טלית איבער זיין ברייטן רוקן און דעם זילבער־געפלעכט פון דער „עטרה" אויף דעם ראָש־הקהלס טלית. מע האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

„כ׳בין אייך מפייס", האָט איטשע־מענדל געזאָגט.

„פון באַלעמער", האָט מלך געזאָגט, „למען ישמעו ויראו. סע זאָל זיין אַ מוסר־השכּל פאַר אַלע חוצפּהניקעס".

ר׳ איטשע־מענדל האָט זיך אויסגעדרייט און מיט גרויסע, נישט־שבתדיקע טריט אַוועקגעשפּרייזט.

מלך האָט אַראָפּגעצויגן זיין טלית טיפער איבערן פּנים און געוואַרט. ר׳ איטשע־מענדל איז אַרויף אויפן באַלעמער.

„מורי ורבותי, כ׳על עס ענק זאָגן בדרך־משל", האָט איטשע־מענדל אָנגעהויבן.

„וואָס דרייט ער אַ קאָפּ מיט משלים", איז מלך געוואָרן אומגע־

דולדיק. „זאָל ער זאָגן פון באַלעמער: „ ,ר׳ מלך, כ׳בין אײַך מפּייס, און שוין׳ ״.

„יעגערס האָבן זיך אַ מאָל געיאָגט נאָך אַ פוקס״, האָט ר׳ איטשע־מענדל אָנגעהויבן דעם משל. „דער פוקס איז אַנטלאָפן, אָבער די פלינקע פערדלעך פון די יעגערס זענען געלאָפן שנעלער. דער פוקס איז דאָך אַ חכם. אַז אַנטלויפן קאָן מען נישט, דאַרף מען זיך באַהאַלטן. און טאַקע, באותו־רגע, האָט ער דערזען אַן אויסגעהוילטן בוים. איז אָבער געווען אַ צרה דאַבײַ. דאָס לאָך אין דעם בוים איז נישט געווען גרויס גענוג ער זאָל קאָנען אַרײַן מיט אַלע אברים. עפּעס מוז ער לאָזן דרויסן. האָט דער פוקס זיך גענומען באַרעכענען וועלכן אבר צו לאָזן דרויסן. ער קאָן נישט איבערלאָזן דעם קאָפּ, אָן דעם קאָפּ וועט ער נישט קאָנען טראַכטן. ער קאָן נישט לאָזן דרויסן די פיס, אָן זיי וועט ער נישט קאָנען לויפן. ער קאָן זיך נישט באַגיין אָנעם בויך, דאָרט האָט ער זײַנע געדערעם. אָן דעם שוואָנץ קאָן ער זיך יאָ באַגיין. האָט ער געלאָזט דעם שוואָנץ אין דרויסן.

„דער פוקס האָט געהערט טריט פון די יעגערס און פאַרשטאַנען אַז דער שוואָנץ האָט זיך באַליידיקט און אים געמסרט, געוויזן די יעגערס ווו ער איז באַהאַלטן. ער האָט אים שוין געוואָלט מפּייס זײַן, אָבער דאָ האָט דער קלוגער פוקס געזען אַז ער האָט זיך באַנאַרישט, ער האָט בעסער געדאַרפט באַליידיקן דעם קאָפּ. אַ קאָפּ קאָן מען איבערבעטן, נאָר גיי פּראָביר איבערבעטן דעם שוואָנץ אַז ער לאָזט זיך נישט״.

אין בית־המדרש איז צו ערשט געווען טויט שטיל, דערנאָך איז אויסגעבראָכן אַ גרויס געלעכטער. מלך האָט נישט געעפנט די אויגן, ער האָט נישט געוווסט צי ער זאָל אַרויסלויפן, אָדער בלײַבן. דער בעל־תפילה האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין שטענדער און אָנגעהויבן דעם קדיש פאַר מוסף; מלך האָט זיך קוים דערוואַרט מע זאָל ענדיקן דאָס דאַווענען.

דאָס האָט דער פּינטשע בכיוון אָנגעאַרבעט! דאָס האָט ער אויסגע־טראַכט די גאַנצע שפּיל כדי זײַן ברודער גדליה זאָל געווינען די וואַלן, האָט אין מלכן געזאָטן דער כעס. „כ׳על אים באַצאָלן דערפאַר, דעם עזות־פּנים! מלך מילקעס וועט זיך נאָך אָפּרעכענען מיט אַלע זײַנע שונאים״.

*

די וואַלן האָבן זיך געענדיקט ווי דאָס פריִערדיקע מאָל. פיר דאָזאָרעס פאַר דער „אגודה", און פיר פאַר „מזרחי" און די ציוניסטן. דער רב איז געוועזן אין אַ שווערער מערכה. זיין שטים דאַרף מכריע זיין ווער עס זאָל זיין ראָש־הקל. דער „מזרחי" האָט אים טאַקע געבראַכט קיין גורוויטש, אָבער דעם מלכן גייט עס, לא־עליכם, ווי איובן. די טעכטער פאַרזעסן, דאָס ווייב געשטאָרבן. חרפות פון דעם זון, בושות פון פרעמדע מענטשן. טאַקע נאָך דעם ווי איטשע־מענדל האָט אַזוי שופך־דמים געווען מלכן אין בית־המדרש, האָט דער רב זיך צוגעזאָגט אַז אויב עס וועט זיך ווענדן אין זיין שטים, וועט ער מכריע זיין לטובת מלכן, ער זאָל נישט פאַרלירן זיין פּאָזיציע אין דער קהילה. אײַ מלך וועט אַ מאָל וועלן אַדורכפירן עפּעס וואָס איז נישט גערעכט, וועט ער, דער רב, דעמאָלט שטימען מיט די מזרחיסטן.

מלך איז געפאָרן קיין גער, ער האָט געבעטן דער רבי זאָל גוזר זיין אויפן רב צו שטימען מיט דער „אגודה". „ענקער רב איז אַ למדן און אַ ירא־שמים", האָט דער רבי געענטפערט מלכן, און מלך האָט נישט געוווּסט ווי דאָס צו פאַרשטיין. האָט דער רבי געמיינט צו זאָגן אַז בײַ דעם רב דעם למדן און ירא־שמים וועט נישט שווער זיין דאָס צו פועלן? ווייסט דער רבי אַז די מזרחיסטן האָבן אויסגעוויילט דעם רב? אוי, מע טאָר אַזוי נישט טראַכטן, דער רבי ווייסט, ער ווייסט אַלץ.

ווען מלך איז צוריקגעקומען אַהיים האָט מען אים געזאָגט אַז דער שמשׂ איז געווען אים רופן צום רב. אַהאַ, דער רב האָט שוין אוודאי באַקומען אַ בריוו פון גער. וועט דאָס רבל זיך דערוועגן אַקעגנשטעלן דעם ווילן פון גערער רבי? ער איז געגאַנגען צום רב אין אַ האָפערדי־קער שטימונג.

„ר' מלך, אויב איר וועט מיר געבן אײַער וואָרט אַז איר וועט ווידער צאָלן שׂכירות צו ר' איטשע־מענדלען, וועל איך, אם־ירצה־השם, אײַך העלפן ווערן ראָש־הקהל", האָט דער רב אים געזאָגט.

„דער רבי האָט נישט געמאַכט קיין שום תּנאָים", איז מלך געשטאַנען אין גרויסן.

„דער רבי? וואָס מישט איר דאָ אַרײַן דעם רבין?"

„דער רב האָט נישט געקריגן קיין בריוו פון גער?"

„פון גער? וואָס פאַר אַ בריוו?"

„דער איטשע־מענדל האָט מיך מלבין געווען ברבים, פאַרשעמט מיך אין די אויגן פון אַן עדה ייִדן".

„כ'האָב אײַך געגעבן מײַן תּנאי".

„און אויב איך וועל נישט געבן קיין וואָרט?"

„וועט ווערן ראָש־הקהל אַן אַנדערער וואָס וועט יאָ צוריקשטעלן די שכירות פאַר ר' איטשע־מענדלען".

„איר וועט האָבן קהל קעגן זיך, איך בין דאָ ראָש־הקהל שוין אַ סך יאָרן".

„נאָר האַלב קהל איז מיט אײַך, ר' מלך. איר בין דער רב פון גאַנץ קהל, פון ביידע צדדים".

אַזאַ קליין רבלע, און אַזאַ גרויסער עקשן. אויב ער וואָלט געהאַט שכל וואָלט ער געוווּסט אַז מיט מלך מילקעס טאָר מען זיך נישט אײַנרײַסן. זײַן גורל ליגט איצט אין דעם רבס האַנט און ער וועט מוזן נאָכגעבן, אָבער שלמהס בנים — דער גדליה און דער פינטשע וועלן טײַער באַצאָלן דערפאַר, האָט מלך בײַ זיך באַשלאָסן.

## ב.

די רביצן האָט ווידער געהאַט טענות צו איר זון: „עס אַרט דיך גאָר נישט אַז מינדעלע לײַדט?"

„וואָס האָב איך שוין ווידער געזינדיקט, מאַמעשי?"

„דײַנע מעשׂות וועגן פינטשען".

„ס'איז געווען דער אמת".

„געווען אמת, זאָגסטו? יואל, דו האָסט געזאָגט ,געווען'? ס'איז שוין אויס מיט דעם מיידל?"

„כ'ווייס נישט מאַמעשי, און מינדעלען האָסטו אײַנגערעדט די גאַנצע זאַך".

„אַז איך בין די שולדיקע וואָס מינדעלע איז טרויעריק, איז דאָך פינטשע אין גאַרנישט שולדיק; טאָ וואָס ביסטו נאָך אַלץ ברוגז אויף אים? ברענג אים אין שטוב אַרײַן".

„שוין ווידער? דו זעסט דאָך אַז ער גוסטירט נישט אין מינדעלען, וואָס ווילסטו ווידער פאַרקאָכן אַ קאַשע?"

„מינדעלע איז עלטער געוואָרן און מע זעט עס אָן. כ׳מיין, דאָס וואָס זי זעט מער נישט אויס ווי אַ קינד. מינדעלע קאָן איצט, ברוך־השם געפעלן, זי האָט טויזנט חנען״.

„יעדן טאָג הער איך דיך טענהן מיט מינדעלען, אַז אויב זי וועט נישט עסן מער וועט זי בלײַבן קליין און דאַר ווי אַ קינד, און פינטשען ווילסטו אײַנרעדן אַז זי איז אַ האַנקאַ אָרדינוווּנאַ.

„ווער איז דאָס? פינטשע גייט אַרום מיט איר?״

„ניין, דאָס איז אַ פּוילישע אַקטריסע, אַ שיינקייט. מאַמעשי, די צרה איז וואָס מינדעלע גלייבט דיר אַז זי איז אַ מיאוסקייט, און פינטשע —״

„חס־וחלילה! איך האָב אַזעלכעס געזאָגט? מיר זאָל זײַן פאַר מינדעלעס שיינע, ליכטיקע אויגן. ,כלה שעיניה יפות...׳ דו ווייסט עס דאָך בעסער פון מיר, פאַר וואָס זאָלסטו רעדן אַזעלכע רייד? דו ווילסט זיך נישט איבערבעטן מיט פינטשען? איז נישט. כ׳וועל שוין געפינען עפּעס אַן עצה אָן דײַנע טובות״.

יואל איז געקומען פון גאַס און געלאָפן גלײַך צו דער מוטער. „מזל־טוב, מאַמעשי, דער איינציקער זכר אין גורוויטש ווערט אַ חתן מיט אַ רײַך טעכטערל פון פאַביניץ״.

„ווער האָט דיר שוין ווידער אָנגעטראָגן אַ רכילותל?״

„דער חתן־בחור אַליין״, האָט יואל געענטפערט און אַרויסגעלאָפן.

די רביצין איז געבליבן שטיין אָן לשון. אַ געקעכץ האָט אָנגעברענט אין איין טעפל, די פאַרע האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס שטערצל פון אַן אַנדער טעפל. די רביצין האָט איבערגעלאָזט די קיך, געלאָפן איבער די שטובן און געזרופן: „יואל, יואל, ווו ביסטו ערגעץ?״

יואל איז אַרײַנגעקומען פון הויף. „וואָס הערסטו פון דײַן חבר יאַנקל? ס׳איז אמת אַז ער האָט פאַרלאָזט דאָס לערנען? אַ שאָד, אַ שאָד״.

## ג.

דער טאַטעשי שײַנט, די מאַמעשי איז לויטער שמייכל, אָבער דער חתן, פינטשע, ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס ער האָט געזאָגט יאָ. ער ווייסט אַ סך וועגן ר׳ יוסף־מאיר ליפשיץ: ער איז אַ חשוב בײַם רבין אין גער; ער האָט גרויסע פאַבריקן אין פאַביניץ און איז אַ גאַנצער

מאַכער אין דער „אַגודה". וועגן מרימען, זײַן טאָכטער, ווייסט פּינטשע זייער ווייניק. זיי האָבן זיך געטראָפֿן עטלעכע מאָל, צוויי מאָל צוזאַמען מיט די עלטערן, און דרײַ מאָל אַליין. זי איז נישט מיאוס, מרים, ווײַט נישט מיאוס — מע קאָן אַפֿילו זאָגן, אַז זי איז אַ שיין מיידל. אָבער קיין גרויסע שמועסערין איז זי נישט. איז זי קלוג? איז זי אינטעליגענט? האָט זי אַן אינטערעס אין וועלטלעכע ענינים? ער מיינט אַז יאָ, אָבער ער פֿאַרשטייט נישט ווי ער האָט געקאָנט אַזוי שנעל זאָגן יאָ. ער פֿאַר־שטייט אויך נישט פֿאַר וואָס זי האָט אַזוי שנעל געזאָגט יאָ. בײַ אים אַליין האָט זיך אויך נישט געלייגט די צונג און ער האָט זיך אויפֿגעפֿירט ווי אַ ישיבה־בחור. ביז נאָך די תּנאָים האָט ער איר אַפֿילו נישט פּראָבירט אַ קוש טאָן, כאָטש ער האָט געפֿילט אַז זי ריכט זיך דערויף. מילא, די תּנאָים זענען שוין אונטערגעשריבן. ס׳איז אַ גורלדיקער שריט; ער האָפֿט, אַז עס וועט זײַן גוט, ער איז כּמעט זיכער אַז עס וועט זײַן גוט.

דאָס איז געווען שוין איין מאָל אַ תּנאָים־מאָל, מע האָט געהוליעט ווי ווי בײַ אַ חתונה. בײַם טיש האָט מען גערעדט אין דברי־תּורה, אָבער פּינטשע האָט זיך געטראַכט זײַנע מחשבות. ער ווייסט שוין פֿאַר וואָס דער טאַטעשי האָט אַזוי געאײַלט מיט די תּנאָים, ער האָט מורא געהאַט די מעשׂה מיט איטשען זאָל נישט שאַדן צו אַ שידוך. אפֿשר האָט ער, פּינטשע, אַזוי שנעל, מסכּים געווען צו פֿאַרגיטיקן דעם טאַטן פֿאַר דער בושה? עפּעס אַ קלייניקייט, אַ מערדער אין דער משפּחה?"

ווי גיך דער איטשע האָט זיך געקײַקלט אַראָפּ! צו ערשט האָט מען געמיינט, אַז ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין קאָמוניזם נאָר להכעיס זײַן פֿאָטער. ער האָט שוין איצט געוווינט אין לאָדזש, אָבער געווען נאָך מער אַקטיוו ווי פֿריִער. די רויטע זענען דערגאַנגען אַז איינער פֿון זייערע מענטשן איז אַ פּראָוואָקאַטאָר. זיי האָבן דעם מוסר פֿאַרמישפּט צום טויט. אויף איטשעלען איז געפֿאַלן דער גורל צו נעמען אים אויף אַ שפּאַציר און אָוועקפֿירן אים צו די טונקעלע באַלוטער־געסלעך און דאָרט אים דערשטעכן.

איטשעלע האָט נאָך אַלץ געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא בעסער ווי הרגענען אַ מענטש. דער געשטאָכענער איז געבליבן לעבן און דערציילט ווער עס האָט אים געשטאָכן. איטשע איז אַנטלאָפֿן קיין טשעכאָסלאָוואַקײַ, אָבער די פּוילישע רעגירונג טענהט אַז ער איז נישט קיין פּאָליטישער פּליט,

נאָר אַ מערדער, און פאָדערט טשעכאָסלאָוואַקיי זאָל אים אַרויסגעבן. ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

ווען פינטשע איז געקומען מיטן פאָטער צו פאַרבעטן דעם פעטער מלך צו די תּנאָים, האָט מלך זיך געבייזערט אויף זיי: „מיר הענגט אַ תּליה איבערן קאָפּ און דו פראַוועסט זיך שׂימחות!" נאָך דעם ווי זיי זענען אַרויס פון מלכס שטוב איז פינטשע צוריק אַרײַנגעלאָפן מיט אַ טענה: „דער פעטער איז געווען אַן אַכזר צו זײַנע קינדער, איצט איז ער אַן אַכזר צו זײַן ברודער. וואָס וויל דער פעטער פון דעם טאַטעשיס לעבן ?!"

„שייגאָץ, דרך־ארץ!" האָט מלך אָנגעשריגן אויף פינטשען. „דו מיינסט אַז האָסט שוין דעם אייבערשטן אין קעשענע?"

פינטשע איז צוריק אַרויסגעלאָפן און אין מלכן האָט געזאָטן דער כּעס. די גאַנצע שטאָט ווייסט וועגן פינטשעס מחזקות מיט די שומר־מיידן און מע טראָגט אים אָקעגן אַ גאָלדענעם שידוך, בעת זײַנע שטילע, גוטע טעכטער זיצן און פאַרזיצן. נאָך דער מעשׂה מיט איטשען וועט שוין קיינער נישט וועלן אַרײַנשמעקן אין זײַן שטוב.

## ד.

אין פּאַביניץ איז פאָרגעקומען אַן אַסיפה פון דער „אַגודה". דער רעדנער איז געווען דער ראָש־הקל פון גורוויטש, ר' מלך מילקעס.

ר' מלך איז פאַרבעטן געוואָרן צו עסן מיטאָג בײַם פּרעזעס פון דער „אַגודה" אין פּאַביניץ.

„זענט איר דאָך מײַן מחותּנס עלטערער ברודער. אַ חידוש איר זענט נישט געווען אויף די תּנאָים".

„מילא, עס מאַכט זיך".

„קענט איר דאָך גוט אונדזער חתן".

„וואָס פאַר אַ שאלה! רכילותניקעס קאָנען אויסטראַכטן כּ'ווייס וואָס. אָבער ס'איז שקר־וכזב. אַ ווילער בחור, פינטשע".

„וואָס איז שקר־וכזב?"

„ס'איז שקר־וכזב אַז ער איז, חלילה, אַ הפקר־יונג אין דיני־עריות.

ווייסעך וואָס. צוליב דער מעשה מיט דער מויד. די טאָכטער פון זייערס אַן אַרבעטער, האָבן בייזע צונגען שוין אויסגעטראַכט כ'ווייס וואָס".

„וואָס איז די מעשה מיט דער מויד?"

„איר קענט דאָך מיך, מחותן, מיר זענען דאָך אַלטע ידידים פון גער און פון אַגודהשע קאָנפערענצן. איך וועל אײַך, חלילה, אָפּנאַרן? די מויד — שוין אָוועקגעשיקט פון שטאָט, ס'איז אַלץ געענדיקט. פּינטשע איז מקיים כּיבוד־אָב. צוליבן טאַטן וועט ער כ'ווייס וואָס מקריב זײַן. און אַז מ'האָט געזאָגט, ער האָט אַ וואַרשעווער סוחר — אַ טאַטן פון קינדער — געלאָזט אײַנזעצן אין קרימינאַל? ער האָט נאָר געוואָלט אײַנזעצן. כ'מיין צו זאָגן, נאָר געסטראַשעט אײַנצוזעצן, און דאָס בני־בית איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ פּחד. איך קען נישט פּינטשען? ער'ט קאָ פליג אויף דער וואַנט נישט טשעפּען".

אין דעם טראַמווײַ פון פּאַביניץ אַהיים האָט מלך איבערגעזיפּט יעדעס וואָרט וואָס ער האָט געזאָגט. ניין, ער האָט, חלילה, נישט געזאָגט קיין איין וואָרט ליגן.

תּיכף נאָך מלכס אָוועקפאָרן האָט ר' יוסף־מאיר ליפשיץ זיך אָוועק־געזעצט אָנשרײַבן אַ לאַנגן בריוו צו זײַן מחותן. ער האָט דעם בריוו אָוועקגעשיקט מיט אַ ספּעציעלן שליח. צוזאַמען מיט דעם בריוו האָט ער אויך צוריקגעשיקט דעם ברילליאַנטענעם רינג וואָס פּינטשע האָט געהאַט געגעבן זײַן כּלה, ווי אויך דעם שטר־תּנאָים — צעריסן אין צווייען.

ר' שלמה איז דעם טאָג געקומען אין פאַבריק מיט אַן אײַליקן טריט, דאָס פּנים ווײַס ווי זײַן באָרד. ער האָט זיך פאַרשלאָסן מיט פּינטשען אין קאַנטאָר און אים געגעבן דעם בריוו. „פּינטשע קרוין, עס איז דיר געשען אַ גרויסע עוולה. לא יעשה כּן בישראל, אַזוי פירט מען זיך נישט! מע טרעפט זיך, אין אַזאַ פאַל, פּנים־אל־פּנים, און מע רעדט זיך דורך. אויב דו ווילסט קאָן מען אַלץ מבֿרר זײַן".

פּינטשע איז שנעל געלאָפן איבער די שורות פון דעם מחותּנס־בריוו, ער האָט אויסגעטאָן דעם גאָלדענעם זייגער — אַ מתּנה פון מחותּן, און עס געגעבן דעם טאַטן, אָן אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט.

„דער מחותּן, כ'מיין, ר' יוסף־מאיר, שרײַבט אַז ער איז גרייט צו באַצאָלן קנס. עמעץ האָט זיכער אויסגעטראַכט עפּעס אַ שקר־בלבול".

„אַ חוצפּה פון אַ ייִד צו שרײַבן אַז דער טאַטעשי האָט אים אָפּגע־

נאָרט. אַפילו װעגן איטשען האָבן זײ אַלץ געװוּסט. און װאָס ער שרײַבט װעגן קנס, מוחל! דעם טאַטעשיס כּבוד איז נישט צו פאַרקױפן״.



פינטשע איז געװען אין לאָדזש אין געשעפטלעכע ענינים. מיד פון אַרומלױפן איבער די לאָדזשער גאַסן האָט ער געאײַלט צום גורװיטשער טראַמװײַ. די ליכטער פון אַ קינאָ האָבן אים צוגעצױגן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אָנקוקן די רעקלאַמע־בילדער. בײַ די בילדער איז געשטאַנען אַ באַקאַנטע פיגור אין אַ באַקאַנטן בלױען קאָסטיום.

„מרים... פאַננאַ ליפּשיץ?״

זי האָט זיך האַסטיק אױסגעדרײט און דאָס בלוט איז אַנטלאָפן פון איר פּנים. די קאָליר איז גיך צוריקגעקומען און אַ שמײכל האָט זיך אױסגעלײגט אַרום אירע ליפּן. זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט: „האַלאָ, פינטשע״.

„דו ביסט אין לאָדזש?״ האָט ער געפרעגט אין צעטומלעניש.

„יאָ״, האָט זי געענטפערט, װי ער װאָלט געדאַרפט איר באַשטעטיקונג אַז זי איז אין לאָדזש.

„דו װילסט זען דעם פילם?״ האָט פינטשע געפרעגט.

„כ׳האָב נאָר געקוקט אױף די בילדער״.

„האָסט אפשר צײַט צו גײן אַ ביסל שפּאַצירן? איך האָף אַז ביסט נישט אין כּעס אױף מיר״.

„פאַר װאָס זאָל איך זײַן אין כּעס? מ׳קאָן שפּאַצירן״.

ס׳איז געװען אַ מילדער האַרבסט טאָג. פּיעטרעקאָװער גאַס איז געװען פול מיט פאַרהאָװעטע מענטשן װאָס האָבן געאײַלט צו זײערע געשעפטן. פינטשע האָט געפירט מרימען צו דער שטילער, ברײטער קאָשטשושקי־אַלײ.

„מאָדנע״, האָט ער געזאָגט װי צו זיך, „אין אונדזער צײַט, בײַ מענטשן װי מיר בײדע, זאָל עס נאָך קאָנען געשען. אונדזערע טאַטעס האָבן אונדז צוזאַמענגעפירט, אונדזערע טאַטעס האָבן אונדז צעשײדט. בײדע זענען געשען צו שנעל, צו אומגעריכט, אָן גענוג ישוב־הדעת. איך האָב דיר נישט צוריקגעשיקט דײַנע בריװ, דו ביסט נישט אין כּעס?״

„איך האָב נישט געפֿאָדערט מײַנע בריוו ווייל כ'האָב דיר דײַנע אויך נישט צוריקגעשיקט".

„דײַן טאַטעשי האָט עס געטאָן קעגן דײַן ווילן, מרים? זאָג מיר".

„נישט מיט מײַן ווילן, נישט קעגן. טראָץ די תּנאָים, זענען מיר נאָך נישט געווען געגנוג פֿאַרבונדן — עמאָציאָנעל, מיין איך — אַז איך זאָל זיך אַקעגנשטעלן דעם טאַטעשיס ווילן".

„אָבער דו האָסט, פּונקט ווי איך, געוואָלט האַלטן די בריוו".

„אַ נײַגעריקייט איז געבליבן".

„אַ געפֿיל אַז עפּעס איז אונטערגעשניטן געוואָרן איידער עס האָט באַוויזן זיך צו צעבליִען, יאָ? בײַ מיר אויך אַזוי. כ'האָב שוין אַזוי פֿיל מאָל איבערגעלייענט דײַנע בריוו, אַזוי פֿיל מאָל איבערגעלייענט — שוין נאָכן איבעררײַסן, און אַלע מאָל געהאַט אַ געפֿיל, אַז צווישן די שורות איז עפּעס באַהאַלטן פֿאַר מײַנעט וועגן, עפּעס וואָס מע דערזעט נישט מיטן אויג, מע דאַרף פֿאַרמאַכן די אויגן עס צו זען, פּונקט ווי אַ חלום..."

„איך האָב דײַנע בריוו אויך אַ סך מאָל געלייענט. אויך געפֿילט אַז ס'איז פֿאַראַן אַ סך נישט דערזאָגטס אין זיי. מיר דאַרפֿן נאָר איבערקומען די שעמעוודיקייט און מיר וועלן זיך געפֿינען".

„מיר זענען איצט איבערגעקומען די שעמעוודיקייט. מיר קאָנען רעדן צו זיך אָפֿן און פֿון האַרצן. לאָמיר אָנהייבן אויף ס'נײַ, מרים".

„פֿינטשע, צעבראָכענע טעלערס און צעריסענע תּנאָים זענען צווישן אונדז".

„לאָמיר זיך טרעפֿן, מרים, דאָ אין לאָדזש. קיינער דאַרף דערווײַל נישט וויסן. אַז מיר קאָנען שוין רעדן צו זיך, לאָמיר זיך געבן די געלעגנ־הייט זיך אויסצורערן".

„איידער מיר טוען דאָס, פֿינטשע, ענטפֿער מיר אויף איין פֿראַגע. כ'קען דיך נישט צו פֿיל, אָבער כ'פֿיל אין דיר ערלעכקייט. כ'ווייס דו וועסט מיר ענטפֿערן אויפֿריכטיק".

„פֿרעג".

„ס'וועט דיר נישט לײַכט זײַן צו ענטפֿערן. ס'איז אַ זייער אינטימע פֿראַגע".

„פֿרעג".

„דאָס מײדל װאָס...״

„זאָשקע ?״

„דו האָסט זי ליב געהאַט ?״

„יאָ״.

„שטאַרק ?״

„יאָ״.

„דו האָסט זי נאָך אַלץ ליב ?״

„צװישן מיר און זאָשקען איז אַלץ געענדיקט״.

„דאָס האָב איך נישט געפרעגט. אױב זאָשקע װאָלט... װאָלט פּלוצלינג צוריקגעקומען צו דיר...״

„דאָס קאָן נישט געשען. זי האָט חתונה געהאַט מיט איר קיבוץ״.

„פּראָביר זיך פאָרשטעלן דאָס נישט־מעגלעכע. זאָשקע, זי איז דאָך געװען פאַרליבט אין דיר. זי קומט צוריק, זי האָט אײַנגעזען אַז...״

„פּינטשע, כ׳בעט דיך, ענטפער נאָך נישט. טראַכט פריִער. איך האָב ליב מײַן טאַטעשי, דו האָסט ליב דײַנעם נישט װײניקער װי זאָשקע איר קיבוץ. מיר זענען נאָך נישט פאַרליבט, און מיר זענען שױן גרײט צו מאַכן אַ קאָנספּיראַציע קעגן אונדזערע עלטערן״.

„דאָס איז עפּעס אַנדערש...״

„דו לאָזסט נישט צו דעם געדאַנק כּדי זאָלסט נישט דאַרפן זיך דערטראַכטן צום ענטפער. טראַכט, פּינטשע. זאָשקע קומט, פאַלט דיר צו די פיס און זאָגט: „כ׳קאָן אָן דיר נישט לעבן, פּינטשע...״

פּינטשעס פּנים האָט זיך פאַרקרומט. „מאַך נישט ס׳געװאַר, מרים. מאַך נישט דערפון קײן פּורים־שפּיל״.

זײ האָבן בײדע געשװיגן. זײ האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ באַנק אין דער אַליי. מרים האָט זיך אַװעקגעזעצט. פּינטשע איז געבליבן שטײן.

„כ׳קאָן דיר נישט ענטפערן, מרים. כ׳װײס נישט װאָס ס׳װאָלט געשען״.

„דאָס איז אַן ענטפער, פּינטשע, אַן ערלעכער ענטפער״.

עס איז מרימען געװאָרן קאַלט. זײ זענען אַרײַן אין אַ קאַפע.

„אפשר זאָלן מיר דאָך גײן אין קינאָ ?״ האָט פּינטשע געפרעגט.

„עס װערט שפּעט. מע װעט איבערקלערן אין דער הײם״.

„אײן זאַך קאָן איך דיר זאָגן״, האָט פּינטשע צוגעגעבן בײַם געזע־

גענען, „אויב ס'איז נאָך עפּעס געבליבן פון יענער חולאַת, קאָנסט דו עס אויסהיילן, אין דעם בין איך זיכער".

„אויב כ'וואָלט געוואָלט היילן חולאַתן, וואָלט איך שטודירט מעדיצין", האָט מרים געענטפערט מיט אומגעדולד.

„וועסט קומען קיין לאָדזש זיך טרעפן מיט מיר?"

„כ'ווייס נאָך נישט. כ'דאַרף עס איבערטראַכטן".

„ווי אַזוי וועל איך וויסן?"

„כ'וועל דיר שרײַבן, פּינטשע, אויב נישט וועגן טרעפן זיך, וועל איך דיר שרײַבן צי זאָלסט מיר צוריקשיקן מײַנע בריוו".

## ה.

ס'איז געווען אַ לאַנגער, שווערער ווינטער. כעלמיש איז געזונקען אין די שנייען. די אַרבעט אין טאַרטאַק האָט זיך אָפּגעשטעלט. די חברים אין קיבוץ האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט, נאָר די חברות האָבן נאָך פאַרדינט אַ פּאָר זלאָטעס בײַם וואַשן וועש און שײַערן פּאָדלעגעס. איבער די גרויסע בלאָטעס האָט מען אין די רײַכע שטובן אָפּט געלאָזט שײַערן די פּאָדלעגעס. זאָשקע איז געווען צופרידן וואָס זי האָט שוין אַ האַרטע הויט אויף די הענט, זי האָט זיך מער נישט אָנגעריבן קיין בלאָזן בײַ דער אַרבעט.

נישט געווען קיין שטיקל פליייש אַפילו אויף שבת. מע האָט געקאָכט מאָגערע זופּן, באַשמאַלצן מיט אַ ביסל ברוינעם אייל, וואָס האָט צוגעגעבן דעם עסן אַ ריח. כעמיע האָט אַלע מאָל אַרײַנגעבראַכט אַ וווּרשט, האָט חברה זיך מחיה געווען.

משה בוימל האָט גערופן אַ „שׂיחה". „מיר זענען נישט געקומען אויף הכשרה ווערן שנאָרערס", האָט ער געשריגן און געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש אַריין. „אויסהאַלטן זיך פון אייגענער אַרבעט איז אַ הויפּטציל אין הכשרה, מע מוז אָנזאָגן כעמיען מיטן האַרבן וואָרט מער נישט צו ברענגען קיין ,פּונדעס' ".

„נאָך דאָס פעלט אונדז, מע זאָל באַליידיקן כעמיען. ער שאַפט אונדז אַרבעט. אָן אים וועט דער קיבוץ אונטערגיין", האָט געזאָגט יאַקאָוו.

„עץ ווייסט דען וויפל מ'הונגערט אין אונדזערע קיבוצים אין ארץ?" האָט משה געשריגן. „מיר זענען געקומען אַהער הונגערן, צוגעוווינען זיך צו אַ שווער לעבן".

„די קיבוצים נעמען אויך פון קרן־קימת, קרן־היסוד".

„אָבער נישט פון צעבאַלעוועטע רײַכע יונגע־לײַטלעך", האָט משה געשריגן, און זאָשקע האָט געפילט אַז ער זאָגט אירע ווערטער. גוט אַז זי האָט בײַ צײַטנס זיך דערקענט אויף די צעבאַלעוועטע רײַכע יונגע־לײַטלעך. דער פינטשע, מ'האָט געקאָנט מיינען ר'עט זיך אַ מעשׂה אַנטאָן אויב זי וועט אָוועקפאָרן אויף הכשרה. שוין, ער האָט זיך שוין געטרייסט. יאַקאָוו האָט באַקומען אַ בריוו פון דער היים, איז דאָרט באַשריבן מיט אַלע פרטים ווי מ'האָט געהוליעט ווען דער רײַכער חסידאַק פינטשע איז אַ חתן געוואָרן מיט אַ רײַכער חסידאַטשקע.

דער אמת איז, אַז איבער פינטשען האָט זי פאַרשפילט טאַלעקן, איצט איז זי אומפּרײַנדלעך צו משהן. וואָס זוכט זי, אַז אויסגעפּוצטן פּאַצעט, אָדער אַ בחור וואָס וועט ווערן אַ גוטער חבר אין איר קיבוץ?

זאָשקע האָט אונטערגעשטיצט אַלע משהס פּאַרלייגן. יעקב האָט זי אָוועקגעפירט אין אַ זײַט: „וואָס טוט זיך מיט דיר, זאָשקע? מע דאַרף קאָנען הונגערן ווען מע מוז, אָבער קיין מיצווה איז עס נישט. משה האָט מיט זײַן עקסטרעמקייט שוין חרוב געמאַכט אין הכשרה־פּונקט".

„משה איז אַן אידעאַליסט".

„משה איז אַ פאַרביטערטער מענטש. ער קאָן זיך נישט אַרויסהייבן מיט זײַן אויסזען, טוט ער עס דורך זײַן פרומער ווי פרום. דאָס רופסטו אידעאַליזם?"

„מע דאַרף זיך צוגעוויינען ברענגען קרבנות. אין ארץ הונגערט מען אויך און מע שטעלט דאָס לעבן אין קאָן. משה קען זיך מקריב זײַן".

„משה איז זיך מקריב? ער איז זיך נוקם! ער איז צופרידן אַז די מיידלעך הונגערן ווײַל קיין איינע וויל נישט ווערן זײַן בחורה".

משה האָט אַ קוק געטאָן צו זיי מיט אויגן פון אַ פאַרוווּנדיקטער חיה, ער האָט געהערט.

„קיינער וויל נישט, זאָגסטו? פון וואַנען ווייסטו אַז קיינער? מיר געפעלט ער, משה איז דער בעסטער שומר אין דעם קיבוץ!"

עס האָט איינגעטרעטן אַ טויט־שטילקייט, זאָשקע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אַרויסגעלאָפן.

זי האָט געוואָלט זאָגן עפּעס וואָס זאָל פאַרמינערן משהס שמאַך, אָבער דאָס וואָס זי האָט געזאָגט מיינט אַז זי איז גרייט ווערן זיין בחורה. ווי קאָן זי איצט זאָגן מע זאָל עס נישט נעמען ערנסט? מע וועט לאַכן פון אים אין די פויסטן, מע וועט אים טרייבערן די אָדערן מיט חוזקדיקע אָנצוהערענישן און עס וועט נישט נעמען קיין סוף צו דער בלוט־צאַפּעניש. אוי, איז זי דאָ אַריינגעקראָכן אין אַ בלאָטע! משהס גרעסטע זינד איז וואָס ער זאָגט יעדן דעם אמת אין פּנים אַריין. געוואַלד, ווי מע האָט פיינט דעם אמת!



יאַקאָוו האָט עס געוואָלט אָפּשלעפּן, אָבער משה האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט געפאָדערט אַ ווינקל פאַר זיך און זיין בחורה תיכף, דעם אָוונט. אַז זאָשקע האָט געשוויגן, האָט יאַקאָוו געמוזט נאָכגעבן.

צו מאָרגנס האָט זאָשקע נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען אַ לעפל גע־קעכץ, זי האָט נישט געקאָנט שטיין אויף אירע פיס. זי האָט געאַרבעט איבער אַ גרויסער באַליע וועש. מע האָט געדאַרפט רייבן די שמוציקע וועש אויף דעם וואַשברעטל, אָבער די הענט זענען געווען שלאַבעריק. זי האָט זיך צוגעשלעפּט צו יאַקאָוון: „עמעץ וועט מיר דאַרפן העלפן, כ'בין קראַנק".

„איך האָב שוין געזען אַז האָסט נישט געקאָנט אַרויסשלעפּן דאָס שטיק וועש פון וואַסער. דו מוזסט פאָרן אַהיים צוריקצוקומען צו די כּוחות. עס קומט דיר שוין סיי ווי אַ חופש, איצט איז עס אַ בויטווענדי־קייט — אַ חופש־בריאות. איַיל זיך צו, אין אַ שעה אַרום גייט אָפּ אַ צוג".

„כ'האָב אָפּגעטאָן אַ שטות, איך ווייס עס. אָבער איך וועל נישט אַנטלויפן און מאַכן פון אים ס'געלעכטער. איך וועל האָבן אַ שמועס מיט משהן ווען ער וועט צוריקקומען פון זיין אַרבעט".

„זאָשקע, מיט משהן קאָן מען נישט האָבן קיין שמועס. ער וועט שרייַען, קלאַפּן אין טיש. דער בחור איז עלול אָפּצוטאָן כ'ווייס וואָס".

„כ'וועל נישט אַנטלויפן", האָט זאָשקע נישט געוואָלט נאָכגעבן.

„גלייב מיר, זאָשקע, ס'איז פאַר איַיער בײדנס טובה. דו פאָרסט

דאָך ניִשט אַוועק אויף אײביק. לאָז איבער אַ בריוול צו משהן, און איר װעט זיך אַדורכשמועסן װען דו װעסט צוריקקומען, איך גיב דיר חופש נאָר אויף צװײ װאָכן״.

װען משה איז אין אָװנט צוריקגעקומען פון זײַן אַרבעט, האָט ער באַלד דערפילט אַז עס איז עפּעס געשען. ער האָט מיט די אויגן געגומען זוכן זאָשקען, ניִשט געזען זי, איז ער געלאָפן פון שטוב צו שטוב. יאַקאָוו איז אים נאָכגעלאָפן און אים געגעבן זאָשקעס בריוול.

משה איז געלאָפן מיט די אויגן איבער די שורות. „כ׳בין קראַנק און מוז זײַן עטלעכע טעג אַלײן. װאָס עס זאָל נאָר געשען װעל איך קומען צוריק און מיר װעלן זיך אַדורכרעדן. כ׳בעט דיך, זײַ ניִשט אין כּעס. חזק, זאָשקע״.

משהס מויל האָט זיך אויפגעריסן װי אַ געשרײ צו טאָן, אָבער עס איז ניִשט אַרויסגעקומען קײן קול. ער האָט זיך צוגעשלעפּט צום װאַסער־פאַס און אויסגעטרונקען אַ פולע שעפ װאַסער. ער האָט זיך אָנגעלענט אין דעם פאַס, נאָך אַ מאָל איבערגעלײענט די פּאָר שורות, און ניִשט אַרויסגעלאָזט קײן פּיפּס. װען מע האָט דערלאַנגט נאַכטעסן האָט משה זיך צוגעזעצט צום טיש. מע האָט אויסגעמיטן זײַן בליק, און ער האָט אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט עמעצנס בליק. מען איז געגאַנגען שלאָפן אין שװײַגעניש.

צװײ טעג האָט משה געשװיגן. עס האָט געטראָפן, אַז דעם דריטן אָװנט איז כעמיע אַרײַנגעקומען. חברה איז געזעסן בײַם טיש און אָן הנאה געשלונגען אַ מאָגערע, שיטערע זופּ. כעמיע האָט פון אַ טאָרבע אַרויסגעצויגן עטלעכע װורשטן און זײ אַרויפגעלײגט אויפן טיש. משה איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשרײ: „נעמט דאָס צו, מיר װעלן ניִשט פאַרקויפן אונדזערע נשמות פאַר אַ שטיק פלײש!״

אַ מײדל האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט צו אַ װורשט, משה האָט געכאַפּט די װורשטן, געריסן פון זײ שטיקער און געװאָרפן איבער אַלע עקן שטוב. ער האָט געריסן די שטיקער װורשט מיט אַ כּעס װי אַלע זײַנע צרות װאָלטן געקומען פון די װורשטן.

ו.

פינטשע איז געזעסן בײַ זײַן שרײַבטיש אין קאַנטאָר און איז געװען צופרידן מיט זיך. מיט עטלעכע טעג פריִער האָט מרים אים געפרעגט: „װאָס װאָלט געװען אויב זאָשקע װאָלט צוריקגעקומען?" מיט עטלעכע מינוט פריִער איז קיװע שטיגל געװען בײַ אים. „כ׳האָב אַ גאַסט, האָט קיװע אים געזאָגט, „זאָשקע איז געקומען".

איז ער נאָך אין כּעס אויף איר? לגמרי נישט. אפשר איז געבליבן אַ נײַגיריקייט, אָבער נישט מער. װען ער װעט טרעפן מרימען נאָך אַ מאָל װעט ער איר קאָנען געבן אַ מער פּאָזיטיװן ענטפער. ער האָט פון דעסט װעגן געשיקט מיט קיװען אַ בריװעלע צו זײַן טאָכטער: „פרײַנד זענען מיר דאָך געבליבן, אפשר איז כּדאַי זיך צו טרעפן". פינטשע האָט געשריבן צו איר אויף פּויליש, זי האָט געענטפערט אויף עברית. אויב עס איז אים נישט אומבאַקװעם זאָל ער קומען צו זיי אַהיים.

עס האָט פינטשען אָנגענומען אַ גרויס רחמנות װען ער האָט געזען װי זאָשקע זעט אויס. די אָפּגעצערטקייט האָט געביטן דעם אויסדרוק פון איר פּנים, פאַרביטן די עזות אויף אַ מילדקייט.

„דײַנע פּאָר װערטער זענען געקומען װי אַ סורפּריז. אײדער כ׳בין אװעקגעפאָרן האָב איך זיך געבעטן אַז כ׳װיל זיך געזעגענען. דו האָסט נישט געװאָלט".

„מע װערט עלטער, װערט מען קליגער, געלאַסענער".

„איך בין נאָך דעמאָלט געװאָרן קליגער און געלאַסענער. װאָס איך האָב געטאָן צו דײַן טאַטעשי איז געװען קינדעריש, נאַריש, אידיאָטיש! כ׳האָב דעמאָלט געװאָלט דיך זען און דיר זאָגן אַז איך פיל אַזוי".

„כ׳האָב מורא געהאַט דיך צו זען".

„איצטער האָסטו שוין מער נישט קיין מורא?"

זי האָט געשמייכלט װען זי האָט עס געפרעגט. צוזאַמען מיט דעם שמייכל איז אַרום אירע מוילװינקלען געלעגן אַ גרימאַס פון צער. פינטשע האָט מורא געהאַט דער שמייכל זאָל זיך נישט צעגיין אין אַ געװיין; ער האָט געציטערט ער אַליין זאָל זיך נישט צעװייניען. „איך הייב װידער אָן מורא צו האָבן", האָט ער געענטפערט. זײַנע הענט האָבן געציטערט,

זיי האָבן געצויגן אַ גלעט צו טאָן אירע האָר און זיך בעטן: „שמייכל, זאָשקע, כ׳קאָן נישט פאַרטראָגן דו זאָלסט לײַדן".

„איך האָב אויך געהאַט אָפּגעמאַכט בײַ זיך דיך אויסצומײַדן, אָבער דײַן בריוול..."

„דו האָסט אויך מורא?"

„איך האָב מורא נאָר פאַר זיך אַליין, פאַר מײַנע אימפּולסיווע דעצי־זיעס. קיינער האָט מיר נאָך קיין מאָל נישט געטאָן אַזוי פיל שלעכטס וויפל איך אַליין. וואָס מאַכסטו, פּינטשע? דו שרײַבסט? דער טאַטעשי האָט מיר דערציילט וועגן דיר, דו האָסט אויך גענוג אָדורכגעמאַכט. אָבער דו זעסט אויס גוט, דו ביסט אַפילו שענער געוואָרן".

„דו ביסט אָפּגעצערט געוואָרן. מען אַרבעט דאָרט שווער, האַ? איר האָט כאָטש גענוג צו עסן?"

„אַרבעט האָט נאָך קיינעם נישט אַוועקגעהרגעט. אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַרבעט איז ערגער. ס׳איז גאָר נישט אַזוי ווײַט פון כעלמיש קיין גורוויטש און דאָך, ווען איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דײַן שידוך, ביסטו שוין געווען אויס חתן".

„ס׳איז דיר דען אַ חילוק?"

„פּײַניק מיך נישט, פּינטשע".

ער האָט אָנגענומען אירע בײדע הענט: „זאָג מיר, ענטפער מיר".

„כ׳בין געוואָרן זייער אין כּעס, כ׳האָב..."

טרערן זענען אָנגעלאָפן אין אירע אויגן. זי האָט אַרויסגעריסן אירע הענט פון זײַנע און אַנטשוויגן געוואָרן פאַר אַ ווײַלע. „און דיר איז אַ חילוק צי מיר איז אַ חילוק?" האָט זי געפרעגט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און ער האָט ווידער געזען פאַר זיך די זאָשקע פון אַ מאָל. „דו מוזסט מיר נישט ענטפערן. וואָס איז דער אונטערשיד וואָס איך אָדער דו פילסט? איך בין נאָך אַלץ נישט גרייט אָנצוטאָן אַ שייטל".

פּינטשע איז אַ מינוט געבליבן שטיין אָן לשון. ער איז באַלד געקומען צו זיך. „זאָשקע, טײַערע, מיר זענען בײדע מיט עטלעכע חדשים, און מיט אַ סך איבערלעבענישן, עלטער ווי דעמאָלט ווען מיר האָבן זיך געהאַלטן אין איין קריגן". זײַן האַנט האָט זיך אַ צי געטאָן צו אירע האָר. זי איז צוגעפאַלן מיט איר קאָפּ צו זײַן אַקסל. „זיס זיסעלע מײַנס,

מיר האָבןביידע אַ סך געליטן. ס׳איז גוט אַז מיר האָבן זיך צוריק געפונען״.

זי האָט זיך אָפּגעריסן פון אים. איר פּנים איז געוואָרן גרינער ווי אירע אויגן. „דו האָסט געהאַט אַ כּלה, פּינטשע, איך האָב געהאַט אַ בחור״.

„זענען מיר קוויט״.

„ס׳איז נישט דאָס זעלביקע. מיר האַלטן נישט פון דעם ,שטריימל׳. געמען אַ בחור איז ווי שטיין אונטער דער חופּה״.

„דו מיינסט — — — טאָ וואָס שפּילסטו אַ קאָמעדיע און זאָגסט אַז — — —״

„כ׳האָב אים פֿײַנט. כ׳בין צו מאָרגנס אַנטלאָפן אַהיים״.

„דיך פֿאַרגוואַלדיקט ?״

„כ׳האָב זיך אַליין פֿאַרגוואַלדיקט״.

„כ׳פֿאַרשטיי נישט וואָס דו רעדסט״.

„דו וועסט עס קיין מאָל נישט פֿאַרשטיין״.

זאָשקע האָט זיך צעכליפּעט. פּינטשע האָט ווידער געגלעט אירע האָר.

„קוש מיך, פּינטשע״.

פּינטשע האָט זי געקושט. ס׳איז אַ „טובֿה־קוש״, האָט זי געפֿילט, און נישט געהאַט קיין כּוח זיך אָפּצורײַסן פון אים. אין דער פֿאָדערשטוב איז יפה שוין אַהיימגעקומען פון אַן אַסיפה.

„דו דאַרפֿסט שוין גיין, פּינטשע, ס׳ווערט שפּעט״.

פּינטשע האָט גערן זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגיין. ער מוז איצט זײַן אַליין, ער מוז טראַכטן.

„פּינטשע, וואָס זאָל איך טאָן ?״

„כ׳ווייס נישט. כ׳ווייס גאָר גאָרנישט״, האָט פּינטשע געזאָגט און געאײַלט צו דער טיר.

מיט מרימען קאָן אַזעלכעס נישט געשען, איז אַ געדאַנק אַנגעלאָפן און מער נישט אָפּגעטראָטן.



פּינטשע האָט זיך נישט באַמיט צו זען זאָשקען צו מאָרגנס. דעם דריטן טאָג איז קיווע שטיגל געקומען שפּעט אין פֿאַבריק. „כ׳האָב

געמוזט אוועקפירן זאַשקען צו דער באַן", האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַר פינטשען.

*

פינטשע איז אַקעגנגעלאָפן דעם בריוטרעגער. ער האָט ווידער נישט געהאַט קיין בריוו פון מרימען. ערשט סוף־וואָך איז אָנגעקומען אַ דיקער קאָנווערט. מרים האָט געשריבן נאָר דעם אַדרעס. אין דעם קאָנווערט זענען געלעגן זייַנע בריוו צו איר. עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער אין דעם אַרטאָדאָקסישן טאָגבלאַט געזען אַ ווונטש צו ר' יוסף־מאיר ליפשיץ, צו די תּנאָים פון זייַן טאָכטער מרים.

*

ס'איז געווען מיטאָגצייַט ווען זאַשקע איז אַרייַנגעקומען. חברה איז געזעסן בייַם טיש. משהן איז אַ ביסן ברויט געבליבן שטעקן אין מויל. „חזק", האָט זאַשקע זיך באַגריסט. קיינער האָט נישט געענטפערט, איבעראַשט פון איר פּריִען צוריקקער.

דער ערשטער איז יאַקאָוו צוגעלאָפן צו איר. „פאַר וואָס האָסטו נישט געבעטן אַ טראַנספער אין אַן אַנדערן קיבוץ?"

„איך בין געקומען אַהיים, דאָס איז מייַן קיבוץ".

„מיר וועלן שפּעטער רעדן, אַליין, קיינער זאָל נישט הערן".

„חזק", האָט זאַשקע זיך באַגריסט מיט משהן. ער האָט אַראָפּגע־שלונגען דעם ביסן נישט־צעקייַט. ס'איז אים אַרייַן אין דער לינקער קעל. זאַשקע איז צוגעלאָפן, אים געקלאַפּט אין פּלייצע.

„חזק", האָט ער אַרויסגעהוסט צו איר און זי באַשפּריצט מיט שפּייַעכץ.

„כ'בין טויט־הונגעריק", האָט זי געזאָגט און זיך אַוועקגעזעצט לעבן משהן. אַלע בייַם טיש האָבן געשוויגן. „צייַט צוריקצוגיין צו דער אַרבעט", האָט יאַקאָוו אַלעמען אונטערגעיאָגט. משה האָט אַ שאָקל געטאָן צו זאַשקען מיטן קאָפּ „חזק" און איז שנעל אַרויס.

„איך מוז אויך צוריקגיין צו דער אַרבעט", האָט יאַקאָוו געזאָגט זאַשקען, „באַגלייט מיך אַ שטיקל וועג".

„איך פאַרשטיי דיך נישט, זאַשקע. כ'הייב דיך נישט אָן צו פאַרשטיין", האָט ער געזאָגט ווי נאָר זיי זענען אַרויס. „פאַר וואָס האָסטו — — —"

„וואָס האָט משה געזאָגט ווען כ'בין אַנטלאָפן?"

„ער האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט צו קיינעם אַ וואָרט נישט אויסגערעדט. דעם כּעס האָט ער אויסגעלאָזט צו כעמיען. כעמיע האָט געבראַכט ווורשט, איז משה — — —"

„אָרעמער משה".

„כ'האָב געמיינט מ'עט אים דאַרפן בינדן. ער איז געווען ווילד. ס'עט זײַן אַ וויסטער גיהנום אַז דו וועסט דאָ בלײַבן. דו פאַרשטייסט דאָס נישט?"

„ס'עט נישט זײַן קיין גיהנום, כ'וועל בלײַבן מיט אים".

„ביסט פון זינען אַראָפּ? ס'איז געווען אַ משוגעת פון דער ערשטער מינוט אָן".

„ביסט גערעכט, ס'איז געווען אַ משוגעת — מײַן משוגעת, איז עס מײַן אַחריות! חלוציזם איז אַ לעבן מיט עולן, מיט פליכטן און מיט אַחריות, אַזוי האָט מען מיך געלערנט. משוגעתן אויף יענעמס חשבון? קאָן דאָס זײַן אַ הכשרה צו קרבנות־גרייטקייט?"

„זאָשקע, דאָס זענען שיינע פראַזעס, פאַר אַ שיחה. איך רעד צו דיר וועגן פּשוטע, ערדישע זאַכן. ער איז אַזוי מיאוס, זאָשקע".

„שיינקייט איז נישט אַלץ".

„דו ביסט אַזוי שיין, זאָשקע".

„אַ שיין פּנים איז נישט אַלץ".

„עס גייט נישט נאָר אין פּנים, ער איז נישט אידל..."

„כ'האָב געזעג די אײדעלע מענטשעלעך וואָס האָבן ליב נאָר ביז ס'רירט אָן זייער נפשל. משה איז ערלעך".

„האָסט געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט פּינטשען?"

„מיט אים האָב איך אין גאַנצן, דעפיניטיוו, אויף אייביק געענדיקט".

„זאָשקע, איך וועל צוזאַמען מיט דיר אַוועקפאָרן אין אַן אַנדערן קיבוץ".

„פאַר וואָס עפּעס דו? דער קיבוץ וועט אונטערגיין".

„פאַר וואָס איך? כ'וויל זײַן נעבן דיר. פּינטשע איז מײַן חבר, האָב איך געשוויגן. כ'האָב געוווּסט דו ביסט נאָך נישט פאַרטיק מיט אים. אַז דו זאָגסט ס'איז געענדיקט, פאַר וואָס נישט איך?"

זאָשקע איז געבליבן שטיין: „כ'ווייס נישט וואָס צו זאָגן. אַזוי פּלוצלינג..."

„דו מוזסט גלײַך באַשליסן, נאָך פאַר דעם הײַנטיקן אָוונט".

„און מאָרגן וועט זײַן צו שפּעט?" האָט זאָשקע געפרעגט מיט כּעס.

„איך וויל נאָר עס זאָל דיר לײַכטער זײַן".

„דו ביסט פאַרליבט אין מיר?"

„דו געפעלסט מיר. איך רײַס פון זיך ס'פלייש וואָס כ'האָב דיר פריִער גאָרנישט געזאָגט".

„דו דאַרפסט שוין גיין, יאַקאָוו".

„וואָס זאָגסטו?"

„כ'ווייס נישט. כ'האָב זיך שוין איין מאָל אָפּגעבריט מיט אַ צו שנעלן באַשלוס".



יאַקאָוו האָט זיך באַמיט צוריקצוקומען פאַר דער צײַט, כּדי ער זאָל אָנקומען פאַר משהן. משה איז אָבער געקומען נאָך פריִער.

„כ'האָב געוווּסט דו וועסט צוריקקומען", האָט משה געזאָגט צו זאָשקען. „דו ביסט די אײנציקע וואָס האָט זיך אַלע מאָל באַצויגן צו מיר ווי צו אַ מענטש. זיי אַלע האָבן מיך פײַנט, פײַנט! ס'האָט מיך געצויגן זיך אויפצוהענגען דאָ אויף דעם האַקן, זיי זאָלן וויסן אַז ס'איז זייער אַרבעט, אָבער כ'האָב געוווּסט אַז דו וועסט צוריקקומען".

אויף זאָשקען איז גערינצלט געוואָרן די הויט. זי האָט געמיינט ער וועט זאָגן עפּעס צערטלעכס צו איר, אָבער ער האָט נאָר געסיטשעט מיט שׂינאה צו די חברים.

„זיי האָבן מיך געבערענט און געבראָטן מיט חוזק", האָט ער זיך ווײַטער באַקלאָגט, „זיי האָבן געטרײַבערט מײַנע אָדערן מיט שטעכווערט־לעך, מיט בייזע שפּיצלעך. און אַז מײַן פּנים איז נישט שיין און כ'קאָן נישט זײַן אַ רודאָלף וואַלענטינאָ? אַ חלוץ קאָן איך זײַן אַ בעסערער פון זיי. נאָר דו, זאָשקע, האָסט מיך נישט פײַנט געהאַט. כ'האָב געוווּסט דו קאָנסט מיר נישט טאָן אַזאַ זאַך".

„אַ חלוץ מוז זײַן אַחריותדיק פאַר זײַנע מעשׂים", האָט זאָשקע באַשלאָסן. „איך האָב געמאַכט אַ שריט, מוז איך גיין דעם גאַנצן וועג!"

„זאָג מיר דעם אמת, זאָשקע, דו האָסט מיך פײַנט ווי זיי אַלע?"

„משה, כ'בין אַנטלאָפן פון דיר, ס'איז אמת, נישט ווײַל כ'האָב דיך פײַנט, נאָר ווײַל כ'האָב עמעצן אַנדערש ליב".

„כעמיען? כ'האָב געזען ער פּרעסט דיך מיט די אויגן ווען ער קומט אַריַין. צוליב דיר ברענגט ער די אַלע פּונדעס, דיך אָפּצוקויפן מיט אַ וווּרשט".

„דו האָסט אַ טעות, משה, ס'איז אַ בחור פון גורוויטש..."

„יאָקאָוו! כ'האָב געזען ער שאַלטעוועט צו פיל מיט דיר".

„ער הייסט פינטשע. ס'איז אַן אַלטע געשיכטע, נאָך פאַר הכשרה. כ'וויל דיך ליב האָבן, משה, גיב מיר אַ געלעגנהייט. העלף מיר, אויב דו ווערסט נאָר האָבן געדולד..."

משה האָט אָנגעכאַפּט אירע הענט, ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער אַ געוויין האָט אַרויסגעפּלאַצט פון זיַין קעל. ער האָט זיך אַראָפּ־געבויגן, זיַינע ליפּן האָבן געשלונגען זיַינע אייגענע טרערן וואָס האָבן זיך געגאָסן איבער אירע הענט.



אַ וואָך שפּעטער איז אָנגעקומען אַ בריוו פון פינטשען. זאָשקע האָט געגעבן משהן דעם בריוו נאָך איידער זי האָט אים געעפנט. „דו נעם אָפּ די בריוו. כ'וויל אַפילו נישט וויסן צי זיי קומען".

ז.

די אָנפאַלן פון די נאַראָ־לייַט האָבן זיך געמערט. כעלמיש האָט געהאַט אַ מערהייט יִדישע איַינוווינערס, אָבער אַ ייִד איז נישט זיכער געווען אַרויסצוגיין אין גאַס בייַ נאַכט. די „קאָלאָ" פון ייִדישע סיים־דעפּוטאַטן האָט אינטערווענירט בייַם אינערן־מיניסטער אין וואַרשע. אין כעלמיש האָט שלומל גאָלדבערג אָוועקגעטראָגן מתנות צום פּאָליציי־קאָמענדאַנט. „אַ ייִד, אַז מע גיט אים אַ קראַץ, שרייַט ער מע האָט געמאַכט אַ פּאָגראָם", האָט דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט געשריבן קיין וואַרשע, און די אָנפאַלן האָבן נישט אויפגעהערט. פּלוצלינג האָבן די גויִים אָנגעהויבן שרייַען אַז מע מאַכט איבער זיי פּאָגראָמען. ווען נאָר מען איז באַפאַלן אַ ייִד, האָט מען נאָך דעם געפונען עטלעכע צעשלאָ־גענע נאַראָ־לייַט.

„ס'אַ טריף געשעפט — די שותּפות צווישן די קאָבילאַקס און די הכשרהניקעס", האָבן טייל זיך געקלאָגט. „ווען די ווילע יונגעו זענען

געוועז אליין, האבן זיי זיך נאך גערעכנט מיט קהל. איצט רופן זיי עס „הגנה", און מיינען זיי זענען גרויסע העלדן".

די נארא־לייט האבן אויפגעהערט שלאגן, אבער דער מלוכהשער שטייער אמט האט זיך גענומען צו די יידישע קרעמערס. די „גראבסקי־עגלה" האט יעדן טאג זיך פארהאלטן ביי אן אנדער יידיש געוועלב.

גראבסקי איז געווען דער פינאנץ־מיניסטער וואס האט איינגעפירט די פאליטיק פון חרוב מאכן יידישע געשעפטן דורכן ארויפלייגן אויף זיי הויכע שטייערן. אז מע האט נישט געהאט צו באצאלן, איז געקומען דער וואגן פון שטייעראמט און אוועקגעפירט די סחורה. מע האט דעם וואגן גערופן „עגלה" ווי דעם וואגן וואס האט אוועקגעפירט מתים.

די גראבסקי־עגלה האט זיך ווידער אפגעשטעלט ביים אייזן־געוועלב פון ברוך לייבושעס. ווער ווייסט פאר וואס זיי האבן זיך אנגעזעצט דווקא אויף אים? דער הכנסה־שטייער וואס זיי האבן אויף אים ארויפ־געלייגט איז געווען גרעסער ווי די לייזונג פון א גאנץ יאר.

„אז איר מאכט חרוב מיין געוועלב, וועט איר דאך פארלירן א שטייער־צאלער", האט ברוך פראבירט איינטענהן מיטן סעקוועסטראטאר.

„כעלמיש דארף אן אייזן־געוועלב", האט יענער געענטפערט, „אויב דער פאן וועט פארמאכן זיין געוועלב, וועט עמעצער אנדערש עפענען א ניי אייזן־געוועלב. כעלמיש, אויב דער פאן ווייסט דאס נישט, איז פוילן, און א פאליאק מעג אויך האבן אן אייזן־געוועלב".

קלארע דיבורים.

דער שטייעראמט האט צו ערשט צוגענומען די שווערע סחורה: אייזן־שטאבעס, רערן, בלעך. ווען זיי זענען ווידער געקומען, האבן זיי צוגענ־נומען די נעגל, שרויפן, זאווסעס. ברוך האט מער נישט פראבירט טענהן מיטן סעקוועסטראטאר. ער איז געשטאנען אין א זייט און געקוקט. די טרערן האבן זיך געקאלערט איבער זיין בארד, וואס האט פלוצלינג אנגעהויבן ווערן גרוי.

די סחורות צוגענומען ביי ברוכן האט דער שטייעראמט פארקויפט פאר א שיבוש. קיין סחורה איז שוין נישט געווען, אבער דער שטייערן־חוב איז נאך אלץ געווען גרויס. דער סעקוועסטראטאר האט איצט ארויפ־געלייגט זיין זיגל אויף דער קליידערשאנק, אויפן טיש מיט שטולן. די ברוכטע האט געוויינט, די קינדער האבן געכליפעט, ברוך האט זיך צוגע־

קוקט מיט רויטע, געשוואָלענע אויגן. פון דעם גאַנצן מעבל האָבן זיי איבערגעלאָזט נאָר די בעטן. די געזעצן פון דער מלוכה זענען פול מיט מענטשלעכקייט, קיין בעטן טאָר מען נישט צונעמען.

ווען דער סעקוועסטראַטאָר איז ווידער געקומען, האָט ברוך געוויזן אויף דער לידיקער שטוב און געזאָגט: „זאָל דער פאַן סעקוועסטראַטאָר מוחל זיין וואָס איך קאָן אים נישט בעטן זיצן".

דער סעקוועסטראַטאָר האָט דערלאַנגט ברוכן אַ חשבון פון די שטייערן וואָס ער איז נאָך אַלץ שולדיק. ער האָט געזען אַז די זשידעס האָבן אַרויפגעצויגן אויף זיך אַלע זייערע מלבושים איינס אויפן אַנדערן. דאָס געזעץ דערלויבט נישט אַראָפּצוציִען אַ מלבוש פון לייב. פוילן איז אַ לאַנד פון געזעץ, און די זשידעס ווייסן ווי דאָס אויסצונוצן פאַר זייערע מאַכינאַציעס.

דער סעקוועסטראַטאָר האָט מיט כּעס פאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך. ער האָט געלערנט פון דער געשעעניש: „ווען אַ ייִד וויינט, קאָן מען זיך מיט אים אַן עצה געבן; ווען ער לאַכט, איז ער געפערלעך!"

## ח.

פישל האָט שוין מער נישט אָפּגעוואַרט דעם פּאָסטטרעגער. אַז שפּרינצע שרייבט נישט, איז עס אַ סימן אַז זי וועט בקרוב צוריקקומען, האָט ער פּראָבירט זיך טרייסטן. שפּרינצע איז נישט געקומען, אָבער אין איין ליכטיקן פרימאָרגן האָט דער בריוטרעגער געבראַכט אַן איבערווייז פון איר אויף גאַנצע צוואַנציק זלאָטעס. דער איבערווייז איז געקומען פון דאַנציק, אָבער אָן אַ צוריק־אַדרעס.

פישל האָט גלייך אָוועקגעשיקט אַ בריוו אַדרעסירט: שפּרינצע קאַליסקאַ, דאַנציק. פישל האָט זיך געפרייט ווען ער האָט געזען דער בריוטרעגער קומט, אָבער יענער האָט נאָר געבראַכט פישלס בריוו וואָס איז צוריקגעקומען. נישט לאַנג נאָך דעם איז ווידער געקומען אַ געלט־איבערווייז, דאָס מאָל מיט אַן אייגנהאַנטיקע צושריפט פון שפּרינצען. זי איז געזונט. זי האָט זיך אויסגעלערנט מאַכן ווייבערישע פריזורן און פאַרדינט נישט שלעכט. אויך דאָס מאָל האָט דער בריוו נישט געהאַט קיין צוריק־אַדרעס.

„וואָס האָט זי מורא, כ׳על זי צוריקברענגען מיט גוואַלט?״ האָט פישל נישט געקאָנט פאַרשטיין אַזאַ פּירעכץ.

עס איז ווידער געקומען אַ בריוו. דאָס מאָל איז אין דעם קאָנווערט אויך געלעגן אַ פאָטאָגראַפיע. יואל איז גראָד אַרייַנגעקומען זיך פרעגן אויף יאַנקלען, האָט רחל־לאה שנעל אַרונטערגעלייגט די פאָטאָגראַפיע אונטער דער צעראַטע אויפן טיש. פישל האָט זיך נישט געכאַפּט אַז זייַן ווייַב איז אויסן עס צו באַהאַלטן, האָט ער צוריק אַרויסגענומען דאָס קאַרטל און געשטוינט. אויף דעם בילד איז שפּרינצע געשטאַנען מיט אַ הונט. „וואָס עפּעס אַ הונט?״

„מענטשן טוען עס פון היימלעכקייט וועגן״, האָט רחל־לאה שנעל געפונען אַ תירוץ.

„ווי צו מייַן קינדס היימלעכקייט, אַ הינטישע היימלעכקייט״, איז עס פישלען נישט געפעלן געוואָרן.

„זי איז אָנגעטאָן ווי אַ גרויסשטאָטישע דאַמע״, האָט יואל געוואָלט טרייסטן פישלען. ער האָט אַרייַנגעטראַכט אין דעם ענין ווען ער איז אַרויס אין גאַס. זי זעט טאַקע אויס אַז אַפילו אין פּאַריז וואָלט מען איר נאָכגעקוקט אין גאַס, אָבער וואָס איז דער שׂכל פון נישט שרייַבן אַ צוריק־אַדרעס? אפשר האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ גוי און וויל נישט דער טאַטע זאָל עס דערגיין?״

יאַנקל האָט אין אַ בריוו געבעטן, ער וויל זען די פאָטאָגראַפיע, און פישל האָט אים געשיקט דאָס בילדל. וואָס טוט זיך אין זייַן שוועסטערס נאַרישן קאָפּ? האָט יאַנקל זיך געפרעגט ווען ער האָט באַטראַכט איר בילד. וואָס וועט איר העלפן דער עלעגאַנטער שטרויענער הוט, ווען אַ נאַצי וועט איר וואַרפן אַ שטיין אין קאָפּ? היטלער האַלט טאַקע אין איין באַרויִקן פּוילן אַז ער איז צופרידן מיטן מצב אין דאַנציק, אָבער עס מערן זיך כסדר די אָנפאַלן אויף פּוילישע יידן. איז כדאַי צו לעבן צווישן נאַציס צוליב אַ שיין קלייד און אַן עלעגאַנטן הוט?

יאַנקל האָט געפונען אויף דער פאָטאָגראַפיע אַ שטעמפּל מיטן נאָמען פון דעם פאָטאָגראַפיסט. ער האָט גלייַך אַוועקגעשיקט אַ בריוו צום „השומר״ אין דאַנציק, זיי זאָלן פּראָבירן באַקומען פון דעם פאָטאָגראַ־פיסט שפּרינצעס אַדרעס.

## קאַפּיטל דרײַצן

# שידוכים

### א.

מינדעלע איז ווייניק צוגעוואַקסן, אָבער איר דאַר גופל האָט זיך גענומען אויספולן. די אַקסלביינער זענען מער נישט געווען שפּיציק, די דעקאָלטביינער זענען מער נישט געווען קנאָכיק. די אָרעמס האָבן זיך ווײַבלעך פאַררונדיקט; איר גאַנץ פיגורל איז געוואָרן מער ווײַבלעך, אַפילו איר גיין. דער שכל האָט זיך בײַ איר אַנטוויקלט פרי, דער גוף — אַ ביסל שפּעט, נאָר בעסער שפּעטער ווי קיין מאָל נישט, האָט די רביצין זיך געטרייסט. אָבער וואַקסן העכער קאָן מען מער נישט אין איר עלטער. אַז די כלה איז אַ קליינע, דאַרף דער נדן זײַן אַ גרויסער, אָבער ווו קאָן אַ רב נעמען אויף אַ גרויסן נדן? די רביצין האָט אָנגעהויבן קויפן צעטלען פון דער מלוכה־לאָטעריע און געהאָפט אַז דער אייבערשטער וועט טאָן די רעשט.

ר׳ שכנא פרינץ, וואָס האָט פאַרקויפט לאָטעריע־צעטלען, האָט זיך אויך פאַרנומען מיט שדכנות. „אויב ס׳וואָלט זיך געטראָפן עפּעס רעכטס פאַר מײַן מינדעלע״, האָט די רביצין אים געזאָגט, „וואָלטן מיר אַ שידוך געטאָן, כאָטש זי איז ייִנגער פון יואלן״.

„איך האָב עפּעס רעכטס פאַר מינדעלען, כ׳האָב אויך עפּעס רעכטס פאַר יואלן״, האָט ר׳ שכנא געזאָגט. „פאַר מינדעלען אַ בחור מיט ,היתר־הוראה,׳ פאַר יואלן אַ מיידל מיט אַ גאַנץ פײַנעם נדן, טאַקע אַ קרובה מײַנע פון טורבנע״.

מינדעלע איז געוואָרן טרויעריקער ווען די מאַמעשי האָט מיט איר גערעדט וועגן טרעפן זיך מיט דעם געשדכנטן יונגן־מאַן אָבער זי האָט נישט געזאָגט ביין.

די רביצין האָט געבעטן דעם שדכן, ער זאָל אַליין רעדן מיט יואלן. יואל האָט זיך צוגעהערט צו ר׳ שכנאן מיט אומגעדולד, אָבער ווען ער האָט דערמאָנט אַז די כּלה איז פון טורנע, נאָך קראָקע, האָבן יואלס אויגן אויפגעלויכטן.

„דאָס מיינט, אַז איך וועל דאַרפן פאָרן קיין קראָקע זיך זען מיט דעם מיידל?״ האָט ער געפרעגט.

„לאַוו־דווקא״, האָט ר׳ שכנא געענטפערט. „מע קאָן איינאָרדענען אַ זעעכץ אַפילו אין לאָדזש״.

„סע פּאַסט נישט אַ מיידל זאָל קומען אַזוי ווייַט צום יונגן־מאַן. איך וואָלט נישט געפאָרן ביז טורנע, אָבער אַזוי ווייַט ווי קראָקע דאַרף מען פאָרן צוליב דעם מיידלס כּבוד״.

די רביצין האָט נישט געגלייבט אירע אויערן. יואל וויל טאַקע חתונה האָבן און איז גרייט צו פאָרן צו אַ זעעכץ אַזש ביז קראָקע?

אין קראָקע איז פאַראַן אַ באַרימטע קונסטשול, האָט די רביצין זיך שפּעטער דערמאָנט. עס וועט זיין שפיכת־דמים פאַר דעם מיידל אויב ער איז אויסן נאָר די קונסטשול, האָט זי אים געוואָלט וואָרענען.

„מתוך שלא לשמה בא לשמה״, האָט דער רב געזאָגט. ס׳קאָן זיין אַז בעיקר וויל ער פאָרן קיין קראָקע ווייַזן זיינע צייכענונגען. אויב אָבער דאָס מיידל איז טאַקע אַזאַ ווילע ווי ר׳ שכנא זאָגט — וואָס קאָן מען וויסן? ס׳קאָן זיין אַ הימלזאַד״.

ווען יואל האָט שוין פאַרפּאַקט זיין וואַליזע איז ר׳ שכנא געקומען צו לויפן. „כ׳האָב דיר כאָטש אָפּגעמשלט ווי די כּלה זעט אויס?״

„גרויסע שוואַרצע אויגן״, האָט יואל נאָכגעקרימט דעם שדכן, „אַזעל־כענע גרויסע אויגן״, האָט ער געוויזן אויף זיין פויסט.

„און פון אַ משפּחה — — —״ האָט ר׳ שכנא ווייַטער געריימט די כּלה.

„שמן זית, לויטער בוימל״, האָט יואל אים אַרויסגעהאָלפן.

„געלערנט — — —״

„און איידל און קלוג און אַלע מעלות״, האָט יואל פאַרענדיקט אומגעדולדיק.

„כ׳האָב דיר אָבער פאַרגעסן צו זאָגן אַז זי איז קראַנק געווען״.

יואל האָט זיך דערשראָקן אַז זײַן נסיעה קיין קראָקע װערט קאַליע.
"אָבער הײַנט איז זי געזונט?" האָט ער געפרעגט.

„װי אַ נוס", האָט דער שכן געענטפערט. „אַ קינדערקרענק: מאָזלען, פּאָקן, װי אַלע קינדער".

„אַבי ז'איז איצט געזונט".

„כ'מיין, ס'קאָן זײַן, אַז עס איז געבליבן אַ צייכנדל. דו װייסט דאָך פּאָקן".

„איין צייכנדל?"

„אפשר צװיי".

„װער האָט נישט אַ צװיי צייכנדלעך?"

„אפשר דרײַ".

„מער נישט?"

„אפשר גאָר פיר".

„און אַז פינעף, דאַרף מען דערפֿון מאַכן אַ גאַנצן עסק?"

יואל איז געזעסן בײַ אַ טישל אין אַ קאַפע און געװאַרט. װי אָפּגע־רעדט, האָט ער געהאַט אויף זײַן טישל אַ בלאָק פּאַפּיר און אַ בלײַער. זי האָט נאָך פון װײַטנס דערזען דעם „סימן" און גענענט צו זײַן טישל.

דער שכנא האָט דאָך נישט איבערגעטריבן אַ האָר. גרויסע שװאַרצע אויגן, אַ שיין אָװאַל פּנים, אַ פיגור — אַ גאַנג שוין באַלד װי שפּרינצע. דאָס היטעלע אויף איר קאָפּ — — —

זי איז צוגעקומען צום טישל, ער האָט זיך אויפגעשטעלט זי צו באַגריסן. דער שמייכל איז פאַרפרוירן געװאָרן אַרום זײַן מויל. איר גאַנץ פּנים איז געװען באַדעקט מיט פּאָקן־גריבלעך.

יואל איז געװען אין כעס אויף דעם שדכן, אויף זיך אַליין. ער האָט זיך אָװעקגעזעצט, געשטריכלט מיטן בלײַער אויפן פּאַפּיר און געשװיגן. „פשעפּראַשאַם, כ'בעט אײַך איבער", האָט ער אַ שטאַמל געטאָן װען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער פירט זיך אויף װי אַ װילדער מענטש.

„איר מוזט זײַן איבערגעלאָדן מיט ענערגיע, דערפאַר קאָנען אײַערע הענט נישט רוען. איך בין אויך אַזוי", האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל.

אירע ליפּן געשניצט, איר שמייכל האָט געהאַט חן. ס'האָט גענומען נאָר אַ װײַלע און זי האָט אים אַרײַנגעצויגן אין אַ שמועס. זי האָט

אים געזאָגט, אַז זי האָט ליב האַנט־שטיקעריַי און וויל אויסנייען אַ טלית־זעקל פאַר איר פאָטער. נאָך איידער יואל האָט אויסגעטרונקען זייַן גלאָז טיי, האָט ער אויפגעצייכנט פאַר איר אַ מגן־דוד אַרומגע־רינגלט מיט אָרנאַמענטן.

זי האָט גערעדט אַזוי שיין, אַזוי געמיטלעך, סײַ יידיש, סײַ פויליש. פאַר וואָס האָט גראָד איר געדאַרפט טרעפן אַזאַ אומגליק? זי האָט אויסגעטאָן איר שאַליקל, אויך איר האַלדז איז געווען פול מיט צייכנס. זי האָט גענומען איר גלאָז טיי אין האַנט, האָט יואל דערזען די פּאַקצייכנס אויך אויף אירע הענט. ווו עס האָט זיך נאָר אַרויסגעזען אַ שטיקל לײַב, איז עס געווען געשטופּלט.

זי איז קלוג און ווייסט זיכער איר מצב. זי וועט נאָך מער לײַדן ווען פון דער זעעכץ וועט זיך אויסלאָזן אַ „בוידעם". נאָך וואָס האָט ער אָנגעדרייט דעם גאַנצן עסק, און אויב זי וואָלט נישט געווען געשטופּלט? ער האַלט דען בײַ חתונה האָבן? פריִער מוז ער ווערן אַ מאָלער. אפילו זי וואָלט געווען אַזוי שיין ווי שפּרינצע... ווו טאָקע איז איצט שפּרינצע? אויב זי וואָלט אָנשטאָט קיין דאַנציק אַנטלאָפן קיין פּאַריז... ער וויל אַנטלויפן קיין פּאַריז.

זי האָט עפּעס געפרעגט און געוואַרט אויף אַן ענטפער.

„זײַט מוחל, כ'האָב זיך פאַרטראַכט".

זי האָט נישט אויפגעהערט שמייכלען. יואל האָט געוואָלט גוט מאַכן פאַר זײַן שלעכט אויפפירן זיך. ער האָט גענומען אָנוואַרפן אויפן פּאַפּיר שטריכן פון איר פּנים.

„איר דאַרפט זײַן זייער פאָטאָגעניש", האָט ער געזאָגט. זי האָט אַרויסגענומען פון איר בײַטל עטלעכע פאָטאָגראַפיעס. אויף די בילדער האָבן זיך די שטופּלען נישט אָנגעזען — אַ שיינקייט!

די פאָטאָגראַפיעס האָבן אים לײַכטער געמאַכט שנעל צו פאַרענדיקן אַ סקיצע פון איר פּנים. אירע שיינע אויגן זענען געווען פול מיט שמייכל. „איר זענט דאָך אַן אמתער קינסטלער".

„ס'איז געווען זייער אָנגענעם", האָט יואל איר געזאָגט און געקושט איר האַנט בײַם געזעגענען.

„ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן", האָט זי געענטפערט. „איר בלייַבט נאָך לאַנג אין קראָקע?"

„כ'וויל בלייַבן זייער לאַנג", האָט ער געזאָגט און אין זינען געהאַט די קונסטשול. „און איר?"

„איך האָב דאָ אַ פעטער. דער פעטער וויל זייער אייַך באַקענען. איר ווילט צוקומען צו..."

„און דאָ איז שלעכט? לאָמיר זיך טרעפן מאָרגן דאָ, אין דער זעלביקער צייַט".

„האַלבאַכט, דאָ".

ערשט ווען ער איז צו מאָרגנס געגאַנגען צו דער באַגעגעניש האָט יואל זיך דערטראַכט ווי זי האָט פאַרשטאַנען זייַן זאָג: „כ'וויל בלייַבן זייער לאַנג" איר פּנים האָט אויפגעלויכטן מיט פרייד, אירע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן מיט פייַכטקייט. זי האָט זיכער געמיינט, אַז ער וויל בלייַבן זייער לאַנג צוליב איר. האָט ער דאָ אַ ביסל „פאַרקאָכט אַ קאַשע"! אויב ער האָט נעכטן שוין געוואָלט בלייַבן אין קראָקע צוליב איר, דאַרף ער הייַנט זיך שוין דערקלערן אין ליבע. אַ מיידל ווי זי, עסט זיך געוויס אָפּ דאָס האַרץ, האָט דער גוטער יאָר אים אָנגעשיקט זי צו פאַרשעמען נאָך מער.

די גאַנצע נסיעה קיין קראָקע איז געווען אַ ווילדקייט. ער האָט געוואָלט זען דעם פּראָפעסאָר קושינסקי פון דער קונסטשול, איז יענער גאָר אין אויסלאַנד. פאַר וואָס האָט ער נישט פריִער זיך אָנגעפרעגט צי דער פּראָפעסאָר איז דאָ, און צי ער וועט אים קאָנען זען? לייַכטזין! משוגעת! די מאַמעשי קאַרגט זיך אַ זלאָטע און ער צעטרענצלט אַ מטמון אויף אַן אָנזיניקער נסיעה קיין קראָקע.

יואל איז אָנגעקומען אין קאַפע אַ האַלבע שעה צו פרי. ער איז געווען אין כּעס און געצייכנט קאַריקאַטורן פון זיך אַליין. ער האָט אַרויסגעשטעקט די צונג צו זייַן אָפּבילד אויף דעם גלעזערנעם טישל. ער טאָר גאָר נישט חתונה האָבן, ווייַל ער איז עגאָצענטריש, עגאָיִסטיש. קיינער וועט נישט קאָנען גליקלעך זייַן מיט אים. גוט וואָס שפּרינצע איז אַנטלאָפן קיין דאַנציק.

ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. ס'איז שוין געווען אַכט מינוט נאָך האַלבאַכט. אַלע ווייַבער זענען גלייַך! געזאָגט איר אַ גוט

װאָרט, װײל זי שױן מאַכן דעם אָנשטעל פֿון אַ גרױסער דאַמע און לאָזט אים װאַרטן. נאָך צװײ מינוט, אױב זי װעט נישט זײַן דאָ בײַ זײַן טישל, װעט ער זיך אױפֿהײבן און אַװעקגײן.

ער האָט מיט אומגעדולד געװאַרט די צװײ מינוט זאָלן פֿאַרבײַ. צען מינוט נאָך האַלבאַכט איז ער אױפֿגעשפּרונגען און גענומען לױפֿן צו דער טיר. פֿון דער טיר איז ער צוריקגעלאָפֿן צום טישל איבערלאָזן אַ פּאָר גראָשן פֿאַר דעם גלאָז לימענאַד װאָס ער האָט געטרונקען. ער האָט אַרױסגעכאַפּט דעם בלײַער און אױפֿגעשריבן אױף דעם פּאַפּירענעם סערװעטל: „געװאַרט און זיך נישט דערװאַרט".

װי נאָר יואל, איז אַרײַנגעקומען אין זײַן האָטעל־צימער, האָט ער גענומען פֿאַרפּאַקן זײַן װאַליזע. אָנגעקומען אױפֿן װאָקזאַל, האָט ער זיך דערװוּסט, אַז אַ צוג קײן לאָדזש װעט אָפּגײן ערשט זעקס פֿאַר טאָג.



עס האָט געדאַרפֿט קומען דערצו, ער זאָל ליגן אַ גאַנצע נאַכט אױף אַ פֿרעמדן װאָקזאַל כּדי ער זאָל מאַכן אַ שטיקל חשבון־הנפש? װאָס ליגט ער אין דעם גורװיטש און װעגעטירט? ער לעבט אױף דעם טאַטנס חשבון, און די מאַמע שפּאָרט אַ פּאָר זלאָטעס, ער זאָל קאָנען צװײ מאָל אַ װאָך פֿאָרן קײן לאָדזש. די לאָדזשער קונסטשול גיט אים גאָרנישט. ער װעט זיך אױסלערנען אױפֿמאָלן אַ פֿערד און װעט בלײַבן אַ פֿערדישער קינסטלער. אױב ער װיל עפּעס דערגרײכן, מוז ער פֿאָרן קײן פּאַריז; נאָר דאָרט װעלן אים אָנװאַקסן קינסטלער־פֿליגל. אפשר האָט ר׳ שכנא עפּעס אַ שידוך מיט אַ זעעכץ אין פּאַריז?



בײַ מינדעלעס זעעכץ איז אַלץ צוגעגאַנגען כּשורה. דער בחור האָט געהאַט היתּר־הוראה, ער איז געװען אַ שײנער און גערעדט אַ גוטן פּױליש. זײַנע מלבושים האָבן געבלאַנקט מיט רײנקײט, זײַן בערדל איז געװען אױסגעבאַרשט, אַז יעדעס הערעלע האָט געגלאַנצט. קײן פּינטעלע אױף זײַן הױט, קײן שטױבעלע אױף זײַן מלבוש. „װאָס איז דער חסרון?" האָט די רביצין געפֿרעגט מינדעלען.

„דאָס װאָס ער האָט נישט קײן חסרון. אַלץ איז צו גוט, צו שײן, צו גלאַטיק".

„מיר ווײַזט ער אויס צו זײַן אַ גאַנץ ווילער בחור".

„ער וועט אַרויסטרײַבן זײַן ווײַב אויב אַ פליג וועט אַרײַן אין זײַן מילעך, אַ האָר אין דער יויך, אויב אַ שטויבעלע וועט אַרויספאַלן אויף זײַן רבנישן ספּאָדיק".

„דו רעדסט סתם אין דער וועלט אַרײַן".

„וואָס זאָגט דער טאַטעשי?"

„דער טאַטעשי זאָגט, ער קען לערנען".

„כ׳ווייס נישט, מאַמעשי".

„אַז וועסט זיך אַרויסשלאָגן נאַרישקייטן פון קאָפּ, וועסטו וויסן".

„כ׳וועל נישט זאָגן ניין, אויב ער געפעלט דיר און דעם טאַטעשי".



צי מינדעלע איז געפעלן האָט מען נישט געוווּסט. די שטאָט גורוויטש איז אים געפעלן געוואָרן. דער שדכן האָט געזאָגט, אַז דעם בחורס פאָטער וויל רעדן מיטן רב תכלית. דער בחור האָט אָבער נישט געוואָרט זײַן טאַטע — אַ קליין, שעמעוודיק קרעמערל — זאָל רעדן. ער האָט אָנגעהויבן מיט לויבן יואלן: „דער רב האָט, ברוך־השם, אַ זון אַ בן־תּורה, אין שטאָט זאָגט מען — אַ וואַזשנער בחור".

דער פאָטער האָט געקראַצט אונטער זײַן בערדל און נישט געוווּסט ווי אָנצוהייבן. די מוטער, אַ גרויסע, גוידערדיקע, אויסגעפּוצטע ייִדענע, איז געשטאַנען אין דער טיר צו דער בית־דין־שטוב ווו די מענער זענען געזעסן. זי האָט אַ הוסטל געטאָן צו דערמאָנען איר זון ער זאָל קומען צום עיקר.

„על־פּי דין גייט רבנות איבער בירושה צו אַ זון", איז דער בחור געקומען צום תּוך, „אָבער היות קיין גרויסן נדן האָט דער רב נישט צו געבן, זאָגט ר׳ שכנא, אַז דאָס גורוויטשער רבנות וועט זײַן אַ טייל פון נדן. דאַרף מען עס מאַכן בכּתב".

„איך האָב מיט ר׳ שכנאן גאָרנישט גערעדט וועגן דעם", האָט דער רב זיך געחידושט.

„אַלע וויסן אַז יואל וויל נישט ווערן קיין רב", האָט דער שדכן זיך פאַרענטפערט.

„פון דעסט וועגן דאַרף מען עס מאַכן בכּתב", האָט דער בחור זיך געהאַלטן ביַי זיַינס.

„און דער זון זאָל אויך אונטערשריַיבן", האָט די מוטער אַריַינגעשריגן פון דער אַנדערער שטוב.

מחמת דעם בחורס מוטער איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, האָט מינדעלע, אין דער אַנדערער שטוב, געהערט דעם גאַנצן שמועס.

„אויב ס'איז אָפּגערעדט וועגן דעם רבנות, וועט דער טאַטעשי רעדן וועגן נדן", האָט דער בחור פאַרענדיקט, און זיַין פאָטער האָט אַ זאָג געטאָן: „טויזנט דאָלער".

„מיר זענען נישט קיין גבירים", האָט די רביצין זיך אויך אַריַינגעמישט.

דעם בחורס מוטער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער רביצין: „נישקשה, דער וואַרשעווער זיידע קאָן געבן טויזנט דאָלער".

„צוויי טויזנט", האָט מינדעלע זיך אָנגערופן.

ביַי דער מחותּנתטע האָבן די אויגן אויפגעלויכטן. זי איז צוגעקומען צו מינדעלען גרייט זיך צו קושן מיט איר.

„טויזנט דאָלער איז אַ האַלבער נדן, דאָס רבנות איז דער אַנדערער האַלבער נדן. אָבער איך וויל נישט זיַין קיין רביצין, מוז אַלץ זיַין אין מזומן", האָט מינדעלע דערקלערט וואָס זי האָט געמיינט צו זאָגן.

„פאַר וואָס ווילסטו נישט זיַין קיין רביצין? אָט איז דיַין מאַמעשי אַ רביצין".

„מיַין מאַמעשי האָט אַ מאַן אַן אמתן רב, נישט אַ סוחרל מיט היתּר־הוראה".



„די רביצין האָט נאָך טענות צו מיר?" האָט דער שדכן זיך געקלאָגט. „כ'על אָנזאָגן אַ צענטן נישט אָנצוהייבן מיט רבנישע קינדער. וואָס שטייט יואל אַזוי אין גרויסן? קיין פּאַך האָט ער נישט, קיין סוחר איז ער נישט, ער קען יאָ זיַין אַ רב, וויל ער נישט. מיט וואָס וועט ער מפרנס זיַין אַ וויַיב? ער וועט אפשר אייביק זיצן ביַים טאַטן אויף קהלס קעסט? ער וועט זיך נאָך אויסקוקן די אויגן צו געפינען אַזאַ טיַיער מיידל.

„וועגן איַיער טאָכטער", האָט דער שדכן זיך וויַיטער געכּעסט. „ווייס

איך שוין גאָר נישט וואָס צו זאָגן. אַלץ איז וווּיל און פֿײַן. כ׳האָב שוין גענומען רעכענען וואָס צו טאָן מיטן שדכנות־געלט, קריגט זי גאָר פּליי אין דער נאָז. וואָס איז זי, כ׳בעט איבער דער רביצינס כבוד, די גרויסע יפֿת־תּואַר?"

„גענוג, ר׳ שכנא. איר האָט געטאָן דאָס אײַעריקע, אַ שיינעם דאַנק".

„כ׳מיין טאַקע — וואָס איז דאָס אײַנרעדעניש?"

„מינדעלע איז אין דער צווייטער שטוב, זי הערט".

„כ׳וויל טאַקע זי זאָל הערן. איך ברענג איר אַזאַ — — —"

„איך וויל נישט זי זאָל הערן. גייט אײַך געזונטערהייט. זײַט מוחל וואָס כ׳האָב אײַך מטריח געווען".

# קאַפּיטל פערצן

# ס'וועט זיין אַ באַנקראָט

## א.

אין וואַרשע האָט כעמיע געוווינט ביי זיין מוטערס אַ ברודער. דער פעטער און די מומע זענען אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע וואָכן. כעמיע איז געבליבן אַליין אין זייער דירה. געניע און לייבל זענען פון דער אַרבעט געקומען גלייך צו כעמיען. לייבל האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע אין דער סאַליע; כעמיע איז געווען מיט געניען אין דער קיך, געהאָלפן איר צוגרייטן אַ מאָלצייט.

פייער האָט געפלאַקערט אונטער די טעפּלעך, ס'איז געווען הייס אין קיך. געניע האָט געעפנט דאָס אייבערשטע קנעפּל פון איר בלוזע. זי האָט זיך באַגעגנט מיט כעמיעס אויגן און אירע באַקן האָבן אויפגעפלאַמט רויטער ווי די פייערקעס. די לופט איז געוואָרן געדיכט, די פינגער שטייף. אַ טעלער איז אַראָפּגעפאַלן און צעבראָכן געוואָרן. „מזל־טוב", האָט לייבל אַריינגעשריגן פון דער אַנדערער שטוב. „עפּעס צעבראָכן, וועט עס ברענגען מזל. וואָס צעבראָכן?"

קיינער האָט לייבלען נישט געענטפערט. געניע האָט גענומען אויפקלויבן די שערבעלעך. כעמיע האָט זיך אַראָפּגעבויגן איר צו העלפן, איר האַנט האָט זיך אַ הייב געטאָן צו פאַרקנעפּלען די בלוזע. כעמיע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און די צונויפגעקליבענע שערבעלעך זענען אַרויסגעפאַלן פון געניעס האַנט.

„וואָס טוט זיך דאָרטן? צעבראָכט נישט דאָס גאַנצע געפעס!" איז לייבל אַריינגעקומען מיט אַ כלומרשטן טאַדל.

„מעגסט אויך העלפן", האָט געניע זיך געבייזערט אויף אים און זיך אויסגעדרייט צו די פייערקעס.

נאָכן עסן האָט כעמיע געוואָלט אַרויסגיין, געבן געניען און לייבלען אַ געלעגנהייט צו בלײַבן אַליין. געניע האָט אים צוריקגעהאַלטן. לייבל האָט פּראָבירט קושן געניען, זי האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך. דער שמועס האָט זיך נישט געקלעפּט. כעמיע האָט פאָרגעלייגט מע זאָל גיין אין קינאָ, לייבל האָט געזאָגט ער איז מיד. געניע האָט זיי ביידן אַרויסגעטריבן פון דער סאַליע און זיך אויסגעבעט אַ געלעגער.

כעמיע איז געלעגן אין זײַן פּעטערס בעט, געדרייט זיך פון זײַט צו זײַט און זיך געוווּנדערט ווי שנעל לייבל איז אַנטשלאָפן געוואָרן. אַזאַ מויד ווי געניע אין דער אַנדערער שטוב, און ער כראָפּעט. אַזאַ ראַסאָווע שטיק ווײַב ווי געניע, אויב זי וואָלט געווען זײַנע וואָלט ער קיין מאָל נישט געשלאָפן.

כעמיע איז אײַנגעשלאָפן ערשט פאַר טאָג. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז דאָס אַנדערע בעט געווען ליידיק. האָט לייבל זיך אַרײַנגעכאַפּט צו געניען? ניין, זי גייט שוין אַרום איבער די שטובן.

כעמיע האָט געעפנט די טיר. געניע איז אַרומגעגאַנגען אין זײַן מומעס מאַרגנראָק וואָס האָט נישט דערגרייכט אירע קני. „ווו איז לייבל?"

„אַוועק אײַנקאַסירן אַ חוב. נעבעך איבערגעלאָזט אײַך אַ פּעקל".

„איר, אַ פּעקל? אַזאַ פּעקל אויף מיר געזאָגט".

כעמיע האָט באַוווּנדערט ווי שטאַלטיק געניע איז אין אַ קאָרסעט. געניע האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט און אַוועק אין קיך.

ווען כעמיע איז אַרײַן אין קיך איז געניע שוין געווען אָנגעטאָן. ער איז צוגעגאַנגען צום קראַן זיך וואַשן. „איר האָט מוסקלען ווי אַן אַטלעט", האָט געניע אים באַוווּנדערט.

„היט זיך פאַר מיר", האָט כעמיע געענטפערט און רויט געוואָרן.

„איך האָב פאַר קיינעם נישט קיין מורא", איז געניע געוואָרן טראַציק.

כעמיע האָט זיך אויסגעדרייט צו איר און אָנגעצויגן דעם מוסקל אויפן רעכטן אָרעם.

„איך בין אויך נישט קיין זיבעלע".

כעמיע האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט און געגומען אַרויסגיין פון קיך. געניע האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. „אַנו, פּראָבירט מיר אַרונטערדרייען די הענט".

„איר זענט טאַקע שטאַרק", האָט כעמיע געזאָגט ווען ער האָט

דערפֿילט איר װידערשטאַנד. ער האָט מיט כּוח אַ שטופּ געטאָן אירע הענט צו איר רוקן, און געניע איז געבליבן צוגעדריקט צו זײַן באַקעטער ברוסט. דער טירגלאָק האָט אַ קלונג געטאָן. „לײבל", האָט געניע אַרױסגעקרעכצט. דער קלאַמער פֿון כעמיעס אָרעמס האָט זיך געעפֿנט, ער איז געלאָפֿן צום קראַן און געלאָזט דאָס קאַלטע װאַסער רינען אױף זײַן קאָפּ.

געניע האָט זיך מער נישט געלאָזט צערטלען װען כעמיע איז געװען דאַבײַ. לײבל האָט נישט געפֿטרט די צײַט. נישט געקאָנט זיך קושן, האָט ער זיך אַװעקגעזעצט בײַם טיש מיט זײַנע חשבונות. געניע האָט זיך געטשעפּעט צו בײדן; לײבלען אַ קיצל געטאָן, כעמיען אַ שנעל געטאָן אין נאָז. כעמיע האָט זיך גערײטלט, לײבל האָט זיך געבײזערט: „הער שױן אױף מיט די קינדערישע שטיק".

„ער רײטלט זיך װי אַ יונג מײדעלע", האָט געניע געשטורכעט לײבלען ער זאָל איר העלפֿן אָפּלאַכן פֿון כעמיען.

כעמיע האָט גענומען זיך אָפּװערן, געניע האָט געלאַכט און געלאַכט און נישט אױפֿגעהערט טשעפּען זיך. געניע האָט אַ שלעפּ געטאָן לײבלען בײַ דער האַנט װען ער איז שױן באַלד פֿאַרטיק געװען מיט אַ חשבון. דאָס האָט אים צעמישט און ער האָט געמוזט אָנהײבן נאָך אַ מאָל פֿון אָנהײב. „לאָזן נישט רעכענען", האָט ער זיך געבײזערט און אַרײַנגעלאָפֿן אין דער אַנדערער שטוב.

לײבל האָט איבערגערעכנט װיפֿל ער האָט פֿאַרדינט די װאָך אױף זײַן געלט. עס האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז פֿון בלױז די פּראָצענטער האָט ער פֿאַרדינט כּמעט אַזױ פֿיל װיפֿל ער האָט אױסגעגעבן. אַז מע האָט געלט, קאָן מען רײַך װערן, איז ער געקומען צו דער מסקנא. אַ ציפֿער האָט אױפֿגעלױכטן אין זײַן געדאַנק, אַ צאָפּלדיקע סומע פֿון זעקס הונדערט באַגלײט מיט דאָלאַר־צײכנס. עס האָט נאָכגעהאַנגען אַ לאַנגער שלעפּ מיט פּראָצענטער.

דער שדכן האָט געזאָגט זעקס הונדערט, אָבער אַ בחור װאָס קען מיסחר און קען אױך אַ ביסל לערנען קאָן קריגן מער, אפֿשר אַפֿילו אַ גאַנצן טױזנטער!

„נאַרישקײטן, שטותים!" האָט ער געזאָגט צו זיך אױפֿן קול, ער האָט דאָך געניען!

לייבל האָט אַליין נישט געוווּסט צי ער איז פון דעם צופרידן, אָדער ער באַדויערט עס.

ווי נאָר לייבל האָט זיך פאַרמאַכט אין דעם אַנדערן צימער האָט געניע זיך אַוועקגעזעצט און אַנטשוויגן געוואָרן. אירע באַקן האָבן נאָך אַלץ געפלאַמט, אָבער די מחשבות זענען נישט געווען קיין פריילעכע. זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער טיר צו דער אַנדערער שטוב: פּראָ־צענטער, פּראָצענטער! און אַז ס׳עט זײַן אַ באַנקראָט? אויב ער לאָזט זײַן געלט בײַ די בעלי־חובות מיט אַזאַ גרינגקייט ווי ער לאָזט זי בײַ בעמיען, וועט זיכער זײַן אַ באַנקראָט.

אַ גאַנצן נאָכמיטאָג איז געניע געלעגן אויף דער קאַנאַפּע און גע־שלאָפן, אָדער געמאַכט זיך שלאָפן, כעמיע האָט געהערט ראַדיאָ, לייבל איז נאָך אַלץ געווען פאַרטאָן אין זײַנע חשבונות. שבת טאָר מען נישט שרײַבן און רעכענען און אויפן קאָפּ איז נישט אַזוי לײַכט, געניע דאַרף דאָס פאַרשטיין און אים נישט שטערן. ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָט לייבל געזאָגט אַז ער גייט אויף „אײַנקאַסע״.

„האָסט דען אַ מאָל צײַט פאַר מיר?״ האָט געניע זיך געקלאָגט.

„די בעלי־חובות קוקן אויס איך זאָל נישט קומען צו דער צײַט אײַנקאַסירן, ווען זיי האָבן אַ גוטן תּירוץ״.

„דו האָסט אַלע מאָל אַ גוטן תּירוץ״, האָט געניע געזאָגט טרויעריק.

„אַז דו ווילסט נישט וועל איך נישט גיין, ס׳איז דײַן געלט פּונקט ווי מײַנס״, האָט לייבל געענטפערט אַ בייזער, אויסגעצויגן זיך אויף דער קאָזעטקע און געשלאָסן די אויגן.

„אָדער ער רעכנט זײַנע חשבונות, אָדער ער שלאָפט״, האָט געניע געזאָגט ווי צום באַלטן.

„וועגן וואָס ווילסטו דען רעדן?״

„אַז וואָלטסט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן וואָלט דאָך געווען גוט״.

„טאָ וואָס זאָל איך טאָן? כ׳קאָן זיך נישט איבערמאַכן״.

„אין אָנהייב האָסטו געהאַט וועגן וואָס צו רעדן. האָסט מיך שוין נישט ליב — דאָס איז עס״.

לייבל איז געווען פאַרחידושט וואָס די קריגערײַ איז אַוועק אויף אַזאַ וועג. ער האָט פּויל זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען, און איר אַ קוש געטאָן. ס׳איז געווען אַ לעבלעכער קוש, יוצא צו זײַן. ער האָט זיך

געריכט װידער אַרײַנצוכאַפּן אַ פּסק, אָבער געניע האָט זיך געטוליעט צו אים. כּעמיע האָט נישט געװאָלט שטערן, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר. געניע האָט זיך אָפּגעריסן פֿון לײבלען און צוריקגעשלעפּט כּעמיען פֿון דער טיר.

בײַ טאָג האָט געניע פֿאַרגעסן צוצוגרײטן עפּעס צו נעמען אין מויל אַרײַן, איצטער האָט זי זיך געפּאָרעט אין קיך, אַ ריח פֿון געפּרעגלט פֿלײש האָט זיך געטראָגן פֿון דאָרטן און געמאַכט דאָס מויל װאָסערן. כּעמיע און לײבל זענען געקומען קוקן װאָס זי טוט. „עס האָט זיך מיר פֿאַרגלוסט אַ כּוסה“, האָט זי אַ זאָג געטאָן, און כּעמיע איז באַלד אַרויס־געלאָפֿן קויפֿן בראָנפֿן.

בײַם טיש האָט זי געהאַט אַ טענה צו כּעמיען: „מיט לײבלען זענט איר אויף דו, און מיט מיר נאָך נישט“.

„שוין טאָקע צײַט“, האָט לײבל מסכּים געװען.

„לאָמיר טרינקען ברודערשאַפֿט“, האָט כּעמיע אויפֿגעהויבן זײַן גלעזל און מע האָט אָנגעקלאַפּט די גלעזלעך.

„בײַ אַזאַ געלעגנהײט צעקושט מען זיך“, האָט לײבל געפּסקנט.

כּעמיע איז אַריבערגעגאַנגען אויף געניעס זײַט טיש און זײ האָבן זיך צעקושט.

„זאָג מיר, דו“, האָט געניע געפֿאָדערט.

„געניע, דו“.

געניע האָט זיך הילכיק צעלאַכט.

„גענוג פֿאַר אײַך... דיר“, האָט כּעמיע אַרויפֿגעלײגט זײַן האַנט אויף דער פֿלאַש װען געניע האָט געװאָלט אָנגיסן פֿאַר זיך נאָך אַ גלעזל.

„אַז דו װעסט נישט אויפֿהערן פֿאַרגעסן מיר צו זאָגן דו. װעל איך נישט אויפֿהערן טרינקען“.

לײבל האָט זיך שוין געװאַקלט אויף די פֿיס, כאָטש ער האָט געטרונ־קען װײניקער װי די אַנדערע. כּעמיע האָט געװאָלט עס זאָל בלײַבן װײניקער פֿאַר געניען, האָט ער נישט אויפֿגעהערט טרינקען. עס האָט אים געראַשט אין קאָפּ, ער װעט גײן שלאָפֿן װי נאָר לײבל און געניע װעלן אַװעק. לײבל האָט זיך געאײַלט, ער האָט געהאַפֿט נאָך אַרײַנ־צוכאַפּן אַ ביסל אײנקאָסע.

געניע איז שיִער געפֿאַלן װען זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַהײמצוגײן.

כעמיע איז צוגעלאָפן זי אונטערהאַלטן, זי האָט אַרויסגעריסן איר אָרעם פון זײַן האַנט: „גייטס אַלע אַוועק, כ'האָב אײַך ביידע פײַנט".

„פיר זי אַהיים מיט אַ דראָזשקע", האָט כעמיע געעצהט לייבלען.

„זי וווינט בײַ אַ קוזינע, און עס וועט אָנקומען צו איר טאַטן, כ'קאָן זי נישט אַהיימפירן אין אַזאַ מצב".

„ער וועט אויסגעבן אויף אַ דראָזשקע?" האָט געניע ביטער געלאַכט.

„עך קאָנט דאָ נעכטיקן הײַנט אויך", האָט כעמיע פאָרגעלייגט.

„כ'דאַרף זיך זען מיט עמעצן, ס'איז זייער גענייטיק".

„ווּעסטו זיך זען מיט אים מאָרגן".

„ס'איז וועגן אויסקויפן אַ פּראָטעסטירטן וועקסל. כ'על זײַן צוריק אין אַ שעה, אַנדערטהאַלבן".

„מע דאַרף נישט", האָט געניע זיך אָנגערופן, „ס'וועט מיר שוין בעסער, כ'על באַלד אַהיימגיין".

„ס'עט מיר נעמען נישט מער ווי אַ שעה, אפשר נאָך ווייניקער".

„אײַל זיך נישט. אויב מ'עט דאַרפן, 'עט כעמיע נעמען אַ דראָזשקע — ווי אַלע מאָל".

„כ'על דיר צוריקגעבן פאַר דער דראָזשקע, כעמיע", האָט לייבל געזאָגט און געוווּסט, אַז געניע ווייסט, אַז ער ווייסט, אַז כעמיע וועט עס נישט נעמען.

„ס'עט זײַן אַ באַנקראָט, ס'עט זיכער זײַן אַ באַנקראָט", האָט געניע געמורמלט צו זיך. זיי האָבן געמיינט אַז זי רעדט פון שיכּרות.

ווען כעמיע האָט געפירט לייבלען צו דער טיר, האָט געניע זיך אַרײַנגעשלעפּט אין שלאָפשטוב און פאַרשלאָסן זיך פון אינעווייניק. כעמיע איז צוריקגעקומען פון דער טיר און זי געזוכט. ער האָט געהערט ווי דאָס בעט האָט זיך צעקרעכצט אין דער שלאָפשטוב. ער האָט געקלאַפּט אין דער טיר, זי האָט נישט געענטפערט. ער האָט פּראָבירט די קליאַמקע און געזען אַז די טיר איז פאַרשלאָסן. „גיב מיר אַרויס אַ קישן, כ'על שלאָפן אויף דער קאָזעטקע.

זי האָט זיך נישט אָנגערופן.

ס'איז שוין געווען העלער טאָג. כעמיע האָט זיך איבערגעוועקט און דערזען, געניע קניט בײַ דער קאָזעטקע. זי האָט זיך צעכליפּעט ווען זי

האָט דערזען זײַנע אָפענע אויגן. נאָך אײדער ער האָט זיך אויסגעטשוכעט פון שלאָף, איז זי אויפגעשפּרונגען און געלאָפן צו דער טיר.

מער װי צװײ װאָכן האָבן געניע און לײבל זיך נישט געװיזן. אין אַן אָװנט אין דער דריטער װאָך, װען כעמיע איז אַהײמגעקומען שפּעט, האָט ער געפונען געניען לעבן זײַן טויער.

„געניע? װאָס זעט מען אײַך גאָר נישט?"

„געװוען פאַרנומען".

„װוּ איז לײבל?"

„װאָס מאַכסטו, כעמיע? גײסט אַרויף אין שטוב?"

„יאָ".

„קום, כ'גײ מיט".

אין שטוב האָבן בײדע געשװיגן. געניע האָט זיך אויסגעצױגן אויף דער קאָזעטקע, כעמיע איז געזעסן בײַם טיש און געביסן זײַנע נעגל.

„קום, זעץ דיך דאָ", האָט זי אים גערופן.

ער האָט צוגערוקט זײַן שטול.

„זעץ דיך דאָ", האָט זי געװיזן אויף דער קאָזעטקע, „לעבן מיר". כעמיע האָט זי געפאָלגט אומגערן.

„האָסט מיך געפרעגט װוּ לײבל איז. ער איז געגאַנגען שלאָפן, איך האָב אים געשיקט אַהײם שלאָפן".

כעמיע האָט נישט פאַרשטאַנען װאָס זי װיל אים זאָגן, האָט ער געשװיגן.

„צװײ װאָכן האָב איך פּראָבירט דיך אויסמײַדן, כ'קאָן מער נישט. כ'האָב דיך ליבע, כעמיע".

געניע האָט אײַנגעדרימלט ערשט פאַר טאָג, מיט אַן אָרעם אַרום כעמיעס האַלדז. כעמיע איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און נישט געקאָנט זיך פונאַנדערקלײַבן װאָס עס איז געשען. אין זײַן קאָפּ האָבן די געדאַנקען געמאַכט קאָזשלקעס אײנס איבער ס'אַנדערע. „אַך, אַ מויד, אַ מויד!" האָט עס אין אים אויסגעקלאַפּט מיט דער רעגולערקײט פון אַ זײגער. ער איז דאָך נישט קײן בתולה, ער װאָלט נישט געקאָנט אויסרעכענען די אַלע שיקסעס װאָס ער האָט שױן געהאַט. דאַרע, דיקע; הױכע, קלײנע; פעסטע װי די קאַבילעס, װאָס האָבן געהירזשעט און כיכיקעט; שמאַלע, מיט שפּיציקע נעזער און פאַרנעפּלטע שליפיעס, װאָס האָבן געריטשעט.

געקייַכט און געכליפּעט; צעוואַקסענע, לייַביקע גופים וואָס האָבן געלאָזט מיט זיך טאָן וואָס ער האָט געוואָלט; און צאַפּלדיקע, וואָס האָבן זיך געבראָכן אין קראַמפּן און אַרייַנגעקלאַמערט זיך אין אים, מיט די ציין זיך אַרייַנגעביסן. מיידן וואָס האָבן געפלאַקערט, שנעל זיך אויסגעפּלאַ־קערט און געבליבן ליגן ווי פאַרלאָשענע, אויסגערייכערטע האָלעווושקעס; און ווידער אַנדערע וואָס האָבן שׂהען געצאַפּלט אין קאָנוווּלסיעס מיט גופים ווי אייַז, אָטעם ווי גליִעדיקער פעך, און צום סוף געבליבן ליגן פאַרחלשטע ווי געפּגרט. אָבער ער געדענקט נישט קיינע, קיין איינע זאָל אים האָבן אַזוי צענומען ווי געניע, אַזוי אָנגעגאָסן אים מיט תאווה און פאַרגעניגן, און אַז יעדער טראָפּן בלוט אין אים זאָל אַזוי מיטשפּילן ווי הייַנט.

עד, אַ מויד, אַ מויד, האָט אַ חתן און קומט צו אים, און בלייַבט בייַ אים. וויל זי איבעררייַסן מיט לייבלען און גיין צו אים? וואָס וועלן מענטשן זאָגן, אַן אייגענער חבר? אפשר איז עס נאָר אַזוי זיך, זי איז דאָך אַזאַ ראַסאָווע...

זי קלאָגט זיך אַז לייבל האָט נישט וואָס צו רעדן מיט איר, וואָס וועט זי האָבן צו זאָגן וועגן דעם פּראָסטן יונג כעמיע? פאַרמעסטן זיך מיט די פויסטן — דאָס יאָ. אויב שקצים וואָלטן אויף איר אָנגעפאַלן, וואָלט ער באַוויזן וואָס ער קאָן. אוי, וואָלט ער זיי צעבויקערט! אָבער רעדן מיט איר, וועגן וואָס וויל זי דען רעדן?

„כעמיע?" געניע האָט זיך איבערגעוועקט.

„וואָס, געניע?"

„כעמיע, כעמיע!"

„וואָס, געניע?"

„כ'האָב דיך אַזוי ליב, כעמיע, אַז איך ווער משוגע. און דו, גענאַרסט מיך נישט?"

„וואָס, געניע?"

„האָסט געזאָגט, האָסט מיך ליב, האָסט מיך נאָך אַלץ ליב?"

ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט אַז ער האָט עס געזאָגט. איז עס אמת? ער ווייסט אַליין נישט. אָבער ער האָט געענטפערט: „יאָ".

„אַן אַ חופּה. אויב דער טאַטעשי וואָלט געוווּסט..."

„איך בין דאָך שטאַרקער פון דיר, וואָלסט זיך נישט געקאָנט אָקעגנשטעלן".

„נאַרעלע דו, איך האָב זיך נישט געוואָלט אָקעגנשטעלן. איך האָב דיך געוואָלט, דו, מײַן גרויסער העלפאַנט! ביסט דאָך טאַקע אַ העלפאַנט, האָט זי זיך צעלאַכט, „געב אַ קוק אויף דײַן גרויסער נאָז, אויף די דיקע, שטאַרקע פיס. דו, מײַן גרויסער העלפאַנט, צעקוועטש מיך!"

געניע האָט אָפּגעריסן איר מויל פון כעמיעס: „דו ווייסט ווי לאַנג איך האָב דיך שוין ליב? דו ביסט דאָך אַזאַ גרויס נאַרעלע, האָסט גאָר נישט דערקענט? איך האָב געוואָלט אַנטלויפן פון דיר, כ'האָב געוואָלט דיך אויסמײַדן, דערפאַר בין איך נישט געקומען אַהער ביז נעכטן, אָבער ס'האָט גאָר נישט געהאָלפן. אוי, נישט גוט איז מיר, ס'איז שוין באַלד נײַנע. לייבל קומט יעדן טאָג מיך נעמען צו דער אַרבעט. כעמיעלע, לייבל דאַרף דערווײַל גאָרנישט וויסן, כ'על אים צוגרייטן איינציקווײַז".

כעמיע האָט געשוויגן ווען געניע האָט געפּודערט איר פּנים, געגרייט זיך אַוועקגיין. בײַ דער טיר האָט זי אים געזאָגט: „וואַרט אויף מיר אויף דער נאַכט, כ'על לייבלען ווידער שיקן שלאָפן".

כעמיע האָט געוואָלט אַ שמייכל טאָן, אָבער עס איז אים אויפגע־גאַנגען אַ ביטערקייט אין מויל.

„גיסט מיר נישט אַ קוש צום געזעגענען?"

„אַ קאַלטער קוש, אָבער כ'ווייס אַז דו קאָנסט בעסער", האָט זי געזאָגט נאָכן קוש און אַ וווּנק געטאָן צו אים מיט איין אויג.

## ב.

געניע האָט זיך געגרייט גיין צו דער אַרבעט ווען דער טירגלאָק האָט אַ קלונג געטאָן. צו איר קומט מען נישט אַזוי פרי, עס מוז זײַן צו דער באַלעבאָסטע. דער גלאָק האָט נישט אויפגעהערט קלינגען, פויסטן האָבן גענומען קלאַפּן אין טיר. „עפנט, ס'איז די פּאָליציי!"

געניע האָט קוים באַוויזן צו כאַפּן אויף זיך דעם מאָרגנראָק ווען די טיר איז אויפגעבראָכן געוואָרן. מונדירטע און ציווילע פּאָליציאַנטן האָבן גענומען מאַכן אַ רעוויזיע.

זיי האָבן איבערגעקערט אַלץ אין דעם הויז, באַקוקט יעדעס שטיקל

פּאַפּיר, באַטאַפּט יעדער מלבוש און שטיקל וועש, אויסגעשיט דאָס שטרוי פון שעניק, אַפילו די קישנ׳ס אויפגעטרענט.

געניע האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָ איז געשען. דער טאַטעשי האָט דאָך צוריקגעצאָלט יעדן גראָשן וואָס מאַניעק האָט געגנבעט אין דער באַנק און מע האָט פאַרריכט די ביכער. ווער האָט ווידער אויפגערודערט דעם עסק? האָט מאַניעק זיך מודה געווען? טאָ וואָס וויל מען פון איר?

די גאַנצע דירה האָט שוין אויסגעזען ווי אַ חורבה און ערשט איצט האָבן זיי זי אָנגעהויבן אויספרעגן: ,,ווער זענען דײַנע חברים? ווו באַהאַלטסטו די אומלעגאַלע ליטעראַטור? ווו גייסטו אויף קאָמוניסטישע סכאָדקעס?״

קאָמוניסטישע סכאָדקעס? אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון האַרץ, ס׳איז געשען עפּעס אַ טעות. ,,דער פּאַן איז זיכער אַז ער האָט דעם ריכטיקן אַדרעס? איך בין אַ ציוניסטקע״.

,,מיר ווייסן, מיר ווייסן, אַלע זאָגן אַזוי. דו זײַ זיך בעסער מודה מיט גוטן״.

זיי האָבן געניען מיטגענומען מיט זיך. אויף דער ,,דעפּענסיווע״, די פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי, האָט מען זי ווידער גענומען אויספרעגן. דערהערט זי האָט אַ חתן, האָבן זיי באַלד אָנגעשיקט מאַכן אַ רעוויזיע בײַ לייבלען אין דער היים; אויך אין דעם געשעפט ווו געניע האָט געאַרבעט האָט מען געזוכט קאָמוניסטישע ליטעראַטור.

ערשט נאָך אַ גאַנצן טאָג אויספרעגן האָט מען געניען געוויזן אַ פאָטאָגראַפיע וואָס זי האָט זיך געמאַכט מיט אַ צוויי יאָר צוריק אין גורוויטש. ,,ועמען האָסטו דאָס געגעבן?״

געניע האָט זיך באַמיט צו דערמאָנען און אויסרעכענען וועמען אַלץ זי האָט געגעבן איר בילד.

,,מער קיינעם נישט?״

,,איך מיין אַז נישט״.

,,דו זאָגסט ליגן. וואָס מער ליגנס דו וועסט זאָגן, אַלץ ערגער וועט זײַן. וועמעס האַנטשריפט איז דאָס?״ דער אויספאָרשער האָט איר געוויזן אַ פּאָסטקאַרטל.

,,עס זעט אויס ווי מײַן האַנטשריפט״.

„לייען עס, לייען עס אויפן קול״.

זי האָט צו ערשט איבערגעלייענט דעם אַדרעס. שוין אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן וועגן דעם קאַרטל וואָס זי האָט געהאַט געשריבן צו איטשעלע מילקעס נאָך דעם ווי ער האָט געוואָלט נעמען אויף זיך די גאַנצע שולד פאַר דער גניבה אין דער באַנק. זי האָט געלייענט אויפן קול: „כ׳ווייס נישט וואָס דער פאָן איז אויסן געווען, אָבער איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן, אַפילו דאָס בלויזע ווערן העלפן״.

„ווער איז ער? וואָס פאַרבינדט אים מיט דיר? און וואָס האָט ער געוואָלט העלפן?״ האָט מען זי באַוואָרפן מיט פראַגעס.

„ווער ער איז, ווייסן דאָך די פאָנעס. עס פאַרבינדט מיך מיט אים גאָרנישט, אַבסאָלוט גאָרנישט. אַלע האָבן געוווסט וועגן די להכעיסדיקע שטיק וואָס ער טוט אָפּ זיין טאַטן. איך האָב אים אַ מאָל געזען אין גאַס, אָבער קיין מאָל צו אים נישט אויסגערעדט אַ וואָרט. דאָס קאַרטל? ער האָט אַ מאָל פּראָבירט מיר העלפן, איך ווייס אַליין נישט פאַר וואָס. אפשר איז עס געווען איינס פון זיינע שפּיצלעך. אַז ער האָט פּראָבירט מיר העלפן, האָב איך אים געדאַנקט״.

„און וואָס האָט ער געוואָלט העלפן? ווי אַזוי האָט ער געוואָלט העלפן?״

„כ׳געדענק נישט״.

„אהאָ, דו האָסט פּלוצלינג באַקומען אַ שוואַכן זכרון? ווער עס איז קלוג און וויל נאָך אַ מאָל זען די פריי, געדענקט און דערציילט אַלץ. ווער עס ,געדענקט׳ נישט, פוילט אין תּפיסה״.

ביז איצט איז איר לייכט געווען, זי האָט געזאָגט דעם אמת. איצט האָבן זיי געהאַלטן אין איין איבערחזרן די זעלביקע פראַגע און זי האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן. דער טאַטעשי האָט אָוועקגעגעבן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט צו פאַרווישן די שפּורן פון דער באַנק־גניבה און איבער אַ נאַריש פאָסטקראַטל וועט זי מוזן אַלץ דערציילן.

נאָך אַ גאַנצן טאָג אויספרעגן האָט מען אין אָוונט צוגענומען ביי איר איר בייטל; זי האָט אַפילו געמוזט אָוועקגעבן די בענדלעך פון איר קאָרסעט. זיי האָבן גענומען אירע פינגער־אָפּדרוקן, זי פאָטאָגראַפירט און זי אַריינגעוואָרפן אין אַ צעל. גוט אַז נישט איינצלצעל, דאָרט איז שוין געווען נאָך אַ מיידל.

דאָס אַנדערע מיידל האָט איר דערציילט אַז זי גייט מאָרגן אַרויס אויף קויציע אויב געניע וויל, קאָן זי פֿאַר איר מיטנעמען אַ צעטעלע. געניע האָט איר געגעבן אַ צעטעלע צו דער קוזינע בײַ וועלכער זי האָט געוווינט, זי זאָל בשום־אופן נישט לאָזן דאָס זאָל אָנקומען צום טאַטעשי. דער גאַנצער אַרעסט איז אַ טעות, עס וועט זיך אויפקלערן.

ווי נאָר דאָס מיידל איז אַוועק האָט געניע חרטה געהאַט אויף דעם צעטעלע. זי ווייסט נישט וואָס צו טאָן, זי ווייסט נישט וואָס צו זאָגן. זי וועט פֿאַרפֿוילט ווערן אין קרימינאַל אויב דער טאַטעשי וועט איר נישט דינגען אַן אַדוואָקאַט.

געניעס צעטעלע איז גאָר אָנגעקומען צו אירע אויספֿאָרשערס. „פֿאַר וואָס זאָלסטו לײַדן פֿאַר עמעצנס זינד?" האָט דער אויספֿאָרשער געטענהט מיט איר, זאָג אַלץ און מע וועט דיך אַרויסלאָזן איידער עס וועט אָנקומען צו דײַן טאַטן. זאָג כאָטש ווו דער איטשע געפֿינט זיך. דו מוזט וויסן ווו ער פֿלעגט זיך באַהאַלטן. ער איז אַ מערדער, ער האָט געשטאָכן אַ מענטש, דו ווילסט זײַן אַ מיטבאַשולדיקטע אין אַ מאָרד? דו ווילסט פֿאַרטשוואָקעט ווערן אין תּפֿיסה אויף דײַן גאַנץ לעבן?"

„כ'האָב אין מײַן לעבן נישט אויסגערעדט מיט אים קיין איין וואָרט. וואָס זאָל איך טאָן איר זאָלט מיר גלייבן?" האָט געניע זיך געבעטן און זיך באַגאָסן מיט טרערן.

„דערצייל מיר נישט קיין מעשׂיות, אַ מיידל גיט נישט איר בילד צו עמעצן וואָס זי האָט קיין מאָל נישט אויסגערעדט צו אים אַ וואָרט".

נאָך דער רעוויזיע בײַ זײַן טאַטן אין הויז האָט לייבל זיך אויס־באַהאַלטן. ער האָט געהאַט נסים וואָס זיי האָבן אים נישט געפֿונען אין דער היים, אויב נישט וואָלטן זיי אים זיכער מיטגענומען. ער האָט גענעכטיקט בײַ אַ ווײַטן קרוב און איז אַפֿילו נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט און היזק געהאַט זײַן געהאַלט. לייבל איז געווען פֿאַרצווייפֿלט. מע וועט דאַרפֿן אוצרות אויף אַדוואָקאַטן, איצט וועט שוין נישט בלײַבן אויף קיין נדן, אַפֿילו נישט אויף אַ דירה מיט מעבל. דאָס וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט פֿון איר געלט וועט אויך צעטרענצלט ווערן. ער וועט ווידער מוזן טראָגן געלאַטעטע מלבושים און גיין שלאָפֿן הונגעריק. מיט אַ טאָכטער וואָס איז געזעסן אין קרימינאַל איז אַ נדן פֿון טויזנט דאָלאַר נישט צו פֿיל, אָבער דער מחותּן וועט נישט האָבן פֿון וואַנען צו נעמען.

און אפשר האָט זי טאַקע אַ מאָל געהאַט מחזקות מיט די רויטע? אַ ליבע אויף זײַן קאָפּ! מע האָט אים אַרײַנגענאַרט אין אַ זאַק אײדער ער האָט באַװיזן זיך נאָכצופֿרעגן װעגן איר. ער איז גוט אַרײַנגעפֿאַלן.

לײבל האָט געשפּאַנט דורך דער געגנשע־גאַס מיט אַ גיכן טריט, װען ער האָט געהערט מע רופֿט אים. דער ערשטער אימפּולס איז געװען צו אַנטלויפֿן. ער האָט זיך באַלד געכאַפּט אַז אַ הײמיש קול רופֿט אים אויף ייִדיש. ס׳איז געװען כעמיע. „גוט אַז ביסט שוין צוריקגעקומען, כ׳על קאָנען נעכטיקן בײַ דיר. כ׳קאָן נישט אַהײמגײן, ז׳עלן מיך אויך אַרעסטירן”.

„װאָס פֿאַר אַן אַרעסטירן? דו רעדסט נישט פֿון װעג?”

„אין כעלמיש װײסט מען גאָרנישט?”

„װאָס?!”

װען כעמיע האָט געהערט װאָס עס איז געשען, האָט ער זיך צעשריגן אויף לײבלען: „פֿאַר װאָס האָסטו מיר נישט צו װיסן געטאָן? פֿאַר װאָס ביסטו נישט געקומען מיר זאָגן, אָדער כאַטשיק געשיקט אַ טעלעגראַמע כ׳זאָל קומען?”



„מע האָט געמײנט אַז עס פֿעלט געלט אין דער באַנק װוּ געניע איז געװען קאַסירערין, איז דער משוגענער איטשע מילקעס געקומען זאָגן, אַז ער האָט עס געגנבעט. עס האָט זיך גיך אַרויסגעװיזן אַז קײנער האָט נישט געגנבעט; דער איטשע האָט נאָר געװאָלט פֿאַרשאַפֿן זײַן פֿאָטער נאָך אַ חרפּה”. אַזוי האָט דער אַדװאָקאַט, װאָס כעמיע האָט אָנגעשטעלט, דערקלערט געניעס קאַרטל. אין דער באַנק האָט מען באַשטעטיקט אַז עס איז טאַקע אַזוי געװען, און מע האָט געניען אַרויסגעלאָזט אויף קויציע װאָס כעמיע האָט פֿאַר איר אײַנגעלײגט.

נאָך כעמיעס אַ נסיעה קײן גורװיטש האָט זיך אויך אויפֿגעקלערט די מיסטעריע מיט דער פֿאָטאָגראַפֿיע, דער פֿאָטאָגראַפֿיסט האָט צוליב רעקלאַמע אַרויסגעהאָנגען געניעס פֿאָטאָגראַפֿיע אין זײַן אויסשטעל־פֿענצטער. װען מע האָט אײן מאָל צעבראָכן די שויב און די פֿאָטאָגראַפֿיע האָט געפֿעלט, האָט ער געמײנט אַז דאָס האָבן געטאָן די נײַע רעקרוטן צום מיליטער, די לעצטע נאַכט אין ציװיל טוען זײ אָפּ פֿאַרשײדענע

שפּיצלעך. גיי ווייס אַז דאָס האָט געטאָן דער משוגענער זון פון ראָש־הקהל.

מע האָט געניען צוריקגעגעבן די קויציע.

„ער איז גאָר נישט אַזוי משוגע, דער איטשע”, האָט כעמיע געזאָגט געניען, „ער איז פאַרליבט אין דיר”.

„ער האָט מיר קיין מאָל גאָרנישט געזאָגט, אַפילו נישט געשריבן. אַזאַ פּיצעלע מענטשעלע, אָבער אַ האַרץ האָט ער. ווען ס'איז געשען דאָס אומגליק מיט דער באַנק האָבן אַלע געהאַט אַ שטיקל נקמה אין די שטאָלצע פרידעס, דער איטשע האָט אַרויסגעוויזן רחמנות אויף זײַן שטייגער”.

ג.

כעמיע האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע. די ברידער האָבן דורך פּאָסט אים געשיקט די באַשטעלן, און ער האָט אין וואַרשע אײַנגעקויפט די סחורות און זיי אַהיימגעשיקט דורך אַן עקספּעדיציע, אָדער מיט אַ געדונגענעם וואָגן. געניע האָט ווידער געאַרבעט אויף איר פריִערדיקן פּאָסטן ווו זי האָט זיך געזען מיט לייבלען, אָבער די אָוונטן האָט זי לרוב פאַרבראַכט מיט כעמיען.

פלוצלינג איז עפּעס געשען מיט לייבלען. ער האָט מער נישט געוואָלט גיין פרי שלאָפן, ער האָט מער נישט געדאַרפט גיין אויף אינקאַסע, ער איז אַפילו גרייט געווען צו גיין אין אַ קינאָ און טאַקע קויפן די בילעטן, אַבי זײַן מיט זײַן כלה.

דעם אָוונט האָט געניע געזאָגט אַז זי האָט אַ קאָפּווייטיק און מוז גיין אַהיים. לייבל האָט זי געלאָזט גיין אַהיים, אָבער איז שפּעטער געקומען זען וואָס זי מאַכט. זי איז נישט געווען אין דער היים.

געניע איז געווען בײַ כעמיען ווען לייבל האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. זי האָט קוים באַוויזן אַרײַנצושפּרינגען אין אַ שאַנק.

ווען לייבל איז אַוועק איז געניע אַרויסגעקומען פון דער שאַנק מיט אַ געלעכטער: „האָב נישט קיין מורא, ער וועט זיך שעמען זוכן אין די שענק”.

געניע האָט אויפגעהערט לאַכן ווען זי האָט דערזען כעמיעס פּנים:
„וואָס איז געשען? האָסט זיך דערשראָקן?"

„ס'עט מער נישט געשען, דו וועסט דאָ מער נישט קומען".

„ווו דען וועלן מיר זיך טרעפן?"

„מיר וועלן זיך מער נישט טרעפן".

„וו־אָ־אָ־ס? האָסט ערשט געשווירן אַז קאָנסט אָן מיר נישט לעבן".

„כ'האָב דיך צו פיל ליב אַז..."

„ווילסט כ'זאָל זאָגן לייבלען? וועל איך אים זאָגן. דו מיינסט מיר איז לײַכט אַזוי?"

„זאָג אים. כ'על אים נישט קאָנען קוקן אין די אויגן, אָבער דו מוזסט אים זאָגן".

„איך וועל מײַן טאַטעשי נישט קאָנען קוקן אין די אויגן, אָבער מיר מוזן בײדע זיך אָנטאָן אַ כּוח. כעמיעלע, ווען ס'עט ווערן אָן אָפענע זאַך, 'עסטו נאָך אַלץ זײַן אַזוי גוט צו מיר?"

כעמיע האָט נישט באַלד געענטפערט. געניע האָט זיך אָנגעהאָנגען אויף זײַן האַלדז און זײַן לעבעדיקייט איז צוריקגעקומען. ער האָט זי אַ הייב געטאָן און זי אַוועקגעטראָגן צו דער קאָזעטקע.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט ווען געניע האָט זיך אָפּגעריסן פון כעמיען צו גיין אַהיים. כעמיע האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַרשליסן די טיר ווען ער האָט געהערט אירע טריט לויפן צוריק אַרויף. ער האָט צוריק געעפנט די טיר, ער האָט געהערט טאָפּלטע טריט. געניע איז אַרײַנגעלאָפן, לייבל נאָך איר.

„כ'האָב געוווּסט ביסט דאָ", האָט לייבל געסיטשעט צווישן די ציין, „אַפילו כ'וואָלט געדאַרפט שטיין אויף די טרעפּ ביז מאָרגן וואָלט איך נישט אָפּגעטרעטן".

„כ'האָב געוווּסט אַז דו שטייסט אויף די טרעפּ, דו טוסט דאָך דאָס זעלביקע מיט דײַנע בעלי־חובֿות. גוט אַז איך בין ווערט די מי וואָס אַ וועקסל אויף פופציק זלאָטעס".

„בײַ לייבל ברין נעמט מען נישט צו קיין געלט, מע נעמט בײַ אים אויך נישט צו קיין כּלה!"

לייבל האָט געקוקט דראָענדיק צו כעמיען, כעמיע האָט געשוויגן.

„וואָס טוט זיך דאָ?" האָט לייבל געקוקט צוביידן, איצט מיט בעטנדיקע אויגן. „דו האָסט דאָך אַ קאַפּווייטיק", האָט ער זיך געווענדט צו געניען.

„כ'בין געקומען זאָגן כעמיען וועגן מײַן קאָפּווייטיק. כ'בין געקומען אים זאָגן, אַז איך האָב אים ליב, אַז איך קאָן אָן אים נישט לעבן".

„דו ביסט מײַן כּלה".

„בעסער צעריסענע תּנאָים ווי אַ צעריסן לעבן".

„דו מיינסט מע קאָן אַ שטר־תּנאָים וואַרפֿן אין מיסט ווי אַ שטיק אשר־יצר־פּאַפּיר? מע דאַרף באַצאָלן ממים און דמים!"

„כ'על באַצאָלן וויפֿל דו ווילסט", האָט כעמיע זיך ערשט איצט אָנגערופֿן.

עס איז געוואָרן שטיל אין שטוב, פּאַרכטיק שטיל. געניע האָט פּראָבירט טרעפֿן וויפֿל לייבל וועט זיך הייסן געבן.

פּלוצלינג איז די שטוב פֿול געוואָרן מיט יאָמער: „וואָס מיינט עץ, כ'על מײַן לעבן פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ פּאָר זלאָטעס?" האָט לייבל געשריגן און ווײַטער געשלוכצט. „אַז איך בין נישט קיין הולטײַ, מיינט עץ אַז כ'האָב נישט קיין האַרץ?" ער איז צוגעלאָפֿן צו כעמיען: „דו ביסט דאָך אַ גוטער, כ'בעט דיך. דו האָסט דאָך אַ סך, איך האָב נאָר איין געניע".

דער ריז כעמיע האָט געציטערט ווי אַ בלאַט אין ווינט. לייבל האָט אויפֿגעריסן דאָס העמד אויף זײַן ברוסט: „נאַ, נעם אַ מעסער און שטעך אַרײַן! דערהרגע מיך, אָבער נעם מיר נישט צו געניען".

כעמיע האָט אָנגעכאַפּט לייבלען בײַם אָרעם און אים צוגעפֿירט צו געניען. „גייטס, גייטס ביידע, איך דאַרף זיך פֿאַרפּאַקן, איך פֿאָר אַוועק".

„כעמיע, כ'בעט דיך, פֿאָר נישט אַוועק איידער דו מאַכסט שלום צווישן אונדז", האָט לייבל זיך געבעטן. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו געניען: „וואָס ווילסטו, געניע? דו ווילסט קינאָס, טעאַטערס? גוט. ס'איז דײַן געלט פּונקט ווי מײַנס. כ'האָב נאָר געמיינט דײַן גוטס".

כעמיע האָט מיט זײַנע שטאַרקע הענט אָנגענומען ביידנס אָרעמס און זיי געפֿירט צו דער טיר.

„וווהין פֿאָרסטו? ווען קומסטו צוריק?" האָט געניע געפֿרעגט.

„כ'ווייס נאָך גאָרנישט".

ווען געניע און לייבל זענען שוין געווען בײַ די טרעפּ האָט כעמיע

אויסגעדרייט ליבלען צו זיך און אים געזאָגט: „איך האָב זי ליב, דאָס זאָלסטו וויסן, אָבער דו ביסט איר חתן".

כעמיע איז געפאָרן אהין און צוריק צווישן כעלמיש און וואַרשע און אין ערגעץ נישט געקאָנט איינזיצן. איין מאָל, שפּעט אין אָוונט, ווען ער איז געקומען צו זיין פּעטערס דירה, האָט זיך אים געדאַכט אַז ער זעט גענינען אין דעם קעגנאיבערדיקן טויער. ער האָט זיך שנעל דער־וויטערט און צוריקגעקומען שוין נאָכן שליסן די טויערן. ווען דער סטרוזש האָט געעפנט פאַר אים דעם טויער האָט ער אים געזאָגט אַז אַ יונגער־מאַן איז געקומען צו אים עטלעכע מאָל דעם אָוונט, אַז דער זעלביקער יונגער־מאַן איז דאָ געווען אַ סך מאָל ווען ער איז געווען אַוועקגעפאָרן.

עס איז שוין געווען נאָך צוועלף ביי נאַכט ווען מע האָט געקלאַפּט אין טיר. ס'איז געווען ליבל, ער האָט געשלעפּט גענינען נאָך זיך. „ז'איז דאָ געווען אַ גאַנצן אָוונט?" האָט ער געפרעגט ווען ער איז נאָך געווען ביי דער טיר. ער איז אַריין און צוגעקומען נאָענט צו כעמיען: „דיר גלייב איך, כעמיע. כ'בין דיך נישט חושד אין עפּעס שלעכטס, זאָג מיר, זי איז דאָ געווען?"

גענינע האָט געביסן די ליפּן און געשוויגן. זי האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן צו כעמיען, אָבער אירע שטענדיק שיינע, מאַנדל־פאָרמיקע אויגן זענען געווען געשוואָלן און רויט.

„זי איז דאָ געווען, יאָ?"

„פאַר וואָס פרעגסטו נישט גענינען?"

„דיר גלייב איך".

„איר גלייבסטו נישט, און ווילסט מיט איר חתונה האָבן?"

„זאָג מיר נאָר צי זי איז דאָ געווען, דו ביסט מיין חבר פּונקט ווי אירער".

„כ'בין מער נישט דיין חבר, און לאָז מיך צו רו".

„אהאַ, כ'האָב געוווסט ביסט דאָ געווען, כ'האָב געוווסט אַז כעמיע וועט נישט טשאַקן מיט ליגנס — ווי דו. וואָס ווילסטו פון מיין לעבן? כ'על זיך אַ מעשה אָנטאָן". ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ מעסער פון טיש, „כ'על זיך דערהרגענען דאָ, אין ענקערע אויגן".

כעמיע האָט אָנגעכאַפּט לייבלס האַנט און אַזוי שטאַרק אַ קוועטש געטאָן, אַז דאָס מעסער איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע.

„כ׳על מיך סײַ ווי דערהרגענען", האָט לייבל געקרעכצט און אויפגע־הויבן דעם קאָפּ צו געניען. „דו ווילסט כ׳זאָל מיך אַריבערפּעקלען אויף יענער וועלט, וועסטו קאָנען לויפן צו אים. נישט בײַ מײַן לעבן און אויך נישט נאָך מײַן טויט. „כ׳על דיך מיטנעמען..."

„לייבל, באַרויִק זיך, געניע איז דאָ נישט געווען, נישט הײַנט, נישט נעכטן, נישט זינט..."

„זי זאָל אַזוי לעבן!" האָט לייבל אים איבערגעריסן מיט אַ קללה. געניע האָט אַ שפּײַ געטאָן, לייבל איז צוגעלאָפן און אַראָפּגעלאָזט אויף איר ביידע פויסטן.

כעמיע האָט אויפגעפּראַלט די טיר, אַ כאַפּ געטאָן לייבלען און אים אַרויסגעשטעלט אויף יענער זײַט שוועל: „גיי, און זאָלסט זיך נישט דערוועגן מער קומען צו מיר. איך וויל דיך מער נישט קענען".

לייבל האָט נישט אָפּגעטרעטן, נישט אויפגעהערט קלאַפּן מיט די פויסטן אין דער פאַרשלאָסענער טיר. כעמיע איז אַרויס צו אים, ער האָט אים אונטערגעהויבן ווי אַ שפּענדל און אים אַראָפּגעטראָגן. דער סטרוזש האָט געעפנט דאָס טויער און עס צוריק פאַרשלאָסן הינטער לייבלען.

כעמיע האָט נאָך אויף די טרעפּ געהערט געניעס געוויין. אַ צאָן האָט בײַ איר געבלוטיקט, דאָס רעכטע אויג אָנגעלאָפן מיט געשווילעכץ.

„מע דאַרף צולייגן קאַלט וואַסער".

„ס׳איז מיר שוין אַלץ אײנס", האָט געניע געשלוכצט.

ער איז אַרײַנגעלאָפן צום קראַן נאָס מאַכן זײַן נאָזטיכל.

„דו גיסט מיר קאַלטע קאָמפּרעסן, זאָלסט מיך קאָנען שנעלער צוריק־שיקן צו אים? כ׳וועל נישט גיין, אַפילו אויב דו וועסט מיר אונטער־האַקן דאָס אַנדערע אויג".

„איך וועל נישט אויפהייבן קיין האַנט אויף דיר — קיין מאָל נישט! איך וועל זײַן גוט צו דיר, געניעלע. כ׳על דיר אָפּצאָלן מיט גוטס פאַר די קלעפּ, פאַר אַלע צרות. דו האָסט אַזאַ ביטער מזל, געניעלע; אין גורוויטש מיט דער באַנק, דאָ מיט דער ‚דעפּענסיווע׳, מיט לייבלען. מיט מיר וועט דיר זײַן גוט. פאַרלאָז דיך אויף כעמיען!"

*

ר׳ נטעס נאָז איז געוואָרן בלײך און שפּיציק ווען ער האָט געהערט אַז געניע וויל גאָר חתונה האָבן מיט אַ קאָבילאַק. פּערדהענדלערס, באַלע־גאָלעס און „ווילע יונגען" דערצו. געניע ווײסט דאָך גאָר נישט וואָס מע זאָגט אַלץ וועגן דעם כעמיע. נאָך דאָס פעלט אים, אַן אײדעם וואָס האָט ממזרים אין אַלע אַרומיקע דערפער.

זײַן ברודער אַהרן האָט אים אַ ביסל באַרויִקט. אויף וויפל ער קען די קאָבילאַקס זענען זײ נישט קײן אויסוואָרפן. מע זאָגט זײ זענען שלע־גערס, אָבער נאָר ווען מע שלאָגט זײ פריִער. אפשר נוצן זײ אַ מאָל כּוח אײַנצומאָנען אַ חוב בײַ אַן אָנזעצער, אָבער זײ וועלן נישט פאָדערן וואָס עס קומט זײ נישט, און וועלן האָבן רחמנות אויף אַ בעל־חוב וואָס איז באמת אין אַ צרה. זײ זענען פּשוט און אָרנטלעך און האָבן אַ געוואַלטיקן דרך־ארץ פאַר געלערנטקײט.

„אַזאַ געראָטן קינד, און זע די צרות וואָס כ׳האָב פון איר".

„מײַן יאָסל גײט אויך נישט אין מײַנע וועגן — צער־גידול־בנים".

„אָבער מע זאָגט אַז דער יונגער־מאַן איז אַ גואף!"

„לײג עס אָפּ, אויב די קאָנסט, מע זאָל קאָנען זען ווי ער פירט זיך אויף. ס׳קאָן זײַן, אַז ער האָט זיך שוין געסטאַטקעוועט".

נטע איז געפאָרן קײן וואַרשע און איז אָנגעקומען אין אָוונט צו זײַן קוזינע. געניע איז נישט געווען אין דער הײם. דער זײגער האָט אויס־געטיקט שעה נאָך שעה און געניע איז נאָך אַלץ נישט צוריקגעקומען. די קוזינע האָט פאַר אים אויסגעבעט אַ געלעגער, אָבער ער איז געזעסן אין אַ שטול און געוואַרט, און געוואַרט. נישט אײן מאָל דורך דער נאַכט איז אים אַרײַן אַ מחשבה אַ לויף צו טאָן צום פענצטער און... לא־עלינו, מע טאָר עס אפילו נישט ברענגען פאַרן מויל.

צו מאָרגנס האָט נטע גערופן דעם מחותּן צו אַ רב. פון דעם וואָס געניע האָט דערצײלט האָט נטע געמײנט אַז לײבל וועט מאַכן סקאַנדאַלן. לײבל איז געקומען מיטן פאָטער צום רב, אָבער זיך געהאַלטן שטיל און גערעדט מיט דרך־ארץ. אַזאַ שײנער בחור, ס׳קאָן זײַן אַז ער האָט שוין אַן אַנדערן שידוך, און מיט אַ נדן.

„די כּלה דאַרף צוריקגעבן די מתּנות. דער חתן מעג האַלטן דעם זײגער וואָס ר׳ נטע האָט אים געגעבן, ער מעג אויך האַלטן די עטלעכע הונדערט זלאָטעס וואָס די כּלה האָט אים געגעבן. דאָס איז קנס פאַר

דער בושה וואָס מע האָט אים אָנגעטאָן", האָט דער רב אַרויסגעטראָגן אַ פּסק. ר' נטע האָט נישט געזאָגט אַ וואָרט קעגן דעם.



אין די בריוו וואָס רוכטשע האָט באַקומען, האָט גענים געשריבן אַז זי איז גליקלעך ווי זי איז נאָך קיין מאָל אין איר לעבן נישט געווען. כעמיע האָט זי ליב און זי האָט אים נישט ווייניקער ליב. ער באַוואָרפט זי מיט מתנות פון שענסטן און פון בעסטן. זי ווייסט דער טאַטעשי איז נישט צופרידן איבער כעמיעס משפחה, אָבער ווי זאָגט מען עס: „יִחוס שמיכעס — צו אַלדי רוחות. אַ מילקעס איז געוואָרן אַ קאָמוניסט און אַ מעסער־שטעכער. דער פאַלשער מאָניעק איז דען נישט געווען פון אַ גוטער משפחה? כעמיע איז ערלעך. ער קען זיך אַזוי נישט אויף קיין ליגן, אַז אויב זי וואָלט נאָר חשק געהאַט וואָלט זי אים געקאָנט פאַרקויפן אין זאַק אַריַין. אָבער עס איז איר גוט מיט אים, און זי וועט טאָן אַלץ אין דער וועלט עס זאָל אים אויך זיַין גוט מיט איר.

## ד.

כעמיע האָט געדאַרפט אַהיימפאָרן און געוואָלט גענים זאָל פאָרן מיט אים. ער האָט זיך געוואָלט באַוויַיזן מיט זיַין כלה פאַר זיַין משפחה, און געוואָלט זיך באַוויַיזן פאַר איר משפחה מיט אַלעם וואָס ער האָט אָנגעקויפט פאַר איר. אָבער גענים האָט איצט געאַרבעט אויף אַ נײַעם פּאָסטן. דעם אַלטן פּאָסטן האָט זי געמוזט פאַרלאָזן וויַיל לייבל האָט דאָרט געאַרבעט, און אויף דעם נײַעם האָט זי נאָך נישט באַוויזן זיך „אַריַינצובײַסן" אין דער אַרבעט, אַזוי האָט זי געזאָגט כעמיען. זי האָט אים צוגעזאָגט שרײַבן צו אים יעדן טאָג.

אין כעלמיש איז כעמיע געלאָפן יעדן טאָג צו דער פּאָסט, ער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויפן פּאָסטרעגער. אָבער די בריוו זענען נישט געקומען. אויב ער וואָלט כאָטש געקאָנט רעדן מיט איר אויפן טעלעפאָן, אָבער אין אָוונט ווען גענים איז אין דער היים איז די כעל־מישער פּאָסט מיטן טעלעפאָן־אַמט געשלאָסן; אין געשעפט ווו זי אַרבעט האָט ער מורא געהאַט קלינגען, דער נײַער באַלעבאָס איז נישט אַזאַ

צוגעלאָזענער װי דער פֿריִערדיקער. נישט געװען קײן ברירה, ער האָט געמוזט װאַרטן ביז שבת װען געניע איז אין דער הײם און די פּאָסט איז אָפֿן ביז מיטאָג.

כעמיע האָט זיך קוים דערװאַרט אויף דעם שבתדיקן טאָג. ער האָט נישט געװאָלט קלינגען צו פֿרי, זי נישט אויפֿצװעקן. ער האָט געקלונגען אַ זײגער עלעף, אָבער זי איז שוין נישט געװען אין דער הײם.

כעמיע איז געװען פֿאַרבעטן אויף טשאָלנט צו די מחותּנים. ער האָט געמוזט בלײַבן ביז נאָכן בענטשן. ער איז אָנגעקומען צו דער באַנסטאַציע אין דער לעצטער מינוט און קוים באַװיזן אַרויפֿצושפּרינגען אויפֿן טרעפּל פֿון װאַגאָן, װען דער צוג האָט שוין געהאַט געריִרט פֿון אָרט. עס איז אים געװען אַזױ הײס אין קאָפּ אַז ער האָט קוים געקאָנט טראַכטן. װען געניעס קוזינע האָט געענטפֿערט דעם טעלעפֿאָן האָט ער איר נישט געדאַרפֿט זאָגן אַז ער קומט, ער האָט בעסער געדאַרפֿט קומען אומגעריכט.

געניע האָט געװאַרט אויף אים בײַ דער באַן. „װאָס עפּעס אַזױ פּלוצלינג?״ האָט זי געפֿרעגט. „האָסט נישט געטאָרט פֿאָרן אום שבת, אויב דער טאַטעשי װעט זיך דערװיסן...״

„כ׳בין שיִער נישט אַװעקגעפֿגרט פֿון בענקען. געניעלע, כ׳קאָן מער נישט זײַן אָן דיר, אַפֿילו אַ טאָג. װוּ ביסטו געװען שבת אַזױ פֿרי?״

„װילסט הערן עפּעס שײנס? דעם גורװיטשער רבס זון, יואל — דו מוזסט אים קענען פֿון כעלמיש. איז, װאָס האָב איך געװאָלט זאָגן? יאָ, דער יואל — ס׳קאָן זײַן, אַז דו געדענקסט אים נישט, ער איז נאָך געװען אַ ייִנגל װען זײ זענען אַװעק פֿון כעלמיש. ער געדענקט דיך יאָ״.

„טאָ װאָס איז געשען מיט דעם רבס זון, ער איז געשטאָרבן?״

„װאָס פֿאַר אַ לשון איז דאָס, כעמיע? אַ ייִד רעדט נישט אַזױ״.

„שבת שלאָפֿסטו שטענדיק ביז מיטאָג; װאָס איז געשען, אַז מ׳האָט דיך אויפֿגעװעקט אַזױ פֿרי?״

„יואל פֿלעגט לערנען העברעיִש מיט מײַן ברודער קלמן. דו װײסט? ער האָט מיך אַ מאָל געצײכנט מיט אַ בלײַער, זיצנדיק בײַם טיש. ס׳איז געװען זײער ענלעך. ער שטודירט טאַקע מאָלערײַ, כ׳מײן, ער פֿאָרט קײן פּאַריז שטודירן. געקומען קײן װאַרשע האָט ער מיך אָפּגעזוכט. איז עס נישט שײן פֿון אים?״

„אין וועלכן האָטעל וווינט ער?" האָט כעמיע געפרעגט און קוים געדעכעט.

„כ׳ווייס נישט. פאַר וואָס פרעגסטו? ער וווינט אַוודאי ביי זיין זיידן, זיין זיידע איז אַ רבי אין וואַרשע".

„האָסט מיר נאָך אַלץ נישט געזאָגט ווו ביסט געווען שבת באַלד אין דער פרי".

„כ׳זאָג דאָך דיר, כ׳האָב זיך געטראָפן מיט יואלן".

„און איך האָב געמיינט אַז אַ רבס אַן אייניקל גייט דאַווענען מיטן זיידן".

„כעמיע, דו ביסט בייז? דו ביסט בייז איבער יואלן?"

„דו הייבסט אָן צו כאַפּן שׂכל".

„כ׳על נישט טאָרן רעדן מיט אַן אַנדערן מאַן? אפשר וועסטו מיך פאַרשליסן אין אַ קלויסטער?"

כעמיע האָט זיך פאַרשעמט. ער ווייסט שוין פאַר וואָס ער איז אַזוי בייז. ער איז שיִער נישט פון דער הויט געשפרונגען זי צו זען, אָבער זי פרייט זיך גאָר נישט מיט זיין קומען, זי האָט גאָר אַן אַראָפּגעלאָזטע נאָז.

„ווער האָט אַן אַראָפּגעלאָזטע נאָז? כ׳האָב אַ ביסל אַ קאַפּווייטיק. אפשר פעלט מיר דער שבתדיקער שלאָף. מיר דאַכט זיך גאָר אַז כ׳בין אַ ביסל פאַרקילט. כ׳דאַרף אַהיימגיין נעמען עפּעס צו שוויצן".

כעמיע האָט זי צוגעפירט אַהיים. ער וועט קומען צו איר מאָרגן אין דער פרי.

„נישט צו פרי.

„עלעף".

„האַלב צוועלעף".

כעמיע האָט זיך איינגעהאַלטן און געקומען ערשט צוועלעף, זאָל געניע זיך גוט אויסרוען. ווען ער איז געקומען האָט די באַלעבאָסטע אים דערלאַנגט אַ צעטעלע פון געניען: „כ׳וועל נישט זיין צוריק פאַר זעקס. דער ,אַלטער׳ ריכט זיך אויף אַ קאָנטראָל פון שטייַעראַמט, ער האָט מיך אַרויסגערופן צו דער אַרבעט".

כעמיע איז אַרויס אַ טרויעריקער און פויל זיך געשלעפּט צו די טרעפּ. אַראָפּ איין שטאָק און זיך פאַרהאַלטן נאָך אַ מאָל איבערצולייענען

געניעס פֿאַר װערטער. עס האָט אױפֿגעקאָכט אין אים. פּלוצלינג, אין אַ זונטיק װען אַלע ביוראָס זענען געשלאָסן האָט געניעס באַלעבאָס זיך דערװוּסט װעגן שטײַערראָמט? זי האָט אַ ראַנטקע מיט דעם רבס זונדל! ער װעט אױסמעסטן אַלע גאַסן, אַלע פּאַרקן, ביז ער װעט זײ פּאַקן. די געבליבענע צװײ שטאָק איז כּמעט שױן געשפּרונגען אַראָפּ עטלעכע טרעפּ מיט אַ מאָל.

געלאָפֿן איבער די ייִדישע גאַסן און געגאַנגען אױך צו די הױפּט־אַלײען. אױסגעמאָסטן אַלע סטעזשקעס אין קראַשינסקיס גאָרטן און אַװעק צו די לאַזשענקעס.

אפשר איז זי טאַקע געגאַנגען אַרבעטן?

אױב זי איז בײַ דער אַרבעט קאָן ער דאָך טעלעפֿאָנירן צו איר!

ער איז אַרײַנגעשפּרונגען אין אַ דראָזשקע און צוגעפֿאָרן צו אַ באַקאַנטן מיט אַ טעלעפֿאָן. דער טעלעפֿאָן אין געשעפֿט װוּ געניע האָט געאַרבעט האָט נישט געענטפֿערט. ער האָט פּראָבירט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל — נישטאָ קײן ענטפֿער.

זי מײנט זי איז קלוג און האָט זיך באַנאַרישט. נישט געטראַכט װעגן טעלעפֿאָן. װוּ טליקעט זי זיך אַרום מיט דעם רבנישן זונדל? אױב ער װאָלט זײ געפּאַקט װאָלט ער אים צעבראָכן די אײדעלע רבנישע בײנדעלעך.

ער האָט זײ בײדע אין ד׳רערד! ער פֿאָרט צוריק אַהײם. זאָל דער יחסן ר׳ נטע פֿרײדע זיך האַלטן זײַן מעצאָצע!

ער איז שױן געװען בײַ דער באַן און צוריקגעקומען. זאָל זי אים דאַרפֿן קוקן גלײַך אין די אױגן אַרײַן. זאָל ער כאָטש זען ביז װי שפּעט זי אַרבעט אַזױ שװער. ער װעט גאָר װאַרטן בײַ איר טױער און זען צי זי װעט צוריקקומען אַלײן אָדער דער פּאַצעט װעט זי אַהײמפֿירן.

ער איז געשטאַנען בײַם טױער לאַנג נאָך זעקס אַ זײגער. װען עס האָט גענומען טונקל װערן איז ער אַרײַן אין הױף און געזען, עס לײַכט זיך אין איר פֿענצטער. ער איז אָן אָטעם אַרױפֿגעלאָפֿן די טרעפּ.

„האָסט נישט געקראָגן מײַן צעטעלע? פֿאַר װאָס ביסטו געקומען אַזױ שפּעט? אַ, באַקען זיך, דאָס איז יואל װאָס כ׳האָב דיר געזאָגט״.

יואל האָט אױסגעשטרעקט די האַנט, כּמעט האָט זיך געמאַכט װי ער װאָלט נישט געזען; ער האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און גענומען זוכן אין זײַנע קעשענעס. ער האָט אַרױסגענומען אַ שטיקל

פּאַפּיר און אַ פעדער און עפּעס אויפגעשריבן. ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס פּאַפּירל אויפן טיש, שטיל געזאָגט אַ גוטע נאַכט, און אַוועק צו דער טיר.

„ווו גייסטו, ביסט דאָך ערשט געקומען?"

ער האָט אַ טײַטל געטאָן צום טיש ווו עס איז געלעגן זײַן צעטעלע און איז אַרויס. געניע האָט אַ שפּרונג געטאָן צום טיש, אירע אויגן זענען שנעל געלאָפן איבערן שטיקל פּאַפּיר: „מיך וועסטו נישט שיקן שלאָפן, איך וועל אַליין גיין".

בעמיע איז געווען אַראָפּ נאָר איין שטאָק ווען די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט: „בעמיע, בעמיע!" ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זי האָט אים אָנגעיאָגט: „וואָס איז, בעמיע? ווהין גייסטו?"

„כ'גיי אַוועק, כ'על מער נישט צוריקקומען".

„וואָס טוט זיך מיט דיר, בעמיע?"

„דו האָסט הײַנט נישט געאַרבעט, דו ביסט נישט געווען אין געשעפט — קיינער איז דאָרט נישט געווען".

„ווער זאָגט?"

„איך זאָג".

„פון וואַנען ווייסטו דאָס?"

„כ'האָב טעלעפאָנירט".

„האָט מען דיר געזאָגט אַז קיינער איז נישטאָ?"

„קיינער האָט נישט געענטפערט".

„ביסטו געגאַנגען אַהין זען צי עס הענגען די שלעסער פון דרויסן?"

„וואָס דאַרף איך גיין?"

„און דו האָסט נישט געוווּסט, אַז מ'עט זונטיק נישט ענטפערן דעם טעלעפאָן?"

„כ'האָב נישט געוווּסט און ווייס נאָך אַלץ נישט אַז זונטיק טאָר מען נישט רעדן אויפן טעלעפאָן".

„די פּאָליציי פאַרשרײַבט אַ שטראָף אויב מע גייט זונטיק אַרײַן אין געשעפט. אויב דער פאַראיין פון האַנדל-אָנגעשטעלטע זאָל זיך דערוויסן, וועל איך און דער אַלטער האָבן צרות, טאָ פאַר וואָס זאָל מען ענטפערן דעם טעלעפאָן און זיך אַליין מסרן?"

„כ'גלייב דיר סײַ ווי נישט".

זי האָט זיך געטאָן אַ זעץ אַראָפּ אויף די טרעפּ און דאָס הויז איז פול געוואָרן מיט איר יאָמער.

„גענוג, די שכנים".

„ס'איז מיר שוין אַלץ אײנס".

ער האָט זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און זי צוריק אַרויפגעפירט. ווי נאָר זי איז אַריבער די שוועל האָט זי זיך געוואָנדן צו יואלן: „זײַט מיר מוחל, כ'האָב אַ קאַפּרעזיטיק. פאַרט געזונטערהייט".

ווען יואל איז אַוועק האָט גענוג זיך ווידער צעכליפּעט. „דו גלייבסט מיר נישט ווײַל כ'האָב גענאַרט לייבלען. אים האָב איך גענאַרט ווײַל כ'האָב זיך פאַרליבט אין דיר, אַזוי זיך פאַרליבט אַז... אַז כ'האָב דיך ליב, גלייבסטו מיר, יאָ?"

„ווען ביסט נאָך געווען לייבלס כלה האָב איך עס געפילט, זינט דו ביסט געוואָרן מײַן, ווייס איך שוין גאָרנישט".

„דו גרויס נאַרעלע. דו האַלסט מיך וואָך גאַנצע נעכט, באַלד אין דער פרי מוז איך גיין צו דער אַרבעט, בין איך מיד ווען כ'קום אַהיים. דו ביסט אַ ריז, און דו קאָנסט דאָך רוען בײַ טאָג. דו גלייבסט מיר נאָך אַלץ נישט אַז כ'האָב היינט געאַרבעט? קום מאָרגן מיט מיר אין געשעפט, וועסט פרעגן דעם אַלטן. פאַר אַ מענטש פון פאַראיין וועט ער לייקענען, דיר וועט ער זאָגן דעם אמת".

זי איז אײַנשטעלעריש, האָט אַ בייזער געדאַנק זיך נאָך אַלץ געקלאַ־מערט אין אים. זי האָט אַרײַנגעשטעקט אירע פינגער אין זײַן טשופּרינע, אַ ווייכער שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט אַרום זײַנע ליפּן.

צי ער האָט זי ליב? וואָלט ער דען געווען אַזוי משוגע אין כעס אויב ער וואָלט זי נישט ליב געהאַט? ער האָט געוואָלט אַוועקגיין זי זאָל קאָנען רוען. זי האָט זיך שנעל איבערגעטאָן אין מלבושים וואָס זי קאָן מאָרגן טראָגן צו דער אַרבעט און געגאַנגען מיט אים.

צו מאָרגנס, ווען זי האָט זיך געגרייט אַוועקגיין האָט זי אים דערמאָנט:

„קום מיט מיר, וועסט פרעגן דעם אַלטן".

„כ'דאַרף נישט פרעגן, כ'גלייב דיר".

ער האָט דערקענט אַז עס איז איר אַ שטיין אַראָפּ פון האַרץ, און וואָס איז דער וווּנדער? אַפילו אויב זי איז געווען בײַ דער אַרבעט וואָלט זי זיך געשעמט פאַרן אַלטן וואָס איר חתן גלייבט איר נישט.

## ה.

ווען פּראָפעסאָר שוב איז צוריקגעקומען פון אויסלאַנד האָט ער געבראַכט פאַר בערעקן אַ ניו־יאָרקער יידישע צייטונג ווו עס איז געווען באַשריבן דער געשלעג אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט צווישן יידישע און אַנטיסעמיטישע סטודענטן. בערעקס העלדישקייט איז דאָרט אַרויס־געהויבן געוואָרן נאָך מער ווי אין די יידישע צײַטונגען פון פּוילן. אין אַן אַנדערער צײַטונג, אין פּאַרוועַרטס, איז אויך געווען אַן עדיטאָריאַל וועגן דעם, און אין דער זונטיקדיקער אילוסטרירטער בײַלאַגע איז אויך געווען זײַנס אַ בילד.

די אַנטיסעמיטן האָבן געוואָלט אויסטראַכטן אַ בילבול אַז די יידן שלאָגן, נעבעך, פּוילישע סטודענטן און נישט־ווילנדיק געגעבן די יידן אַ נײַעם העלד, האָט בערעק געטראַכט אָבער זיך געשעמט עס צו זאָגן דעם גוטן פּראָפעסאָר; מע האָט אים חושד געווען אַז ער מאַכט אַן אָנשטעל פון עניוות. און — ווער ווייסט? אפשר איז טאַקע אין יענע מינוטן אַרײַן אין אים שמשון־הגיבורס כוח, ער געדענקט דען אַלץ וואָס עס איז דעמאָלט פּאַרגעקומען?

ווען ד״ר שוב האָט אים געגעבן די צײַטונגען האָט ער אים אויך געפרעגט צי ער האָט אויפגעשריבן די לעקציעס וואָס ער האָט געגעבן אין אינסטיטוט, מע קאָן אפשר עפּעס אָפּדרוקן אין דעם אינסטיטוטס קוואַרטלניק.

„כ׳האָב באַטיצן, כ׳קאָן עס אויפשרײַבן", האָט בערעק געענטפערט.

„שרײַבט אויף, כ׳וועל לאָזן פּלאַץ פאַר אײַערס אַ מאמר אין קומענ־דיקן נומער".

פּראָפעסאָר שוב האָט געוואָלט זען וואָס בערעק האָט געטאָן ווען ער האָט אים פאַרטראָטן, אויך פון אַ ביסל נײַגירקייט. ער האָט געזען אין דעם קלאַס־רעגיסטער אַז קיין איין תלמיד האָט נישט פאַר־פעלט קיין איין לעקציע. זײַנע, ד״ר שובס לעקציעס, זענען פּאָפּולער, אָבער נישט אַזוי פּאָפּולער. איז עס ווײַל די מערהייט אין דעם קלאַס זענען מיידלעך און ער איז אַ יונגער, שיינער בחור צום האָבן? איז עס מחמת זײַן נאָמען איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער נאָך יענעם געשלעג אויפן אוניווערסיטעט? עס קאָן נישט זײַן נאָר דאָס.

עפשטיין האָט געבראַכט צוויי היסטאָרישע עסייען וואָס דער פּראָ־פעסאָר האָט איבערגעלייענט נאָך דעם זעלביקן אָוונט. געווען אין זיי עטלעכע אַרויסזאָגן וואָס דער בחור וועט דאַרפן מאָדיפיצירן. פאַראַן איין פּאַראַגראַף וואָס מע וועט דאַרפן אין גאַנצן אַרויסנעמען. אָבער דער יונגער־מאַן האָט פּאָטענצן, מע דאַרף אים אונטערשטיצן.

ווען ד״ר שוב האָט רעדאַקטירט עפשטיינס אַן עסיי איז אים איַינ־געפאַלן אַז דער יונגער־מאַן וואָלט אים געקאָנט אַרויסהעלפן אין די קלאַסן. די סינאַגאָגע און דער אינסטיטוט נעמען ביַי אים אַוועק צו פיל ציַיט און ער דאַרף מער ציַיט צו שריַיבן. דער עפשטיין ווייסט ווי אַזוי צו טאָן פאָרשאַרבעט און ער האָט אַ גוטן, אַנאַליטישן חוש, מע דאַרף אים געבן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן.

דעם ד״ר שובס פאָרלייג איז וואָרעם אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך פעליקס גרינבערג. עפשטיין גיט איצט אַ סך ציַיט פאַר אחווה־אַקטי־וויטעטן, ער וויַיזט אַרויס אַ חוש פאַר פּאָליטישע האַנדלונגען, ער איז איַינגעהאַלטן און וויַיזט אַרויס אַ קילע לאָגיק. מיר דאַרפן אַזעלכע טוערס, מיר האָבן צו פיל היצקעפּ.



באַלד נאָך עפשטיינס פּלוצלינגדיקן באַרימט ווערן האָבן געגומען אָנקומען פאַרבעטונגען צו האַלטן רעפעראַטן אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. איצט, אַז ער איז געוואָרן אַ געהילף־פּראָפעסאָר, איז זיַין פּרעסטיזש נאָך מער געוואַקסן. בערעק האָט אָפּגעזאָגט כמעט אַלע זיַינע פּריוואַטע תּלמידים; די רעפעראַטן און דער געהאַלט אין אינסטיטוט האָבן אים געגעבן אַ באַשיידענע פּרנסה.

עס זענען געקומען אַזוי פיל פאַרבעטונגען פון פאַרשידענע שטעט, אַז בערעק האָט געמוזט אַ סך אָפּזאָגן. ער האָט אָבער גערן אָנגענומען אַ פאַרבעטונג פון זיַין היימשטאָט.

אין גורוויטש האָט מען אים אויפגענומען ווי אַ גיבור וואָס איז צוריקגעקומען פון אַ נצחונדיקער מלחמה. דאָס יידישע גורוויטש האָט שוין אַרויסגעגעבן אַ באַרימטן שריַיבער, אַ באַקאַנטן מאָלער, איצט האָט די שטאָט אויך איר אייגענעם העלד.

בערעק האָט אָנגענומען די פאַרבעטונג כדי צו קאָנען זיַין מיטן

פאַטער. אָבער מע האָט אים געשלעפּט צו זיצונגען, צו צוזאַמענקומען לכבוד אים. אויב פּינטשע וואָלט נישט געהאַט אַזוי פיל געדולד אים אַוועקצופירן און אים אָפּוואַרטן, וואָלט בערעק נישט געהאַט קיין צײַט אפילו פאַר זײַן בעסטן פרײַנד.

נאָכן הערן בערעקס רעפעראַט און נאָכן זען דעם גרויסן כבוד וואָס מע טוט אים אָן, האָט פּינטשע גענומען טראַכטן אַז זײַן טאַטע איז גערעכט געווען ווען ער האָט געזאָגט אַז עס איז צו פרי פאַר פּינטשען זיך אַרײַנצוטאָן אין געשעפטן. אַז מע לערנט, און מע לערנט מיט התמדה, קאָן מען עפּעס דערגרייכן. איז ער מקנא בערעקן זײַן הצלחה? אויב יאָ, איז עס די קינאת־סופרים, די קינאה צו געלערנטע וואָס איז גורם געלערנטקייט זאָל זיך מערן.

מיט זײַן גאַנצער גלאָריע האָט בערעק זיך גאָר פאַרטרויט פאַר פּינטשען אַז ער האָט אפשר אויסגעשליפן זײַן סטיל, אָבער אין געלערנט־קייט האָט ער לעצטנס קיין סך נישט דערגרייכט. אַ צופאַל האָט אים אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט און געעפנט פאַר אים טירן, אָבער דאָס האָט אים אַרײַנגעצויגן אין טעטיקייטן וואָס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט געשיכטע, אָדער מיט לערנען.

„זײַ נישט קיין עניו, בערעק, בחינם טראָגט מען נישט אָקעגן אַ פּראָפעסאָר־טיטל".

„ראשית, בין איך קוים אָן אַרויסהעלפער צו אַ פּראָפעסאָר, און אפילו דעם טיטל ,געהילף־פּראָפעסאָר' האָב איך נאָך אָפיציעל נישט באַקומען. שנית, די צײַטונגען געבן מיר מער קרעדיט ווי מיר קומט. אַ קליינע טוונג איז געוואַקסן ווי אַ שנייבאַלעם וואָס קאָלערט זיך באַרגאַראָפּ. איך האָב לעצטנס געלייענט וועגן מײַן טוונג אין אַ ניו־יאָרקער צײַטונג, האָב איך פאַר זיך אַליין אַראָפּגענומען דעם הוט".

„צו פיל עניוות, בערעק. געדענקסט האָסט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז איבערגעטריבענע עניוות איז אַנטיסאָציאַל. אויב איך וויל כבוד בײַ יענעם, מיינט עס, אַז מיר איז וויכטיק וואָס יענער טראַכט וועגן מיר; עס איז ערגער אויב איך האָב יענעם אין דער ערד און עס גייט מיך נישט אָן וואָס ער טראַכט וועגן מיר. דאָס זענען דײַנע ווערטער, בערעק".

„איך גלייב טאַקע אַז ווען אַ מענטש גייט טאָן עפּעס שלעכטס, האַלט

אים די מורא פֿאַר אומכּבֿוד מער צוריק װי די מורא פֿאַר שטראָף. דער באַדאַרף צו זײַן אָנגעזען בײַ מענטשן האָט אַ פּאָזיטיװע השפּעה אויף דער געזעלשאַפֿט, אָבער װען דער מענטש בלײַבט מיט זיך אַלײן דאַרף ער קאָנען זען זײַן אמת פּנים, אַניט װעט ער איבערטרײַבן זײַן אמתן װערט און פֿאָדערן דעם כּבֿוד װי עפּעס װאָס די װעלט איז אים שולדיק״.

„קײן בעל־גאווה ביסטו קײן מאָל נישט געװען״.

„דו פֿלעגסט זאָגן אַז איך קוק אויף דער װעלט מיט אַ ביסל צי־נישקײט, מוז איך פּונקט אַזױ קוקן אויף זיך אַלײן. איך האָב געװוּנען מײַן װעלט אין אײן שעה. אויב איך װעל האַלטן זיך פֿאַר דעם אײנציקן חכם און אײנציקן צדיק, װעל איך פּונקט אַזױ שנעל פֿאַרלירן מײַן װעלט. זאָג מיר, פּינטשע, דו הערסט עפּעס פֿון זאָשקען?״

„מיר האָבן געהאַט נאָך אַ צוזאַמענשטױס. כ׳האָב דערנאָך נאָך גע־שריבן צו איר, זי האָט נישט געענטפֿערט״.

„כ׳מעג דיך פֿרעגן אַן אינטימע פֿראַגע?״

„פֿרעג״.

„האָסט זי נאָך אַלץ ליב?״

„כ׳מײן אַז נײן״.

„האָסט עמעצן אַנדערש?״

„עס גײט מיר נישט מיט מײדלעך, און איך פּראָביר שױן אַפֿילו נישט. כ׳בין אויסגעהוילט פֿון ליבע װי אַ פֿאַס״.

„דו רעדסט װי אַז אַלט־געװאָרענער בעל־עבֿירה״.

„צו טאָן עבֿירות האָב איך נישט געהאַט קײן געלעגנהײט, אָבער אַלט בין איך געװאָרן — אַן יאָרן״.

„פּינטשע, דאָס איז אַ שטילקײט פֿאַר אַ שטורעם״.

„מעג איך דיך עפּעס פֿרעגן?״

„פֿרעג״.

„װעגן דעם מײדל, דײַן שכנה״.

„דו מײנסט בינען? עס איז קײן מאָל צװישן אונדז נישט דערגאַנגען צו עפּעס ערנסטס. מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל געקושט, איך האָב צו איר געשריבן עטלעכע מאָל פֿון װאַרשע. זי איז אַ פּשוט מײדל, פּשוט

און גוט, אָבער דו רעדסט דאָך וועגן תּכלית — מיר האָבן קיין מאָל נישט גערעדט וועגן תּכלית".

די פּני פון דער שטאָט זענען געקומען צו בערעקס רעפּעראַט אין מכּבי־זאַל. בערעק איז געווען גערירט וואָס ר' יששכר ווײַס, דער אַלטער משכּיל און געלערנטער, איז אויך געקומען. ווען דער פּאָרזיצער האָט געעפנט דעם אָוונט האָט בערעק דערזען אַז ברכה בעכלער זיצט אין דער דריטער ריי. ער האָט גאָר נישט געוווּסט אַז זי איז אין שטאָט. אויף איינער פון די לעצטע בענק איז געזעסן בינע. ער וואָלט געדאַרפט זיך צוהערן צו די רייד פון פּאָרזיצער, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון מאַכן אַ פאַרגלײַך. ער איז בלאָנד און בלאָאויגיק, אפשר דערפאַר גוסטירט ער אין טונקעלע אויגן און טונקעלע האָר ווי בינעס. בינע האָט שיינע און אַפילו אינטערעסאַנטע אויגן. ברכה, דאַקעגן, איז רויטהאָריק — נישט זײַן געשמאַק, אָבער מע קאָן נישט פאַרגלײַכן די צוויי. אַז ברכה עפנט דאָס מויל פאַרגעסט מען אין אירע רויטע האָר און אין איר פּנים פול מיט זומער־שפּרענקעלעך. אין דער קורצער צײַט וואָס זי איז אין וואַרשע האָט זי זיך אַרויסגערוקט אויבן אָן אין די אחווה־קרײַזן, און איר אויסזען איז אויך נישט אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט, אַ פיגור, אַ...

עס האָט אויסגעבראָכן אַן אַפּלאַז, דער פּאָרזיצער האָט, דאַכט זיך, געזאָגט דאָס וואָרט פּראָפעסאָר, האָט ער געמיינט אים? האָט ער אים שוין גערופן צום שטענדער?

דער פּאָרזיצער האָט זיך אויסגעדרייט צו אים געוואָרט, יאָ, פּראָ־פעסאָר, דאָס איז ער.

פּינטשע און בערעק האָבן זיך מער נישט צוריקגעקערט צו אַן אינטימען שמועס, עס איז געווען אַזוי פיל צו רעדן, ספּעציעל וועגן דעם אָנגעשטרענגטן מצב אין דער וועלט. דער בערעק איז טאַקע אַ חכם, האָט פּינטשע אײַנגעזען, ער האָט אַ סך געלערנט פון די קורצע שמועסן מיט זײַן חבר. בערעק העלפט אים אַרויסקריכן פון זײַן נאַיִווער פאַר־ליבטקייט אין די וועלטפירערס מיט אויסגעקלונגענע נעמען. נאָך בערעקס אָוועקפאָרן האָט פּינטשע איבערגעשריבן אַ סך בלעטלעך אין זײַן כראָניק פון דער צײַט.

ו.

דער פאַראיין פון ייִדישע סטודענטן, אחווה, האָט געוואָלט אײַנאָר־דענען אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג קעגן דער פאַרגוואַלדיקונג פון עסטרײַך און צוטשעפּען עס צום דײַטשן רײַך. אָבער קעגן וועמען פּראָטעסטירן? די עסטרײַכישע רעפּובליק האָט שוין געהאָט איבערגעלעבט דעם נאַציאָנאַל־אַטענטאַט אויף דעם קאַנצלער דאָלפוס און די אַטאַקעס פון שטורמיסטן אויף דעם נײַעם קאַנצלער שושניג. עסטרײַך איז איצט געפאַלן ווײַל די וועלט האָט געמאַכט אַ ציניש חשבון: אויב היטלער וועט נישט פאַרכאַפּן עסטרײַך, איז דאָך גוט; אויב ער וועט יאָ פאַרכאַפּן, וועט מוסאָליני ווערן זײַן שונא, היטלער וועט בלײַבן אַליין און איזאָלירט — איז דאָך ווידער גוט.

אחווה האָט לסוף באַשלאָסן צו רופן דעם פּראָטעסט־מיטינג קעגן די פּאָגראָמען אויף ייִדן אין דעם אַנעקסירטן עסטרײַך, קעגן דער קאָנפיסקאַציע פון ייִדישע פאַרמעגנס און קעגן דעם אַרעסט פון זיגמונד פרויד.

אין דער לעצטער מינוט האָט בערעק עפּשטיין גערופן אַן אײַליקע זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג און פאָרגעלייגט מע זאָל אָפּלייגן די פאַר־זאַמלונג. עס איז אויסגעבראָכן אַ קריזיס אויף דער פויליש־ליטווישער גרענעץ.

אַ פּוילישע צײַטונג האָט פאַרלאַנגט אַ צוטריט צום באַלטיק דורך דעם טײַך ניעמען, און אַ פּוילישע באַזע אין דער פרײַשטאָט קלײַפּעדאַ־מעמעל. פאָדערונגען אין נוסח פון היטלערס דיפּלאָמאַטיע וואָס האָבן אַרײַנגעשפּילט אין היטלערס הענט. פּויליש מיליטער האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דער ליטווישער גרענעץ.

„מיר זענען פּוילישע בירגער און האָבן ליב אונדזער לאַנד”, האָט בערעק געטענהט, „אָבער מיר קאָנען נישט מיטהאַלטן מיט דער אַנטי־ליטווישער העצע, און זיכער נישט מיט די דראָונגען קעגן אַ פרײַ לאַנד. אונדזערע חברים האָבן נישט אָנטייל גענומען אין די דעמאָנסטראַציעס פון סטודענטן וואָס האָבן געפאָדערט אַ פּוילן ,פון ים צו ים' אויפן חשבון פון ליטווישער טעריטאָריע. אָבער האָבן אָן עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע און נישט רעדן וועגן אַ גרענעץ־קאָנפליקט אין אונדזער אייגן לאַנד קאָנען

מיר אויך נישט. די אַנטיסעמיטן וועלן דאָס אויסנוצן פאַר אַנטי־ייִדישע העצעס.

די פאָרשטייערס פון פּאַטראָנאַט האָבן אונטערשטיצט בערעקס פּאָר־לייג און אַזוי איז טאַקע באַשלאָסן געוואָרן. פעליקס גרינבערג, דער פּאַטראָנאַט־פאָרזיצער האָט דערציילט וועגן דעם אין דער היים און געוועזן שטאָלץ וואָס די מיושבדיקייט פון זייער עפשטיין האָט גובר געווען די היציקייט פון אַנדערע אחוה־פאַרוואַלטונג־מיטגלידער.

עס איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרן וועגן דעם פויליש־ליטווישן קאָנפּ־ליקט. די עצות פון פּוילנס אויסלענדישע פרייַנד זענען אָפּגעוואָרפן געוואָרן, אָבער היטלערס אַ רעדע האָט אויסגעניכטערט זייַנע פּוילישע נאָכמאַכערס. היטלער האָט געזאָגט אַז ער באַדויערט וואָס פּוילנס צוגאַנג צום ים מוז פירן דורך דייַטשער טעריטאָריע. די מלוכישע פּרעסע־אַגענטור האָט דערמאָנט דעם דייַטשן קאַנצלער אַז פּאָמערן איז נישט קיין דייַטשע טעריטאָריע, נישט היסטאָריש און נישט נאַציאָנאַל.

אויף אַ זיצונג פון אַחוה האָט עפשטיין קאָמענטירט: אויב אונדזערע מלוכה־פירערס האָבן געמוזט אַרייַנקוקן אין די בלעטער פון געשיכטע האָבן זיי אפשר געזען, אַז די דייַטשן זענען קיין מאָל נישט געווען קיין פרייַנד פון פּוילן און אַז זיי האָבן אַלע מאָל געזוכט לעבנסרוים אַריבער זייער מיזרח־גרענעץ. אפשר וועלן זיי איצט קומען צום אויספיר, אַז זיי האָבן פּראָבלעמען וואָס זענען וויכטיקער ווי אָננעמען געזעצן קעגן ייִדישער שחיטה און צו באַגרענעצן ייִדישן האַנדל.

# כראָניק פון דער צײַט

קיינער קוקט נישט וואָס עס טוט זיך הינטער אים. פּוילן פירט מלחמה קעגן אירע ייִדן. טשעכן קאַרגן פּולע אויטאָנאָמיע צו די סלאָוואַקן. אין פראַנקרײַך ברעכט אויס אַ גענעראַל־שטרײַק יעדן מאָנטיק און דאָ־נערשטיק, מע ווילט אויס אַ נײַע רעגירונג כּדי זי באַלד ווידער אַראָפּ־צוואַרפן. דער גרויס־קאַפּיטאַל אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד קוועלט אָן פון היטלערס קוויטשערײַען וועגן אַ קאָמוניסטישער סכּנה. אין קלײנעם ייִדישן וועלטל איז נישט בעסער. מע קריגט זיך איבער פּאָליטיק, איין פּאַרטיי איז מיט דער אַנדערער אויף מעסערשטעך. מע קריגט זיך איבער אַנגאַזשירן אַ נײַעם חזן, אַ גאַנצע קהילה ווערט פּאַרוויקלט אין אַ ביטערער מחלוקה ווײַל דער רב געהערט צו דעם אַנדערנס פּאַרטיי, אָבער דערווייל בויט מען. היטלערס רעדעס לעכערן די אויערן, די פּוילישע אַנטיסעמיטן קוויקן זיך מיט די העצערײַען פון שטירמער, און אין גורוויטש בויט מען אַן אָרטאָדאָקסישן חדר יסודי התורה, מע בויט אויך אַ ציוניסטישע תּרבות־שול.

עס איז אַפּריל 1938. אין אַ ליכטיקן מאָנטיק אין דער פרי האָט פראָג זיך דערוווּסט, אַז צען דײַטשישע דיוויזיעס זענען קאָנצענטרירט בײַ דער טשעכישער גרענעץ. טשעכאָסלאָוואַקײַ האָט דערקלערט טיילווײַזע מאָביליזאַציע.

דער פירער פון דעם טויזנט־יאָריקן רײַך איז געווען אין כּעס ווען די טשעכן האָבן באַשולדיקט דײַטשלאַנד אין אַגרעסיע. דעם 23סטן מײַ האָט דאָס אויסערן־מיניסטעריום אין בערלין גערופן דעם אַמבאַסאַדאָר פון טשעכאָסלאָוואַקײַ און אים געמאַכט ביטערע אויפוואָרפן. די באַווע־גונגען פון דײַטשישן מיליטער זענען נישט מער ווי פרילינג־מאַנעוורעס; דער רײַכסקאַנצלער האָט דערקלערט אַז ער האָט נישט קיין שום מילי־טערישע פּלענער קעגן טשעכאָסלאָוואַקײַ.

די וועלט האָט פרײַער אָפּגעאָטעמט.

אויך היטלער האָט פריִער אָפּגעאָטעמט. נישט דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר און נישט דער פרעמיער־מיניסטער האָבן באַוויליקט צו זאָגן אָפן, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה וועלן זיי קעמפן צוזאַמען מיט די טשעכן. דער ענגלישער פרעמיער־מיניסטער איז גרייט געווען צו זאָגן נאָר אַז זײַן מאַיעסטעטס רעגירונג וועט נישט קאָנען בלײַבן גלײַכגילטיק אויב עס וועט אויסברעכן אַ קאָנפליקט אין אייראָפּע. רוסלאַנד האָט געהאַט אַן אָפּמאַך מיט טשעכאָסלאָוואַקײַ צו העלפן פאַרטיידיקן אירע גרענעצן. רוסלאַנד האָט נישט געלאָזט פאַרגעסן אַז דאָס איז אַן אָפּמאַך מיט אַ תּנאַי — בתּנאַי אַז פראַנקרײַך וועט עס אויך טאָן.

היטלער האָט אָנגענומען אַ באַשלוס דעפיניטיוו צו לייזן דעם סודעטן־פּראָבלעם; ער האָט אײַנגעזען, אַז נישט פראַנקרײַך און נישט ענגלאַנד וועלן האָבן דעם קוראַזש צו דערקלערן מלחמה נאָך דעם ווי זײַן אָנגריף וועט שוין זײַן אַ געשעענער פאַקט.

דאָס רעגירונג־מיליטער פון רעפּובליקאַנישן שפּאַניע קאָן נאָך אַלץ נישט קויפן קיין געווער אין אַמעריקע; וואַשינגטאָן האַלט אָן אַן עמבאַרגאָ קעגן ביידע צדדים, כאָטש פראַנקאָ קעמפט קעגן אַ לעגאַל־געוויילטער דעמאָקראַטישער רעגירונג. פּרעמיער נעגרין קעמפט קעגן די פאַשיסטישע אָנגריפן פון דרויסן; אינעווייניק האָבן קאָמינטערן־אַגענטן געפירט אַן אויסראָטאַקציע קעגן כּלומרשטע טראָצקיסטן. די סטאַליניסטן האָבן געוווּנען אַ פּאָזיציע כּדי צו מאָרגנס זי צו פאַרלירן צו די פאַשיסטן.

ייִדישע פּליטים וואַלגערן זיך אויף אַלע גרענעצן. דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט רוזוועלט איז אַרויסגעקומען מיט אַ פינעף־יאָר־פּלאַן פאַר דער קאָלאָניזירונג פון ייִדישע פּליטים אין פּאַלעסטינע. פּוילן האָט זיך דערשראָקן אַז אין דעם געאײַל צו געפינען היימען פאַר די פּליטים פון דײַטשלאַנד, וועט מען פאַרגעסן אַז פּוילן וויל אויך פּטור ווערן פון אירע ייִדן. ענגלאַנד האָט געבויט תּליות אין דער תּפיסה פון עכּו און געהאָנגען ייִדישע אונטערערדלערס, און — אין דײַטשלאַנד האָט מען דערווײַל פאַרשטאַרקט די פעסטונגען אויף די מערב־גרענעצן און אָנגעהויבן מאָביליזירן זעקס און נײַנציק דיוויזיעס.

## קאַפּיטל פופצן

# מאַניעס נצחונות

### א.

אַלע מיידלעך האָבן געגלייבט אַז לאַלעק גאָלד איז אַ „האַרטע נוס״; מאַניע אַליין איז נישט געווען זיכער צי זי וועט אים קאָנען איינברעכן. זי האָט זיך צעווערטלט מיט אים, סך־הכל מיט אַ וואָך צוריק, און זי האָט שוין דעם דריטן בריוו פון אים, ער בעט זיך און חלשט זיך ווידער צו חברן.

מאַניע האָט געלייענט לאַלעקס בריוו פאַר פאַליען. זי האָט געלייענט מיט איבערגעטריבענעם אויסדרוק און געוואָרט פאַליע זאָל אויסברעכן מיט אַ געלעכטער, אָבער פאַליע האָט געשוויגן. מאַניע האָט גענומען אַרויסלייענען פון דעם בריוו אויך ווערטער וואָס זענען דאָרט נישט געווען. אויב פאַליע וועט וועלן אַריינקוקן, וועט זי זאָגן אַז ליבעבריוו ווייזט מען נישט אַפילו צו אַ שוועסטער. אָבער פאַליע האָט נישט געלאַכט, נישט צוגערוקט זיך און זי אַרומגענומען, ווי עס איז געווען זייער שטייגער ביים דערציילן זיך וועגן זייערע „אַדאָראַטאָרן״.

„וואָס איז דיר, פאַליע? דו זיצסט אָנגעבלאָזן ווי דו וואָלטסט געווען פאַרליבט״, האָט מאַניע זיך געוויצלט. פאַליע איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן און זיך אָפּגעבייזערט: „דער קאָפּ שטייט מיר נישט צו דיינע שטיק״.

מאַניע האָט נאָך אַלץ גאָרנישט חושד געווען: „דו שלעפּסט שוין די וועלט אויף דיין רוקן? ביסט נאָך קיין אַכצן יאָר נישט אַלט, סמאַרקאַטש!״

מאַניע האָט עס געזאָגט מיט געלעכטער און אַ וויש געטאָן פאַליען איבער דער נאָז, פאַליע איז אויפגעשפּרונגען מיט כעס און אַרויסגעלאָפן. „וואָס איז מיט דיר היינט?״ איז מאַניע איר נאָכגעלאָפן. בעניעק איז זיי אַקעגנגעקומען: „שוועסטערלעך, קומט אַריין טרינקען טיי מיטן פאָן

עפשטיין". אַז עפשטיין איז מער נישט געווען זײַן לערער און איז געקומען צום טאַטן וועגן זײַן 'אחווה'־פאַראיין, איז ער אויך בײַ בעניעקן געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

אַלע זענען געזעסן אַרום טיש. מאַניע האָט איין קוק געטאָן אויף פאַליען און געמוזט צוריקקערן דעם בליק צו איר צו באַשטעקן וואָס זי האָט געזען. פאַליעס פולע ליפּן זענען געווען צוזאַמענגעשנורט ווי בײַ אַ תּפילה. צו עפשטיינען האָט זי אַלע מאָל אַ קוק געטאָן פון דער זײַט, אַ שמייכל האָט געציטערט אַרום אירע ליפּן, ווי זי וואָלט געהאַפּט טרעפן זײַן בליק און מורא געהאַט אים צו טרעפן. אַ צער־גרימאַסע מיט אַ שמייכל האָבן זיך געביטן אויף איר פּנים מיט יעדן פינטל פון אַן אויג.

אַהאַ, דאָס איז עס! זי האָט פריִער נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַר וואָס פאַליע איז פלוצלינג געוואָרן אַזוי פלײַסיק אין לערנען, ספּעציעל אין יודאַיִסטישן אינסטיטוט. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן ווען עפשטיין איז דאָרט געוואָרן אַ לערער. לעצטנס פאַרפעלט פאַליע נישט קיין פאַרזאַמלונג אין „אחווה" ווו עפשטיין איז איצט אַ גאַנצער קנאַקער... עפּעס גייט אָן צווישן פאַליען און בעניעקס געוועזענעם לערער, איז מאַניע געקומען צו דער מסקנא.

דער טאַטוש איז געוואָרן מער אַקטיוו פאַר דעם 'אחווה'־פאַראיין. העלפט שאַפן פאָסטנס פאַר אָרעמע סטודענטן. איז עס אַ משפּחה־קאָנספּיראַציע אַרײַנצוכאַפּן דעם עפשטיין? פאַר וואָס ווייסט זי גאָר נישט דערפון? אויב דער טאַטוש זוכט שוין חתונה צו מאַכן אַ טאָכטער, איז זי דאָך די עלטערע!

„ווי קומט עס", האָט מאַניע שפּעטער געפרעגט דעם פאָטער, „וואָס דער פאָן עפשטיין האָט שוין אַ פּראָפעסאָר־שטעלע אין אינסטיטוט בעת ער האָט נאָך אַפילו נישט זײַן דאָקטאָראַט? עס קומט דאָך אויס אַז סטו־דענטן וואָס זענען מיט אים אין איין קלאַס אויפן אוניווערסיטעט זענען זײַנע תּלמידים אין אינסטיטוט".

„ער איז זייער אַ פעיִקער", האָט דער פאָטער געענטפערט. פּראָ־פעסאָר שוב לייגט אויף אים גרויס האָפן. ער שנײַדט זיך אַן אינטע־רעסאַנטער היסטאָריקער".

„אַז ער שנײַדט זיך ערשט, ווי קומט עס וואָס ער האָט שוין אַ קאַטעדרע?" האָט מאַניע נישט אָפּגעלאָזט.

„זײַנע רעפּעראַטן זענען אַלע מאָל גוט געבױט, זײַנע אַרגומענטן האָבן אַ קלאָרע לאָגיק. פרעג פּאַליען, די סטודענטן לעקן די פינגער פון זײַנע לעקציעס".

„פרעגן פּאַליען ?"

„דיר געפעלט ער ניט ? ער טוט אויף אַ סך פאַר דער 'אחוה'. די קאָמוניסטן פירן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע צװישן די סטודענטן. דער פאַן עפּשטײן איז אַ גוטער פּאָלעמיקער. ער קען מיט עטלעכע פראַזעס צעקלאַפּן אַ גאַנצן בנין פון אַן אָפּאָנענט. עפּשטײן איז אַ גוטער אָרגאַ־ניזאַטאָר, די 'אחוה' איז געװאַלטיק געװאַקסן זינט ער איז געװאָרן אַקטיװ".

זעט דער טאַטוש עפּשטײנען מיט פּאַליעס פאַרליבטע אויגן, אָדער האָט דעם טאַטושס ענטוזיאַזם אַזוי געװירקט אויף פּאַליען ? האָט מאַניע זיך געפרעגט. אַ גאַנצע ליבע־אינטריגע װעבט זיך פאַר אירע אויגן, און זי האָט גאָרנישט געזען. זי האָט חשק געהאַט פרעגן דעם טאַטוש װי װײַט עס איז שױן אַװעק צװישן איר שװעסטער און עפּשטײנען, אָבער „פאַר־לאָזט זיך אויף מאַניען", זי װעט עס שױן אַלײן אויסגעפינען. לויט װי פּאַליע רײטלט זיך װען מע דערמאָנט זײַן נאָמען איז עס ערנסט.

זי האָט געמײנט אַז פּאַליע האָט שױן דעם עפּשטײן אין קעשענע, טרעפט זיך גראָד אַז זי דאַרף זײַן אין דעם ייִדישן סטודענטן־הױז אין פּראַגע און הערט אַז אין גרויסן זאַל גרימפּלט עמעץ אויף דער פּיאַנע. זי עפנט די טיר און קוקט אַרײַן. אַ רויטהאָריקע מויד זיצט בײַ דער פּיאַנע און נעבן איר, מיט אַ מאַנדאָלין אין האַנט, זיצט פּאַליעס חתן־בחור. זי האָט זיך באַלד צוריקגעצויגן, אָבער זי האָט באַװיזן צו זען אַ בליק פון עפּשטײנען צו דער מויד בײַ דער פּיאַנע. אויב אַ בחור װאָלט אַזוי געקוקט צו איר, װאָלט זי באַלד געלאָפן זיך סודלען װעגן דעם מיט פּאַליען.

אויב דער עפּשטײן איז טאַקע אַזאַ מציאה װעט די רויטע מויד, אָדער אַן אַנדערע מויד, אים אויסכאַפּן. פּאַליע איז נאָך אַ קינד און קען ניט די ראַפינירטע קונסט פון פאַרדרײען אַ בחור דעם קאָפּ.

דער אמת איז אַז דער בחור איז אַ גאַנץ שײנער. ער איז געקומען צו זײ אין הויז װי אַ נעבעכל, אָנגעטאָן אין אָפּגעשאָסענע, נעבעכדיקע מלבושים. לעצטנס איז ער אַלע מאָל שײן אָנגעטאָן. פון געבן לעקציעס

אין אינסטיטוט צוויי מאָל אַ וואָך קאָן מען זיך דאָס דערלויבן? דער טאַטוש שטיצט אים אַוודאי, און ער לויפט אַרום מיט פרעמדע מיידן! מע דאַרף זיך דערוויסן ווער די רויטע מויד איז.

מאַניע האָט מער נישט איבערגעהיפּט די לעקציעס אין יודאַיִסטישן אינסטיטוט.

„דער פאַן עפשטיין קומט לעצטנס אַזוי זעלטן צו אונדז אַהיים", האָט מאַניע געזאָגט פאַליען ווען זיי זענען צוזאַמען אַרויס פון אינסטיטוט.

„ער גיט אַוועק אַ סך צײַט צו די אַקטיוויטעטן פון 'אחווה'".

מאַניע האָט זיך צוגעבויגן צו פאַליעס אויער: „איז עס 'אחווה'? צ־זאַמען מיט אים איז דאָרט געוואָרן אַקטיוו די רויטהאָריקע בעכלער־ווונע. דו האָסט באַמערקט ווי היימיש זיי זענען זיך?"

פאַליע איז בלאַס געוואָרן. „זיי זענען פון דער זעלביקער שטאָט", האָט זי אַרויסגעשטאַמלט.

„דער טאַטוש איז זייער גוט צו אים, דער פאַן עפשטיין האָט גערן אונדזער הויז, פאַרבעט אים צו אַ גלאָז טיי, פאַרבעט אים צו דײַן נאָמענ־טאָג. וועסט דאָך מאַכן אַ ביבקע צו דײַן נאָמענטאָג?"

„ניין".

„פאַרבעט אים סײַ ווי. דו נעמסט דאָך בײַ אים דרײַ לעקציעס אַ וואָך. אַז מ'האָט מזל צו האָבן אַזאַ יונגן און שיינעם פּראָפעסאָר... דו שעמסט זיך? וועל איך עס טאָן".

מאַניע איז שוין גרייט געווען צוריקגיין פאַרבעטן עפשטיינען. פאַליע האָט זיך קוים אָפּגעבעטן זי זאָל עס נישט טאָן.

דאָס איז געווען אין אַ זונטיק. מאַניע איז נישט אַוועק פון אינסטיטוט צוזאַמען מיט פאַליען, זי וועט בלײַבן אַ פּאָר שעה אין דער ביבליאָטעק, זי דאַרף זיך צוגרייטן צו אַן עקזאַמען. אַזוי האָט זי געזאָגט פאַליען.

עס איז געשען ווי מאַניע האָט געהאַט אויסגערעכנט. זונטיק, ווען ער דאַרף נישט גיין אין אוניווערסיטעט, איז בערעק, נאָך זײַנע קלאַסן, געקומען אין דער ביבליאָטעק.

„אָ, דער פאַן עפשטיין!" האָט מאַניע אויסגערופן כלומרשט איבער־ראַשט, און צוגעגאַנגען זיך באַגריסן.

„וואָס טוט דאָ די פּאַנגע גרינבערג אין אַ שײנעם זונטיק נאָך מיטאָג?"
האָט ער געפרעגט.

„ס'איז ערב עקזאַמענס, איך דאַרף זיך צוגרײטן פאַר מײַנע לערערס,
אָבער וואָס טוט דאָ מײַן לערער אין אַ זוניקן זונטיק נאָך מיטאָג?"

„איך דאַרף זיך צוגרײטן פאַר מײַנע שילערס".

„אַבי איך האָב געמײנט אַז אַ פּראָפעסאָר קען שוין אַלע תּורות".

בערעק האָט געוווּסט אַז זי חוזקט, ער האָט פון דעסט וועגן איר
געענטפערט ערנסט: „וואָס מער מע קען אַלץ מער דאַרף מען לערנען".

„נאָך מער? אפשר זאָגן קוויט כּל־זמן ס'איז נאָך צײַט? עס האָט
מיך שוין אָפּגענומען דער חשק צו באַגראָבן אַזאַ זוניקן נאָכמיטאָג אין
שטויב פון אַלטע ביכער. אויב דער פּאַן ווערט שנעל מיד וועל איך
וואַרטן".

„כ'בין שוין מיד", האָט בערעק זיך צעלאַכט.

ס'איז געווען אַ לאַנגער שפּאַציר און אַן אָנגענעמער. בערעק איז געווען
גאַלאַנט, ווי זי וואָלט געווען אַ דאַמע אין זײַן עלטער, נישט זײַן שילערין.
אין אָנהייב איז מאַניע געווען שפּילעוודיק־וויציק, באַלד איז זי געוואָרן
סאַרקאַסטיש און בײַסיק. נאָך איידער דאָס איז בערעקן געוואָרן איבער־
דריסיק איז זי גאָר געוואָרן קאָקעטיש און געטוליעט זיך צו זײַן אָרעם.
מאַניע האָט שטודירט זײַן פּנים ווען זי איז געזעסן קעגן איבער אים
בײַ אַ טישל אין אַ קאָנדיטאָרײַ. ער האָט אַ מענעריש פּנים מיט אַ הויכן
שטערן און זײער שײנע בלויע אויגן. זײַנע בלאָנדע האָר כוואַליען זיך
אין זײַן טשופּריגע; ווי שנעל וועלן זײ נעמען אויסקריכן? זי האָט פײַנט
גאָלע קעפּ. וואָלט זי דעם טאַטוש ווײניקער ליב געהאַט אויב ער וואָלט
געהאַט אַ ליסעקאָפּ? חוץ אַלע מעלות וואָס דער טאַטוש רעכנט אויס,
איז דער עפּשטײן אויך אַ שײנער בחור, שענער אַפילו פון לאָלעק גאָל־
דענבערג. אויב אַלץ וואָס דער טאַטוש זאָגט וועגן אים איז אמת, איז ער
דער געראָטנסטער צווישן אַלע בחורים וואָס זי קען. ווי ערנסט איז עס
מיט דער בעכלערוונע פון זײַן שטאָט?

ציטער נישט, פּאָליע, דײַן שוועסטער שטײט אויף דער וואַך און
וועט נישט דערלאָזן עפּעס אַ רויטע מויד פון אַ פּראָווינץ־שטעטל זאָל
אים צונעמען.

דער אָוונט איז צוגעפאַלן, בערעק האָט געוואָלט אָפּפירן מאַניען

אהיים, האָט זי גאָר פֿאַרגעלייגט אים אָפּצופֿירן ביז צום אַקאַדעמישן הויז.

„זינט ווען פֿירט דאָס מיידל אָפּ דעם בחור, און דערצו נאָך קיין פּראַגע אַריבער דער בריק".

„ס'איז הייס, נעבן דער ווײַסל איז קילער. פֿאַרן אַקאַדעמישן הויז וועט איר מיך אַרײַנזעצן אין אַ דראָזשקע, אָדער טאַקסי".

„ס'איז שוין שפּעט, אײַער מאַמע וועט איבערקלערן".

„וועל איך פֿון אַקאַדעמישן הויז אָנקלינגען אַהיים".

בערעק האָט געוווּסט אַז עס איז בײַ מאַניען אַ מין ספּאָרט אָנצוציִען אַ בחור. זי איז אַ שיינע, קלוגע מויד, אָבער צו פֿיל צעבאַלעוועט. אויב ער וואָלט געהאַט מער צײַט וואָלט כּדאַי געווען צו אָבסערווירן איר שפּיל און דערנאָך איר ווײַזן ווער עלטער איז. „איך וועל אײַך אָפּפֿירן אַהיים", האָט ער געזאָגט אַנטשלאָסן, פֿעסט אָנגענומען איר אָרעם און זי אַ פֿיר געטאָן אין דער ריכטונג צו קרולעוווסקע־גאַס. צו מאַכן עס מילדער האָט ער עס באַגלייט מיט אַ קאָמפּלימענט: „פֿאַר אַ מיידל מיט אַזוי פֿיל ייִדישן חן איז געפֿערלעך אַהיימצופֿאָרן פֿון פּראַגע אַליין בײַ נאַכט, די צײַטן זענען נישט נאָרמאַל".

מאַניע האָט נישט געענטפֿערט און מער זיך נישט אָנגערופֿן ביז זיי זענען צוגעקומען צום ראָג פֿון איר גאַס. זי האָט זיך פֿאַרהאַלטן: „אַ דאַנק, פּראָפֿעסאָר, פֿון דאַנען וועל איך שוין טרעפֿן אַליין". זי איז פֿאַרשווונדן איידער בערעק האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט בערעק, נאָך אַ לעקציע אין אינסטיטוט, פֿאַרהאַלטן מאַניען. „פֿאַננע גרינבערג, אויב איר האָט זיך פֿון עפּעס געפֿילט געטראָפֿן לעצטן זונטיק, איז דאָס נישט געווען מײַן כּוונה. אײַער נעמען מיך אויף אַ שפּאַציר איז געווען אַן אָנגענעמער סורפּריז, דאָס שפּאַצירן מיט אײַך — אַ פֿאַרגעניגן".

„אָבער?"

„אָבער מיר לעבן אין אַ שווערער צײַט. איך אַליין מאַך דורך אַ שווערע צײַט, נישט־געקוקט אויף די זאַכן וואָס זענען אויס ווי דערפֿאַלגן".

„אַ ליבע־קריזיס? אָ, איך בין אין גאַנצן אָן טאַקט, זײַט מיר מוחל. איר וועט מיר מוחל זײַן?"

זי איז רויט געוואָרן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. בערעק האָט אָבער געוווּסט אַז דאָס איז נאָר אָנשטעל. „פֿרײַלין מאַניע", האָט ער אָנגעהויבן

מיט אַ שמייכל אויפֿן פּנים און געוואָרן ערנסט. „פֿרײַלין מאַניע, אָפּענע דיבורים. מײַן טאַטע איז אַן אָרעמער טיטן מאַכער. אַלץ וואָס איך בין האָב איך דערגרייכט מיט שווערער אַרבעט, אַלץ וואָס איך פֿאַרמאָג איז מײַן אַרבעט־פֿעיִקייט. איר זענט אַ רייצנדיק מיידל, אָבער איך קאָן זיך נישט דערלויבן צו זײַן נאָך אַ טראָפּיי אין אײַער קאָלעקציע פֿון באַזיגטע מענער״.

זיין מבֿינות אויף אירע שטיק, און זײַן דירעקטער און אָפּענער ענטפֿער האָט זי צעטומלט נאָר פֿאַר אַ ווײַלע, זי איז באַלד געקומען צו זיך: „דער אויסגערימטער פּראָפֿעסאָר עפּשטיין האָט מורא פֿאַר אַ מיידעלע, זײַנס אַ שילערין?״ האָט זי געפֿרעגט מיט אַ חוזקשמייכעלע אַרום אירע ליפּן.

„יאָ און ניין״, האָט ער געענטפֿערט ערנסט. „איך קאָן האַלטן די לייצעס פֿון מײַנע עמאָציעס אַפֿילו ווען זיי צעבריקען זיך ווי אַ ווילד פֿערדל״. ער האָט זיך צעלאַכט פֿון זײַנע אייגענע מליצות און צוגעגעבן: „איך בין זעלטן באַמבאַסטיש. אפֿשר רעד איך צו זיך אַליין און וואָרן זיך״.

„אַ געניטער פּעכטער אַנטלויפֿט נישט פֿון שלאַכטפֿעלד״, האָט מאַניע אַ זאָג געטאָן און אַרויסגעלאָפֿן.

## ב.

פּראָפֿעסאָר שוב האָט פֿאַרטרעטן דעם לערער עפּשטיין אין מאַניעס קלאַס. „אײַער לערער איז אַוועקגעפֿאָרן אין אַ וויכטיקער שליחות״, האָט ד״ר שוב געזאָגט דעם קלאַס, „ער נעמט אויף זיך אַחריותן וואָס געהערן צו אונדז אַלעמען״.

נאָך דער לעקציע איז מאַניע צוגעגאַנגען צו ד״ר שוב: „דער הער עפּשטיין איז בײַ אונדז אַן אייגענער. איך מעג וויסן וווּהין ער איז געפֿאָרן?״

„עס איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אין פּשיטיק. ווי נאָר די ידיעה איז אָנגעקומען איז עפּשטיין געלאָפֿן צו דער באַן. ער זאָל נאָר צוריקקומען בשלום״, האָט דער פּראָפֿעסאָר פֿאַרענדיקט מיט אַ ציטער אין קול.

מאַניע האָט טעלעפֿאָנירט דעם פֿאָרטער אין אַקאַדעמישן הויז. דער

פֿאַרזיצער פֿון פֿאַטראָנאַט בעט מע זאָל אים לאָזן וויסן ווען דער פֿאָן עפּשטיין וועט צוריקקומען. מע דאַרף דעם פֿאָן עפּשטיין נישט שטערן, נאָר מודיע זײַן דעם פֿאָן גרינבערג אַז ער איז דאָ.

ווען דער פֿאָרטער האָט טעלעפֿאָנירט האָט מאַניע געענטפֿערט. בערעק האָט זיך קוים געהאַט באַוויזן אַרומצוואַשן ווען זי האָט אָנגעקלאַפּט אין זײַן טיר. „איך ווייס ווו איר זענט געווען, איך האָב איבערגעקלערט", האָט זי זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר דעם איבערראַשטן בערעק.

„איך בין זייער גערירט. קומט אַרײַן".

בערעק איז נישט געווען זייער באַרעדעוודיק, ער איז נאָך פֿול געווען מיט די שוידערן פֿון פּשיטיק. אויסגעהאַקטע פֿענצטער, פֿליענדיקע פֿעדערן פֿון צעשליסן בעטגעוואַנט, צעבלוטיקטע פּנימער, צעבראָכענע אברים. מאַניע האָט נישט פֿראָבירט אים אַרײַנציען אין אַ שמועס. ער איז אַרויס פֿאַר אַ מינוט, ווען ער איז צוריקגעקומען איז זי נישט געווען. אויפֿן טיש האָט ער געפֿונען אַ צעטעלע: „כ'וועל באַלד צוריקקומען, כ'וועל אײַך ברענגען עפּעס צו עסן". דאָס צעטעלע איז געווען געשריבן אין העברעיִש, אויפֿן טיש איז געבליבן ליגן דער פּויליש־העברעיִשער ווערטערבוך וואָס זי האָט אַראָפּגענומען פֿון זײַן ביכער־פּאָליציע און פֿאַרגעסן צוריקשטעלן.

„איך האָב זיך עס נישט פֿאַרדינט בײַ אײַך", האָט בערעק געזאָגט ווען זי איז צוריקגעקומען מיט אַ פּעקעלע שפּײַז. ער איז באמת געווען גערירט.

„אַ קלוגער פּראָפֿעסאָר דאַרף וויסן אַז אַ שפּילעוודיק מיידל קאָן אויך זײַן ערנסט".

דער זאָג איז געווען אויסגעפּלאַנט, אַ טייל פֿון איר צוגעטראַכטער סטראַטעגיע. זי איז אַליין געווען איבערראַשט וואָס טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן. בערעק איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב פֿאַרגאַפֿט.

די טרערן אין די אויגן זענען געווען דער ערשטער איבערראַש. זי האָט שפּעטער געזאָגט אַ סך ווערטער וואָס זענען נישט געווען אין איר פּלאַן. זי האָט לגמרי פֿאַרגעסן שפּינען דאָס געוועב כּדי אים צו ראַטעווען פֿאַר פּאָליען. זי איז שפּעטער ווידער געוואָרן שפּילעוודיק, אָבער אַפֿילו די שפּילעוודיקייט איז געווען אַ טייל פֿון דעם דיבוק וואָס האָט הײַנט אַרויסגערעדט דורך איר מויל.

„צי האָלט דער פּראָפעסאָר אַז ליפּן טראָגן איבער מיקראָבן און ס׳איז נישט כדאַי צו ריזיקירן מיט אַ קוש?" האָט זי געפרעגט און געשמייכלט פּראָוואָצירנדיק.

„אַ פּראָפעסאָר זאָל קושן אַ שילערין איז געפערלעך נישט צוליב מיקראָבן. אַכיבע דו זאָלסט פאַרגעסן דעם פּראָפעסאָר און מיך רופן 'בערעק' ".

„קוש מיך, בערעק".

מאַניע האָט זיך געשטרעקט צו אַ קליין שפּיגעלע וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט און צוגעקעמט אירע האָר. זי האָט זיך געגרייט אַוועק־גיין. בערעק האָט אָנגעטאָן אַ רעקל זי צו באַגלייטן.

„איך וועל אַליין טרעפן אַהיים. מער פעלט מיר נישט נאָר מע זאָל אונדז ביידע זען אַרויסגיין. מע קאָן באַך מיינען כ׳ווייס וואָס... ווער וועט דען גלייבן אַז דו ביסט אַזאַ דזשענטלמאַן".

„אויב דו ווילסט אַזוי".

„זאָג מיר, בערעק, דו ביסט שטענדיק, מיט אַלעמען אַזוי צוריקגע־האַלטן? ווען צעבריקען זיך ביי דיר עמאָציעס ווי ביי אַ ווילד פערדל?"

„זיי נישט אַזוי סאַרקאַסטיש, מאַניושאַ. וואָס דאַרף איך זאָגן כדי דו זאָלסט ווידער קומען?"

„דעם אמת".

„איך קען שטענדיק פּענטען מיינע באַגערן, בינדן זיי מיט האַרטע שטריק פון עקשנות".

„האַרטע שטריק פון... דו רעדסט מער פּאָעטיש וועגן דיין איינגעהאַלטנ־קייט ווי וועגן דיינע באַגערן. דו פרעגסט מיך וואָס צו זאָגן כדי איך זאָל ווידער קומען. איך וועל דיר ענטפערן. דו האָסט היינט גערעדט וועגן מיינע אויגן, ליפּן, האַלדז, און וועגן דיין עקשנות. נאָך דעם ווי דו וועסט מיר זאָגן עפּעס אויך וועגן דיין האַרץ, וועל איך וויסן צי איך זאָל קומען".

ער האָט געגעגנט צו איר און זי אָנגענומען ביי ביידע הענט: „דו האָסט געזיגט, מאַניע. אויב דו ווילסט קאָנסטו שוין אָנהייבן לאַכן פון מיר. אַפילו אויב דו וועסט מער נישט קומען, אַפילו אויב דו וועסט מאָרגן

זיך אויסדרייען צו מיר מיטן רוקן, ווײַל איך דעם הײַנטיקן אָוונט נישט קאָנען פאַרגעסן". ער האָט אָפּגעלאָזט אירע הענט, אויסגעדרייט זיך צו איר מיטן רוקן און גענומען אַוועקגיין. זי האָט אַ שפּרונג געטאָן, און געבליבן שטיין פאַר אים ווי צו אַ פאַרמעסט. „דו גלייבסט מיר נישט! וואָס זאָל איך טאָן אַז דו זאָלסט נעמען ערנסט וואָס איך זאָג דיר? וואָס קאָן איך טאָן אַז דו זאָלסט מיר גלייבן?"

בערעק האָט ווידער אָנגענומען אירע הענט, זיי זענען געווען קאַלט ווי אײַז. אירע אויגן וואָס האָבן ערשט געגלאַנצט מיט כּעס האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ נעץ רויטע אָדערלעך.

„זײַ נישט בייז", האָט ער זיך געבעטן בײַ איר און פּראָבירט זי צוטוליען צו זיך. זי האָט זיך אָפּגערוקט אַ טריט צו קאָנען אים קוקן גלײַך אין די אויגן: „פאַר וואָס גלייבסטו מיר נישט, בערעק? קאָנסטו מיר אָנווײַזן איין בחור אין אונדזערע קרײַזן וואָס איז עס מער ווערט ווי דו? דו וועסט מיר דאַרפן גלייבן אַ גאַנץ לעבן, כ'האָב דיך ליב, בערעק!"

ער האָט אויסגעשטרעקט זײַנע אָרעמס צו איר, אָבער זי האָט זיי אָפּגעשטופּט: „דו וועסט מיר אָנהייבן גלייבן שוין איצט", האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ דעספּעראַציע אין איר קול אַז עס האָט אים דערשראָקן. זי האָט זיך צעלאַכט מיט קורצע היסטערישע לאַכלעך און גענומען צעקנעפּלען איר קלייד.

„טו דאָס נישט, מאַניושאַ. כ'האָב דיך ליב! אַז מע האָט ליב קאָן מען וואַרטן".

דאָס קלייד איז אַראָפּגעפאַלן און געבליבן ליגן בײַ אירע פיס. שמאָלע אַקסלען, שלאַנקע שענקלען האָבן מיט געזונטער ברוינקייט אַרויסגעבלענדט פון איר ווײַסער אונטערוועש.

ווי אַ פײַער וואָלט אַרויסגעפלאַמט פון איר אָפּגעדעקט לײַב און אַ זענק געטאָן די ‚האַרטע שטריק פון עקשנות', איז געבליבן פון זיי נאָר אַש. שטיקער אונטערוועש זענען געבליבן ליגן אויפן שלאַכטפעלד און מע האָט מער נישט געקענט וויסן וועמעס טראָפּייען דאָס זענען...

ג.

„זאָג מיר דעם אמת", האָט פּאַליע געפרעגט מאַניען און איר געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן, „דו האָסט געװוּסט װאָס איך פּיל צו בערעקן?"

„דו האָסט מיר דען געזאָגט?" האָט מאַניע אויסגעמיטן אַ דירעקטן ענטפער.

„זאָג איך דיר איצט. איך בין פאַרליבט אין אים. שרעקלעך, קרענקלעך, דו װעסט זאָגן — נאַריש פאַרליבט".

„דו רעדסט אַזוי דראַמאַטיש אַז איך קאָן נאָך בעמען גלײבן".

„בײַ דיר זענען די זאַכן קײן מאָל נישט ערנסט, דערפאַר איז דיר שװער דאָס זיך פאָרצושטעלן. גיב אים מיר צוריק, מאַניאַ, כ'בעט דיך".

„פּאַליע, װאָס רעדסטו?"

„דו האָסט געזיגט, מאַניאַ, אויף אַלע פראָנטן. האָסט באַזיגט בערעקן און מיך, איז דאָס נישט גענוג פאַר דיר? גיב אים מיר צוריק, דאָס איז צו ערנסט!"

מאַניע האָט אַרומגעכאַפּט פּאַליען און זי געטוליעט צו זיך: „פּאַליע, טײַערע, פאַר װאָס האָסטו נישט פריִער געזאָגט? ס'איז בײַ מיר אויך ערנסט, און — ס'איז צו שפּעט! מיר װילן די חתונה אין אַ חודש אַרום, נישט צוליב בערעקס דאָקטאָראַט. כ'מוז עס דיר זאָגן, פּאַליע, אונדזער ערשט קינד װעט געבוירן װערן אַ זיבעלע..."

פּאַליע איז אַראָפּגעזונקען אויף אַ בענקל. זי האָט אויסגעװישט די אויגן און מיט אַ קול װאָס איז פּלוצלינג געװאָרן הײזעריק, געביטערט: „איך נאַר, װיסטער, פינצטערער נאַר! איך האָב נאָך אַלץ געהאָפט אַז מע קאָן עס צוריק גוט מאַכן".

„פּאַליע, דו װעסט האַלטן ס'מויל".

„פאַר װאָס... אַ, דו מײנסט װעגן קינד? די מאַמעשי װעט זיך אָנשטויסן".

„מיר װעלן פאָרן קײן פּראָג פאַרענדיקן דאָס שטודירן. דאָס קינד װעט דאָרט געבוירן װערן און קײנער דאַרף נישט װיסן גענוי װען".

די חתונה איז פאָרגעקומען בײַ די גרינבערגס אין דער הײם, אַ חופּה און אַ מאָלצײַט נאָר פאַר די נאָענטסטע קרובים, און דאָס יונגע פּאָר איז אַװעק װוינען אין אַ האָטעל. צו מאָרגנס האָט מאַניע געהאַט אַ װיכטיקן

עקזאַמען און געמוזט גיין אין אוניווערסיטעט. בערעק איז געשטאַנען און געוואַרט אויף איר און עס זענען אים באַפאַלן אומעטיקע געדאַנקען. „נאָר אַ חופּה, לעקעך און בראָנפן, און שוין", האָט ער געשריבן דעם טאַטן, „מיר זענען דאָך וועלטלעכע מענטשן". דער טאַטע איז געקומען אין דער פרי און אָוועקגעפאָרן בײַ נאַכט. ער האָט אַזוי פיל געטראַכט וועגן דעם נחת וואָס דער טאַטע וועט האָבן, האָט ער טאַקע געהאַט נחת? ער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די אויסגעפּוצטע עלעגאַנטע גרינבערגס ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער, ער האָט זיך אָנגעהאַלטן אין זײַן זון, ווי אַ טרינקענדיקער אין אַ שטרוי. וואָס קומט אַרויס די גרינבערגס פון זייער עשירות? אַן אָרעמער חסיד פון גערער שטיבל אין גורוויטש האָט מער יום־טוב אין זײַן לעבן ווי די וועלטלעכע גבירים.

קיין מיטאָג האָט מאַניע הײַנט נישט געקאָנט עסן, עס האָט איר גענומען צום ברעכן. זי האָט נישט געוואָלט גיין אין קיין רעסטאָראַן. זי איז מיד און שלעפעריק, זי חלשט זיך אַרײַנצוװאַרפן אין בעט. בערעק האָט אויפן וועג צום האָטעל געקויפט אַ בײַטל קאַרשן און אַ פּאָר שטיקלעך קוכן — אַ נאַש וועט זײַן גענוג.

ס'איז געווען הייס אין דעם האָטעל־צימער. מאַניע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלע מלבושים און אַרומגעגאַנגען ווי די מאַמע האָט זי געבוירן. ס'איז געווען אויף וואָס צו קוקן. מאַניע האָט געהאַט געטאָקטע פיס, אַ שמאָלע טאַליע. אויף איר גוף האָט זיך נאָך נישט אָנגעזען דאָס שוואַנגערן, נאָר דער בוזעם אַ ביסל פולער, און מער מוסקולירטקייט אַרום דעם נאַפּל. בערעק האָט געקוקט אויף איר בגניבה. זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שעמעוודיקייט צו אים אַזוי לײַכט ווי זי האָט איצטער אַראָפּגעוואָרפן אירע קליידער. ער האָט זיך נאָך אַלץ געשעמט פאַר איר, און נאָר אין בעט געפונען די דרייסטקייט צו קושן דאָס ברוינע פּינטעלע נעבן איר נאַפּל וואָס האָט איר געטאָקטן בויך צוגעגעבן נאָך מער רייץ. דאָס ברוינע פּינטעלע אויף מאַניעס בויך האָט פאַרטריבן אַלע גרויע מחשבות פון זײַן קאָפּ. „אַ קינד וואָס וועט אַרויסקומען פון אַזאַ שיינעם בויך וועט זײַן דאָס שענסטע קינד אויף דער וועלט", האָט בערעק געזאָגט מאַניען. „מיך האָסטו שוין מער נישט ליב, האָסט שוין אַלץ אַריבערגעטראָגן צום קינד", האָט מאַניע זיך געפּיע־שטשעט. בערעק האָט זי פעסטער געדריקט צו זיך, ער וועט זי אייביק

דריקן צו זיך, און נישט לאָזן זײַנע געדאַנקען לויפן און פֿאַרבלאָנדזשען. זײַן מאַניע איז שענער פֿון ברכה בעלכער, קליגער פֿון בינען, און אינטעליגענטער פֿון די מיידלעך אין וועלכע ער האָט גוסטירט אין גורוויטש. גורוויטש איז פּראָווינץ, און אַ שטיק פּראָווינץ שטעקט נאָך אַלץ אין אים. ער האָט געוווינט מיט זײַן פֿאָטער אין איין ענג צימערל און ער האָט דעם טאַטן קיין מאָל נישט געזען אָדם־נאַקעט, און דער טאַטע האָט אים אַזוי נישט געזען זינט ער איז אויפֿגעוואַקסן. די זעלביקע מאַניע וואָס האָט דעמאָלט אין סטודענטן־הויז פּלוצלינג גענומען אַראָפּוואַרפֿן אירע קליידער האָט נישט געהאַט קיין מאָן פֿאַר אים, דאָס ווייסט ער דאָך. פֿאַר וואָס זשעניִרן זיך ווען זי האָט באַשלאָסן צו ווערן זײַנע אויף אייביק?

די גרינבערגס האָבן אייגנטלעך געוואָלט אַז דאָס יונגע פּאָרל זאָל וווינען מיט זיי ביז זיי וועלן ענדיקן דעם סעמעסטער אין אוניווערסיטעט. אַז זיי האָבן שוין באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין פּראָג איז נישט כּדאַי אײַנצוֹאָרדענען אַ דירה פֿאַר אַזאַ קורצער צײַט.

בערעק האָט געזאָגט אַז דאָס לייגט זיך אויפֿן שׂכל, עס איז נישט כּדאַי אַפֿילו צו זוכן אַ צימער ווי סובלאָקאַטאָרן; איידער מע וועט אויספּאַקן די זאַכן וועט מען זיי שוין דאַרפֿן צוריק פֿאַרפּאַקן. אָבער מאַניע האָט זיך אײַנגעשפּאַרט. זי וויל אַ שטוב נאָענט צו דער אוניווערסיטעט. עס קומט איר איצט אָן שווער דאָס אײַלן זיך, און — ווי קאָן זי וווינען אין דער היים און כּסדר אָנטרעטן פֿאַליען אויף די היבעראויגן?

„וואָס מיינסטו, אָנטרעטן אויף די היבעראויגן?“ האָט בערעק געפֿרעגט.

„אָט וועלן מיר זיצן צוזאַמען, און אָט וועלן מיר אַוועק אין אונדזער שטוב צו גיין אין בעט אַרײַן“.

„איז וואָס?“

„כ׳שעם זיך פֿאַר פֿאָליען“.

„פֿאַר וואָס גראָד פֿאַר פֿאָליען?“

„וואָס הייסט פֿאַר וואָס? ווײַל זי וועט דאַרפֿן גיין אין איר שטוב אַרײַן אַליין“.

„וואָס איז פֿאָליע? אַן אַלטע פֿאַרזעסענע מויד?“

„וואָס נעמסטו מיך אויף אַ קרייצפֿאַרהער? איך וויל וווינען בײַ

פרעמדע וואָס גייען מיך נישט אָן און איך גיי זיי נישט אָן. איז דאָס אַזוי אויסטערליש?"

דאָס איז גאָר נישט געווען אויסטערליש, אָבער בערעק האָט געזען דערין נאָך אַ סימן צו זײַן פאַרדאַכט אַז עפּעס איז געשען צווישן מאַניען און פאַליען. אויך דאָס איז נישט אויסטערליש. עס זאָל אַזוי נישט טרעפן ווי עס טרעפט, אַ ברוגז צווישן שוועסטער. אָבער פאַר וואָס וויל מאַניע עס דווקא פאַרהוילן פון אים? וואָס פאַר אַ סוד שטעקט אין דעם ברוגז? וואָס פאַר אַ שײַכות האָט עס מיט דעם וואָס פאַליע איז לעצטנס אַזוי טרויעריק, פאַרלירט וואָג, זיצט אַזוי פיל אין דער היים? בערעק האָט אומגעריכט אַ פרעג געטאָן: „וואָס פאַר אַ שײַכות האָט דײַן ברוגז מיט פאַליען צו מיר?"

„ווער זאָגט עס האָט?"

„זי מײַדט מיך אויס, זי רעדט כּמעט נישט צו מיר".

„זי פאַרשטייט בעסער ווי דו אַז מאַן און ווײַב זענען איינס. אַ ברוגז מיט איינעם איז אַ ברוגז מיט ביידע".

בערעק האָט זי אָנגעכאַפּט בײַ ביידע אָרעמס: „טו דאָס נישט, מאַניע. טו דאָס נישט צו מיר און צו זיך אַליין. אַז דו וועסט ליגנערן אין קליי־ניקייטן וועט דער סוף זײַן, איך וועל דיר אין גרויסע זאַכן אויך נישט גלייבן".

„וואָס בין איך שולדיק אַז זי האָט זיך פאַרליבט — אויך פאַרליבט אין דיר".

מאַניע האָט געביסן די ליפּן. זי האָט זיך נישט באַדאַרפט צוריקכאַפּן און זאָגן אויך פאַרליבט. וואָס עס זאָל זיך איר נישט אַרויסכאַפּן פון מויל איז עס בעסער ווי דאָס צוריקכאַפּן און קאָרעגירן זיך.

וואָס טוט זיך דאָ? האָט בערעק זיך געחידושט. ביידע גרינבערג־מיידלעך איז דאָך נישט אָנגעשטאַנען אַפילו אַ קוק צו טאָן אין זײַן זײַט ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען צו זיי אין הויז. די מיידלעך אין גורוויטש האָט ער פאַרשטאַנען. די „וואַרשאַוויאַנקעס" מיט זייערע פּירעכצן זענען געבליבן פאַר אים אַ מיסטעריע. און אפשר איז עס אַ שפּיצל פון גורל? מע הייבט אים אויף זייער הויך כּדי דערנאָך אַראָפּצו־שלײַדערן ביז אין תּהום אַרײַן? ס'איז דאָך אומגלייבלעך. אַלץ וואָס ער האָט זיך נאָר אַ מאָל דערוועגט צו טרוימען איז אים צוגעוואָרפן געוואָרן

אין שויס אַרײַן. ער האָט אַפילו נישט געדאַרפט אויסשטרעקן די האַנט עס אויפצוהייבן.

מע האָט געדונגען אַ צימער בײַ עמעצן, ווי מאַניע האָט געוואָלט, אָבער קיין גרויסע הנאה פון איר אייגענער דירה האָט מאַניע נישט געהאַט. זי איז גיך פאַרטיק געוואָרן מיט אירע עקזאַמענס; בערעק האָט נאָך געהאַט אַ סך אַרבעט אין אינסטיטוט. ער האָט לעצטנס פאַרבראַכט אַ סך צײַט מיט מאַניען און געבליבן היגטערשטעליק מיט זײַן אַרבעט. בערעק איז אַוועק צו זײַנע עניינים און זי איז געבליבן אַליין אין אַ הויז וואָס איז איר געווען פרעמד. זי האָט געביסן אירע ליפּן און זיך געפרעגט: וואָס איז דאָ געשען צו מיר? זי איז געווען אַן זאָרגן, אָן מוראס, פרײַ ווי אַ פייגעלע אונטערן בלויען הימל. די גאַנצע וועלט איז געלעגן אויס־געשפּרייט בײַ אירע פיס ווי אַ טעפּעך. ווי אַזוי האָט זיך דאָס אַלץ איבערגעקערט? איז עס איר שולד וואָס פאַליע איז קראַנק? יעדער וואָס קומט צו איר טיר, קומט ווי אַן אינקוויזיטאָר, אויך די מאַמעשי מאַטערט זי מיט פראַגעס. וואָס איז זי שולדיק אַז פאַליע האָט זיך אויך פאַרליבט אין איר בערעק?

אויך פאַליבט?

יאָ! זי האָט פריִער ליב געהאַט בערעקן, כאָטש זי האָט עס אפשר נישט געוווּסט. עס איז דאָך אַזוי קלאָר און אַזוי פּשוט: זי האָט זיך אײַנגערעדט אַז עס איז נאָר שפּיל כדי אָפּצונאַרן איר שטאָלץ. איר האַרץ האָט געפירט אירע פיס צו בערעקס צימער אין סטודענטן־הויז, איר האַרץ האָט אויסגעשריגן דורך איר מויל „כ׳האָב דיך ליב״, כאָטש דער שטאָלצער קאָפּ האָט עס נאָך אַלץ נישט געוואָלט מודה זײַן. ס׳איז נישט געווען דאָס אַמאָליקע קינדערשע שפּיל אַרויסצוכאַפּן אַ צוקערל פון פאַליעס האַנט. אָ, ניין! אַזוי שנעל ווי זי האָט געזאָגט בערעקן וואָס זי פילט צו אים האָט אַלץ אין איר זיך אָפּגעשפּאַנט און טרערן זענען געפלאָסן אַריבער די שלוזעס. דער מיקראָב איז געזעסן אין איר און זי האָט גאָר נישט געוווּסט, פּלוצלינג האָט זי עס דערפילט מיט יעדן אבר אין איר גוף, מיט יעדן טראָפּן בלוט. בערעק איז גוט צו איר, אָבער אויך ער שטעלט צו פיל פראַגעס, זי דאַרף זיך היטן אויף פאַר אים. זי דאַרף אויסמעקן פון איר אייגענעם זכרון אַז זי האָט געוווּסט וועגן פאַליעס געפילן צו בערעקן.

פאַליע קומט שוין צו זיך. זי וועט גיך פאַרגעסן די גאַנצע אַוואַנ־טורע. פאַליע וועט בלײַבן שלאַנק, פריש, בייגעוודיק, און זי, מאַניע, וועט זיך שלעפּן אויף געשוואָלענע פיס מיט אַ בויך ביז צו דער נאָז.

אַ קימפּעט איז נישט קיין קינדערשפּיל. נישט נאָר די יסורים, מע קאָן כאַפּן אַ בלוט־פאַרגיפטונג! אפשר וועט זי גאָר שטאַרבן אין קימפּעט? עס אַרט איר נישט. אויב זי וועט שטאַרבן אין קימפּעט זאָל בערעק חתונה האָבן מיט פאַליען, זי וועט עס אים אָנזאָגן. ניין, זי וועט נישט זאָגן, זי וועט איבערלאָזן אַזאַ בריוו. וואָס כליפּעט זי? זי דאַרף נישט וויינען, זי וועט מער נישט דאַרפן ענטפערן אויף אַזוי פיל פראַגעס און אַלע וועלן זען ווער עס קאָן זיך מקריב זײַן. דאָס קינד וועט בלײַבן לעבן — אַ מיידעלע, עס וועט הייסן מאַניע, נאָך איר. עס וועט זײַן אירס, עס וועט זײַן זי, און בערעק וועט עס ליב האָבן מער פון אַלע קינדער און מער פון פאַליען...

בערעק האָט געוואָלט פאָרן קיין פראַג אויף צוליב דעם וואָס ער האָט באַקומען אַ ידיעה אַז זײַן מאַמעס ברודער, פריץ, געפינט זיך אין פראַג. ער האָט אָבער גיך אײַנגעזען אַז עס וואָלט געווען נאַריש איצט זיך צו לאָזן אין וועג אַרײַן. היטלער סטראַשעט מיט מלחמה קעגן טשע־כאָסלאָוואַקײַ, און מאַניע האָט אַ שווער טראָגן מיט אָנפאַלן פון דעפּרעסיע. אין אַזאַ מצב איז בעסער צו זיצן אין דער היים און זײַן צווישן אייגענע.

## ד.

בערעקס פאַרדינסטן זענען נישט געווען גענוג אויסצוהאַלטן אַ משפחה, דער שווער האָט אים געצאָלט וואָכנגעלט. בערעק האָט נישט געוואָלט זײַן אַן איידעמל אויף קעסט, האָט ער זיך אײַנגעעקשנט אַז ער וויל פאַרדינען זײַן געהאַלט און געקומען יעדן טאָג אין גרינבערגס לעדער־געשעפט. די ערשטע פּאָר וואָכן האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין געשעפט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער. ער האָט נישט געשטערט און נישט געהאָלפן, ער האָט זעלטן אויסגערעדט אַ וואָרט. איין מאָל, נאָך אַ מאָל־צײַט בײַ די גרינבערגס, האָט דער שווער געפרעגט בערעקן: „נו, ווי געפעלט דיר דער לעדער־מיסחר?"

„מיר געפעלט דער סיסטעם פון בוכהאַלטעריע וואָס דער שווער האָט אײַנגעפירט, מען קאָן נוצן דעם זעלביקן סיסטעם בײַם מאַכן אַ לאַ־גערבוך".

„ווי קומט איינס צום אַנדערן?" האָט דער שווער עס געוואָלט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט.

„מע פאַרשרײַבט יעדער זלאָטע וואָס קומט אַרײַן און וואָס גייט אַרויס, וואָס מיר זענען שולדיק צו אונדזערע צושטעלערס און וואָס קונים זענען אונדז שולדיק, קאָן מען צו יעדער צײַט מאַכן אַ באַלאַנס. מע קאָן גענוי דאָס זעלביקע טאָן מיט סחורה. מ'עט פאַרשרײַבן אַלץ וואָס איז דאָ אין לאַגער, אַלץ וואָס וועט פאַרקויפט ווערן וועט מען אַראָפּרעכענען לויט אונדזערע חשבונות צו די קונים, און אַלץ וואָס מיר וועלן צוקויפן — לויט די צושטעלערס חשבונות צו אונדז".

„און וואָס וועט אַרויסקומען פון דעם?"

„אָרדענונג".

„דו קאָנסט זיך פאַרשטעלן די אומאָרדענונג בײַם מאַכן דאָס לאַגער־בוך? מ'עט דאַרפן אויסמעסטן, אָפּוועגן יעדער ביסל פון די אַלע מינים סחורה. ס'עט נעמען אַ סך וואָכן און דאָס געשעפט וועט דערווײַל זײַן אַ משוגעים־הויז".

„אָבער עס וועט דערנאָך זײַן אָרדענונג. אַן אָפענע טיר לאָקט דעם גנב".

„מע גנבעט?"

„אויב מע גנבעט נאָך נישט, וועט מען גנבענען".

„דו ווייסט עפּעס און ווילסט מיר נישט אויסזאָגן".

„איך ווייס נאָך גאָרנישט אויף זיכער, אָבער איך בין זיכער אַז דאָס האַלטן חשבון וועט העלפן אויסמײַדן עס זאָל ווערן ערגער".

די אָנגעשטעלטע האָבן נישט געזאָגט אַז זיי זענען קעגן מאַכן אַ לאַגערבוך, אָבער זיי האָבן זיך גענומען טשעפּען צו בערעקן. אויב דער פאַן גרינבערג דאַרף נאָך אַן אָנגעשטעלטן האָט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין מיטגלידער מיט לאַנגן פאַראייןסטאַזש וואָס זוכן אַרבעט. אויב דער פאַן גרינבערג וועט ברענגען מענטשן פון גאַס צו אַרבעטן אין זײַן געשעפט וועט דער פאַראיין נישט שווײַגן, מע וועט דערקלערן אַ סטרײַק.

„אין זײַן מלחמה מיטן פאַראיין האָט בערעק אַרויסגעוויזן נישט

ווייניקער מוט און חכמה ווי אין זײַן קאַמף קעגן די אַנטיסעמיטישע סטודענטן", האָט פעליקס גרינבערג זיך באַרימט פאַר זײַן הויזגעזינט. מאַניע איז געווען דערבײַ, טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן, דער טאַטע האָט געמיינט פון נחת. מאַניע האָט גאָר באַוויינט איר גורל, אין אַזאַ צײַט זיצט אַ מאַן לעבן ווײַב, האַלט איר האַנט, זאָגט איר ווי ליב ער האָט זי. בערעק פירט גאָר מלחמות מיט סטודענטן, מיט פאַר־איינען. לאַגערביכער האָבן זיך אים פאַרגלוסט! ער קומט פון געשעפט מיד, אײַנגעטונקען אין שטויב. וואַשט קוים אָפּ דעם שווייס און נעמט זיך טאָן זײַן אוניווערסיטעט־אַרבעט. וואָס טראַכט ער זיך, דער קלוגער מוטי־קער מאַן אירער? דאָס קינד, וואָס מאַכט זי אַזוי אַנגעשוואָלן און מיאוס, איז דען נאָר אירס?

בערעק האָט איבערגענומען מער און מער פונקציעס אין געשעפט. פעליקס גרינבערג האָט ליב געהאַט זײַן משפחה, זײַן ציגאַר, זײַן מנוחה, און געווען אַ ביסל נאָכלאָזיק אין מיסחר. בערעק האָט אַרײַנגעבראַכט אָרגאַניזירטקייט. יעדן אָנגעשטעלטן צוגעטיילט זײַן פונקציע און זײַן אַחריות. ער האָט אָפּגעזאָגט עטלעכע אָנגעשטעלטע פון זייערע פּאָסטנס. פעליקס גרינבערג האָט זיך געריכט אויף אַ מלחמה מיטן פאַראיין. בערעק האָט אָבער צופרידנגעשטעלט דעם פאַראיין מיטן העכערן די געהאַלטן פון די אַנדערע אָנגעשטעלטע. גרינבערג איז שוין פאַר דעם געווען פון די בעסטע געהאַלטצאָלערס: דאָס נײַע העכערן האָט באַרעכטיקט אַן אַלגעמיינע הוספה פון שכירות אין דער בראַנזשע. „וואָס האָט דײַן איידעם דאָ דערגרייכט?" האָבן אַנדערע סוחרים געהאַט טענות, „האָסט ווייני־קער מענטשן און צאָלסט אויס מער שכירות". פעליקס האָט אָבער געזען אַז די מענטשן אַרבעטן בעסער, און ווען זיי וועלן האָבן גענוג ווען זיי נישט דאַרפן גנבענען. ווער וועט עס זײַן אַ שוטה צו ריזיקירן מיט דעם בעסטן פּאָסטן אין שטאָט?

## קאַפּיטל זעכצן

# באַשערטקייט

### א.

אין דער מילקעס־פאַבריק האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט וועבערס, שערערס, ריַיגערס און שפּאָלערינס. פינטשע האָט זיי אַלע געקענט, מיט טייל געווען פריַינדלעך, אָבער עס איז זעלטן געווען אַ געלעגנהייט צו ווערן נאָענט. מע האָט זיך באַגריסט, אויסגעטוישט אַ פּאָר ווערטער וועגן פאַבריק־ענינים, און מער נישט געהאַט קיין קאָנטאַקט. דער וועבער, מאַרעק מינדלין, האָט געהאַט אַ פּנים פון אַן אינטעליגענט, און איז געווען פון די בעסטע וועבערס אין דער פאַבריק. פינטשע האָט טייל מאָל געפילט אַ נײַגיריקייט צו דעם בחור מיט די טרוימערישע אויגן. ער איז שוין נישט קיין יונגער בחור, אַ חידוש ער האָט נישט חתונה.

איין מאָל ווען דער מאַרעק האָט גענומען בײַ פינטשען שוסקאַרטעס פאַר אַ נײַעם מוסטער האָט ער אַ פּליסטער געטאָן, די אַנדערע אין קאַנטאָר זאָלן נישט הערן: „כ'מוז מיט אײַך רעדן וועגן אײַער קוזין".

פינטשע האָט עס געהערט אָבער זיך נישט געכאַפּט וועגן וואָס עס גייט.

„ס'איז וויכטיק, זייער וויכטיק", האָט דער יונגער־מאַן צוגעגעבן.

אַז יענער האָט ווידער גערעדט מיט אַ שעפּטש, האָט פינטשע זיך שוין אָנגעשטויסן אַז עס גייט וועגן איטשעלען. איז מאַרעק איינער פון איטשעלעס מענטשן?

„זאָל דער פּאַן אַרײַנשטעלן די קאַרטעס אין דער מאַשין, כ'וועל צוקומען אַ קוק טאָן", האָט פינטשע אים געענטפערט. עס איז נישט גוט מע זאָל זען אַז ער האָט מחזקות מיט דעם מינדלין אויב יענער איז אַקטיוו בײַ די קאָמוניסטן. צווישן די וועבשטולן מיט זייער געטראַסק

וועט קיינער נישט הערן וועגן וואָס זיי רעדן און קיינער וועט גאָרנישט חושד זײַן, דאָס קלאַפּן פון די שיצן, שיצקאַסטנס און לאַדעס איז אַזוי פאַרטויבנדיק אַז מע מוז רעדן גלײַך אין אויער אַרײַן.

עס זענען שוין אָפּגעלאָפן חדשים זינט פוילן האָט געמאַכט אַן אָפיציעלע פאָדערונג טשעכאָסלאָוואַקײַ זאָל אַרויסגעבן איטשען, אָבער דער ענין האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. מע האָט געוווּסט אַז אין פוילן רודפט מען קאָמוניסטן און אין טשעכאָסלאָוואַקײַ האָט געהערשט אַ ליבעראַלער רעזשים. איצט אָבער האָט דער מצב זיך געביטן. היטלער האַלט אין איין פאַרשטאַרקן זײַן דרוק אויף די טשעכן, און פוילן איז איצט אַ גאַנצער שמעלקע מיט היטלערן. די טשעכן נייטיקן זיך אין פרײַנד און געבן אַזילרעכט צו קאָמוניסטישע דיווערסאַנטן וועט נישט העלפן געווינען פרײַנד. „ס'איז פאַראַן אַ געפאַר אַז די טשעכן וועלן איבערגעבן איטשען צו דער פוילישער פּאָליציי", האָט מינדלין געזאָגט פינטשען.

„דער פאַן מיינט אַז איך קאָן משפּיע זײַן אויף דער טשעכישער רעגירונג ?" האָט פינטשע זיך אָפּגעבייזערט.

„איך זע אַז איר פאַרשטייט נישט ווי ערנסט עס איז".

„אָבער וואָס קאָן איך דען טאָן ?"

„מע מוז אים שמוגלען פון טשעכן צוריק קיין פוילן, און פון דאַנען אים אַריבערפּעקלען איבער דער גרענעץ קיין סאָוויעט-רוסלאַנד".

„איך קאָן זיך מיט דעם נישט פאַרנעמען !" איז פינטשע געווען נאָך מער אין כעס.

„עס וועט שוין זײַן ווער עס זאָל זיך פאַרנעמען מיט דעם, אָבער עס דאַרף קאָסטן אַ סך געלט".

„איך וויל אַפילו נישט וויסן וועגן דעם".

„אײַער פּחד דערוועקט מײַן גרעסטע סימפּאַטיע", האָט מאַרעק געזאָגט מיט סאַרקאַזם, „איך ווייס אַז עס איז נישט כּשר. אָבער גיט אַ קוק : ער איז נישט מײַן קרוב און איך האָב שוין גענומען אויף זיך אַ געפאַר מיט דעם וואָס איך האָב זיך דעקאָנספּירירט פאַר אײַך".

„איטשע איז טאַקע מײַן קרוב, אָבער אַרײַנשטעקן מײַן געזונטן קאָפּ אין אַ קרימינעלן ענין וועל איך נישט. אַז מ'עט אים אַרויסראַטעווען פון דעם אומגליק וועט ער אַרײַנקריכן אין אַן אַנדערס. ער האָט אַ נייגונג

אונטערצושנײַדן די צווײַג אויף וועלכער ער זיצט, אונטערצוגראָבן זײַן אייגן לעבן".

„צווינגען אײַך קאָן איך נישט. איך טו דאָס מײַניקע און וואָרן אײַך אַז איטשעס לעבן ליגט אויף דער וואָגשאָל, שוין נישט צו רעדן וועגן דער קאָמפּראָמיטאַציע פון דער גאַנצער משפּחה. וועט דאָס אַ ביסל זײַן אַ העצע! די ענדעקעס וועלן האָבן אַ ווילדע מציאה אין אַ מאָרדפּראָצעס קעגן זון פון ייִדישן ראָש־הקהל און ברודערן־זון פון חשובסטן פאַבריקאַנט אין שטאָט".

„וואָס ווילט איר פון מיר? איר האָט אים געשיקט אין דער פּינצטערער שליחות!" האָט פּינטשע אַרויסגעזײַט פון צווישן די ציין און אַוועק.

די נאַכט האָט פּינטשע נישט געקאָנט צוטאָן קיין אויג. וואָס דער מינדלין האָט געזאָגט וועגן אַן אַנטיסעמיטישער העצע איז גאָר נישט איבערגעטריבן. איז כאָטש דער געשטאָכענער אויך אַ ייִד? אויב נישט וועלן זיי מאַכן פון דעם אַ בלוט־בילבול און עס וועט דערגיין צו פּאָגראָמען.

עס שנײַדט דאָס האַרץ. אַ גרויס רחמנות אויף דעם איטשע. געווען אַ בחור, אַ בן־תּורה, און אַ בעל־מידות אויך. ווי אַזוי איז ער מיט איין שפּרונג אַוועק צו אַזאַ אמונה־תּפילה וואָס האָט אים געשיקט ווערן אַ מעסער־שטעכער? אַ נס וואָס דער קרבן איז געבליבן לעבן און עס וועט נישט קומען, חלילה, צו קיין טויטאורטייל.

אָבער אַז מ'עט דעם עקשן איטשען פאַרשיקן אין תּפיסה אויף אַ סך יאָרן וועט עס זײַן ערגער ווי דער טויט. דער להכעיסניק וועט זיך קעגנשטעלן אויף טריט און שריט, ער וועט ליגן אין קאַרצער מער ווי אין זײַן צעל. זיי וועלן אים וועלן אײַנברעכן און וועלן טאַקע צעברעכן זײַן גוף. דאָס וועט זײַן איין לאַנגע גסיסה. אַרויסקומען פון תּפיסה וועט ער אין אַ קאַסטן אָדער אין אַ משוגעים־העמדל. די האָר אויפן קאָפּ שטעלן זיך אויף ווען מע טראַכט וועגן דעם, און די הויט ווערט געריבצלט. ווי אַזוי האָט אַזעלכעס געקאָנט געשען צו דעם איידעלן, סענסיטיוון בחורל?

ער, פּינטשע, טרייסלט זיך אָפּ פון איטשעס גורל, אָבער ער איז נישט אין גאַנצן אָן שולד. איטשע איז דאָך טאַקע זײַן בלוט און פלייש, אפשר אויב ער וואָלט אים מקרב געווען... איטשע איז געווען אויס־

געהונגערט נאָך אַ ביסל וואַרעמקייט, ער האָט געדאַרפט זײַן ווי אַ ברודער צו זײַן אָרעמען קוזין, לכל־הפּחות אַ גוטער חבר. אויב איטשע וואָלט נישט געווען אַזוי אַליין וואָלט עס נישט דערגאַנגען אַזוי ווײַט.

אויב ער וואָלט כאָטש געהאַט מיט וועמען זיך צו האַלטן אַן עצה. פון פעטער מלך קאָן ער זיך נישט ריכטן אויף אַ קילן, לאָגישן שיקול־הדעת. ער מוז עס האַלטן בסוד פון טאַטעשי, דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט מע זאָל אים אָפּהיטן פון עגמת־נפש. זאָל ער פאָרן קיין וואַרשע זיך עצהן מיט בערעקן?

עטלעכע טעג שפּעטער איז מאָרעק מינדלין ווידער געקומען צו פינטשען. ווי נאָר פינטשע האָט אים געזען אַרײַנקומען אין קאַנטאָר האָט ער אָפּגעמאַכט בײַ זיך אַז ער וועט זיך מער נישט אַרײַנלאָזן אין וויכּוחים וועגן יענעם ענין. מינדלין האָט דאָס מאָל נישט געשעפּטשעט און נישט פּראָבירט זיך סודען, ער האָט זיך נאָר פאַרטרויט אַז ער וויל זיך קויפן אייגנס אַ שוועדישן וועבשטול און ער דאַרף געניייטיק אַ הלוואה פון טויזנט זלאָטעס.

פינטשע איז געבליבן זיצן פריטשמיעלעט.

„איך ווייס אַז איר וועט מיר נישט אָפּזאָגן, פאַניע פינטשע", האָט יענער נישט אָפּגעטראָטן.

דער שטילער מינדלין מוז זײַן אַ פּיפּיקער חברה־מאַן. אַ הלוואה צו העלפן קויפן אַ וועבשטול וועט ער טאַקע נישט אָפּזאָגן. אַלע אין קאַנטאָר האָבן געהערט אַז דאָ האַנדלט זיך אין קויפן אַ שוועדישע וועבשטול.

עס זענען פאַרבײַ עטלעכע וואָכן זינט פינטשע האָט געגעבן דאָס געלט און ער האָט מער גאָרנישט געהערט וועגן דעם. אפשר איז דער מינדלין גאָר אַן אָפּעריסטל וואָס האָט פּיפּיק אויסגענאַרט בײַ אים אַ טויזנטער? יענער האָט עס געקאָנט נעמען פאַר זיך אַליין, און אפשר גאָר — ער איז דאָך אַ קאָמוניסט — אפשר גאָר אויף נישט־לעגאַלע קאָמוניסטישע טעטיקייטן.

די פּאָסט האָט פינטשען געבראַכט אַ קאָלירט בילדקאַרטל פון „מאָרסקע אָקאָ", אַן אָזערע צווישן בערג. אויף דער אַנדערער זײַט פון בילד אַ פּאָר שורות אין לשון־קודש, מאָדנע שורות. די דאַטע איז געווען געשריבן אין לומדישן שטייגער: יום ב׳ — „דער צווייטער טאָג צו דער

סדרה ויצא יצחק... און יצחק איז אַרויס פון באר־שבע און איז געגאַנגען קײן חרן". אין חומש איז פֿאַראַן אַ סדרה „ויצא", אָבער דאָרט איז עס „ויצא יעקב".

יצחק ? ערשט איצט האָט פּינטשע דערקענט איטשעלעס כּתב, דאָס מײנט אַז ער איז שוין אַרויס פון טשעכן און איז אויפן װעג קײן רוסלאַנד. „מאַרסקע אָקאָ" איז נעבן זאַקאָפּאַנע, אין מערב־גאַליציע; דער פּאָסט־שטעמפּל איז פון אַ שטעטל סטרי, אין מיזרח־גאַליציע. אויב ער איז אַריבער די גרענעץ פון סלאָװאַקײַ נעבן זאַקאָפּאַנע, פֿאַר װאָס ריזיקירט ער צו װאַנדערן אַזוי װײַט איבער פּױלישער ערד, פֿאַר װאָס לאָזט ער זיך נישט צו זײַן אויסגעבענקט לאַנד מיט דער נאָענטסטער גרענעץ ?

פּינטשע האָט דאָס געפֿרעגט בײַ מאַרעק מינדלין, יענער האָט אים באַרויִקט: „איר האָט נישט װאָס איבערצוקלערן, ער איז שוין װײַט פון סטרי, ער איז שוין אויף יענער זײַט".

„איר האָט באַקומען אַ בריװ ?"

„איך װײס װאָס איך רעד".

פּינטשע האָט ערשט איצט עס דערצײלט דעם פּעטער מלך.

„פֿאַר װאָס האָסטו מיר גאָרנישט געזאָגט ?" האָט יענער געפֿרעגט.

די צונג האָט געביסן פּינטשען צו זאָגן: „און אויב עס װאָלט, חלילה, געשען אַ מיכשול ? דער פּעטער װאָלט מיך באַשולדיקט אין אַלע צרות". פּינטשע האָט אַראָפּגעשלונגען די װערטער און מילד געענטפֿערט: „פֿריִער האָב איך דעם פּעטער נישט געקאָנט זאָגן מחמת די סכּנה איז געװען גרויס, אויב מע װאָלט אים געכאַפּט װאָלט געװען זײער ביטער. אָבער איצט איז ער שוין אין רוסלאַנד".

„און דאָרט איז גוט ? כ'בין טאַקע געזעסן שיבעה נאָך דעם יונג, אָבער עס טוט װײ".

„צי דאָרטן איז גוט ? ער האָט דאָך פֿאַר זײ זיך מוסר־נפש געװען. דאָרט איז ער זיכער אַ גאַנצער העלד".

פּינטשע איז שוין געװען בײַ דער טיר, ער איז צוריקגעקומען מיט אַ בקשה: „איך האָב דעם פּעטער דערצײלט אַלץ, מיט אַלע פּרטים, כּדי דער פּעטער זאָל װיסן אַז עס איז נישט סתּם גערעדט. דער טאַטעשי טאָר נישט װיסן אַז איך האָב געהאַט מחזקות מיט יענע לײַט, ער װעט איבערקלערן".

פינטשע איז שוין ווידער געווען ביי דער טיר ווען דער פעטער האָט אים צוריקגערופן. „פינטשע, איך האָב דיך פיינט געהאַט אַ שינאת־חינם, זיי מיר מוחל. איך האָב אַפילו... נו, זאָל דער אייבערשטער מיר פאַרגעבן. יאָ, לאָמיך דיר אויך זאָגן אַ בשורה: מיין עטל ווערט, מיטן אייבערשטנס הילף, אַ כלה. דו קענסט דעם בחור, יאָסל קאַליסקי, דו פלעגסט זיך חברן מיט זיין יינגערן ברודער יאַנקל. דער יאַנקל איז, לא־עליכם, אַרויס לתרבות־רעות, וועגן דער טאָכטער רעדט מען אויך נישט קיין גוטס, אָבער נאָך דעם אומגליק מיט איטשען האָב איך נישט קיין ברירה...״

געזאָגט האָט מלך אַז עטלס ווערן אַ כלה איז ביי אים אַ גרויסע שימחה, אָבער מע האָט נישט אָנגעזען אויף אים די פרייד. קרעכצן האָבן זיך אַריינגעריסן אין זיינע רייד, מע האָט אים געהערט קרעכצן אַפילו ווען ער איז געווען אַליין. ער איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן אין זיין באַליבטן פאָטעל און פון זיין מויל האָט זיך אַלע מאָל אַרויסגעריסן אַן „אוי, ווי איז מיר״. אַ טרויער האָט זיך צעלייגט אויף זיין פנים און געצוימט זיין גאַנג. מלך פלעגט גיין שנעל, רעדן האַסטיק, און באַשליסן ווי אויף איין פוס, אַפילו אין קהלשע ענינים ווו עס וואָלט גוט געווען ער זאָל הערן עמעצנס דעה. דאָס אַלץ האָט זיך געביטן, ווי ער וואָלט געווען אַן אַנדערער מענטש. ער האָט זיך באַוועגט מיט אַ שלעפּנדיקן טריט און זעלטן אויסגערעדט אַ וואָרט אַפילו צו די טעכטער. שבת נאָכן דאַווענען אין גערער שטיבל פלעגט שלמה צוקומען צו מלכן זאָגן דעם עלטערן ברודער „גוט־שבת״, און מלך האָט נישט אַלע מאָל געענטפערט. איצטער האָט געטראָפן אַ מאָדנע זאַך: מע האָט נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט דעם לעצטן קדיש־יתום און מלך איז שוין געשטאַנען לעבן זיין ברודער. „גוט־שבת, שלמה״, האָט ער אַ זאָג געטאָן און פון דער העלער הויט צוגעגעבן: „שלמה, דו ביסט נישט אַלע מאָל געווען גערעכט, אָבער מיין כעס אויף דיר איז אַלע מאָל געווען אומגערעכט״.

„נאָר דער אייבערשטער איז שטענדיק גערעכט״, האָט שלמה אים געוואָלט טרייסטן.

„דו האָסט איינגעהאַלטן דיינע מידות, אָבער איך בין אַ נוקם־ונוטר־כנחש״.

„צו זײַן אַ נוקם־ונוטר װי אַ שלאַנג איז די מידה פֿון אַ תּלמיד־חכם, אַזױ זאָגט דאָך די גמרא".

„כּעס איז נישט קײן חכמה, כּעס איז אַ רוח־שטות".

דאָס האָט אױסגעװיזן צו זײַן אַ בײַט צום גוטן, אָבער שלמה האָט זיך דערשראָקן, ער האָט זיך נישט געריכט צו הערן פֿון זײַן ברודער רײד צו מינערן זײַן אײגן חשיבות. װאָס איז געשען מיט מלכן?

דאָס איז געװען שבת. צו מאָרגנס איז מלך װידער צוגעקומען צו שלמהן, דאָס מאָל מיט אַ בקשה. דער פֿישל, מײַן מחותן, איז אַן עני־ואביון און איך בין אױך נישט קײן גביר, אַלץ װאָס איך קאָן אײַנשאַצן אין נדן, איז אַ פּאָסטן אין מײַן ברודערס פֿאַבריק".

װען נאָר מלך האָט עפּעס פֿאַרלאַנגט פֿון שלמהן איז ער געקומען מיט טענות און געבײזער, איצט האָט ער גערעדט מיט אַ קול פֿון תּחנונים און אַפֿילו מודה געװען אַז עס איז דעם ברודערס פֿאַבריק. האָט ער פֿאַרגעסן זײַנע טענות אַז ער האָט דערין אַ חלק ירושה? שלמה װאָלט געדאַרפֿט זײַן צופֿרידן, אָבער ער איז גאָר געװאָרן דערשראָקן: איז מלך, חלילה, נישט געזונט?

„יאָסל האָט זיך אױסגעלערנט אַרבעטן אױף אַ שעראַמע, קאָנסט אים אפֿשר געבן אַ ביסל אַרבעט?"

„פֿינטשע װעט שױן עפּעס געפֿינען פֿאַר דײַן חתן", האָט שלמה אים צוגעזאָגט און נישט אױפֿגעהערט זיך װוּנדערן. ער האָט זיך געריכט מלך זאָל פֿאָדערן אַ הוספֿה אין זײַן שכירות, אָדער באַזונדער װאָכנגעלט פֿאַר זײַן אײדעם.

יאָסל האָט זיך געהאַט אױסגעלערנט שערן כּדי אַרױסצוהעלפֿן טאַטע־מאַמע אין דער פּרנסה, אָבער עס איז אים שװער געװען צו געפֿינען אַרבעט. אין דעם קריזיס װאָס האָט געהערשט אין דער טעקסטיל־אינ־דוסטריע זענען אַפֿילו געניטע בעלי־מלאָכה געבליבן אָן אַרבעט. פֿינטשע האָט אױך נישט געהאַט קײן גרײטן פּאָסטן, צונעמען דעם פּאָסטן בײַ עמעצן אַנדערש טאָר מען נישט על־פּי דין און על־פּי יושר. דער אמת איז אַז ער האָט שױן לאַנג געטראַכט אַרײַנצוברענגען כּאָטש אײן עלעקט־רישע שעראַמע, קלענערע פֿאַבריקן האָבן שױן די מעכאַנישע מאַשין, און בײַ זײ אַרבעט מען נאָך אַלץ אױף הילצערנע שעראַמעס. מע װעט פֿין יעדן פֿון די אַלטע שערערס אָװעקנעמען נאָר אײן קעטע אַ װאָך

און עס וועט שוין זײַן גענוג פֿאַר יאָסלען. ווען דער פּעטער מלך האָט גערעדט מיט אים וועגן יאָסלען, האָט פּינטשע שוין געהאַט אַ פּאַרטיקן פּלאַן. זאָל יאָסל זיך אויסלערנען אַרבעטן אויף אַן עלעקטרישער שערמאַ־שין, די אַרבעט איז לײַכטער און מע פֿאַרדינט מער.

„ערב דער חתונה ערשט אָנהייבן זיך לערנען אַ נײַע מלאָכה?" איז מלך נישט געווען זיכער אַז דאָס איז אַ גוטע עצה.

„ס'איז די זעלביקע מלאָכה, שטאָטס שטופּן אַ הילצערנעם געשטעל וועט ער נאָר אַ דריי טאָן אַ שאַלטער. ס'איז מער חכמה ווי מלאָכה".

„יאָסל איז נישט קיין גרויסער קאָמפּעטש".

„פּעטער, איך קען יאָסלען, און זאָל דער פּעטער עס לאָזן צו מיר, איך וועל שוין געפֿינען אַ פּלאַץ ווו ער זאָל זיך לערנען".

„אַ שיינעם יישר־כּוח, פּינטשע, און זײַ מיר מוחל אויב איך האָב דיר אַ מאָל געטאָן אַן עוולה. מע זאָל אָפּגעהיטן ווערן צו וואָס יסורים קאָנען דערפֿירן, און איך בין שטענדיק געווען אַ בעל־יסורים".

פּינטשע האָט אַ סך געטראַכט וועגן זײַן פּעטערס ווערטער און געקומען צו דער מסקנא אַז דער פּעטער פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַר זיך אַליין. זאָל עס אים נישט זײַן לגנאַי, אָבער ער האָט אויף וואָס חרטה צו האָבן, ער האָט דעם טאַטעשי גענוג שופך־דמים געווען.

דעם טאַטעשי? דער פּעטער האָט גערעדט וועגן עוולות וואָס ער האָט מיר געטאָן. קאָן דאָס האָבן אַ שײַכות מיט דעם וואָס ער איז לעצטנס אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ מרה־שחורה? ער האָט מיר געטאָן אַן עוולה און איך ווייס אַפֿילו נישט וואָס?

באַלד, באַלד, ווען ר' יוסף־מאיר ליפּשיץ האָט פּלוצלינג צוריקגע־שיקט די תּנאָים און איינזײַטיק אָפּגעבראָכן דעם שידוך מיט מרימען, האָט דער טאַטעשי געזאָגט: „פּינטשע, ס'איז דיר געשען אַ גרויסע עוולה". קאָן דאָס האָבן אַ שײַכות מיט דער עוולה וואָס דער פּעטער מלך רעדט וועגן איר? אָבער דאָס האָט דאָך געטאָן ר' יוסף־מאיר ליפּשיץ און נישט דער פּעטער מלך.

אין זײַן זכּרון פּלאָנטערט זיך עפּעס אַ וויזיט פֿון פּעטער מלך אין פּאַביאַניץ, אויב ער איז זיך נישט טועה איז עס געווען טאַקע פֿאַר דעם אָפּברעכן דעם שידוך...

עט, וואָס אַ מענטש קאָן אײַנפֿאַלן! מע טאָר אַזאַ חשד אַפֿילו נישט

צולאָזן צום געדאַנק. דער פּעטער מלך איז טאַקע אַ כּעסן, אָבער אַזאַ
זאַך? חס־ושלום!

## ב.

עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה אין גורוויטש אַז עמעץ וואָס איז געפאָרן קיין אַמעריקע און זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף אין דאַנציק האָט דאָרט געזען שפּרינצען, זי האָט שפּאַצירט לעבן פּאָרט מיט צוויי כּלבים אויף אַ קייט.

„פו, פו, פו!" האָט פישל עס אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, „אַזש צוויי כּלבים!" עמעץ האָט שוין אַ זאָג אַז זי האָט זיך, חלילה, געשמדט. „לא דובים ולא יער", נישט קיין בערן און נישט קיין וואַלד, נישט קיין כּלבים און נישט קיין שמד. אײַ, דער הונט אויף דער פאָטאָגראַפיע? האָט יאַנקל אים שוין געזאָגט אַז די פאָטאָגראַפיסטלעך שטעלן אַוועק אַלערליי געמאָלעכצן און שמאָנצעס, זיי מיינען אַז דאָס מאַכט די פאָטאָגראַפיע מער חשוב.

די קשיא בלײַבט: וועלן יידן, חלילה, אויסטראַכטן אַ בילבול? איז דער תּירוץ — נדמה־להם, עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט. אין אַזאַ כּרך ווי דאַנציק קאָן געשען עפּעס אַ מיידל, אַ יפת־תּואר, זאָל אַרומגיין מיט אַ הונט אָדער מיט צוויי הינט און פון ווײַטנס זאָל זיך דאַכטן אַז זי זעט אויס ווי שפּרינצע.

דער „השומר" אין דאַנציק האָט אויסגעפונען ווו שפּרינצע וווינט. ווי נאָר יאַנקל האָט געשיקט איר אַדרעס האָט רחל־לאה איבערגעלאָזט דאָס געוועלב און זיך אַוועקגעזעצט שרײַבן אַ בריוו. רחל־לאה האָט געוווסט אַז שפּרינצע וועט שטרעקן דאָס לעבן פאַר דעם טאַטן, האָט זי באַשריבן דעם טאַטנס יסורים זינט זי איז פּלוצלינג נעלם געוואָרן. זי האָט אויך נישט פאַרגעסן שרײַבן אַז יואל, דעם רבס, האָט נישט אויפגעהערט אַרײַנגעקומען און זיך פרעגן אויף איר ביז ער איז אַוועק פון שטאָט.

רחל־לאה האָט נישט געוויזן פישלען איר בריוו, ער וואָלט נישט געלאָזט מצער זײַן די טאָכטער, זי האָט אים געזאָגט וואָס זי האָט געשריבן ערשט נאָך דעם ווי דער בריוו איז געווען אַוועקגעשיקט. פישל האָט גענומען אויסקוקן שפּרינצעס צוריקקום. ער איז אויפגעשפּרונגען

ביי יעדן קרעכץ פון די קרומע הילצערנע טרעפּ, ביי יעדן ציטער פון אַ שויב. עס זענען פאַרביי עטלעכע וואָכן, דער בריוו איז נישט צוריקגעקומען, מיינט עס אַז דער אַדרעס איז אַ ריכטיקער. אָבער שפּרינצע איז אויך נישט צוריקגעקומען. דער טאַטע האָט אַליין אָוועקגעשיקט אַ קאַרטל: „שפּרינצע־לעבן, זיי זיך מרחם אויף טאַטע־מאַמע און קום אַהיים״.

אויף דעם קאַרטל האָט שפּרינצע יאָ געענטפערט. עס איז נישט געווען קיין ענטפער אויף פּישלס געבעט, אָבער דער בריוו איז געווען געשריבן אין יידיש און אַנגעזאָגט מע זאָל זיך נישט זאָרגן וועגן איר, זי אַרבעט, פאַרדינט, און גייט אָנגעטאָן ווי אַ פּרינצעסין.

פּישלען האָט געפרייט דאָס יידישע לשון און דאָס יידישע געמיט אין שפּרינצעס בריוו, און דאָך געהאַט עגמת־נפש. ער האָט שוין געהאַט זיך איינגערעדט אַז זי האָט דאָרט אוודאי חתונה געהאַט מיט אַ פיינעם גרויסשטאָטישן ייִד... מסתמא אַ פיינער, אוודאי אַ פיינער! שפּרינצע איז, קיין עין־הרע, אַ קינד ווי אַ בת־מלכּה, אַז זי וויל אַ גרויסע שטאָט, זאָל זיין אַ גרויסע שטאָט, אָבער מיט תּכלית! זי הונגערט טאַקע נישט, אָבער אין אַ גרויסער שטאָט אַליין — און דאָ האָט געוואַרט אַזאַ יואל דעם רבס...

ווען עס איז געקומען אַ בריוו פון דאַנציק האָט רחל־לאה אים געעפנט אַ פּאָר שכנות זאָלן זען. זאָלן זיי זען אַז עס איז אַ יידישער בריוו, און אַז אַלע שלעכטע פּאַטשטן וואָס מע האָט געבראַכט וועגן שפּרינצען האָבן נישט קיין האָפט. אויב מיט דעם בריוו איז אויך געקומען אַ געלט־איבערוויַיז, האָט רחל־לאה געמאַכט זיכער אַז אַלע זען וואָס עס איז. אין גורוויטש האָט מען איצט דערציילט וועגן אַ מיליאָנער וואָס האָט זיך פאַרליבט אין שפּרינצען — פאַרשטייט זיך, אַ יידישער מיליאָנער. שפּרינצע גייט אַרום אין גאָלד, נאָך דער חתונה וועט זי אַריבער־ברענגען טאַטע־מאַמע. דער חתן האָט איר געקויפט אַ בריליאַנט, קאָן מען פאַר אים אָפּקויפן גאַנץ גורוויטש צוזאַמען מיט דער פלומפּ אין מאַרק.

פּישל האָט נישט געוווסט פון וואַנען עס נעמען זיך די אַלע ידיעות. אויב עס וואָלט געווען אמת וואָלט זי געגעבן מהנה געווען טאַטע־מאַמע און אַליין וועגן דעם געשריבן. רחל־לאה האָט גענומען אַריינקלערן אין דעם. „אַז מע קלינגט איז חגא״, שפּרינצע מוז שוין האָבן אַ חתן אָדער אַ מאַן. אויב ער איז אַ ייִד, פאַר וואָס האָט די מויד אויסבאַהאַלטן איר אַדרעס?

יאַנקל האָט אויסגעפּועלט מע זאָל אים שיקן אין אַ שליחות צום דאַנציקער „השומר״.

יואל דעם רבס איז אַרײַנגעקומען צוליב איר? האָט נישט אויפגע־הערט זיך נאָכפרעגן אויף איר? זי וואָלט עס נישט געגלייבט ווען נישט יאַנקל זאָגט עס איר. ס׳קאָן זײַן אַז טאַקע איבער יואלן איז זי אַוועק פון דער היים. זי האָט שטענדיק געחלומט וועגן שיינע קליידער אָבער זי האָט געוווּסט דערבײַ אַז ס׳איז נישט מער ווי אַ חלום, אַ ווײַטער חלום וואָס וועט אפשר אַ מאָל מקויים ווערן, און אפשר קיין מאָל נישט. אָבער זינט יואל האָט אָנגעהויבן אַרײַנקומען אין הויז, האָט זי מער נישט געקאָנט אַרומגיין אין די שמאַטעס וואָס ביילע האָט שוין געהאַט אויסגעוואַקסן. אַז יואל איז געקומען האָט די מאַמע זי געמוטשעט זי זאָל אים אַרײַנטראָגן וואַסער און זיך ווײַזן פאַר אים, אָבער זי האָט זיך באַהאַלטן אין אַלקערל און געחלומט אַז אַ האַנט וועט באַלד אַרײַנ־דערלאַנגען אַ העל געבלימלט קלייד און אַ פּאָר שיך מיט הויכע קלעצער. זי האָט געזען ווי לעבעדיק די האַנט און דאָס קלייד און די שיך. זי האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך דאָס קלייד, אַרײַנגעשפּרונגען אין די שיך, אַ כאַפּ געטאָן די קרוג און געלאָפן אַראָפּ די טרעפּ, צום מאַרק, צו דער פּלומפּ. „אַזאַ הערלעך קלייד״, האָבן איר נאָכגעשריגן די מיידלעך אין גאַס, זי האָט נישט געענטפערט. זי האָט געפּאָמפּעט און דאָס וואַסער האָט געזילבערט אַרײַן אין דער קרוג. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די קרוג און אָן אָטעם געלאָפן צוריק. זי האָט געהיפּערט טרעפּ און געשפּרונגען דרײַ טרעפּ מיט אַ מאָל, אָט גיסט זי שוין פון דער קרוג אין דעם גלאָז וואָס שטייט נעבן יואלן, ער זעט נישט איר קלייד, ער קוקט צו אירע פיס. זי האָט פאַרגעסן צו פאַרשנורעווען די שיך און יואל קוקט נאָר אויף די לויזע שיכבענדלעך.

„איצט קאָנסטו פאַרוואָרן דײַן חלום״, האָט יאַנקל איר געזאָגט, „קום אַהיים און ווײַז זיך פאַר יואלן אין אַזאַ שיין קלייד, אין אַזעלכע שיינע שיך, אָבער מיט פאַרשנורעוועטע בענדלעך״.

„אויב איך וואָלט דעמאָלט געוווּסט אַז יואל קומט צוליב מיר, וואָלט איך נישט אַוועק, הײַנט בין איך שוין ווײַט פון גורוויטש און פון דעם חלום וועגן יואל דעם רבס״.

„לאָמיר ביידע פאָרן קיין פּאַלעסטינע״.

„קיין פּאַלעסטינע גאָר? די חלוצות דאַרטן אָגדולירן נישט די האָר און מײַן פּאַך װעט זײַן אָן נוצן. און װאָס טראָגן די מײדלעך אין פּאַלעסטינע? גרינע, שטײַפע כאַקי־בלוזעס טראָגן זײ. ניין, יאַנקל, איך װעל זיך נישט קאָנען שײדן מיט די אײדעלע בלוזקעס װאָס ליגן אויף מיר װי אַ צװײטע הויט".

שפּרינצע האָט צעעפנט איר קלײדערשאַנק און געװיזן איר פאַרמעג. יאַנקל איז געבליבן קאַלט. זי האָט גענומען אָנטאָן די קלײדער און פאַראַדירן פאַר יאַנקלען. אַ קלײד פון אַ װײַסן שטאָף — װי זײַד מיט פאַרביקע בלומען; אַ גרויסער װײַסער הוט מיט אַ בלויע באַנד, און װײַסע שיך געפּוצט מיט בלויען לעדער. יאַנקל האָט געשװיגן. זי האָט זיך איבערגעטאָן אין אַ קלײד, הוט, שיך, הענטשקעס, און בײַטל פון בלוי מיט גרוי; זי האָט פאַראַדירט אין אַ שײנעם, געפּאַסטן, װאָלענעם קאָסטיום. יאַנקל האָט אַלץ געשװיגן. האָט זי אַרויסגענומען נאָך קלײדער אים צו װײַזן.

„ביסט שײן װי אַ חלום", האָט יאַנקל סוף־כּל־סוף זיך אָנגערופן, „דײַנע קלײדער זענען מלכותדיק, נאָר... זאָג מיר, שפּרינצע, דו ביסט גליקלעך?"

די פראַגע איז געקומען אומגעריכט, שפּרינצע איז געבליבן שטײן צעטומלט. זי האָט שוין מער נישט אָנגעמאָסטן קײן קלײדער. זי האָט זיך אַװעקגעזעצט אויפן בעט, געשװיגן אַ װײַלע און דערנאָך גענומען רעדן שטיל, װי צו זיך אַלײן.

„כ'האָב אַ סך שײנע קלײדער. דאָס איז אַלץ װאָס איך האָב געװאָלט װען איך בין אַװעק פון דער הײם. מע קוקט מיר נאָך אין גאַס. צװײ יִנגלעך זענען פאַרליבט אין מיר. אײנער איז אַ שגץ, דער אַנדערער איז אַ ייִד. נאָר כ'װײס אַלײן נישט. זאָג מיר, יאַנקל, כ'בין אין דער הײם אויך געװען שײן? דו װײסט אַז איך האָב נישט אָנגעהויבן װיסן ז'ערפון? מיר האָט זיך געדאַכט אַז גנעניע פרידע איז דאָס שענסטע מײדל אין גורװיטש. אָבער כ'בין דאָ אַלײן. די אַלע שײנע גאַסן, די יונגע־לײַט, די טאַנצאַװנטן, אַלץ איז אַ לעבן װאָס גײט אָן — עפּעס װי נעבן מיר, עס רירט מיך נישט אָן. ס'איז עפּעס װי איך װאָלט געקוקט דאַרויף פון װײַטנס דורך אַ לאָרנעטע. פאַר װאָס טאָקע בין איך אַזוי שלעכט צו אַרנאָלדן? אַרנאָלד איז דער ייִדישער װאָס האָט מיך ליב.

כ׳בין נישט שלעכט, כ׳וויל אים נישט וויי טאָן, נאָר ס׳רירט מיך נישט אָן. אַלץ דאָ איז צו מיר ווי אַ פרעמדע חתונה, ווי אַ חלום, וואָס עמעצער דערציילט דיר. דו הערסט, נאָר מיט איין אויער. וואָס גייט דיך אָן אַ חלום וואָס איז נישט דײַנער?״

„דו בענקסט אַהיים, שפּרינצע?״

„אפשר...״

„קום אַהיים. דער טאַטעשי — ס׳עט נישט זײַן קיין מער גליקלעכער מענטש״.

„דער טאַטעשי! דו ווייסט, כ׳בענק נאָך אים. די מאַמעשי זאָגט דאָך אַז ער איז שולדיק אין אַלע צרות, אַז ער פאַרזאָרגט גאָט און נישט זײַנע קינדער. ס׳איז אפשר נישט שיין אויסצוזאָגן, כ׳האָב אים ליבער פון דער מאַמעשי. כ׳האָב די מאַמעשי אויך ליב, נאָר כ׳ווייס נישט צי איך בענק נאָך איר. דער טאַטעשי האָט אַזעלכע שיינע אויגן, דו ווייסט?״

„דעם טאַטעשיס אויגן זענען שטענדיק רויט און געשוואָלן און האַלב בלינד. ער הערט נישט אויף צו וויינען נאָך דיר״.

שפּרינצעס אויגן וואָס זענען געווען „דעם טאַטנס אויגן״ זענען געוואָרן רויט און פול מיט טרערן.

„שפּרינצע!״

די טרערן האָבן גענומען שטראָמען.

„ווען כ׳בין נאָך געווען אַ קליין מיידעלע פלעגט דער טאַטעשי מיך מיטנעמען אין בית־המדרש אַרײַן. בײַם דאַווענען האָט ער אַלעמען געמונטערט מע זאָל באַכאַגן אָמן און איז געווען אַזוי גליקלעך ווען מ׳האָט עס געטאָן. זײַנע אויגן האָבן געלויכטן, זײַן פּנים האָט געשמייכלט. איין מאָל האָב איך עמעצן אַ קאָפּע געטאָן, ווײַל ער האָט נישט געוואָלט אויפהערן שמועסן אין מיטן דאַווענען, און דער טאַטעשי האָט שיִער נישט געוויינט״.

„שפּרינצע, קום אַהיים מיט מיר״.

„וואָס?״

„קום אַהיים״.

די טרערן האָבן אויפגעהערט פליסן, די אויגן האָבן פאַרלוירן די ענלעכקייט צום טאַטנס, איר ברוין אַליוו פּנים איז געוואָרן גרין פון בלאַסקייט.

„וועסט פאָרן מיט מיר?"

„זאָג דעם טאַטעשי אַז איך בין אַ ייִדישע טאָכטער. אַז יום־כּיפּור בין איך געגאַנגען אין שיל אַרײַן, און — נאַ", זי האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס גאַנצע געלט פון איר בײַטל, „גיב דאָס דעם טאַטעשי אויפצוריכטן אַ ביסל דאָס געוועלבל".

„בײַ אַ מלאָכה קאָן מען דאָ פאַרדינען אַזוי פיל געלט?" האָט יאַנקל זיך געוווּנדערט.

„איך אַרבעט אין דעם עלעגאַנטסטן סאַלאָן, חוץ דעם געהאַלט באַקום איך אויך טרינקגעלט פון די קליענטקעס. מיט דעם טרינקגעלט אַליין מאַך איך אַ שיינע פּאָר זלאָטעס".

„אַ שיינע פּאָר זלאָטעס, האָסטו געזאָגט? טרינקגעלט איז נישט קיין שיין געלט, ס'איז אַ ניבזהדיקע מטבע".

„דאָס איז די מטבע פון מײַן פאַך".

פישל איז געוועזן אַנטוישט ווען יאַנקל איז צוריקגעקומען אַליין.

„פאַר וואָס האָסטו זי נישט מיטגענומען צו דײַן כּאַשאַראַ?" האָט ער געפרעגט.

„אַ קיבוץ איז נישט פאַר שפּרינצען, זי איז נישט קיין אידעאַליסטקע", האָט יאַנקל געענטפערט.

פישל האָט נישט געוווּסט גענוי וואָס עס מיינט אַ „דיליסקע", ער האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז עס איז נישט קיין מעלה וואָס שפּרינצע איז עס נישט.

„מע זאָגט אַז אין דעם דאַנציק אַרבעט מען אום שבת?" האָט פישל געפרעגט מיט אַ ציטערדיק קול.

„זי גייט דאָרט אין שיל אַרײַן", האָט יאַנקל געגעבן אַן אויס־מײַדנדיקן ענטפער.

„האָסט זי געדאַרפט אָנכאַפּן בײַ די קודלעס און אַהיימשלעפּן מיט גוואַלט, די מרשעת!" האָט רחל־לאה געבראָכן די הענט.

„שפּרינצעלע איז, חלילה, נישט קיין מרשעת", האָט פישל זיך אָנגענומען איר כּבוד, „זי גייט אין שיל אַרײַן און דער אייבערשטער הערט די תפילות פון דער שיל אין דאַנציק פונקט ווי פון דער שיל דאָ־הי".

מע האָט זיך איצט כּסדר איבערגעשריבן מיט שפּרינצען. רחל־לאה האָט זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון אַרײַנוואַרפן אין אַ בריוו אַ שטאָכוואָרט. „אסור צי כ׳וואָלט בײַ דיר געגעסן. וואָס טוסטו אַז דער כּלב טוט אַ לעק צו מילכיקס און טראָגט עס איבער צום פליישיקס?"

שפּרינצע האָט געענטפערט: אויב ס׳וועט אַזעלכעס טרעפן, וועט זי גיין פרעגן אַ שאלה.

„ב׳ אַוודאי" האָט פישל אויפגעשײַנט, „אַז ס׳זענען דאָ ייִדן, איז דאָ אַ רב, און אונדזער שפּרינצע, זאָל לעבן, איז, קיין עין־הרע, אַן אָפּגעהיטענע ייִדישע טאָכטער און אַז ס׳איז פאַראַן אַ שאלה, גייט זי צום רב".

ס׳האַרץ האָט טאַקע פישלען וויי געטאָן וועגן יואל דעם רבס. אָבער צוריקגעשמועסט, ווער זאָגט דען אַז דער רבונו־של־עולם מוז פירן אַזוי ווי פישלען געפעלט. ער, דער אייבערשטער, ווייסט דאָך בעסער וואָס גוט איז, און שפּרינצעס זיווג איז אויסגערופן געוואָרן אין הימל נאָך פערציק טעג איידער זי איז געבוירן געוואָרן. מסתּמא איז עס, בעזרת־השם, אַ גוטער זיווג. אין דאַנציק קאָן אויך זײַן אַ „יואל דעם רבס". שפּרינצע וועט גיין צום רב פרעגן אַ שאלה און — — —

## ג.

יאָסלס שידוך מיט דער טאָכטער פון ראָש־הקהל, און דערצו אַ מילקעס, האָט פישלען פאַרשאַפט אַ סך נחת. דער כּבוד איז דאָ נישט דער עיקר — מיט אַזעלכע מחותּנים וועט עס זײַן לײַכטער צו טאָן גוטע שידוכים מיט די אַנדערע קינדער. אַזאַ מלכותדיק קינד ווי זײַן שפּרינצע, זאָל לעבן, וואָלט זיך אַרײַנגעפּאַסט אין אַ רײַך הויז. ער, פישל, זוכט נישט קיין עשירות אָדער ווילטאָג, אַבי עס איז פאַראַן איבער וואָס צו מאַכן אַ „המוציא". אָבער אַז שפּרינצע וויל מער, זאָל דער אייבערשטער עס איר באַשערן, קיין חטא איז עס דאָך נישט. די חכמים זאָגן דאָך אַז דרײַ זאַכן דערהייבן דעם מענטשנס געמיט: אַ שיין ווײַב; אַ שיינע דירה; און שיינע זאַכן. ווען דער רבונו־של־עולם וועט צושיקן שפּרינצען אַ שידוך מיט אַ „דירה נאה" און „כּלים נאים" וועט איר מאַן האָבן אַלע דרײַ... אויב זי וואָלט נאָר נישט אַוועק אין אַזאַ פאַרוואָרפענעם פלאַץ ווי דאָס דאַנציק.

די פּוילישע פּרעסע איז געווען צופרידן מיט היטלערס זאָג אַז ער

האָט נישט קיין טענות קעגן דאַנציק וואָס איז געווען אַ פרײַשטאָט, מיט אַ שותפותדיקער פויליש־דײַטשער אַדמיניסטראַציע. אײַ, מע האָט אַרעס־טירט אַ מאַן פאַרן פאַרקויפן צעטלען פון דער פוילישער לאָטעריע — דער פאַרקויפער איז געווען אַ ייִד. די פאַבריקן פון טאַבאַק און ביסקוויטן, וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג מיט דײַטשער מערהייט האָט קאָנפיסקירט, איז טאַקע אָוועקגענומען געוואָרן בײַ פוילישע בירגער, אָבער נאָר ווײַל זיי זענען געווען ייִדן. אויך דאָס פּאָרל וואָס איז צעשלאָגן געוואָרן אין גאַס ווײַל זיי האָבן גערעדט צווישן זיך פויליש — אויך זיי זענען געווען ייִדן.

יאַנקל האָט געשיקט שפּרינצען די צײַטונג־אויסשניטן און געפרעגט: „אויף וואָס וואַרטסטו? ביז דײַנע שיינע קליידער וועלן פאַרגאָסן ווערן מיט בלוט? קום צו אונדז אין קיבוץ. מיר זענען אָרעם, אָבער מיר זענען פרײַ. דווקא דו דאַרפסט נישט קיין עלעגאַנטע מלבושים, דו וועסט אַרויסשײַנען אַפילו פון אַ כאַקי־בלוזע".

שפּרינצע האָט נישט מסכּים געווען צו גיין אין אַ קיבוץ, אָבער זי האָט געשריבן יאַנקלען אַז נאָך יאָסלס חתונה וועט זי מער נישט צוריק־פאָרן קיין דאַנציק, זי וועט זיך באַזעצן אין וואַרשע.

ווען דער זמן־חתונה האָט זיך דערנענטערט איז פישל געווען פול מיט דאַנק און לויב צום בורא, רחל־לאה איז געווען פול מיט טענות און זאָרג. זי קאָן נישט גיין צו דער חתונה אין דעם קלייד וואָס זי האָט נאָך פון איר אייגענער חתונה, און אַפילו פישל קאָן נישט גיין אין זײַן שבתדיקער אַטלעסענער יופּעצע ווו דער שוואַרץ איז געוואָרן גרין און דער זײַד האָט זיך אויסגעריבן בײַ די אָרבל און בײַם געזעס, און עס זענען געבליבן נאָר פעדעם. זייער ביילע מיטן מאַן מיט אַלע קינדערלעך וועט מען אויך דאַרפן באַקליידן, און אַפילו יאַנקל, ווען ער וועט קומען פון דער „כאַשאַרא", וועט מען אים דאַרפן מאַכן אַ מלבוש.

„ניטע, רחל־לאה, וואָס רעדסטו? ר' מלך מיינט דען אַז ער האָט זיך משדך געווען מיט אַ גביר? אַז אים שטייט אָן זיך משדך צו זײַן מיט אַן אָרעמאַן, וואָס דאַרפן מיר מאַכן דעם אָנשטעל פון גבירים? מילא, יאָסל, אַז ער האָט פון זײַנע ערשטע פאַרדינסטן געקויפט אַ מתּנה פאַר דער כּלה — איז זי דאָך אַ מילקעס, אָבער ווער פאַרלאַנגט פון אונדז מיר זאָלן ווערן מילקעסעס?"

„יאָסל האָט געקאָנט יוצא זײַן אַן אַ מתּנה און זען מיר זאָלן נישט פאַרשעמט ווערן".

„רחל־לאה־קרוין, שעמען דאַרף מען זיך מיט שלעכטע מעשׂים, אָבער מיט אַן אייגן ערלעך־פאַרדינט מלבוש, וואָס איז זיך דאָ צו שעמען?"

„ווי קאָן איך רעדן צו דיר דו זאָלסט עס פאַרשטיין: אַ מענטשנס קלייד איז זײַן באַשייד".

„דאָס איז אמת. אַז אַן אָרעמאַן באַקליידט זיך מיט רײַכע מלבושים, איז דער באַשייד אַז ער גנבעט, חלילה, אָדער ער באַרגט כאָטש ער וועט נישט האָבן אָפּצוגעבן".

„לויט ווי מיר וועלן זיך באַווײַזן אויף דער חתונה וועט מען אויף אונדז קוקן שפּעטער. אויב אונדז 'עמיר קומען ווי בעטלערס וועלן זיי אַזוי קוקן אויף יאָסלען, און אַזוי אונדז באַהאַנדלען. מיר מוזן זיך אָנטאָן אַזוי אַז די מילקעסעס זאָלן זיך נישט שעמען מיט אונדז — דאָס וועט גוט זײַן פאַר אונדז און פאַר זיי, דאָס קאָן אויך גוט זײַן פאַר אַ שידוך. פאַרגעס נישט אַז מיר האָבן אַ טאָכטער, קיין עין־הרע, אַ כּלה־מויד".

דאָס האָט שוין פישל יאָ תּופס געווען, און ער האָט עפּעס געטאָן דערצו — ער האָט צו זײַנע תּפילות צוגעגעבן אויך אַ תּפילה דער אייבערשטער זאָל צושיקן אַ ישועה אויף וועגן מלבושים צו דער חתונה.

רחל־לאה האָט ביטער געלאַכט ווען פישל האָט איר געזאָגט וועגן דעם, אָבער פישל האָט געהאַט בטחון. ייִדן זאָגן: „מאַן דיהב חיי יהב מזוני", ווער עס גיט לעבן גיט אויך פון וואָס צו לעבן. קאָן מען פון דעם לערנען אַז ווער עס האָט באַשערט דעם שידוך וועט אויך באַשערן עס זאָלן זײַן חתונה־מלבושים. און אַזוי איז טאַקע געשען. פינטשע האָט אַרײַנגערופן יאָסלען אין קאָנטאָר און אים געוויזן אַ שטויס רעשטלעך: „דאָס איז אַלץ ראַמש, אָבער אַז מ'עט צושנײַדן אויף אַ מלבוש קאָן דער שנײַדער אַזוי אויסמאַרקירן אַז די געפעלערטע ערטער זאָלן אַרויספאַלן בײַם צושנײַדן. קלײַב אויס פאַר דיר און פאַר דער גאַנצער משפּחה", האָט פינטשע אים דערמוטיקט, „און זאָרג זיך נישט וויפל עס וועט באַטרעפן, מ'עט עס צעלייגן אויף ראַטעס — אויף קליינע ראַטעס, און עס דיר אַראָפּרעכענען פון דײַנע פאַרדינסטן".

יאָסלען איז געווען אַ חידוש וואָס דאָרט זענען געווען רעשטלעך

אויך פון ווײַבערישע סחורות, כאָטש „מילקעס און ברײַער" האָבן קיין מאָל דאָס נישט פאַבריצירט.

אַפילו ווען מע האָט געהאַט פּרנסה איז חתונה מאַכן אַ קינד אָנגעקומען ווי קריעת־ים־סוף. אַ שטיקל נדן אײַנצופּעדעמען אַ פּרנסה, אַ שטיקל דירה מיט אַ ביסל מעבל, אַ שטיקל אויסשטײַער, און מען איז שוין געווען אַ בעל־חוב. אַ שיין חופּה־קלייד קאָסט אַ מטמון און סך־הכּל טראָגט מען עס נאָר איין מאָל. אַפילו באַלעבאַטישע מענטשן האָבן געבאָרגט אַ חופּה־קלייד פון אַ גביריש הויז. געניטע ווײַבער האָבן געהאַט זייערע סימנים און דערקענט: „דאָס איז אַ ברײַער־קלייד", „אַ מילקעס־קלייד", „אַ פּאָזנעראָזאָן־קלייד". די גבירים האָבן זיך געגרייסט מיט די גרויסע געלטער וואָס זיי האָבן אויסגעגעבן; די אָרעמע־לײַט האָבן זיך געגרייסט מיט דעם וואָס זיי זענען אַזוי היימיש מיט די גבירים און דער גבירטעס קלייד טאַנצט אויף זייער חתונה...

מלך מילקעס האָט זיך געפירט ווי אַ גביר, אָבער אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט איז געווען אַ ברודער וואָס האָט אַ גרויסע פאַבריק. געוויינלעך, ווען מלך האָט געדאַרפט מער ווי זײַן שכירות האָט ער זיך נישט געשעמט און געפאָדערט. דווקא איצט, בײַם חתונה מאַכן זײַן ערשט קינד, איז ער געווען אַן אַנדערער מלך. יאָסל האָט טאַקע נישט געבעטן קיין נדן און שלמה האָט שוין דעם חתן פאַרזאָרגט מיט אַ פּאָסטן, אָבער וואָס וועגן אַנדערע הוצאות? שלמה האָט אים געפרעגט צי ער האָט שוין אַן אויג אויף אַ דירה פאַר דעם יונגן פּאָרל, האָט מלך געענטפערט אַז זיי וועלן דערווײַל וווינען מיט אים. ווען מע האָט גענומען טראַכטן וועגן אַ חופּה־קלייד האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער כּלהס שוועסטער, ברכה, האָט שוין פריִער וועגן דעם געטראַכט. עטל איז בטבע געווען אַ שטילע, אַ פאַמעלעכע, דאַקעגן ברכה איז געווען אַ פלינקע, אַ רירעוודיקע, און געהאַט גאָלדענע הענט. זי איז געזעסן בײַ גדליה מילקעס אין הויז און געאַרבעט איבער דער קוזינעס געניצטן חופּה־קלייד. עטל איז נישט געווען קיין הויכע ווי גדליהס ווײַב, האָט ברכה געמאַכט דאָס קלייד קירצער. בײַם אונטערשנײַדן דאָס קלייד איז אַרויסגעשניטן געוואָרן אַ ווײַנפלעק וואָס האָט זיך נישט געלאָזט אויסוואַשן און עס איז געבליבן אַ שטיק זײַד צו מאַכן דערפון שלייפעלעך און פעלדעלעך. מיט אַ ביסל נײַע קאָלישער שפּיצן און אַ ביסל איידעלן טיול, איז עס געוואָרן

ווי אַ ביי קלייד. די מומעשי מירל האָט געזאָגט אַז עס איז נאָך שענער ווי עס איז געווען ווען איר שנור האָט עס געטראָגן. „דו האָסט גאָלדענע הענט", האָט זי געלויבט ברכהן, „מערצישעם ביי דיין חתונה וועלן מיר דיר אָפּדינען".

ד.

שפּרינצע, יאַנקל, ביילע, מיט איר מאַן און צוויי קינדערלעך, זענען אַלע געקומען צום „אויפרופן" און געוווינט אַלע אין דעם קליינעם דירהלע, אָבער מע האָט נישט געפילט קיין ענגשאַפט. אַפילו אין שפּרינ־צעס אַלקערל אָן פענצטער איז געווען פריילעך. שפּרינצע האָט נישט אַראָפּגעלאָזט פון איר שויס דאָס קליינע בונימל וועלכער האָט טייל מאָל פאַרגעסן צו גיין אין אָפּטריט, אָבער אַלע מאָל געדענקט צו מאַכן אַ ברכה. די גאַנצע גאַס האָט געהילכט מיט דעם זמירות וואָס האָט פריי־טיק צו נאַכטס זיך געטראָגן פון פישלס בוידעמשטיבל. ווען נאָר פישלס לעפצן זענען געווען פריי פון די הייליקע ווערטער האָבן זיי געשעפּטשעט „ברוך־השם, ברוך־השם", און רחל־לאה האָט אָפּגעענטפערט מיט אויסשפּייען קעגן אַן עין־הרע.

שבת נאָכן עסן האָט רחל־לאה זיך צוגעלעגט, ביילע איז געגאַנגען מיט די קינדער צו גאַסט צו חברטעס פון די מיידלשע יאָרן, פישל האָט מיטגענומען דעם איידעם אין בית־המדרש צו הערן ר' יצחק מענדלס שיעור „עין יעקב". יאַנקל און שפּרינצע זענען אַרויס אויף אַ שפּאַציר.

קינד־און־קייט איז אַרויס אין גאַס באַוווּנדערן שפּרינצען. ווי שנעל זי האָט עס אָנגענומען אַזאַ גרויסשטאָטישן אויסזען! מע וואָלט געקאָנט מיינען, זי האָט קיין מאָל קיין קליין שטעטל פאַר די אויגן נישט געזען. איר געשיקטער שטאָלצער גאַנג האָט געהאַט אין זיך עפּעס פריצעשעס, אירע שלאַנקע פיס האָבן זי אַרויפגעהויבן, איר געטאָקטער הויכער האַלדז האָט אַרויפגעשטעלט איר קאָפּ נאָך העכער און וואָלט איר געגעבן אַן אויסזען פון פאַרריסנקייט, ווען נישט אירע גרויסע גוטע אויגן קוקן מיט אַזאַ מילדקייט און שמייכלען אַזוי פריינדלעך.

„קיינעהאָרע אַ געשטעל", האָט אַ ייִדענע באַוווּנדערט.

„'קיינעהאָרע' זאָגסטו? וואָס איז די מעצאָצע? דער שפּיץ פון דער

'טומאה' איז פאַרריסן הויך איבערן גאַנצן שטעטל, להבדיל, די שיל האָט נישט קיין טורעם, קיין גלאָקן, אָבער איז אַ מקום־קדוש — ייִדיש־קייט פאַררײַסט נישט דעם קאָפּ. און וואָס פעלט מײַן קיילען? זי זאָל מיר געזונט זײַן, זי איז נישט קיין הויכע, אָבער, ווי זאָגט מען עס, אַ קליינס און אַ גוטס".

יאַנקל און שפּרינצע זענען פלינק אַריבער דעם מאַרק און מיט דער פּיאַנטקער גאַס אַוועק צום ראַנד פון דער שטאָט. דער וועג צום דאָמ־ברוווקער וואַלד איז געווען פול מיט יוגנטלעכע שפּאַצירערס. יאַנקל האָט געפירט שפּרינצען אַראָפּ פון שאָסיי און איז אַוועק מיט סטעזשקעס צווישן די תבואה־פעלדער. די קאָרנזאַנגען זענען שוין געווען אַזוי הויך אַז מע האָט קוים אַרויסגעזען זייערע אַקסלען. „גורוויטש איז פאַרשווונדן, נאָר הימל און זאַנגען", האָט יאַנקל אַ זאָג געטאָן.

„דאָס קאָרן וויגט זיך ווי עס וואָלט זיך געבוקט צו דער זון, מיר זענען אין דער מיט פון עפּעס אַ געצן־דינערישער אָרגיע. נישט אַזוי, יאַנקל?"

יאַנקל האָט נישט געענטפערט, שפּרינצע האָט ווײַטער געצויגן אירע געדאַנקען: „מיר גייען? איך פיל גאָר נישט אַז איך גיי. איך בין אַ טייל פון דעם תבואה־ים און איך כוואַליע זיך צוזאַמען מיט די זאַנגען".

„שפּרינצע, דו האָסט ליב די גרויסע שטאָט?"

„דערמאָן מיך יעצט נישט אין דער גרויסער שטאָט".

„דו האָסט פײַנט די גרויסע שטאָט?"

„פּישלס טאָכטער קאָן דען פײַנט האָבן? כ'האָב ליב פעלדער, גערט־נער. כ'האָב ליב גרינע לאָנקעס און אַ בלויען הימל — אַ גרויסן ברייטן הימל וואָס הייבט זיך אויף פון דער ערד פון איין זײַט און לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד פון דער אַנדערער זײַט. עס דאַכט זיך דיר, דײַן אויג כאַפּט אַרום דעם הימל פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן. יאַנקל, האָסט אַ מאָל פּראָבירט שרײַבן? איך שרײַב לידער. כ'האָב דיר געזאָגט?"

„לידער? דו געדענקסט עפּעס פון אויסנווייניק?"

„אָ, ס'איז נישט קיין וואַזשנע פּאָעזיע, עס שרײַבט זיך צו שטילן די בענקשאַפט. איך קאָן שווערן, יאַנקל, אַז דו שרײַבסט אויך לידער".

„דו שרײַבסט אַוודאי וועגן די שטערן, וועגן הימל, איך שרײַב וועגן ערד. וועגן אייגענער ערד אין אַן אייגן לאַנד, און וועגן באַאַרבעטן די

ערד מיט אײגענעם שװײס. פֿאַר דיר זענען די זאַנגען אַן עקזאָטיש געװיקס װאָס די זון כּישופֿט אַרױס פֿון דער ערד, װי האָסטו געזאָגט — ׳אַ געצן־דינערישע אַרגיע׳. צו מיר זענען די זאַנגען, קודם־כּל, אַ ליד פֿון אַרבעט. פֿון דעם אַקער־אײַזן ביז דער קאָסע — אַ שורה פֿון... נײן, נײן, נישט קײן געצן־דינסט און נישט קײן אָרגיעס, איך װאָלט געזאָגט: אַ שורה פֿון הײליקע עבֿודות. צוזאַמען מיט דעם קאָרן װאַקסט אַ פֿרײַער מענטש. אַ קינד געשפּײַזט מיט ברױט פֿון דער אײגענער ערד װאַקסט אױף פֿרײַ פֿון גלות־קאָמפּלעקסן. שפּרינצע, אפֿשר דאָך. פֿאַר מיט מיר קײן ארץ־ישׂראל״.

„כ׳װײס נישט... נײן, ס׳איז נישט פֿאַר מיר״.

„איך הײב אָן צו באַגרײַפֿן װאָס עס טוט זיך אין דײַן שײנעם, אַ ביסל צעמישטן, קאָפּ. זײַ נישט בײז, שפּרינצע, איך מײן נישט דיך צו באַלײדיקן. פֿאַרקערט, דו ביסט מיר נענטער װי יאָסל, װי בײלע, װי אַלע״.

„דו מיר אױך, יאַנקל״.

„איך װאָלט געקאָנט זאָגן מיטן פֿולן מױל אַז אױב איך װעל באַגע־גענען דײַנס אַ שׂונא װעל איך אים דורסן״.

„װאָס רעדסטו, יאַנקל?״

„איך האָב סוף־כּל־סוף געפֿונען דײַן לעבנס־שׂונא און קאָן אים גאָרנישט טאָן״.

„כ׳װײס נישט װאָס דו רעדסט״.

„כ׳װעל רעדן קלאָר. כ׳קאָן אים גאָרנישט טאָן, װײַל דײַן ערגסטער שׂונא ביסט דו אַלײן. דו האָסט עפּעס געפֿילט צו יואלן, ביסטו אַנטלאָפֿן פֿון אים. װען נישט מע נעמט דאָרט שלאָגן ייִדן װאָלטסטו נאָך געזעסן אין דאַנציק כאָטש ביסט דאָרט געװען אַלײן און ס׳איז דיר געװען טרױעריק. מיט דײַנע שײנע קלײדער האָסטו קײנעם נישט אָפּגענאַרט, נישט מיך און נישט זיך אַלײן. װען האָסט אין דאַנציק פֿאַראַדירט פֿאַר מיר אין אַלע דײַנע שײנע קלײדער, האָב איך געקוקט אין דײַנע אױגן. זײ האָבן נישט אױפֿגעשײַנט װען דער שפּיגל האָט געװיזן אַלע דײַנע חנען װאָס די קלײדער האָבן אַרױסגעבערענגט אין זײער פֿולער פֿאַרב און בולטקײט. איך האָב געװאָלט זען דײַן פֿרײד, אָבער איך האָב זי נישט געפֿונען. דו ביסט געװען טרױעריק און אַלײן אין דאַנציק, עס װעט נישט זײַן בעסער אין װאַרשע, האָב איך מורא. איך בין כּמעט װי

זיכער אַז דו וואָלטסט געפונען מער לעבנספרייד אין ארץ־ישׂראל, אפשר דערפאַר וויל דײַן שונא אין דיר נישט הערן דערפון".

„אַ ביסל ביסטו גערעכט, יאַנקל. יאָסל האָט געירשנט דער מאַמעשיס פּראַקטישקייט, קאָן ער לעבן ווי אַלע פּראַקטישע מענטשן און זײַן צופרידן. דער טאַטעשי קאָן נישט זיך אויסלעבן מיט די קליינלעכע טאָג־טעגלעכקייטן. דער טאַטעשי איז אַ טרוימער און אַזוי זענען מיר בײדע. דער טאַטעשי האָט דעם הימל, דו האָסט געפונען אין ארץ־ישׂראל דײַן ערד, איך אָבער בין געבליבן הענגען צווישן הימל און ערד".

„דו האָסט דען געזוכט דײַן הימל אָדער ערד? אַז מע זוכט געפינט מען".

„יאַנקל, ס'איז מיר אַזוי גוט צו קריגן זיך מיט דיר. לאָמיר בײדע ווידער אַהיימקומען אויף סוכּות".

„סוכּות? ווער ווייסט וואָס עס קאָן געשען ביז דעמאָלט? מיר געפעלט נישט וואָס אונדזערע רעגירונג־פירערס חברן זיך אַזוי שטאַרק מיט היטלערן. די שטירמער־פּראָפּאַגאַנדע פאַרפלייצט פּוילן, אויב עס וועט ווײַטער אַזוי אָנגיין וועט פאַר אונדז דאָ ווערן פּונקט אַזאַ גיהנום ווי אויף יענער זײַט גרענעץ".

„אויב דו וואָלטסט געוווינט אין דאַנציק וואָלטסטו געוווּסט אַז די מכלומרשטע פרײַנדשאַפט צו פּוילן האָט נישט קיין האַפט".

„אויב היטלער וועט אָנפּײַפן פּוילן וועט זײַן אַ מלחמה. אַזוי צי אַזוי זיצן מיר אויף אַ פּולווערפאַס".

די חתונה איז פאָרגעקומען אין הויז פון פעטער שלמה, די חופּה אין דעם גאָרטן הינטערן הויז. די מענער זענען געשטאַנען פון איין זײַט און די ווײַבער פון דער אַנדערער זײַט חופּה מיט ברענענדיקע הבדלות אין די הענט. אַ ווינטל האָט געוויגט די לאַמטערנס אין גאָרטן און באַוועגט די שײַן, און אויך די שאָטנס פון די געסט. שפּרינצעס איידעלער פּראָפיל האָט זיך אַרויסגעשניטן פון דער נאַכט מיט יעדן אויפפלאַם פון דער הבדלה אין איר רעכטער האַנט. פּינטשע האָט דערזען אַז יאַנקלס שוועסטער איז אַ שיינע, גאָר אַ שיינע. ער וועט זוכן אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט איר.

נאָך דער חופּה האָט מען, ווי דער שטייגער איז, אַרײַנגעפירט דאָס

נײַע פּאָרל אין אַ באַזונדער צימער אויף „יִחוד״, צו בלײַבן אַ װײַלע אין גאַנצן אַלײן. פון אַ ים װײַסע טיולן און שפּיצן האָבן צו יאָסלען אַרויס־געקוקט אַ פּאָר גרויסע, טונקל־ברױנע, דערשראָקענע אויגן. „מזל־טוב״, האָט ער געזאָגט און אױסגעשטרעקט זײַן האַנט צו עטלען. עטל האָט אויפגעהויבן איר קלײן הענטל צו אים, און עס איז דערפון אויפגעגאַנגען צו אים אַזאַ תּענוג, אַזאַ געפיל פון גאַנצקײט, װי דער אײבערשטער װאָלט ערשט איצט דערגאַנצט אין אים די יצירה. מע האָט באַלד געקלאַפּט אין דער טיר, גערופן זײ צו די טישן. עטל איז איצט געזעסן אין דער צװײטער שטוב בײַם װײַבערישן טיש. יאָסל האָט געפילט אַ לײדיקײט אין זײַן האַנטפלאַך, ער האָט געפילט ממשותדיק װי עס פעלט דאָרט עפּעס, װי עטלס האַנט װאָלט געװען אין זײַנער אַלע זײַנע טעג ביז מע האָט זײ צעשײדט צו גײן צו די טישן. מע האָט געזונגען בײַם טיש, דער רבֿ האָט געזאָגט תּורה, אָבער יאָסלס מחשבֿות זענען געװען בײַ עטלען, און די אויגן האָט געצויגן צו דער טיר פון דער אַנדערער שטוב װוּ זי איז געזעסן.

דאָס חתונה־מאָל האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט. צװישן אײן געריכט און דעם אַנדערן האָט מען געזונגען, געטאַנצט, געזאָגט תּורה, און אַלע מאָל אויף ס׳נײַ געטרונקען לחיים. דעם חתנס פאָטער איז געזעסן שטיל און עפּעס װי געשעמט זיך װאָס ער פאַרנעמט אַ פּלאַץ אויבן אָן צװישן אַזױ פיל חשובֿע לײַט. ער איז געזעסן און געװיגט זיך װי בײַ אַ תּפֿילה, ער האָט געטאַנצט נאָר װען עמעץ האָט אים אויפגעריסן פון זײַן בענקל און אַרײַנגעשלעפּט אין ראָד. זײַן מחותּן, דער ראָש־הקהל, האָט דװקא אַ סך געזונגען, אַ סך געטאַנצט, און נישט אַדורכגעלאָזט אַ „לחיים״. בײַם בענטשן און די „שבֿע ברכות״ האָט די צונג זיך אים שוין אַ ביסל געפּלאָנטערט.

פּינטשע האָט זיך אַרומגעדרײט װי אויף אַ פרעמדער חתונה. ער האָט שוין לאַנג געהאַט זיך אַרױסגעשלאָגן פון קאָפּ די כּלה פון פּאַביניץ, אָבער הײַנט האָט ער נישט געקאָנט אויפהערן טראַכטן װעגן איר. אפֿשר איז יאַנקלס שװעסטער שענער, אָבער מרים איז סאָליד. ער װאָלט געװען געקומען צו אַ זיכערן ברעג. ער װײסט אַז דער טאַטעשי איז נישט קײן בעל־קינאה, אָבער ער פילט אַז אויך דער טאַטעשי איז מיט זײַנע מחשבֿות אויף דער חתונה פון זײַן זון װאָס איז נישט פאַרגעקומען.

בײַם אַרויסבאַגלייטן די געסט איז פּינטשע געקומען פּנים־צו־פּנים מיט מינדעלען. זינט יואל איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז איז ער זעלטן געקומען צום רב. מינדעלע איז אויסגעוואַקסן דורך דער צײַט וואָס ער האָט זי נישט געזען. קיין סך צוגעוואַקסן אין דער הויך איז זי נישט אָבער זי זעט מער נישט אויס ווי אַ קינד. איר פּנימל איז אַזוי צאַרט ווי אויסגעשניצט מיט אַ באַזונדערער אידלקייט, הײַנט אירע קאַרשן־אויגן! איר בליק איז איר מוטערס בליק, וואָס קוקט מיט מילדקייט אָבער זעט אַ סך.

„וואָס שרײַבט יואל?" האָט פּינטשע געפרעגט.

„ער שרײַבט זעלטן", האָט דער רב געענטפערט. „ער האָט מיר אַרײַנגעשיקט אַ 'שער' וואָס ער האָט געצייכנט פאַר מײַן נײַעם ספר. קום אַרײַן, וועסטו זען".

פּינטשע איז נישט געווען נײַגיריק צו זען יואלס צייכענונג, אָבער... ער האָט אַ קוק געטאָן צו מינדעלען און ווי צו איר געזאָגט: „כ'על אַרײַנקומען נאָך די וואָך".

ווען דאָס יונגע פּאָרל איז אַרײַנגעקומען אין זייער שלאָפשטוב איז עטל געווען דערשראָקן. אירע פינגער האָבן זיך געפּלאָנטערט, און יאָסל האָט איר געמוזט העלפן אָפּטשעפּען די אַלע העקעלעך פון חופּה־קלייד און העלפן איר זיך אַרויספּלאָנטערן פון די אַלע טיולן. עטל האָט אַ ציטער געטאָן. יאָסל האָט אַ געלט געטאָן אירע האָר וואָס מע וועט מאָרגן אונטערשערן און צודעקן מיט אַ שײַטל. „כלה שעיניה יפות, אַ כלה מיט שיינע אויגן איז אַ גרויסע מדרגה", האָט יאָסל געזאָגט. „די גמרא איז אַוודאי מכוון צו אַזעלכע אויגן ווי דײַנע".

עטלס שיינע אויגן זענען פײַכט געוואָרן.

„'איש ואשה זכו, שכינה שרויה ביניהם', אַז מאַן און ווײַב זענען זוכה, רוט די שכינה צווישן זיי. איך האָב זכותים בײַם אייבערשטן, עטעלע, די שכינה איז צוזאַמען מיט דיר אַרײַנגעקומען אין אונדזער שטוב".

עטל האָט צוריק אַרויפגעצויגן דאָס קלייד אויפן אַקסל, צוצודעקן דאָס שטיקל באַקעטקייט ווען יאָסל זאָגט תורה. „אַזאַ ווי דו איז נישט קיין שטער צו זאָגן אַ הייליק וואָרט", האָט יאָסל געפּסקנט.

עטל איז מער נישט געװען דערשראָקן און נישט שעמעװדיק. יאָסל איז איר מער נישט געװען פרעמד, אַפילו נישט נײַ. זײַן גוטסקײט באַגלײט זי זיבעט פערציק טעג אײדער ער איז געבוירן געװאָרן װען מע האָט שוין אין הימל אױסגערופן זי זאָל זײַן זײַן זיװוג. די הײַנטיקע נאַכט איז נאָר אַ המשך פון אַן אײביקער באַשערטקײט.

מלך האָט זיך געהאַט צו פיל צעהאַצקעט בײַ דער חתונה, אָבער בײַ די שבע ברכות אין די װײַטערדיקע זעקס טעג איז ער געװען שטיל און צוריקגעהאַלטן. צו דער מרה־שחורה פון די פריערדיקע עטלעכע װאָכן איז עס נישט געקומען. זײַן געדולד איז װידער געװען קורץ־דויערעװדיק, אָבער עס איז נישט געקומען צו קײן אױסבראָכן פון כּעס. ער איז געװען צופרידן חתונה צו מאַכן אַ טאָכטער, אָבער װען די טעג פון שׂימחה זענען אַריבער האָט ער זיך געמוזט אָנטאָן אַ כּוח און אַרױפצװינגען אױף זיך אַ ביסל מער סבלנות צו זײַן אײדעם. יאָסל איז געגאַנגען פּאַמעלעך, גערעדט פּאַמעלעך, און געטראַכט פּאַמעלעך, און דאָס איז מלכן געװען איבער דער טבע. װאָס שײך דעם פעטער שלמה, האָט יאָסל בכלל נישט געטראַכט. ער, מלך, האָט אָפּגעמאַכט בײַ זיך אַז ער װעט מער נישט טראָגן קײן כּעס אױף זײַן ברודער און פאַרגעסן אַלע טענות און קירװדעס. פון דעסט װעגן קאָן ער נישט סובל זײַן װען דער יאָסל פאַלט אַרײַן אין קעלבערנער התפּעלות װען נאָר ער רעדט װעגן פעטער. אַפילו אַ תּם דאַרף װיסן בעסער. פון האָבן אַ גרױסע פאַבריק װערט מען נישט מער למדן און נישט קײן גרעסערער חסיד. אַװדאי װאָלט פאַר דעם ראָש־הקהל געפּאַסט צו האָבן אַן אײדעם מע זאָל מיט אים קאָנען איבערשמועסן אַ קהלשן ענין, װאָס זאָל קאָנען עפּעס טאָן צו העלפן אין די קהילה־װאַלן. אָבער מע טאָר נישט זינדיקן, געלױבט דער אײבערשטער פאַר דעם װאָס ער האָט געגעבן. עטל איז, ברוך־השם צופרידן, אױך ברכה איז צופרידן. זיבעט עטלס חתונה קומען כּסדר שדכנים װעגן ברכהן.

אױף פינטשע האָט געזען דעם שינוי אין זײַנע קוזינעס. עטל האָט אױפגעבליט מיט אַ נײַער יוגנט, און ברכה איז געװאָרן אַן אַנדערער מענטש. מע קאָן זאָגן אַז זי איז געװאָרן אַ שײן מײדל. אפשר װאָלט איטשע געװאַקסן העכער, דער פעטער מלך װאָלט געװאָרן מילדער, אױב עס װאָלט פריער אַרײנגעקומען אַ ביסל פרײד אין זײער הױז ?

# אינהאַלט פון ערשטן בוך: